# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## מעשיות פאַר אידישע קינדער

### ערשטער בוך

שלום־עליכם פאָלקספאָנד אויסגאַבע—ניו־יאָרק, 1927

# אינהאַלט

# דאָס מעסערעל

לא תגנוב —
זאָלסט ניט גנב'ענען!
(פון די עשרת הדברות).

**א.**

**הערט, אידישע קינדער,** איך וועל אייך דערצעהלען אַ מעשה מיט אַ מעסערעל; נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, נאָר איין אמת'ע, וואָס האָט זיך געטראָפען מיט מיר טאַקי אַליין. צו קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי קיין חשק געהאַט, ווי צו אַ מעסערעל; קיין זאַך אויף דער וועלט האָב איך אַזוי ניט געגאַהרט צו האָבען, ווי צו האָבען אַ מעסערעל, אַיין אייגען מעסערעל. דאָס מעסערעל זאָל זיך ליגען אין קעשענע, און ווען איך וויל, זאָל איך דאָס מיר אַרויסנעמען, און וואָס איך וויל, זאָל דאָס מיר שניידען — און לאָזען מיינע חברים וויסען! איך האָב נאָר־וואָס אָנגעהויבען געהן אין חדר, צו יוסיל דרדקי, האָב איך שוין געהאַט אַ מעסערעל, דאָס הייסט, כמעט, כמו ווי אַ מעסערעל. איך האָב דאָס מיר טאַקי אַליין געמאַכט. איך האָב אויסגעריסען אַ גענזענע פעדער פון אַ פלעדערוויש, פון איין זייט אָפּגעהאַקט, פון דער אַנדערער זייט אויסגעגלעט און האָב מיר פאַרגעשטעלט, עלעהיי ס'איז אַ מעסערעל און סע שניידט...

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פעדער, וועלכע שוואַרצע יאָהר? וואָס איז דאָס פאַר אַרומטראָגען זיך מיט פעדערען? — פרעגט

מיך דער טאַטע, אַ קראַנקער איד מיט אַ געל אויסגעטריקענט פּנים, און פערהוסט זיך. — נאַ דיר גאָר פערדערען, שפּיעלעכלעך — קחע־העיהעיהע!

— וואָס אַהרט דיך, אז דאָס קינד שפּיעלט זיך? — ענטפערט איהם די מאַמע, אַ נידעריטשקע אידינע מיט אַ זיידען טיכעל אויפ׳ן קאָפּ. — אַבי אויסעסען זיך דאָס האַרץ, מיינע שונאים!

שפּעטער, אַז איך האָב שוין געהאַלטען ביי „חומש מיט חבור“, האָב איך שוין געהאַט כמעט איין אמת׳דיג מעסערעל, אויך מיין אייגענע מלאכה: איך האָב דערטאַפּט אַ שטיקעל שטאָהל פון דער מאַמעס „קרינעלינע“ און האָב דאָס איינגעזעצט זעהר קונציג אין אַ שטיקעל האָלץ. דאָס שטיקעל שטאָהל האָב איך רעכט אָנגעשאַרפט אָן אַ טאָפּ און האָב זיך דערביי, געוויינטליך, צעשניטען אַלע פינ־גער.

— זעה נאָר, זעה, ווי ער האָט זיך דאָס אַביסעל צעבלוטיגט, דער קדיש דיינער! — שרייט דער טאַטע און נעמט מיך אָן ביי די פינגער אַזוי, אַז די ביינדלעך קנאַקען. — אַ שענער בחור׳קע־נע, העיהעיהע!

— אוי, אַ דונער איז מיר! — זאָגט די מאַמע און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערעל און וואַרפט דאָס אַריין אין אויווען אַריין, קוקט נישט אויף מיין געוויין. — אַצינד וועט דאָס האָבען איין עק, וועה איז מיר נים!

איך האָב אָבער גיך בעקומען איין אַנדער מעסערעל, טאַקי אויף דער רעכטער אמת אַ מעסערעל; אַ הילצערן קלעצעל, אַ קיילעכיגס, אַ בייכיגס, פּאַחאַזשע אויף אַ פּעסעל, מיט אַ האַרבאַטע קלינגעל, וועלכס האָט זיך אי געעפענט, אי פערמאַכט. איהר ווילט וויסען, וואו אַרום האָב איך דאָס בעקומען? איך האָב מיר צע־נויפגעשלאָגען אַ קאַפּיטאַל פון די אָנבייסענס, און האָב אָפּגעקויפט ביי שלמה׳לען פּאַר זיעבען גראָשען מזומן, און דריי בין איך איהם געבליבען שולדיג.

אוי, האָב איך דאָס ליעב געהאַט! אוי, האָב איך דאָס ליעב געהאַט! געקומען אַהיים פון׳ם חדר אַ דער׳הרג׳עטער, אַ הונגעריגער, אַ שלעפעריגער, איין אויסגעפּאַטשטער (איך האָב, פערשטעהט איהר, נאַר־וואָס אָנגעהויבען צו לערנען גמרא ביי „מאָטי מלאך־המות" דעם גמרא־מלמד: „שור שנגח את הפרה" — איין אָכס וואָס האָט געשטויסען אַ בהמה, און ווי באַלד איין אָכס שטויסט אַ בהמה, קומט מיר פּעטש...), איז דאָס ערשטע געוועזען ארויסנעמען דאָס מעסערעל פון אונטער דער שווארצער שאַפע (דאָרט איז דאָס געלעגען אַ גאַנצען טאָג, מחמת אין חדר האָב איך דאָס ניט געטאָרט האַלטען, און אין דערהיים האָט אודאי קיינער נישט געטאָרט וויסען, אַז איך האָב אַ מעסערעל), נאָכדעם האָב איך דאָס גענומען אויסגלעטען, איבערשניידען אַ שטיקעל פּאַפּיער, איבערהאַקען אַ שטרוי אויף דער האַלב, און ערשט נאָכדעם צעשניידען מיין חלק ברויט אויף קליינינטשקע, קליינינטשקע שטיקעלעך, אָנשטעכען אויפ׳ן שפּיץ פון׳ם קלינגעל און ערשט נאָכדעם לעגען אין מויל אריין.

שפּעטער, פאַר׳ן שלאָף, האָב איך דאָס אויסגערייניגט, אויסגעשייערט, אויסגעפּוצט, גענומען דאָס שאַרפשטיינדעל, וואָס איך האָב געפונען ביי אונז אויפ׳ן בוידעם, אָנגעשפּיגען און גענומען זיך שטילערהייד צו דער ארבייט — שאַרפען דאָס מעסערעל, שאַרפען, שאַרפען...

דער טאַטע, מיט אַ יארמעלקע אויפ׳ן קאָפּ, זיצט איבער אַ ספר, לערענט און הוסט, הוסט און לערענט.

די מאַמע איז אין קיך, פּאָרעט זיך ביי דער חלה. איך הער נישט אויף דאָס מעסערעל צו שאַרפען, שאַרפען...

פּלוצים חאַפּט זיך אויף דער טאַטע, ווי פון׳ם שלאָף:

— ווער פּישטשעט דאָרטען? ווער ארבייט דאָס? וואָס טהוסט דו, דו שהע־הע־גייץ איינער?

ער געהט־צו צו מיר און בויגט זיך אָן איבער מיין שאַרפשטיינדעל און חאַפּט מיך פאַר׳ן אויהער און פערהוסט זיך.

— אַ־אַ־אַ ? מעסערלעך ! ? הע־הע־הע ! — זאָגט דער טאַטע און נעמט צו ביי מיר דאָס מעסערעל מיט׳ן שאַרפשטיינדעל. — אַזאַ יונגאַטש, קראַנק נעמען אַ ספר אין האַנד, קחע־הע־הע !

איך הויב אָן צו וויינען אויף אַ קול ; דער טאַטע פערבעסערט מיר מיט עטליכע פעטש, און די מאַמע לויפט אַריין פון קיך מיט פערקאַטשעטע אַרבעל, מיט אַ גוואַלד :

— שאַ, שאַ, וואָס איז דאָרט אַזעלכס ? פאַר וואָס שלאָגסט דו איהם ? גאָט איז מיט דיר ! וואָס האָסט דו צום קינד ? וועה איז מיר ניט !...

— מעסערלעך ?... — שרייט דער טאַטע און פערהוסט זיך. — אַ ברעקעלע קינד !... אַזאַ יונגאַטש !... קחע־הע־הע !... קראַנק נעמען אַ ספר אין האַנט ? אַ בחור׳על פון אַכט יאָהר !... איך וועל דיר געבען מעסערלעך, דו פוסטער בחור איינער !... אין מיטען דרינען גאָר מעסערלעך, קחע־הע־הע !...

גוואַלד, וואָס האָט ער געהאַט צו מיין מעסערעל ? וואָס האָט דאָס ביי איהם אַזוינס פערזינדיגט ?... פאַר וואָס איז ער אַזוי אין כעס ?...

איך געדענק מיין טאַטען כמעט שטענדיג קראַנק, שטענדיג בלאַס, געל, און תמיד אין כעס, תמיד ברוגז אויף דער גאַנצער וועלט. פאַר אַ מינדסט נאַרישקייט ווערד ער אָנגעצונדען און וויל מיך נאָר דורס זיין. אַ גליק, וואָס די מאַמע פערהיט מיך, זי לייזט מיך אויס פון זיינע הענד.

און דאָס מעסערעל מיינס האָט מען פערוואָרפען, פערוואָרפען אַזוי ווייט, אַז איך האָב דאָס אַכט טאָג כסדר געזוכט און געזוכט און האָב דאָס נישט געקאָנט געפינען אין ערגיץ ! איך האָב ערנסט בעוויינט דאָס האָרבאַטע מעסערעל, דאָס גוטע מעסערעל, און ווי ביטער און פינסטער מיר איז געווען אין חדר, אַז איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך וועל קומען אַהיים מיט געשוואָלענע באַקען, מיט רויטע אונטערגעריסענע אויהער־רען פון „מאָטי מלאך־המות׳ס“ הענד, דערפאַר וואָס איין

אַכס האָט געשטויסען אַ בהמה, — צו וועמען וועל איך זיך קעהרען און ווענדען? עלענד בין איך געבליבען אָהן דעם האַרבאַטען מע־סערל, עלענד ווי אַ יתום, און קיינער, קיינער האָט ניט געזעהען מיינע טרערען, וועלכע איך האָב שטילערהייד פערגאָסען ביי זיך, אויף מיין בעטעל, ביי נאַכט, קומענדיג פון׳ם חדר. שטיל האָב איך מיך אויסגעוויינט, אויסגעווישט די אויגען, אַנשלאָפען געוואָ־רען, און אויף מאָרגען פריה ווידער אין חדר אַריין, ווידער „שור שנגח את הפרה״ — איין אָכס וואָס האָט געשטויסען אַ בהמה, וויע־דער מאָטי מלאך־המות׳ס קלעפּ, ווידער דעם טאַטענ׳ס כעס, דעם טאַטענ׳ס הוסט, דעם טאַטענ׳ס קללות, — ניטאָ קיין פרייע מינוט, קיין פרייליכע מינע, קיין שמייכעלע, קיין איינציג שמייכעלע פון קיינעם, פון קיינעם — איינער אַליין, עלענד, עלענד אויף דער גאַנצער וועלט!...

ב.

פון יענער צייט אָן איז איבערגעגאַנגען אַ יאָהר, און אפשר אַנדערהאַלבען. איך האָב שוין כמעט אָנגעהויבען צו פערגעסען דאָס האַרבאַטע מעסערל. עס ווייזט אויס, אז מיר איז אָבער אָנגע־צייכענט געוואָרען מן השמים, אז מיינע אַלע קינדערשע יאָהרען זאָל איך אָפּקומען פאַר מעסערלעך, איז געבוירען געוואָרען אַ ניי מעסערל אויף מיין אומגליק, גאָר אַ שפּאָגעל־ניי מעסערל, איין אַנטיקעל, אַ חריפות, כלעבען, אַ וואָזשנע מעסערל, מיט צוויי קלינגלעך, טייערע שטאָהלענע קלינגלעך, שאַרפע ווי חלפים, מיט אַ ווייס ביינערן קלעצעל, מיט אַ מעשענעם „קאַסטען״, מיט רויטע מעשענע שטיפטיקלעך — איך זאָג אייך, איין אַנטיקעל, איין אמת׳דיגס, אַ „זאַוויאַלאָווס!״...*

ווי קומט צו מיר דאָס דאָזיגע טייערע מעסערל, וואָס איז גאָר ניט אויף מיין מיסט געוואַכסען געוואָרען? דאָס איז אַ גאַנצע

* „זאַוויאַלאָוו״ — די געוויסע מעסער־פאַבריק.

מעשה, אַ טרויעריגע, נאָר אַ שענע מעשה; הערט, איך בעט אייך, מיט קאָפּ.

וואָס פאַר אַ פּנים האָט ביי מיר געהאַט דער „גלות", דער אי־דישער דייטש, וואָס איז געשטאַנען ביי אונז סטאַנציע, דער פּאָד־ראַטשיק הער ה ע ר ץ ה ע ר צ ע נ ה ע ר ץ, אַז גערעדט האָט ער אויף אידיש, געגאַנגען איז ער אָהן אַ היטעל, אָהן אַ באָרד, אָהן פּאות און, איך בעט איבער אייער כבוד, ביז העכער האַלב אונטער־געשניטען די קאַפּאָטע? איך פרעג אייך, ווי אַזוי האָב איך זיך געקאָנט איינהאַלטען און ניט פּלאַצען פאַר געלעכטער, ווען דער דאָזיגער אידישער גוי, אָדער דער גוישער איד האָט צו מיר גערעדט דוקא אויף אידיש, נאָר עפּיס אַ מאָדנע אידיש, מיט אַ סך פּתח'ען.

— נו, ליעבסטער קנאַבע, וואָס פיר סדרה געהט דיעזע וואָכע?

— הי־הי־הי! — האָב איך מיך צעלאַכט און בעהאַלטען דאָס פּנים אין האַנד.

— זאַגע־זאַגע, מיין ליעבעס קינדכען, וואָס פיר סדרה געהט דיעזע וואָכע?

— הי־הי־הי! ב־ל־ק!!... — האָב איך אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער און בין אַנטלאָפען געוואָרען.

נאָר דאָס איז אַלץ געווען צום אָנהויב, בשעת איך האָב איהם נאָך גאָרניט געקענט; אָבער נאָכדעם, אַז איך האָב מיך שוין גוט בעקענט מיט דעם דאָזיגען דייטש הער הערץ הערצענהערץ (ער איז אָפּגעזעסען ביי אונז אין שטוב אַ יאָהר כסדר), האָב איך איהם אַזוי ליעב געקריגען, אַז עס האָט מיך שוין מעהר נישט געאַהרט, וואָס ער דאַווענט נישט און עסט אומגעוואַשען. תחילת האָב איך נישט פערשטאַנען, ווי אַזוי לעבט ער? ווי אַזוי האַלט איהם גאָט אויף דער וועלט? ווי אַזוי ווערד ער ניט דערוואָרגען ביי'ם עסען? ווי אַזוי קריכען איהם ניט אויס די האָר פונ'ם נאַקעטען קאָפּ? פונ'ם

רבי'ן „מאַטי מלאך־המות" האָב איך געהערט, פון זיין מויל אַליין, אַז דער דאָזיגער אידישער דייטש איז גאָר אַ גלגול, דאָס הייסט: אַ איד איז מגולגל געוואָרען אין אַ דייטש, וואָס שפּעטער קאָן ער נאָך מגולגל ווערען אין אַ וואָלף, אין אַ בהמה, אין אַ פערד, אָדער גאָר אין אַ קאַטשקע... אין אַ קאַטשקע?

חאַ־חאַ־האַ! אַ שענע מעשה! — אזוי האָב איך מיר נע־טראַכט און האָב באמת רחמנות געהאַט אויפ'ן דייטש. איין זאַך האָב איך ניט געקאָנט פערשטעהן: פאַר וואָס דער טאַטע, וואָס איז געווען איין עהרליכער איד, אַ ירא־שמים, האָט איהם תמיד אָפּגעטראָטען דעם אויבענאָן, און אויך אַלע אַנדערע אידען, וואָס פלעגען אַריינקומען צו אונז אין שטוב אַריין, פלעגען איהם שטאַרק אָפּגעבען כבוד:

— שלום־עליכם, רב הערץ הערצענהערץ, ברוך־הבא, רב הערץ הערצענהערץ, זיצט, רב הערץ הערצענהערץ!

איך האָב אפילו אַמאָל אַ פרעג געטהאָן דעם טאַטען, האָט ער מיך אָפּגעשטופּט און האָט מיר געענטפערט:

— אַוועק, סע ניט דיין עסק! וואָס פּלאָנטעסט דו זיך דאָ אַרום, וועלכע שוואַרצע יאָהר? קראַנק ביזט דו נעמען אַ ספר אין האַנט, הע־הע־הע־הע!

ווידער אַ ספר? רבונו של עולם!... איך וויל א ו י ך זעהען, איך וויל א ו י ך הערען, וואָס ער רעדט!

איך געה אַריין אין זאַל אַריין און פער'גנבה זיך אין אַ ווינ־קעלע און הער זיך צו, ווי מע רעדט ביי אונז, ווי דער הער הערץ הערצענהערץ לאַכט אויף אַ קול, און רויכערט גראָבע שוואַרצע „ציגאַיערען". וואָס שמעקען מחיה נפשות... פּלוצים געהט־צו צו מיר דער טאַטע און לאָזט מיר אַראָפּ אַ פּאַטש.

— ביזט שוין ווידער דאָ? דו פּוסטעפּאַסניק! וואָס וועט זיין פון דיר דער תכלית, דו גוי'עץ איינער? גוואַלד, וואָס וועט זיין פון דיר, הע־הע־הע־הע!...

דער הער הערץ הערצענהערץ שטעלט זיך איין פאר מיר: „אבער לאסען זי איהם! לאסען זי איהם!"

נאר עס העלפט ניט. דער טאטע טרייבט מיך ארויס. איך נעם „א ספר" אין האנד, נאר עס ווילט זיך פארט ניט קוקען אין ספר אריין! וואס טהוט מען?... איך געה פון איין חדר אין דעם אנדערען, ביז איך קום צו דעם שענסטען פון אלע חדרים, דארט, וואו עס שלאפט תמיד דער הער הערץ הערצענהערץ. אך, ווי שען, ווי ליכטיג דארט איז! די לאמפען ברענען און די שפיעגלען גלאנ־צען; אויפ'ן טיש א גרויסער, א זילבערנער טינטער מיט שענע פענעס; מענטשעלעך מיט פערדעלעך, מיט צאצקעלעך, מיט בייגד־לעך, מיט שטיינדלעך און... א מעסערעל. אך, וואס פאר א שען מעסערעל!... ווען איך, אשטייגער, זאל האבען אזא מעסערעל! ווי גליקליך וואלט איך געווען! וואס פאר מינים זאכען וואלט איך מיט דעם אויסגעשניצט! אנו, מע דארף דאס פרובען — עס איז עפּים שארף?... אך! עס חאפט א האר! עס האקט איבער א האר! אי־אי־אי, א מעסערעל!!...

איין מינוט — דאס מעסערעל איז ביי מיר אין האנד. איך קוק זיך ארום אויף אלע זייטען און פרוב זיך דאס אריינלעגען אויף א מינוטקעלע צו זיך אין קעשענע... עס ציטערט מיר די האנד... עס קלאפט מיר דאס הארץ אזוי שטארק, אז איך הער, ווי עס מאכט: „טיק־טיק־טיק!"... איך הער, ווי עמיצער געהט, עמיצער סקריפּעט מיט די שטיוועל; דאס איז ער, דער הער הערץ הערצענהערץ! אי־אי, וואס טהוט מען? דאס מעסערעל לאז זיין ביי מיר, איך וועל עס נאכדעם צוריק אנידערלעגען. דערווייל דארף מען ארויס־געהן, אוועקגעהן פון דאנען, אנטלויפען! אנטלויפען! . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איך קאן שוין קיין וועטשערע ניט עסען. די מאמע טאפט מיך ביי'ם קאפ. דער טאטע ווארפט אויף מיר בייזע אויגען און שיקט מיך אפּ שלאפען... שלאפען? איך קאן דען צומאכען די

אוינגען? איך בין אַ טוידטער!... וואָס טהוט מען מיט׳ן מעסערל? ווי אזוי לעגט מען דאָס אנידער צוריק?...

.ג

— קום נאָר אהער, תכשיט מיינער! — מאַכט צו מיר אויף מאָרגען דער טאַטע. — האָסט דו ניט געזעהען ערגיץ דאָס מע־סערל?...

תחילת בין איך געוועזן זעהר דערשראָקען: עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אז ער ווייסט, אז זיי ווייסען אלע... שיער, שיער האָב איך זיך ניט ארויסגעחאַפּט: הא? דאָס מעסערל? אָט איז דאָס... עס האָט מיך עפּיס ווי אַ ווארג געטהאָן אין האלז, און איך האָב מיט ציטערניש געענטפערט:

— וואו — וואָסער מעסערל?...

— וואו — וואָסער מעסערל! — קרימט מיך איבער דער טאַטע. — וואו — וואָסער מעסערל! דאָס גילדענע מעסערל! אונזער אורח׳ס מעסערל! דו בחור׳עץ, דו שייגעץ איינער, קחע־הע־הע!

— וואָס האָסט דו זיך צוגעטשעפּעט צום קינד? — מישט זיך אריין די מאַמע. — דאָס קינד ווייסט ניט פון קיין פּותר און פון קיין חלום, און ער דולט איהם אַ ספּאָדיק: מעסערל, מעסע־רעל.

— מעסערעל, מעסערעל! וואָס הייסט ער ווייסט ניט? — זאָגט דער טאַטע מיט כעס. — אַ גאַנץ פריהמאָרגען הערט ער, ווי מע שרייט „מעסערעל, מעסערעל! מעסערעל, מעסערעל!“ מע קעהרט איבער די שטוב נאָך דעם מעסערעל, פרעגט ער: וואו — וואָסער מעסערעל? געה שוין, געה וואַש זיך, דו פּוסטער בחור איינער, דו גוי־גוי־עץ, קחע־הע־הע!

איך דאַנק דיר, רבונו של עולם, וואָס זיי האָבען מיר חאַטש ניט בעזוכט! נאָר וואָס טהוט מען ווייטער? מע בעדאַרף דאָס

מעסערל בעשטאַטען ערגיץ אויף אַ גוט אָרט... וואו בעהאַלט מען דאָס? אַהאַ, אויפ׳ן בוידעם! איך האַפּ דאָס אַרויס פון קעשענע און טהו דאָס אַ שטופּ אין שטיוועל אַריין... איך עס, און ווייס ניט וואָס איך עס. איך וואַרג זיך...

— וואָס האַפּסט דו זיך אַזוי, וועלכע שוואַרצע יאָהר? — פרעגט דער טאַטע.

— איך אייל מיך אין חדר אַריין. — ענטפער איך איהם און פיהל, אַז איך ווער רויט, ווי פייער...

— אַ מתמיד געוואָרען, וואָס זאָגסט דו אויף דעם צדיק? — וואָרטשעט ער און קוקט אויף מיר בייז. קוים־קוים דערלעבט אָפּ־עסען, אָפּבענטשען.

— נו, פאַר וואָס געהסט דו שוין ניט אין ח־חדר, צדיק מייר־נער? — פרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס טרייבסט דו איהם אַזוי? —זאָגט איהם די מאַמע.— לאָז דאָס קינד זיצען אַ מינוט!

איך בין שוין אויפ׳ן בוידעם... ווייט, ווייט אין קראָקווע ליגט דאָס ווייסע מעסערל; עס ליגט און שווייגט...

— וואָס קלעטערסט דו אויף בוי־בוידעמס? — שרייט דער טאַטע. — דו יונגאַטש איינער! דו בר־מצוה־יונג! דו באָר־גוי! קהע־הע־הע!

— איך זוך דאָ עפּיס... — ענטפער איך איהם און פאַל שיער נישט אום פאַר שרעק.

— עפּיס? וואָס הייסט „עפּיס“? וואָס איז דאָס פאַר אַ מין „עפּיס“?

— אַ... ס־ספר... אַ... אַ... איין אַלטע ג־גמרא...

— האַ? אַ ג־גמרא? אויפ׳ן בוידעם? אַ, דו היצעל אייר־נער! קריך שוין אַראָפּ, קריך, וועסט שוין לייזען! דו באָר־גוי, דו הינטשלעגער, דו כ־כל־בו־ניק איינער, קהע־הע־הע!

נאָר עס אַהרט מיך שוין ניט אַזוי דעם טאַטענס כעס, ווי סע אַהרט מיך דאָס, וואָס איך האָב מורא, טאָמער געפינט מען דאָס

מעסערעל. אַ קשיא? טאָמער גראָד היינט קריכט מען אַרויף אויפ'ן בוידעם גרעט אויסהענגען, אָדער די לעזשנים פערשמירען?... מע דאַרף דאָס פון דאָרטען אַראָפּנעמען און בעשטאַטען אויף אַ בעסער אָרט!... איך געה אַרום אין איין ציטערניש! יעדער קוק פונ'ם טאַטענס אויגען ווייזט מיר אויס, אַז ער ווייסט שוין, אַז אָט־אָט טהוט ער מיך אַ חאַפּ מכח דער אורח'ס מעסערעל... איך האָב שוין איין אָרט אויף דעם, אַ טהייער אָרט — וואו? אין דער ערד, אין אַ גריבעל ביי דער וואַנד אַריינגעשטעקט, און פון אויבען רעכט פערשאַרט מיט שטרוי, פאַר אַ סימן... געקומען פונ'ם חדר, חאַפּ איך זיך באַלד אַרויס אין הויף אַריין, איך נעם מיר פּאַוואָלינקע אַרויס דאָס מעסערעל און איך האָב קיין צייט אַפילו רעכט אָנשפּיגלען זיך אין דעם, הער איך שוין דעם טאַטענ'ס געפּילדער:

— וואו ביזט דו ערגיץ דאָרט? פאַר וואָס געהסט דו שוין ניט דאַוונען, דו בעל־עגלה־יונג, דו וואַ־וואַסער־פּיהרער! קחע־העהע!

נאָר וויפיעל דער טאַטע רודפ'ט מיך און יאָגט מיך, וויפיעל דער רבי הרג'עט מיך און שלאָגט מיך, איז דאָס בלאָטע קעגען יענעם פערגעניגען, וואָס איך האָב, בשעת איך קום פונ'ם חדר און זעה מיך מיט מיין טייערען, מיין איינציגען ליעבען חבר — מיט מיין מעסערעל! דאָס פערגעניגען איז אָבער — אוי וועה! — אויסגעמישט מיט יסורים, פערביטערט מיט מרה־שחורה, מיט שרעק, מיט גרויסע, גרויסע פּחדים!

ד.

זומער־לעבען. די זון זעצט זיך, די לופט ווערד עטוואָס קיהלער, דאָס גראָז שמעקט, די זשאַבעס קוואַקען און שטיקער חמאַרעס פליהען דורך, אָהן רעגען, פערביי דער לבנה, ווילען זי איינשלינגען; די ווייסע זילבערנע לבנה בעהאַלט זיך אַלע מינוט און בעווייזט זיך ווידער, דאַכט זיך, זי שוועבט און שוועבט — און שטעהט אויף איין אָרט. דער טאַטע זעצט זיך צו אויפ'ן גראָז אין

אַ חאַלאַט, האַלב נאַקעט, מיט אַ ווייסען טלית־קטן, האַלט איין האַנד אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנד שאַרט ער ביי דער ערד און קוקט אויפ׳ן אויסגעשטערנטען הימעל און הוסט. דאָס פּנים אַקעגען דער לבנה איז טודט, פּערזילבערט. ער זיצט פּונקט אויף דעם אָרט, וואו דאָס מעסערעל ליגט בעגראָבען, און ער ווייסט גאָר ניט, וואָס אונטער איהם טהוט זיך. אַך, ווען ער זאָל, אַשטייגער, וויסען! וואָס וואָלט ער געזאָגט? וואָס וואָלט איך געהאַט?

„אַהאַ, טראַכט איך מיר אין האַרצען, האָסט מיר פּערוואָרפען מיין האָרבאַטע מעסערעל, האָב איך איצט אַביסעל אַ בעסערס, אַ שענערס! דו זיצט אויף דעם און דו ווייסט גאָר ניט. אוי, טאַטע! טאַטע!...

— וואָס גלאָנצעסט דו אויף מיר די אויגען, ווי אַ קאַ־קאָטער? — חאַפּט מיך אָן דער טאַטע. — וואָס זיצסט דו צעגויפגעלעגט די הענט, ווי אַ שטאָדט־בעל־הבית? קאָנסט זיך שוין גאָר קיין אַרבייט ניט אָפּזוכען? און „קריאַת־שמע“ לייענען ביזט דו פּטור? פּאַר׳שרפה׳ט זאָלסט דו ניט ווערען, יונגאַטש איינער! אַ מי־מיתה משונה זאָל אויף דיר ניט קומען, קחע־הע־הע!

אַז ער זאָגט: פּאַר׳שרפה׳ט זאָלסט דו נ י ט ווערען, אַ מיתה משונה זאָל אויף דיר נ י ט קומען — דאָס איז אַ בעוויז, אַז ער איז ניט אַזוי שטאַרק אין כעס; אדרבה, דאָס איז אַ סימן, אַז ער איז אויפגעלעגט. און באמת טאַקי: קאָן מען דען זיין ניט אויפגעלעגט אין אַזאַ שענער, וואונדערליכער זומערנאַכט, ווען עס ציהט יעדען בעזונדער און עס טרייבט איהם אַרויס אויף דער גאַס, אויף דער לופט, אויף דער פרישער, אויסגעצייכנטער לופט? אַלע, אַלע זענען אַצינד אין דרויסען. דער טאַטע, די מאַמע, די קלענערע קינדער, וואָס זוכען קליינע שטיינדלעך און שפּיעלען אין זאַמדעלעך. דער הער הערץ הערצענהערץ דרעהט זיך אויך אַרום איבער׳ן הויף אָהן אַ היטעל, רויכערט אַ „ציגייער“ און זינגט אַ דייטשעס ליעדעל, קוקט אויף מיר און לאַכט... דאָס לאַכט ער פון מיר, אַפּנים, וואָס דער טאַטע טרייבט מיך. איך לאַך אָבער

פון זיי אַלע. אָט באַלד וועלען זיי אַלע געהן שלאָפען, וועל איך מיך דעמאָלט אַרויסכאַפּען אין הויף אַרויס (איך שלאָף אין הויז, פון פאָרענט, אויף דער ערד, וואָרום אין שטוב איז די היץ שרעק־ ליך גרויס), איך וועל מיך שוין אָנטישען, אָנשפּיעגלען אין מיין מעסערל!...

דער עולם שלאָפט. שאַ, שטיל אַרום און אַרום. פּאַוואָלינקע הויב איך מיך אויף אויף אַלע פיער, און שטיל, ווי אַ קאַץ, גנבה איך מיך אַרויס אין הויף אַרויס. די נאַכט איז שטיל, די לופט איז פריש, מחיה נפשות. פּאַמעליך קריך איך צו צו יענעם אָרט, וואו דאָס מעסערל ליגט בעגראָבען. פּאַוואָלי גראָב איך דאָס אויס פון דאָרטען און בעטראַכט דאָס ביי דער לבנה; עס גלאַנצט, עס בלישטשעט, ווי גינגאָלד, ווי אַ בריליאַנט. איך הויב אויף די אויגען אַרויף און דערזעה — די לבנה קוקט גלייך אַראָפּ צו מיר, אויף מיין מעסערל... וואָס קוקט זי זיך אַזוי איין? איך דרעה מיך אויס צוריק — זי קוקט מיר נאָך. איך פערשטעל דאָס מע־ סערל מיט'ן העמדעל — זי קוקט מיר נאָך. זי ווייסט געוויס, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעסערל און וואו איך האָב דאָס גענומען... גענומען?... איך האָב דאָס גע'גנבה'ט!

דאָס ערשטע מאָל, פון זינט דאָס מעסערל איז מיינס, קומט מיר דאָס דאָזיגע שרעקליכע וואָרט אויף די געדאַנקען. גע'גנבה'ט? בין איך דאָך, הייסט דאָס, אַ גנב! פּשוט, אַ גנב? אין דער תורה שטעהט געשריבען, אין די עשרת הדברות, מיט גרויסע אותיות:

ל א ת ג נ ו ב!

זאָלסט ניט גנבה'נען! און איך האָב גע'גנבה'ט! וואָס וועט מען מיר דערפאַר טהון אין גיהנם? אוי, וועה! מע וועט מיר אָפּהאַ־ קען די האַנד, די האַנד, וואָס זי האָט גע'גנבה'ט... מע וועט מיך שמייסען מיט אייזערנע ריטער... מע וועט מיך בראָטען און ברענען אויף הייסע סקאָוורעדעס... אייביג, אייביג וועל איך גליהען... מע בעדאַרף אָפּגעבען דאָס מעסערל, מע בעדאַרף

אנידערלעגען צוריק דאָס מעסערעל, מע בעדאַרף נישט קיין גנבה'ש מעסערעל! מאָרגען לעג איך אנידער צוריק דאָס מע־סערעל.

אזוי טראַכט איך מיר און נעם דאָס מעסערעל צו זיך אין בוזעם אריין — פיהל איך, אַז סע בריהט מיך, סע בראָט מיך. ניין, מע בעדאַרף עס צוריק בעהאַלטען, בעגראָבען אין דער ערד אריין ביז מאָרגען. און די לבנה פון אויבען קוקט אויף מיר. וואָס קוקט זי? די לבנה זעהט, זי איז איין עדות... און איך קריך־צו פאַ־וואַלינקע צוריק אין הויז אריין אויף מיין געלעגער און לעג זיך שלאָפען און קאָן ניט אנשלאָפען ווערען. איך קאַטשע זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער און קאָן ניט שלאָפען... מיט'ן טאָג גלייך שוין בין איך אנשלאָפען געוואָרען, און עס האָט זיך מיר גע'חלומ'ט א לבנה, און עס האָבען זיך מיר גע'חלומ'ט אייזערנע ריטער, און עס האָבען זיך מיר גע'חלומ'ט מעסערלעך... גאַנץ פריה האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעדאַווענט געשמאַק מיט כונה און אָפּגעכאַפּט דעם אָנבייסען אויף איין פוס — און מאַרש אין חדר אריין.

— וואָס חאַפּסט דאָס דיך אזוי אין חדר אריין? — שרייט אויף מיר דער טאַטע. — וואָס יאָגט דאָס דיך אזוי? ווערסט ניט אָנ־וועהרען די תורה דיינע שפּעטער אויך! בענטש בעסער, ווי עס קעהר צו זיין, און היפּער ניט קיין ווערטער! ווערסט נאָך צייט האָבען זיין אויסגעלאָזט, דו הולטיי איינער, דו אפּיקורס, דו טריי־טריפניאַק איינער, קחע־הע־הע־הע!

ה.

— וואָס עפּיס אזוי שפּעט? טהו נאָר א קוק אהער! — האַלט מיך דער רבי פיר און ווייזט מיר אָן מיט'ן פינגער אויף מיין חבר „בערעל דעם רויטענס", וואָס שטעהט אין א ווינקעלע מיט איין אָראָפּגעלאָזטען קאָפּ. — זעהסט דו, וויסער־חברה'ניק? זאָלסט דו .יסען זיין, אַז פון היינטיגען טאָג אָן און ווייטער איז שוין זיין

נאָמען ניט „בערעל דעם רויטענס", ווי ער האָט געהייסען ביז אהער.
ניין! ער הייסט אצינד אַ שענערען נאָמען; אצינד הייסט ער:
בערעלע דער גנב! — שרייט זשע, קינדער: בערעלע דער
ג־אַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!

די דאָזיגע ווערטער ציהט אויס דער רבי מיט אַ ניגון, און אלע
תלמידים האַפּען איהם אונטער, ווי די משוררים:

— בערעלע דער גאַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!

איך בלייב אַ פערשטיינערטער, און אַ פראַסט געהט מיר איי־
בער אויפ'ן לייב. איך פערשטעה ניט וואָס דאָס בעדייט...

— וואָס שווייגסט דו, דו שייגעץ איינער?... — רופט זיך אָן
דער רבי צו מיר מיט איין אומגעריכטען פּאַטש. — וואָס שווייגסט
דו, דו גוי'עץ? דו הערסט דאָך, אַז אלע זינגען. העלף זינגען מיט
אלע גלייך: „בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב, בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!"

עס ציטערען מיר הענד און פיס. עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אויף
אַ צאָהן. נאָר איך העלף זינגען: „בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!"

— העכער, שייגעץ איינער! — טרייבט מיך אונטער דער
רבי. — שטאַרקער! שטאַרקער!...

און איך מיט'ן גאַנצען כאָהר זינגען אויף אלערליי קולות:
„בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!"...

— ש־ש־ש־ש־אַ־אַ־אַ! — שרייט אויס פּלוצים דער רבי
און טהוט אַ פּאַטש מיט דער האַנד איבער'ן טיש. — שאַ! אצינד
ווילען מיר זיך נעמען צום „משפּט". (מיט אַ ניגון): אַנו, בע־
רעלע גנב, קום נאָר אהער, מיין קינד, גיכער זשע, גיכער אביסעלע!
זאָג נאָר, יונגעלע, ווי אַזוי רופט מען דיך? (מיט אַ ניגון).

— בערעל.

— ווי אַזוי נאָך? (מיט אַ ניגון).

— בערעל... בערעל... דער... גנב!

— אָט אַזוי, מיין ליעב קינד, אָט אַזוי ביזט דו אַ וואָהל יונ־
געלע. (מיט אַ ניגון): אצינד, בערעלע, געזונט זאָלסט דו מיר זיין
און שטאַרק אויף אלע איברים (מיט אַ נגון). נעם זיי מוחל, בע־

רעלע, און ציה אראָפּ פון זיך די מלבושים'לעך. אָט אזוי! נו־שוין, און גיכער שוין! איך בעט ביי דיר, נו־שוין, און גיכער שוין — אָט אזוי, בערעשי, מיין טייערער!

בערעל בלייבט שטעהן נאַקעט. ווי די מאַמע האָט איהם גע־האַט. קיין טראָפּען בלוט איז אין איהם ניטאָ. ער ריהרט ניט מיט קיין אבר. די אויגען אראָפּ. א געשטאָרבענער. א טוידטער!...

דער רבי רופט ארויס איינעם פון די גרעסערע תלמידים. אליין מיט א ניגון:

— אנו, הערשעלע דער גרויסער, געה נאָר ארויס פונ'ם טיש, אהער, צו מיר, געשווינדער, אָט אזוי; און דערצעהל אונז אקאָרשט די מעשה פון אָנהויב ביז'ן סוף, ווי אזוי אונזער בערעלע איז גע־וואָרען א גנב. הערט, חברה, מיט קאָפּ!

און „הערשעל דער גרויסער" הויבט אָן צו דערצעהלען א מעשה, ווי אזוי בערעל האָט זיך דערשלאָגען צו רב מאיר־בעל־נס־פּושקע, וואָס זיין מאַמע ווארפט אהין אלע פרייטאָג פאַר ליכט־בענטשען א קאָפּיקע, און א מאָל צוויי; ווי אזוי בערעל האָט זיך דאָביוועט צו דער דאָזיגער צדקה־פּושקע, אויף וועלכער עס הענגט א שלעסעלע; ווי אזוי בערעל האָט מיט א שטרויעלע מיט סמאָלע ארויסגעשלעפּט פון דאָרטען אלע קאָפּיקעס איינציגווייז ביז לעצט; ווי אזוי די מאַמע זיינע, „זלאַטע די הייזעריגע", האָט זיך גע־חאַפּט, געעפענט די דאָזיגע צדקה־פּושקע, דאָרט איז געלעגען א שטרוי, איינגעטונקען אין סמאָלע; ווי אזוי זלאַטע די הייזעריגע האָט איהם „צוגעשטעלט א בענקעלע"; ווי אזוי בערעל האָט זיך באלד נאָך דעם רבינ'ס שמיץ מודה געווען, אז א גאַנץ יאָהר, א קיילעכיג יאָהר, האָט ער געשלעפּט פון דער צדקה־פּושקע די קאָ־פּיקעס, ווי אזוי ער האָט זיך יעדען זונטאָג געקויפט צוויי לע־קאַכלעך מיט א באָקסער! ווי אזוי... און אזוי ווייטער און וויי־טער.

— אצינד, קינדער, משפּט איהם! איהר ווייסט שוין, ווי אזוי. דאס איז שוין ביי אייך ניט דאָס ערשטע מאָל. לאָז יעדער זאָגען

זיין משפּט, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע. הערשעל דער קליינער, זאָג דו צום ערשטען, וואָס קומט אַזאַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס מיט אַ שטרוי פון אַ צדקה־פּושקע ?

דער רבי בויגט איין דעם קאָפּ אויף אַ זייט, ער מאַכט צו די אויגען און שטעלט אונטער דעם רעכטען אויהער צו הערשעל דעם קליינעם. הערשעל דער קליינער ענטפערט הויך, אויף אַ קול :

— אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ פּושקע, קומט... מע זאָל איהם קאַטעווען ביז בלוט זאָל געהן.

— משה'ל, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע ?

— אַ גנב, — זאָגט משה'ל מיט אַ וויינענדיג קול, — אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע, קומט, מע זאָל איהם אַנידערלעגען, צוויי אויפ'ן קאָפּ, צוויי אויף די פיס, און צוויי זאָלען איהם שמייסען מיט איינגעזאַלצענע ריטער...

— טאַפּעלע מוטאַריטו ! וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע ?

קאַפּעל קוקאַריקו, אַ יונגעל, וואָס קאָן ניט אויסרעדען קיין קוף און קיין גימל, ווישט אויס דאָס נעזעל און זינגט זיין משפּט מיט אַ קווימש :

— אַ דנב, וואָס שלעפּט טאַפּיטעס פון אַ פּושטע, טומט איהם, אַז אַלע יונדלעך זאָלען צודעהן צו איהם נאָהענט און זאָדען איהם דלייך אין פּנים דריי מאָל אויף אַ טול : דנב ! דנב ! דנב !

אין חדר ווערד אַ געלעכטער. דער רבי נעמט זיך מיט'ן גראָבען פינגער אונטער'ן גאָרגעל, ווי אַ חזן, און רופט מיך אויף מיט'ן ניגון, וואָס מע רופט אויף אַ חתן :

— יעמוד ה־ח־ת־ן ש־לום ברב נחום מפ־טיר ! זאָג נאָר, דו, שלומ'ני, מיין טייערינקער, דיין פּסק, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע ?

איך וויל ענטפערען — פאָלגט מיך ניט די צונג. איך ציטער ווי אין אַ קדחת, עס וואַרגט מיך אין האַלז. אַ קאַלטער שוויים בעשלאָגט מיך פון אויבען ביז אַראָפּ. עס פּייפט מיר אין די אויערען. איך זעה שוין פאַר זיך ניט דעם רבין, ניט דעם נאַקעטען „בערעל דעם גנב“, ניט קיין חברים; איך זעה פאַר זיך נאָר מעסערלעך, אָהן אַ שיעור מעסערלעך, ווייסע, אָפּענע מעסערלעך, מיט אַ סך קלינגלעך, און דאָרט, ביי דער טיר, הענגט די לבנה, זי שמייכעלט און קוקט אויף מיר, ווי אַ מענש... עס דרעהט זיך מיר דער קאָפּ, דער גאַנצער חדר, מיט'ן טיש, מיט די ספרים, מיט אַלע חברים, מיט דער לבנה, וואָס הענגט אויף דער טיר, און מיט אַלע מעסערלעך... איך פיהל, ווי די פיס ווערען מיר אונטערגעהאַקט. נאָך אַ מינוט — פאַל איך אום. נאָר איך שטאַרק זיך מיט אַלע כחות און האַלט זיך איין, איך זאָל ניט פאַלען...

פאַרנאַכט קום איך אַהיים און פיהל, אַז דאָס פּנים ברענט מיר, די בעקלעך פלאַמען און אין די אויהערען שומעט מיר. איך הער, מע רעדט צו מיר, נאָר וואָס — ווייס איך ניט. עפּיס זאָגט דער טאַטע, עפּיס בייזערט ער זיך, וויל מיר געבען פּעטש; די מאַמע שטעלט זיך איין פאַר מיר, צעלאָזט דעם פאַרטוך, ווי אַ קוואָקע די פליגעל, בשעת זי בעשיצט איהרע היהנדלעך, מע זאָל זיי ניט אָנריהרען צו שלעכטען... איך הער גאָר ניט, איך וויל גאָר ניט הערען. איך וויל נאָר, ס'זאָל שוין ווערען גיכער נאַכט, איך זאָל קאָנען מאַכען איין עק מיט'ן מעסערל... וואָס טהוט מען מיט דעם? מודה זיין זיך און אָפּגעבען דאָס? וועל איך האָבען בערעל'ס פּסק. אונטערוואַרפען דאָס? טאָמער חאַפּט מען מיך... פערוואַרפען און איין עק, אַבי פּטור ווערען! וואוהין פערוואַרפט מען דאָס, אַז מע זאָל דאָס ניט געפינען? אויפ'ן דאַך? וועט מען הערען אַ קלאַפּ. אין גאָרטען? וועט מען דאָס געפינען. אַהאַ! איך ווייס שוין, איך האָב איין עצה: אַריינוואַרפען אין וואַסער אַריין! אַ טהייערע עצה, כלעבען — אין וואַסער אַריין, אין ברונען, טאַקי אָט דאָ ביי אונז אויפ'ן טיף!...

דער דאָזיגער געדאַנק געפעלט מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך וויל גאָר לאַנג נישט קלערן. איך חאַפּ דאָס מעסערל און לויף גלייך צום ברונען, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין די הענד נישט קיין מעסערל, נאָר עפּעס אַ מיאוסקייט, אַ מין שרץ, פון וועלכן עס ווילט זיך מיר וואָס גיכער צו בעפרייען זיך, פּטור ווערען. נאָר סע טהוט מיר באַנג — אַזאַ טהייער מעסערל. אַ מינוט שטעה איך פערטראַכט, און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין האַנד אַ לעבעדיגע זאַך... דאָס האַרץ טהוט מיר וועה אויף דעם: סטייטש, סטייטש, עס קאָסט מיך אַזוי פיעל מיה, עס איז אַ צער בעלי־חיים!... איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און לאָז דאָס מיט אַ מאָל אַרויס פון די פינגער — „פליוך!"... עס טהוט אַ פּלעשטשע דאָס וואַסער, און מעהר הערט מען נישט... ניטאָ קיין מעסערל! איך שטעה נאָך אַ מינוט ביי'ם ברונען און הער זיך צו — מע הערט גאָר נישט. דאַנקען גאָט, פּטור געוואָרען! חאָטש דאָס האַרץ קלעהמט מיר, טהוט מיר וועה: „סטייטש, אַזאַ מעסערל, אַזאַ מעסערל!"...

איך געה צוריק צו מיין געלעגער און זעה, ווי די לבנה קוקט מיר נאָך, און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט געזעהען אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געטהאָן, און איך הער ווי אַ קול פון ווייטענס: „אָבער דו ביסט פאָרט אַ גנב!... חאַפּט איהם, קלאַפּט איהם, ער איז אַ גנב! אַ ג־אַ־אַ־נב!!" איך גנבה זיך אַריין צוריק אין הויז אַריין און לעג זיך שלאָפען, און עס חלומ'ט זיך מיר, אַז איך לויף, איך שוועב, איך פליה אין דער לופטען מיט'ן מעסערל, און די לבנה קוקט אויף מיר און זאָגט: „חאַפּט איהם! קלאַפּט איהם! ער איז אַ גנב! אַ ג־אַ־אַ־נב!!!"...

ו.

אַ לאַנגער, לאַנגער שלאָף! אַ שווערער, זעהר אַ שווערער חלום! עס ברענט אין מיר אַ פייער. עס זשומעט מיר אין קאָפּ. אַלץ, וואָס איך זעה, איז רויט, ווי בלוט. ברענענדיגע ריטער פון

פייער קאַטעוועז מיין לייב, און איך קאַטשע זיך אין בלוט. אַרום מיר דרעהען זיך שלאַנגען און עקדישען; זיי האַלטען אָפּען זייערע מיילער און ווילען מיך איינשלינגען... גלייך אין אויהער אַריין הער איך אַ בלאָז: תקיעה — טהו! שברים — טהו־טו! תרועה — טהו־טו־טו־טו! און איינער שטעהט איבער מיר און שרייט אויף אַ קול מיט אַ ניגון, צום טאַקט: „שמייסט איהם! שמייסט איהם! שמייסט איהם! ער איז אַ ג־אַ־אַ־נב!!!" און אַליין שריי איך: „גוואַלד, נעמט צו פון מיר די לבנה! גיט איהר אָפּ דאָס מעסערל! וואָס האָט איהר צו בערלען נעבאַך? ער איז ניט שולדיג — דאָס בין איך אַ ג־אַ־אַ־נב! אַ ג־אַ־אַ־נב!"...

און ווייטער געדענק איך ניט.

. . . . . . . . . . . . . .

איך עפען אויף איין אויג, און דאָס אַנדערע אויג... וואו בין איך? דאַכט זיך, אויף אַ בעט? וואָס טהו איך דאָ? ווער זיצט דאָס אָט דאָרט אויף אַ בענקעל, ביי'ם בעט? אַ! דאָס ביסט דו, מאַמע? מאַמע!... זי הערט מיך ניט!... מאַמע! מאַמע! מאַ־אַאַממע!!!... וואָס הייסט דאָס? מיר דאַכט, אַז איך שריי אויף אַ קול?... שאַ! איך הער זיך צו — זי וויינט? זי וויינט שטילערהייד. אויך זעה איך דעם טאַטען מיט זיין געל קרענקליך פנים. ער זיצט איבער אַ ספר און זאָגט עפּיס שטילערהייד און הוסט און זיפצט און קרעכצט... עס ווייזט אויס, אַז איך בין שוין געשטאָרבען... געשטאָרבען?... מיט אַ מאָל פיהל איך, ווי עס ווערד מיר ליכטיג אין די אויגען, גרינג אין קאָפּ, גרינג אין אַלע אברים. עס קלינגט מיר אין איין אויהער, אינ'ם אַנדערען אויהער: דזיננננ!!! איך געב אַ ניעס: אַפּצשי!...

— צו געזונט! צו אריכות־ימים! צו לאַנגע יאָהרען! אַ סימן־טוב! מזל־טוב! געלויבט ביזט דו, גאָט!

— באמת גענאָסען! געלויבט דער אויבערשטער!

— מיר האָבען אַ גרויסען גאָט! ער וועט, אם ירצה השם, זיין געזונט, גאָט ברוך הוא וברוך שמו!

— לאָז מען רופען גיכער אַהער מינצי די שוחט'קע: זי שפּרעכט גוט אָפּ אַיין עין־הרע.

— דעם דאָקטאָר וואָלט מען באַדאַרפט רופען, דעם דאָקטאָר!

— דעם דאָקטאָר? צו וואָס? נאַרישקייט! „ער" איז אַ דאָקטאָר! דער אויבערשטער איז דער בעסטער דאָקטאָר! גאָט ברוך הוא וברוך שמו!

— צעגעהט זיך, עולם, צעגעהט זיך אַביסעל! עס איז שרעקליך היים! אום גאָטעס ווילען, צעגעהט זיך!

— איאָ? איך האָב אייך געזאָגט, אַז מע דאַרף איהם אויסגיסען מיט וואַכס, האַ? ווער איז גערעכט?

— געלויבט איז גאָט! געלויבט איז השם־יתברך!.. אוי, גאָט, גאָט, גאָט ברוך הוא וברוך שמו!...

מע דרעהט זיך אַרום מיר, מע קוקט אויף מיר. יעדער געהט־צו און טהוט מיך אַ טאַפּ ביי'ם קאָפּ. מע שפּרעכט מיך, מע שעפּטשעט מיך, מע לעקט מיר דעם שטערן און מע שפּייעט אויס און מע פּילנעוועט מיך: מע גיסט מיר אין מויל אַריין זודיגע יויך און מע שטופּט מיר מיט לעפּעלעך איינגעמאַכטס — אַלע דרעהען זיך אַרום מיר, מע היט מיך אָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון'ם אויג, מע האָדעוועט מיך מיט ייכלעך און מיט קאַטשקעלעך, ווי אַ פּיצעלע קינד, און מע לאָזט מיך נישט אַליין; עס זיצט תמיד נעבען מיר די מאַמע און דערצעהלט מיר איבער אַלע מאָל איבער־אַ־נייעס די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי מע האָט מיך אויפגעהויבען פון דער ערד כמעט אַ טוידטען; ווי אַזוי איך בין געלעגען צוויי וואָכען כסדר אין אַ העליש־פייער און האָב נאָר געקוואַקעט, ווי אַ זשאַבע, און עפּיס כסדר גערעדט פון שמיץ און פון מעסערלעך... מע האָט שוין גערעכענט, אַז איך בין שוין חלילה געשטאָרבען... און נאָכדעם, פּלוצים, האָב איך אַ ניעס געגעבען זיעבען מאָל, ממש פון טוידט לעבעדיג געוואָרען...

— היינט זעהען מיר, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען, ברוך הוא וברוך שמו! — לאָזט אויס די מאַמע מיט טרערען אויף די אויגען. — היינט זעהען מיר אַרויס, אַז מע רופט צו איהם, הערט ער אויס אונזערע זינדיגע בקשות און אונזערע שולדיגע טרערען... אַ סך, אַ סך טרערען האָבען מיר פאַרגאָסען, איך און דער טאַטע, ביז גאָט האָט רחמנות געהאַט... שיער, שיער נישט אָנגעוואָרען, פאַרזינדיגט אַ קינד חלילה, מיר זאָל זיין פאַר דיינע ביינער, איבער וועמען? איבער וואָס? איבער אַ יונגעל, אַ גנב, עפּיס אַ בערעלע, וואָס דער רבי האָט פאַרשמיסען אין חדר ביז'ן בלוט אַריין. אַז דו ביזט געקומען צו געהן פון חדר, ביזט דו שוין געוועןן אַ טוידטער, דער מאַמע זאָל זיין פאַר דיר! דאָס איז אַ רוצח, דאָס איז אַ גזלן, גאָט זאָל איהם באַצאָהלען, רבונו של עולם!... ניין, מיין קינד, אַז גאָט וועט אונז שענקען דאָס לעבען און דו וועסט, אם ירצה השם, אויפשטעהען געזונדטערהייד, וועלען מיר דיך שוין אָפּגעבען צו איין אַנדערען מלמד, ניט אַזאַ קאַט, אַזאַ רוצח, ווי אָט דער „מלאך־המות“, ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערען!

די דאָזיגע בשורה איז ביי מיר שרעקליך אָנגעלעגט! איך חאַפּ אַרום די מאַמע קושען:

— טהייערע, טהייערע מאַמע!...

און דער טאַטע געהט־צו צו מיר פּאַוואָלי, לעגט אַרויף זיין בלייכע קאַלטע האַנד מיר אויפ'ן שטערן און זאָגט צו מיר שוין ווייך, אָהן אַ שום כעס:

— אַי, האָסט דו אונז איבערגעשראָקען, דו שקאָץ איינער, קחע־הע־הע־הע!

אויך דער אידישער דייטש, אָדער דער דייטשער איד, הער הערץ הערצענהערץ, מיט אַ „ציגייער“ אין די צייהן, בויגט זיך אָן מיט זיין געגאָלטער מאָרדע איבער מיין בעטעל און טהוט מיך אַ גלעט איבער'ן בעקעל און זאָגט אויף דייטש:

— גוט, גוט! געזונד, געזונד!...

* * *

אין אַ פּאָר וואָכען אַרום נאָך מיין אויפשטעהן פון בעט רופט זיך אָן צו מיר דער טאַטע:

— נו, מיין זוהן, אַצינד געה אין חדר אַריין, און האָב שוין מעהר ניט אין זינען קיין מעסערלעך מיט קיין נאַרישקייטען... שוין צייט זאָלסט שוין אָנהויבען ווערען אַ שטיקעל מענטש; אם ירצה השם, איבער דריי יאָהר ווערסט דו שוין בר־מצוה, צו הונדערט און צוואַנציג יאָהר, קחע־הע־הע!

מיט אַזעלכע זיסע ווערטער שיקט מיך דער טאַטע אַרויס אין חדר אַריין צום נייעם מלמד, צו רב חיים קאָטער. דאָס ערשטע מאָל הער איך פון מיין בייזען טאַטען אַזעלכע גוטע ווייכע ווערטער, און איך פערגעס אין איין מינוט אַלע זיינע רדיפות, מיט אַלע זיינע קללות, מיט אַלע זיינע פּעטש, גלייך ווי ס'איז גאָר נישט געווען אויף דער וועלט. איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך איהם אַרומגעכאַפּט קושען. נאָר, חי־חי־חי — ווי אַזוי קושט מען אַ טאַטען?...

די מאַמע גיט מיר מיט אין חדר אַריין אַ גאַנצען עפּעל מיט צוויי גראָשען, און אויך דער דייטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקעל, רעדט אויף זיין שפּראַך:

— היבשער קנאַבע! גוט, גוט!...

איך נעם די גמרא „ביצה“ אונטער דער האַנד, איך טהו קושען די מזוזה און געה אין חדר אַריין, ווי אַ ניי־געבאָרענער, מיט אַ ריין האַרץ, אַ גרינג האַרץ, מיט אַ לויטערען, קלאָרען קאָפּ, מיט נייע מחשבות, מיט פרישע, עהרליכע, פרומע געדאַנקען. די זון קוקט־אַראָפּ און גריסט צו מיר מיט איהרע וואַרעמע שטראַהלען. דאָס ווינטעלע פער'גנבה'ט זיך צו מיר אונטער אַ פּאה, די פויגעלעך פּישטשען: „טיף־טיף־טיף־טיף!“... עס הויבט מיך, עס טראָגט מיך אין דער לופטען, עס ווילט זיך מיר לויפען, שפּרינגען, טאַנ־

צען — אַך, ווי גוט, ווי זיס דאָס איז, אַז מע לעבט און מען איז איין עהרליכער, מען איז ניט קיין גנב, ניט קיין ליגנער!

איך קוועטש צו די גמרא צום האַרצען שטאַרק־שטאַרק, און לויף אין חדר אַריין געשמאַק־געשמאַק, און איך שווער ביי דער גמרא, אַז איך וועל קיינמאָל, קיינמאָל ניט זאַטשעפּען קיין פרעמדס, קיינמאָל, קיינמאָל נישט גנבה'נען, קיינמאָל, קיינמאָל ניט לייקענען, תמיד זיין איין עהרליכער, איין עהרליכער, איין עהרליכער...

# אויפ׳ן פיעדעל

## א.

— היינט וועל איך אייך, קינדער, שפּיעלען אביסעל אויפ׳ן פּיעדעל. נישטאָ, אַזוי דאַכט זיך מיר, קיין שענערס און קיין בעסערס, ווי אַז מע קאָן שפּיעלען אויפ׳ן פּיעדעל. וואָס, אפשר נישט אַזוי? איך ווייס נישט, ווי אַזוי איהר — איך, פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, בין איך אויסגעגאַנגען נאָך אַ פּיעדעל און האָב ליעב געהאַט גלאַט כלי־זמר, ווי דאָס לעבען! איז געוועזן ערגיץ אַ חתונה אין שטעדטעל, בין איך געוועזן דער ערשטער, וואָס איז געלאָפען מקבל־פּנים זיין די כלי־זמר, זיך פער׳גנבה׳נען פון הינטען צום קאָנטרבאַס, אַ ציה טהון ביי דער גראָבער סטרונע: בום! — און אנטלויפען. בום! — און אַנטלויפען. פאַר דעם דאָזיגען „בום“ האָב איך אַמאָל געחאַפּט פון בערעל באַס אַ מיאוסען פּסק. בערעל באַס, אַ בייזער איד מיט אַ צעפּלעצטער נאָז און מיט אַ שאַרפען קוק, האָט זיך געמאַכט, ווי ער זעהט נים, אַז איך גנבה זיך צום קאָנטרבאַס, און בשעת איך האָב אויסגעצויגען די האַנד צו דער גראָבער סטרונע, האָט ער מיך אָנגעחאַפּט פאַר׳ן אויהער און אָפּגעפיהרט מיך מיט כבוד גלייך צו דער טהיר:

— נאַ, ממזר, קוש די מזוזה!

דאָס האָט מיך אָבער ווינציג־וואָס אָנגעלערענט. איך האָב נישט אָפּגעטראָטען פון די כלי־זמר אויף קיין האָר. איך האָב זיי ליעב געהאַט אַלע, פון שייקע פּיעדעלע מיט דער שענער שוואַרצער

באָרד און מיט די דינע ווייסע פינגערלעך, ביז נעצי פּייקלער מיט'ן שענעם האָרב און מיט'ן היבשען — איך בעט איבער אייער כבוד — פליך איבער די אויהערען. נישט איין מאָל בין איך געלעגען אונטער אַ באַנק און געהערט, ווי די כלי־זמר שפּיעלען, וואָרום מע האָט מיך געטריבען אַהיים, און פון דאָרטען, פון אונטער דער באַנק, גע־קוקט אויף שייקע'ס דינע פינגערלעך, ווי זיי טאַנצען איבער די סטרונעס, און זיך צוגעהערט צו די זיסע קולות, וואָס ער האָט אַזוי קונציג אַרויסבעקומען פון זיין פיעדעלע.

אַ צעקאָכטער פלעג איך נאָכדעם אַרומגעהן עטליכע טעג כסדר, און שייקע מיט'ן פיעדעלע איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגען. ביי־נאַכט האָב איך איהם געזעהען אין חלום, און בייטאָג אויף דער וואָהר — ער איז כּ׳יר נישט אַרויס פונ'ם קאָפּ. איך פלעג מיר פאָרשטעלען, אַז איך בין שייקע פיעדעלע, אויסבויגען די לינקע האַנד און מאַכען מיט די פינגער און געבען אַ פיהר מיט דער רעכ־טער האַנד, ווי מיט'ן סמיק, בשעת מעשה פערוואָרפען דאָס קעפּעל אויף אַ זייט, די אויגען אַביסעלע צוגעמאַכט — פונקט ווי שייקע, ס'זאָל דאָס פעהלען אַ האָר!

האָט דערזעהען דער רבי נטע־ליב, — ס'איז געווען סאַמע בייִ'ם לערנען — אַז איך מאַך עפּיס מיט די הענד און פערוואָרף דאָס קעפּעל און גלאַנץ מיט די אויגלעך, האָט ער מיר אָפּגעשטעקט אַ רעכטען פּאַטש:

— אַ הולטיי קאָן! מע לערענט מיט איהם קמץ־אלף, מאַכט ער העויות, חאַפּט פליעגען!

ב.

איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט, עס מעג זיך קעהרען די וועלט, איך מוז האָבען אַ פיעדעלע, עס מעג מיך קאָסטען מי יודע וואָס! נאָר פון וואָס מאַכט מען אַ פיעדעלע? געוויינטליך, פון „טענענהאָלץ". ס'איז אָבער גרינג אויסצורעדען „טענענהאָלץ"! וואו קריגט מען דאָס דאָזיגע האָלץ, אַז בסך הכל וואַכסט דאָס,

זאָגט מען, נאָר אין ארץ־ישראל? וואָס טהוט גאָט? גיט ער מיר אריין אזא מחשבה. ביי אונז איז געווען איין אלטע קאַנאַפּע, אַ ירושה־קאַנאַפּע נאָך פונ׳ם זיידען רב אַנשיל, וואָס איבער איהר האָבען זיך געשלאָגען מיינע צוויי פעטערס מיט׳ן טאַטען עליו השלום. דער פעטער בעני האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער איז דער עלטערער זוהן, קומט א י ה ם די קאַנאַפּע; און דער פעטער סענדער האָט גע־טענה׳ט, אַז ער איז דער יונגסטער, קומט א י ה ם די קאַנאַפּע; און דער טאַטע עליו השלום האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער איז טאַקי נישט מעהר ווי איין אײדעם, האָט ער אויף דער קאַנאַפּע קיין שליטה ניט, נאָר אַזוי ווי זיין ווייב, דאָס הייסט די מאַמע מיינע, איז אַ בת יחידה, קומט א י ה ר די קאַנאַפּע. דאָס איז איין מאָל אוועק. והשנית, שטעהט די קאַנאַפּע ביי אונז אין שטוב, איז די קאַנאַפּע א ו נ ז ע ר קאַנאַפּע. האָבען זיך אַריינגעמישט ביידע מוהמעס, די מוהמע איטקע און די מוהמע זלאַטקע, און האָבען אָנגעפיהרט אַ רכילות פון איינעם צום אַנדערען, קאַנאַפּע־קאַנאַפּע, די שטאָדט האָט זיך געוויעגט מיט דער קאַנאַפּע! — בקצור, די קאַנאַפּע איז געבליבען א ו נ ז ע ר קאַנאַפּע.

די דאָזיגע קאַנאַפּע איז געווען אַ פּשוט׳ע, אַ הילצערנע קאַנאַפּע, נאָר בעצויגען פון אויבען מיט אַ דין האָליץ, וואָס איז אין עטליכע ערטער אָפּגעשטאַנען, געווען אויפגעבלאָזען, ווי אַ ביצה. אָט דאָס אויבערשטע האָליץ, וואָס איז אָפּגעשטאַנען, איז געווען דאָס אמת׳ע „טענענהאָליץ“, וואָס געהט אויף פיעדלען. אַזוי האָב איך געהערט זאָגען אין חדר. איין חסרון האָט די קאַנאַפּע געהאַט, און דער דאָזיגער חסרון איז געווען אַ מעלה, דהיינו: אַז מע האָט זיך אויף איהר אַנידערגעזעצט, האָט מען נישט געקאָנט אויפשטעהן, מחמת זי איז געשטאַנען אַביסעל באַרג־אַראָפּ, פון איין זייט משופּע׳דיג און אין מיטען מיט אַ גרוב; איז אָבער געווען די מעלה, וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט זיך זעצען אויף איהר, האָט מען זי אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל, געגעבען אַ „טשיסטע אַטסטאַווקע“.

אַט אויף דער קאַנאַפּע האָב איך געוואָרפען איין אויג. אַ סמי־טשיק האָב איך מיר צוגעגרייט נאָך פון לאַנג. איך האָב געהאַט אַ חבר שימעלי, יודעל דעם בעל־עגלה׳ס, האָט ער מיר צוגעזאָגט עטליכע האָר פון׳ם טאַטענ׳ס פערד׳ס וויידעל. און זשיוועצי אויף צו שמירען דעם סמיטשיק האָב איך אַליין געהאַט. איך האָב פיינט געהאַט זיך פערלאָזען אויף נסים. איך האָב דאָס אויסגעביטען ביי מיינעם אַ חבר, מאיר־ליפּא־שרה׳ס, אויף אַ שטיקעל שטאָהל פון דער מאַמע׳ס קרינעלינע, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפ׳ן בוידעם. פון׳ם שטיקעל שטאָהל האָט נאָכדעם מאיר־ליפּא־שרה׳ס געמאַכט זיך אַ מעסערעל, פוןביידע זייטען גוט אָנגעשאַרפט. האָב איך אפילו חשק געהאַט זיך אָפּבייטען מיט איהם צוריק, האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט זיך צעשריגען:

— אַ חכם אַ איד! וואָס זאָגט איהר אויף זיין טאַטען? איך האָרעוועט אָפּ דריי נעכט, איך שאַרף און שאַרף און צעשנייד זיך אַלע פינגער שאַרפענדיג, — קומט ער איצטער צו געהן און וויל זיך אָפּבייטען צוריק!

— קוק איהם אָן אַביסעל! — זאָג איך. — נו, דאַרף מען ניט! אַ טהייערע מציאה אַ שטיקעל שטאָהל! קאַרג שטאָהל וואַלגערט זיך ביי אונז אויפ׳ן בוידעם? עס וועט חאַפּען אויף קינדער און קינדס־קינדער!

הכלל, איך האָב געהאַט אַלסדינג, וואָס מע בעדאַרף. עס איז געבליבען נאָר איין אַרבייט: קאַלופּען דאָס „טענענהאָלץ" פון דער קאַנאַפּע. איך האָב אויסגעקלויבען דערויף זעהר אַ וואוילע צייט: בשעת די מאַמע איז געוועזן אין קלייט און דער טאַטע האָט זיך נאָכ׳ן עסען צוגעלעגט דרימלען, האָב איך זיך פערקלויבען אין ווינקעל אריין מיט אַ צוויאַק און האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט גאַנץ געשמאַק. האָט דער טאַטע דערהערט דורכ׳ן שלאָף, ווי עמי־צער באַברעט זיך, האָט ער פריהער געמיינט, אפנים, אז ס׳איז מייז אין שטוב, האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען פון דאָרטען: קיש! קיש! איך בין געבליבען אַ געשטאָרבענער... דער טאַטע האָט זיך

איבערגעקעהרט אויף זייער אנדערער זייט, און אז איך האב דער־הערט, אז ער חראפעט, האב איך זיך ווידער גענומען צו דער ארבייט. פלוצים, איך טהו א קוק — דער טאטע שטעהט און קוקט אויף מיר מיט מאדנע אויגען. עס ווייזט אויס, אז תחילת האט ער בשום אופן ניט פערשטאנען וואס דאס איז. נאכדעם, אז ער האט דערזעהען די צעקארדאשעטע קאנאפע, האט ער מיך ארויס־געצויגען פון דארטען פאר׳ן אויהער און האט מיך אזוי געשלאגען, אז מע האט מיך בעדארפט מינטערען, פשוט אפגיסען מיט קאלט וואסער.

— גאט איז מיט דיר! וואס האסט דו געטהאן מיט׳ן קינד?— האט די מאמע געוויינט מיט טרערען אויף די אויגען.

— דער קדיש דיינער! ער וועט מיך אריינטרייבען א לעבע־דיגען אין דער ערד אריין! — זאגט דער טאטע, בלאס ווי די וואנד. חאפט זיך פאר׳ן הארצען און פערהוסט זיך אויף עטליכע מינוט.

— וואס זשע דארף מען זיך אזוי אפעסען דאס הארץ? — זאגט צו איהם די מאמע. — ביזט אזוי אויך א קראנקער! טהו א קוק וואס פאר א פנים דו האסט, אזא יאהר אויף מיינע שונאים!

ג.

דער חשק צו שפיעלען אויפ׳ן פיעדעל איז געוואכסען מיט מיר אינאיינעם. וואס עלטער איך בין געווארען, איז דער חשק געווארען נאך גרעסער. און, ווי אויף־צו־להכעיס, האב איך בעדארפט אלע טאג הארכען כלי־זמר. פונקט אויפ׳ן מיטען וועג, צווישען דער היים און צווישען חדר, איז געשטאנען א קליין שטיבעל, מיט ערד געדעקט, פלעגט זיך פון דארטען הערען תמיד פערשיעדענע קולות און געזאנגען פון אלערליי כלים, און מעהרסטענטייל — קולות פון א פיעדעל. דארטען איז געזעסען א כלי־זמר, נפתלי בעזבאראדקע, א איד מיט איין אונטערגעהאקטער קאפאטע, מיט אונטערגעבויגע־נע פאות און מיט א געפרעסטען קאלנער. א נאז האט ער געהאט א היבשע, אויסגעזעהען ווי א צוגעקלעפטע, ליפען גראבע, ציינער

שווארצע, דאָס פּנים געשטופּעלט און אָהן אַ סימן פון אַ באָרד. און דערפאַר טאַקי האָט מען איהם גערופען „בעזבאָראָדקע“. אַ ווייב האָט ער געהאַט אַ מאַשינע, האָט מען זי גערופען „די מוטער חוה“. און קינדער איז ביי זיי געווען אַ טוץ אָנדערהאַלבען, אויב נישט מעהר, אַפּגעריסענע, האַלבנאַקעטע און באָרוויסע, און אַלע, פון'ם גרעסטען ביז'ן קלענסטען, האָבען זיי געשפּיעלט. דער אויפ'ן פּיע־דעל, דער אויף דער „אַלט“, דער אויפ'ן באַס, דער אויפ'ן טרומייט, דער אויפ'ן פלייט, דער אויפ'ן פאַגאָט, דער אויף דער האַרפע, דער אויפ'ן צימבעל, דער אויף דער באַלאַלאַייקע, דער אויפ'ן פּויק, דער אויף די טאַצען. צווישען זיי זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געקאָנט אויספּייפען דעם גרעסטען ניגון מיט די ליפּען, אויף די צייהן, אויף גלעזלעך אָדער אויף טעפּלעך, אויף שטיקלעך האָלץ, אָדער גאָר אויף די באַקען — שדים, רוחות און נאַר!

מיט'ן דאָזיגען געזינדעל האָב איך מיך בעקענט גאָר אומגע־ריכט. איך בין געשטאַנען איינמאָל ביי זיי אונטער'ן פענסטער, זיך אונטערגעהערט ווי זיי שפּיעלען, האָט איינער פון די עלטערע קינדער, פיני דער פלייטיסט, אַ בחור פון אַ יאָהר פופצעהן, נאָר אַ באָרוויסער, מיך דערזעהען שטעהן, איז ער ארויסגעגאַנגען צו מיר און פרעגט מיך, צי עס געפעלט מיר זייער שפּיעלען?

— הלואי — זאָג איך — וואָלט איך אין צעהן יאָהר ארום אזוי געשפּיעלט!

— קאָנסט דאָס אויספיהרען, — מאַכט ער צו מיר און גיט מיר אָנצוהערעניש, אז פאַר צוויי קארבען אַ חודש וועט מיך דער טאַ־טע זיינער אויסלערנען שפּיעלען, און אויב איך וויל, וועט ער מיך לערנען, דער זוהן הייסט דאָס.

— אויף וואָס פאַר אַ אינסטרומענט — מאַכט ער — וואָלסט דו געוואָלט שפּיעלען? אויפ'ן פּיעדעל?

— אויפ'ן פּיעדעל.

— אויפ'ן פּיעדעל? — מאַכט ער. — קאָנסט צאָהלען דריט־האַלבען קערבלעך אַ חודש? צי דו ביזט אַזאַ כתריליק, ווי איך?

— קאָנען קאָן איך, — זאָג איך — נאָר וואָס דען? עס טאָר נישט וויסען דערפון נישט דער טאַטע, נישט די מאַמע, נישט דער רבי.

— חס וחלילה! — מאַכט ער. — ווער דאַרף דאָס געהן אויס־פּויקען? אפשר געפינט זיך ביי דיר א ציגאַר טיטון, אָדער א פּאַ־פּיראָס? ניין? דו רויכערטס נים? אַנטלייה־זשע מיר א פּיטאַ־קעל, וועל איך מיר אַליין קויפען פּאַפּיראָסען. נאָר זאָלסט נים זאָגען קיינעם, מחמת דער טאַטע טאָר נישט וויסען, אז איך רויכער, און די מאַמע וועט געוואָהר ווערען, אז איך האָב געלט, וועט זי דאָס גלאַט צונעמען און קויפען בייגעל אויף אָנבייסען. קום אין שטוב אריין, וואָס וועלען מיר דאָ אויסשטעהן?

ד.

מיט גרויסע פּחדים, מיט א קלאַפּענדיג האַרץ און מיט ציי־טערענדיגע פיס האָב איך אריבערגעשפּאַנט די שוועל פונ'ם דאָ־זיגען קליינעם גן־עדן.

מיין נייער חבר פיני האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן פאָטער:

— שלום נחום וועוויק'ס, א נגיד'ס א יונגעל, האָט חשק לער־נען אויפ'ן פיעדעל.

נפתלי בעזבאָראָדקע האָט אונטערגעבוינען די פּאות, צורעכט געמאַכט דעם קאָלנער, פערשפּילעט די קאַפּאָטע און פערבונדען מיט מיר א ברייטען שמועס מכח שפּיעלען בכלל און אויפ'ן פיעדעל בפרט. געגעבען מיר צו פערשטעהן, אז פיעדעל איז די בעסטע און די שענסטע פון אַלע כלים, עלטערם און חשוב'ערם פון פיעדעל איז שוין גאָר נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט. א סימן האָב איך, פאַר וואָס עפּים דערעזשירט תמיד די פיעדעל, ניט דער טרומייט, אָדער די פלייט? מחמת פיעדעל — דאָס איז די מאַמע פון אַלע כלים.

אזוי האָט מיר נפתלי בעזבאָראָדקע געלייענט א גאַנצע לעק־ציע פון מוזיק, געמאַכט בשעת־מעשה מיט די הענד און מיט דער

נאַז, — און איך בין געשטאַנען און געקוקט איהם אין מויל אַריין, בעטראַכט די שוואַרצע צייהן זיינע און געשלונגען, ממש געשלונגען די ווערטער.

— פיעדעל, פאַרשטעהסט דו מיך, — זאָגט צו מיר ווייטער נפתלצי בעזבאַראָדקע און איז צופריעדען, אַפּנים, מיט דער לעקציע, — פיעדעל, פאַרשטעהסט דו מיך, איז אַזאַ כלי, וואָס איז עלטער פון אַלע כלים. דער ערשטער פיעדלער אויף דער וועלט איז געווען תובל־קין, צי מתושלח. — איך געדענק שוין נישט אַקוראַט, דו קעהרסט בעסער וויסען, דו לערענסט דאָך מסתמא אין חדר? דער אַנדערער פיעדלער איז געווען דוד־המלך. נאָך איינער, אַ דריטער, איז געווען, פּאַגאַניני האָט ער געהייסען, אויך אַ איד; אַלע בעסטע פיעדלער אויף דער וועלט זענען געווען אידען. למשל, סטעמפעניו, פּדהצור. פון זיך רעד איך ניט. מע זאָגט, אַז איך שפּיעל ניט שלעכט אויפ'ן פיעדעל; נאָר ווי קום איך צו פּאַגאַניני'ן? פּאַגאַניני, זאָגט מען, האָט פאַרקויפט דעם אשמדאי די נשמה פאַר'ן פיעדעל. פּאַגאַניני האָט פיינט געהאַט שפּיעלען פאַר גרויסע מענטשען, מלכותים און פּויבסטען, חאָטש מע פלעגט איהם אָפּגילטען. ער האָט בעסער ליעב געהאַט שפּיעלען פאַר אָרעמע לייט אין אַלע שענקלעך, אין אַלע דערפער, אָדער גאָר אין די וועלדער פאַר חיות און עופות. אָט וואָס פאַר אַ פיעדלער פּאַגאַניני איז געווען... עי, חברה־פלעצעל, צו די כלים!

אזוי האָט נפתלצי בעזבאַראָדקע אויסגערופען צו זיין קאָמאַנדע קינדער, וואָס זענען זיך צענויפגעקומען אַלע אין איין מינוט, גענומען זיך איטליכער צו זיין אינסטרומענט. נפתלצי אַליין איז אויפגעשטאַנען, אַ זעץ געטהאָן מיט'ן סמיק אין טיש אַריין, געוואָרפען אַ שאַרפען קוק אויף איטליכען בעזונדער און אויף אַלע מיט אַ מאָל — און מע האָט אַ שפּיעל געטהאָן אַ קאָנצערט אויף אַלערליי אינסטרומענטען מיט אַזאַ כח, אַז איך בין שיער ניט אומגעפאַלען פון די פיס. איטליכער האָט זיך געפלייסט איבערשרייען דעם אַנדערען, און מעהר פון אַלע האָט מיר פערשרינגען

איינער א קליינער, וואָס האָט געהייסען חעמעלע, א טרוקען יונגע־לע מיט א נאָס נעזעלע און מיט בּאָרוויסע אָנגעדראָלענע פיסלעך. חעמעלע האָט געשפּיעלט אויף א משונה־מאָדנע כלי, עפּיס א מין זאַק אַזעלכער, וואָס אז מע בלאָזט איהם אָן, לאָזט ער נאָכדעם אַרויס א משונה קול, א מאָדנעם קווימש, ווי א קאַץ, בשעת מע טרעט איהר אָן אויפ׳ן וויידעל. חעמעלע האָט מיט׳ן באָרוויסען פיסעל אויסגעשלאָגען טאַקט, געקוקט די גאַנצע צייט אויף מיר מיט קליינע גנבה׳שע אויגלעך און אונטערגעוואונקען, ווי איינער רעדט: „אָבער איאָ, איך בלאָז גוט?" נאָר מעהר פון אלע האָט געארבייט נפתלצי אליין; ער האָט אי געשפּיעלט, אי געדערעזשירט, געאַר־בייט מיט די הענד, מיט די פיס, מיט דער נאָז און מיט די אויגען און מיט׳ן גאַנצען גוף, און טאָמער חלילה האָט עמיצער געמאַכט א פעהלער, האָט ער א קריץ געטהאָן מיט די צייהן און א זאָג גע־טהאָן מיט כעס:

— פאָרטאָ, פּארחוץ! פּאָרטאָ — פּאָרטיסימאָ!... טאַקט, ממזר! טאַקט!... איינס, צוויי, דריי! איינס, צוויי, דריי!...

ה.

אָפּגעמאַכט מיט נפתלצי בעזבאָראָדקע פּאָר דריי מאָל אין דער וואָך אָנדערהאַלבען שעה אין טאָג צוויי קערבלעך א חודש, בעט איך איהם נאָך א מאָל און נאָך א מאָל, עס זאָל זיין בסוד־סודות — אַניט, בין איך א פערפאַלענער. ער גיט מיר זיין עהרענוואָרט, אז עס וועט נישט וויסען דערפון קיין פויגעל.

— מיר זענען אַזעלכע מענטשען, — זאָגט ער צו מיר מיט גדלות און מאַכט צו־רעכט דעם קאָלנער — וואָס קאַטאָרע קיין געלט האָבען מיר ניט, נאָר יושר און עהרליכקייט איז ביי אונז פאַרהאַן מעהר ווי ביי׳ם גרעסטען גביר! אפשר געפינט זיך ביי דיר עט־ליכע גראָשענס?

איך האַפּ אַרויס און געב איהם אַ קערבעל. נפתּלצי נעמט דאָס צו ביי מיר, ווי אַ פּראָפעסאָר, מיט צוויי פינגער, רופּט־צו די מוטער חוה, קוקט אָן אַ זייט און מאַכט צו איהר:

— נאַ, קויף עפּיס אָנבייסען!

די מוטער חוה נעמט־צו ביי איהם דאָס קערבעל שוין דוקא מיט ביידע הענד און מיט אַלע פינגער, בעטראַכט דאָס דוקא פון אַלע זייטען און טהוט אַ פרעג דעם מאַן, וואָס זאָל זי קויפען?

— וואָס דו ווילסט. — ענטפערט ער איהר כלומר'שט קאַלט־בלוטיג. — קויף בולקעס עטליכע, הערינג אַ צוויי־דריי, און דאַרע קישקע, און אַ ציבעלע פאַרגעס ניט, עסיג און בוימעל, נו, און אַ גלעזעל בראָנפען דאָרטען...

אַז די דאָזיגע אַלע זאַכען זענען בעשאַפען געוואָרען אויפ'ן טיש, איז דער עולם אָנגעפאַלען דערויף מיט אַזאַ אַפּעטיט, גלייך ווי נאָך אַ תענית. עס האָט אַזש מיך אָנגענומען אַ יצר־הרע, און אַז מע האָט מיך געבעטען, איך זאָל געהן צום טיש, האָב איך מיך נישט געקאָנט אָפּזאָגען, און איך געדענק נישט די צייט, ווען איך זאָל אַזוי הנאה האָבען פונ'ם עסען, ווי איך האָב הנאה געהאַט פון דער דאָזיגער סעודה.

נאָך דער סעודה האָט בעזבאָראָדקע א וואונק געטהאָן צו דער קאָמאַנדע, מע זאָל זיך נעמען צו די כלים, און מע האָט מיך מכבד געווען ווידער אַ מאָל מיט אַ זאַך, „זיין אייגענע קאָמפּאָזיציע“. די דאָזיגע „קאָמפּאָזיציע“ האָבען זיי געשפּיעלט מיט אַזאַ רעש, אַז עס האָט מיר פערטורקעט די אויהערען און פערטומעלט דעם קאָפּ — און איך בין אַוועק פון דאָרטען אַ שכור'ער פון נפתּלצי בעזבאָראָדקע'ס „קאָמפּאָזיציע“. אַ גאַנצען טאָג אין חדר האָט זיך מיר געדרעהט דער רבי מיט די תלמידים מיט די ספרים, און אין די אויהערען האָט מיר ניט אויפגעהערט צו קלינגען די קאָמפּאָ־זיציע“. בייגאַכט איז מיר געקומען צום חלום פּאַגאַניני, רייטענ־דיג אויפ'ן אשמדאי, און האָט מיר דערלאַנגט מיט'ן פּיעדעל איבער'ן קאָפּ, — איך האָב זיך אויפגעהאַפּט מיט אַ געשריי און מיר

אַ קאָפּוועהטיג און האָב אָנגעהויבען שיטען מיט ווערטער, ווי פון אַ זאַק. וואָס איך האָב גערעדט — ווייס איך ניט. נאָר מיין עלטערע שוועסטער פעסיל האָט מיר נאָכדעם דערצעהלט, אַז איך האָב גע־רעדט פון היטץ, עס האָט זיך ניט געקלעפּט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, עפּיס ווילדע נעמען—„קאָמפּאָזיציע", פּאַגאַניני"... און נאָך אַ זאַך האָט מיר די שוועסטער דערצעהלט, אַז אין דער צייט, וואָס איך בין געלעגען שלאַף, איז מען אַ פּאָר מאָל געווען ביי אונז פון נפתלצי דעם כלי־זמר, עפּיס אַ באָרוויס יונגעל, געוואָהר ווערען וואָס איך מאַך, האָט מען איהם דורכגעטריבען און פערזאָגט, ער זאָל זיך מעהר נישט דערוועגען קומען אַהער...

— וואָס האָט געטהאָן ביי דיר דעם כלי־זמר'ס יונגעל? — פרעגט מיך מיין שוועסטער און מוטשעט מיך, איך זאָל איהר זאָ־גען. נאָר איך האַלט זיך איינס: איך ווייס נישט, כלעבען, איך ווייס נישט; פון וואַנען זאָל איך וויסען?

— וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָס? — זאָגט צו מיר די מאַמע. — ביזט שוין, קיין עין־הרע, אַ בחור'על צו לייטען, מע רעדט דיר שוין שדוכים, און דו האָסט צו טהון מיט שענע חברים. באָרוויסע כלי־זמר'לעך! וואָס פאַר אַ מחותן ביזט דו מיט כלי־זמר? וואָס האָט דאָ געטהאָן ביי דיר נפתלצי דעם כלי־זמר'ס יונגעל?

— וואָסער נפתלצי? — זאָג איך און מאַך זיך תמ'עוואַטע.— וואָסער כלי־זמר?

— קוק איהם אָן, דעם תנא! — מישט זיך אריין דער טאַטע. — ער ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגען! נעבאַך גאָט די נשמה שולדיג! איך אין דיינע יאָהרען בין שוין לאַנג געווען אַ חתן, און ער שפּיעלט זיך נאָך מיט חברים! טהו זיך אָן און געה אין חדר אריין! טאָמער וועט דיך באַגעגענען הערשעל בעל־טאַקסע און וועט דיך אַ פרעג טהון, וואָס איז דיר געווען, זאָלסט דו זאָגען — קדחת. דו הערסט וואָס איך רעד צו דיר? קדחת!

איך הויב נישט אָן צו פערשטעהן: וואָס פאַר אַ מחותן איז דאָ הערשעל בעל־טאַקסע? און צוליעב וואָס בעדאַרף איך איהם

זאָגען קדחת?... אין עטליכע וואָכען אַרום איז מיר פערענטפערט געוואָרען די קשיא.

## ו.

הערשעל בעל טאַקסע (אַזוי האָט מען איהם גערופען דערפאַר, וואָס ער און דער טאַטע און דער זיידע זיי־נער האָבען פון תמיד אָן געהאַלטען די טאַקסע, ס'איז שוין געווען ביי זיי אַ חזקה) איז געווען אַ יונגער־מאַן מיט אַ קיילעכיג בייכעל, מיט אַ רויט בערדעל, מיט נאַסע אויגעלעך און מיט אַ ברייטען ווייסען שטערן — אַ סימן פון אַ קאָפּמענש. ער האָט טאַקי גע'שמ'ט אין שטעדטעל פאַר אַ וואוי־לען יונגענמאַן אַ משכיל, אַ מושלם, אַ שענעם בעל תנ"ך און אַ שענעם שרייבער, דאָס הייסט, ער האָט געהאַט אַ שען הענטעל. מע האָט זיך אַמאָל מיט זיינע כתבים, זאָגט מען, אַרומגעטראָגען און אַרומגעפיהרט איבער דער וועלט. און דערצו האָט ער געהאַט געלד און איין טעכטערעל, אַ בת יחידה, אַ מיידעל מיט רויטע הערעלעך און מיט נאַסע אויגעלעך, צוויי טראָפּען וואַסער הערשעל בעל־טאַקסע. געהייסען האָט זי אסתר, און גערופען האָט מען זי פערצויגען — „פלעסטערעל". געווען איז זי ציטעריג און איידעל, מורא געהאַט פאַר אונז, חדר־יונגלעך, ווי פאַר'ן מלאך־המות, וואָ־רום מיר האָבען איהר דערקוטשעט, פלעגען זיך רייצען מיט איהר און זינגען ליעדלעך:

אסתר'על!<br>
פלעסטערעל!<br>
פאַר וואָס האָסט דו ניט<br>
קיין — שוועסטערעל?

דאַכט זיך, וואָס ליגט אַזעלכס אין די דאָזיגע ווערטער? איאָ, גאָרנישט? פון דעסטוועגען פלעגט פלעסטערעל, אַז זי האָט דער־הערט די דאָזיגע ווערטער, פערשטעלען זיך די אויהערען און אַנט־לויפען מיט אַ געוויין, בעהאַלטען זיך בחדרי־חדרים, מורא האָבען אַרויסגעהן עטליכע טעג אויף דער גאַס.

נאָר דאָס איז געווען אַמאָל, בשעת זי איז נאָך געווען אַ קינד. אַצינד איז זי שוין געוואָרען אַ מיידעל צו לייטען, פערפלאָכטען זיך אַ רויט צעפּעל און געגאַנגען אָנגעטהאָן, ווי אַ כלה, נאָך דער לעצטער מאָדע. מיין מאַמע האָט פון איהר שטאַרק געהאַלטען, פלעגט זיך נישט קאָנען אָפּלויבען פון איהר: „אַ שטילע טויב“. אסתר׳ל פלעגט אַמאָל, שבת, אַריינקומען צו מיין שוועסטער פעסיל, און אַז זי האָט מיך דערזעהן, פלעגט זי ווערען נאָך רויטער, ווי זי איז געווען, און אַראָפּלאָזען די אויגען. און מיין שוועסטער פעסיל פלעגט מיך בשעת־מעשה דוקא צורופען, עפּיס פרעגען, און קוקען אונז ביידען אין די אויגען אַריין.

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, עס קומט אַריין צו אונז אין חדר אַריין דער טאַטע מיינער מיט הערשעל בעל־טאַקסע, און נאָך זיי שלעפּט זיך נאָך רב שלום־שכנא דער שדכן, א איד מיט זעכס פינגער, מיט אַ געגרייזעלטער שוואַרצער באָרד און אַ גרויסער אביון. דערזעהען אַזעלכע געסט, האַפּט אויף זיך דער רבי רב זרח די קאַפּאָטע מיט׳ן היטעל, און מחמת גרויס אימפּעט פערקאַטשעט זיך איהם איין פּאה אַרונטער, אויף יענער זייט אויהער, דאָס היטעל פערקנייטשט זיך און עס שטעקט אַרויס אונטען די יאַרמעלקע העכער האַלב, און עס הויבט איהם אָן פלאַמען א באַק. מע האָט געקאָנט אַרויסזעהען, אַז דאָ איז עפּיס נישט גלאַט, ובפרט, אַז רב שלום־שכנא דער שדכן שוין פון אַ צייט, אַז ער האָט אָנגעהויבען אַריינקומען צו אונז אין חדר אַריין עפּיס צו אָפטליך, פלעגט אַלע מאָל אַרויסרופען דעם רבי׳ן אין הויז אַרויס און דאָרט אַוועקשטעהן מיט איהם עטליכע מינוט, סוד׳ען זיך און שושקען זיך, מאַכען בשעת־מעשה מיט די הענד און מיט די פּלייצעס און אויסלאָזען מיט אַ זיפץ:

— טאַ, ממה־נפשך, אויף די אייגענע מעשה! איז דאָס באַשערט, וועט דאָס מסתמא זיין, וואָס קאָן מען וויסען וואָס?

ביי׳ם אַריינקומען פון די געסט האָט דער רבי רב זרח נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טהון, וואו ער זאָל זיי בעזעצען. האָט ע׳

געחאפּט אַ קיכבענקעל, וואָס די רביצין זאָלצט דערויף פלייש, און האָט זיך פריהער אַביסעל אַרומגעדרעהט מיט דעם עטליכע מאָל הין און צוריק איבער'ן גאַנצען חדר, און נאָכדעם האָט ער דאָס קוים אַוועקגעשטעלט און האָט זיך אַליין טאַקי אַנידערגעזעצט אויף דעם. ער איז אָבער באַלד אויפגעשפּרונגען, ווי איין אָפּגעבריהטער, שטאַרק צעמישט, און האָט זיך געחאַפּט ביי דער הינטערשטער קעשעני פון דער קאַפּאָטע, גלייך ווי ער וואָלט עפּיס פערלאָרען אַ מטמון מיט געלד.

— אָט איז אַ בענקעל, זעצט זיך! — מאַכט ער צו די געסט.

— נישקשה, זיצט, זיצט! — זאָגט צו איהם דער טאַטע. — מיר זענען אַריינגעגאַנגען צו אייך, רב זרח, נאָר אויף איין מינוט; זיי וועלען פאַרהערען מיין יונגעל תנ"ך.

און דער טאַטע ווייזט אָן אויף הערשעל בעל־טאַקסע.

— אָך, מהכתיתי, פאַר וואָס ניט? — מאַכט דער רבי רב זרח און חאַפּט אַ תנ"כ'על און טראָגט דאָס אונטער הערשעל דעם בעל־טאַקסע מיט אַזאַ פּנים, ווי איינער רעדט: „נאַ דיר און טהו וואָס דו ווילסט!"

הערשעל בעל־טאַקסע נעמט דאָס תנ"כ'על אין האַנד אַריין, ווי אַ מענש, וואָס איז געניט אין דער סחורה, בויגט איין דאָס קעפּעל אויף אַ זייט, מאַכט־צו איין אויגעל, מישט און מישט און טראָגט מיר אונטער דעם ערשטען פּסוק פון „שיר־השירים".

— שיר השירים גאָר? — רופט זיך אָן דער רבי מיט אַ שמייכעלע, ווי איינער רעדט: קיין הארבערעס נישט געקאָנט געפינען?

— שיח השיחים — ענטפערט איהם הערשעל בעל־טאַקסע (ער קאָן ניט אויסרעדען קיין רי"ש) — שיח השיחים איז ניט אַזאַ גחינגע זאַך, ווי איהח מיינט; שיח השיחים דאַחף מען פאַחשטעהן.

— אוראַי! — רופט זיך אָן רב שלום־שכנא מיט אַ געלעכטער.

דער רבי טהוט צו מיר אַ וואונק. איך געה־צו צום טיש, צעשאָקעל זיך און הויב אָן אויף אַ קול מיט זעהר אַ שענעם ניגון:

— שיר השירים — אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען! אַלע גע־זאַנגען האָט געזונגען אַ נביא, און דאָס האָט געזונגען אַ נביא בן נביא! אַלע געזאַנגען האָט געזונגען אַ חכם, און דאָס האָט געזונגען אַ חכם בן חכם! אַלע געזאַנגען האָט געזונגען אַ מלך, און דאָס האָט געזונגען אַ מלך בן מלך!

בשעת זינגען האָב איך דערווייל געקוקט אויף מײַנע פּערהע־רערס און האָב בעמערקט אויף איטליכענס פּנים איין אַנדער מינע. ביי׳ם טאַטען אויפ׳ן פּנים איז געווען אָנגעצייכענט גדלות און פּער־גניגען. אויפ׳ן רבינ׳ס פּנים איז געשטאַנען מורא און פּחד, טאָ־מער חלילה האָב איך אַ טעות און מאַך אַ פּעהלער; זיינע ליפּען האָבען שטילערהייד נאָכגערעדט מיט מיר איטליכס וואָרט. הער־שעל בעל־טאַקסע איז געזעסען דעם קאָפּ אַביסעל אויף אַ זייט, דאָס געלע בערדעל אין מויל, איין אויגעל צוגעמאַכט, דאָס אנדערע האָט געקוקט אַרויף, אויף דער סטעלי, און צוגעהערט ווי אַ גרוי־סער, גרויסער מבין. רב שלום־שכנא דער שדכן האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגעלאָזט פון איהם קיין אויג. ער איז געזעסען מיט אַ האַלבען גוף אַריבערגעבויגען אויף צופריהער, האָט מיר מיט־געהאָלפען שאָקלען זיך און האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָט מיך איבערגעשלאָגען אין מיטען מיט איין אויסגעשריי, מיט אַ געלעכטער און מיט אַ הוסט אינאיינעם און אַ מאַך מיט דעם צווייענדיגען פינגער:

— אַז מע שמועסט, אַז ער יכול׳ט — יכול׳ט ער!

אין עטליכע טעג אַרום האָט מען געבראָכען טעלער, און איך בין געוואָרען צו מזל אַ חתן פאַר הערשעל בעל־טאַקסע׳ס בת־יחיד׳קעלע — פּלעסטערעל.

ז.

אַמאָל מאַכט זיך, אַ מענש וואַכסט־אויס אין איין טאָג מעהר ווי איין אַנדערער אין צעהן יאָהר. אַז איך בין געוואָרען אַ חתן, האָב איך מיט אַ מאָל דערפיהלט, אַז איך בין אַ „גרויסער“. דאַכט

זיך, דער אייגענער וואָס פריהער, נאָר פאָרט נישט דער. פונ'ם קלענסטען חבר ביז'ן רבי'ן רב זרח האָט מען אָנגעהויבען קוקען אויף מיר שוין מיט מעהר דרך־ארץ — פאָרט אַ חתן מיט אַ זייגער. אויך דער טאַטע האָט שוין אויפגעהערט צו שרייען אויף מיר; פון פעטש שמועסט מען ניט: ווי אַזוי נעמט מען דאָס אַ חתן מיט אַ גילדענעם זייגער און מע פאַטש איהם אויס? אַ חרפה פאר לייטען און אַ בזיון פאר זיך אליין! אמת, מע האָט אַמאָל אָפּגעשמיסען ביי אונז אין חדר אַ חתן אלי, דערפאר וואָס מע האָט איהם געהאַפּט גליטשען זיך מיט אַלע שקצים'לעך אויפ'ן אייז, — האָט טאַקי נאָכדעם געהאַט צו טהון דערמיט די גאַנצע שטאָדט. די כלה זיינע, אַז זי איז געוואָהר געוואָרען פון אַזאַ סקאַנדאַל, האָט זי אַזוי לאַנג געוויינט, ביז מע האָט אָפּגעשיקט דעם חתן די תנאים, און דער חתן, אלי הייסט דאָס, האָט זיך פאר הארצוועהטיג און פאר בזיון געוואָלט אַריינוואַרפען אין טייך אריין, איז געווען פערפרוירען דאָס וואַסער...

כמעט אַזאַ איין אומגליק האָט זיך געטראָפען מיט מיר, נאָר נישט איבער שמיץ, און נישט איבער'ן גליטשען זיך אויפ'ן אייז, נאָר איבער אַ פיערעל.

אָט אַזוי איז געווען די מעשה:

ביי אונז אין וויינשענק האָבען מיר געהאַט איין אָפטען גאַסט, ט ש ע ט ש ע ק דעם קאַפּעלמייסטער, וואָס מיר פלעגען איהם רופען: „פאַן פולקאָווניק“. דאָס איז געווען אַ געזונדער יונג, אַ הויכער, מיט אַ גרויסער קיילעכיגער באָרד און מורא'דיגע ברעמען. גערעדט האָט ער אויף אַ מאָדנע געמישט לשון, וואָס איז בעשטאַנען פון עטליכע שפּראַכען. בשעת רעדען האָט ער געמאַכט מיט די ברעמען אַרויף און אַראָפּ; אַז ער האָט אַראָפּגעלאָזט די ברעמען, איז דאָס פּנים געווען שוואַרץ ווי די נאַכט, און אַז ער האָט זיי אויפגעהויבען — איז דאָס געווען קלאָר ווי דער טאָג, וואָרום עס האָבען זיך געפונען אונטער די דאָזיגע געדיכטע ברעמען אַ פּאָר העלבלויע, גוטע, שמייכלענדיגע אויגען. געטראָגען האָט ער אַ מונ־

דיר מיט גאָלדענע קנעפּ. און דערפאַר טאַקי האָט ער ביי אונז גע־הייסען „פּאַן פּולקאָווניק". ביי אונז אין ווײַנשענק איז ער גע־ווען זעהר איין אָפּטער גאַסט, נישט דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ שכור חלילה; נאָר מהאי טעמא, ווייל דער טאַטע מיינער איז געווען אַ בריה אויף מאַכען פון ראָזינקעס דעם „בעסטען טהייערס־טען אונגערשען וויין", וואָס טשעטשעק פּלעגט אָנקוועלען, זיך גאָר ניט קאָנען אָפּלויבען פון איהם. ער פּלעגט אַרויפלעגען אויף איהם זיין גרויסע מורא'דיגע האַנד און זאָגען צום טאַטען אויף זיין גע־מישטער שפּראַך:

— העדר קעלערמייסטער! אז טעבי נאַילעפּשי אונגאַרוויין! נימאַ טאַקי ווינע אין בודאַפּעשט! פּרעדבאָהעם!*

צו מיר איז טשעטשעק תמיד געווען צוגעלאָזט. מיך געלויבט, וואָס איך לערען אין חדר, פּלעגט מיך אָפּט פּערהערען, פרעגען, ווער איז געווען אַדאַם? און ווער איז געווען איזאַק? און ווער איז געווען דזשאָזעף?

— יוסף? — פרעג איך איהם. — יוסף הצדיק?

— דזשאָזעף — זאָגט ער.

— יוסף — פערריכט איך איהם נאָך אַ מאָל.

— אז נאַם דזשאָזעף, או וואַס יאָדזשעף. — מאַכט ער צו מיר און טהוט מיר אַ קניפּ אין בעקעל. — דזשאָזעף — יאָדזשעף, יאָ־דזשעף — דזשאָזעף — וושיסטקאָ יעדנע, גאַנץ ענאַל.

— קהי — הי — הי!...

איך בעהאַלט דאָס פּנים אין קולאַק און לאַך מיך גוט אויס.

נאָר פון זינט איך בין אַ חתן געוואָרען האָט טשעטשעק אויך אויפגעהערט זיך בעגעהן מיט מיר ווי מיט אַ קונדס און האָט אָנגע־הויבען רעדען מיט מיר שוין ווי מיט אַ גלייכען, דערצעהלען מעשיות פון פאָלק און פון מוזיקאַנטען (דער „פּאַן פּולקאָווניק" האָט גע־

---

* ביי דיר איז דער בעסטער אונגאַרישער וויין! ניטאָ אַזאַ וויין אין בודאַפּעשט! ביי גאָט!

האט נייען מאס רער, קיינער האט אבער קיין צייט ניט געהאט איהם אויסהערען, א חוץ מיר). אייינמאל האט ער זיך מיט מיר צע־רעדט וועגען שפיעלען. האב איך איהם א פרעג געטהאן:

— דער פאן פולקאווניק שפיעלט אויף וואסער אינסטרו־מענט?

— נא גישיסטקיך אינסטרומענטו *. — מאכט ער צו מיר און הויבט־אויף אויף מיר די ברעמען.

— אויפ'ן פיעדעל אויך? — פרעג איך איהם, און ער בע־קומט מיט א מאל אין מיינע אויגען א פנים פון א מלאך.

— קום צו גען א מאל צו מיר, — מאכט ער — וועל איך דיר שפיעלען.

— ווען קאן איך — זאג איך — צו דיר קומען, פאן פולקאוו־ניק, אז ניט שבת? נאר בתנאי, קיינער זאל ניט וויסען. זאגסט דו מיר צו?

— פרעד באהעם! — מאכט ער צו מיר און הויבט־אויף אויף מיר די ברעמען.

ח.

טשעטשעק האט געוואהנט ווייט־ווייט הינטער דער שטאדט, אין א קליין ווייס שטיבעל, מיט קליינע פענסטערלעך, מיט גע־פארבטע לאדען, מיט א גרינעם גארטען, וואס האבען ארויסגעקוקט פון דארטען מיט גרויס גדלות א סך הויכע געלע סאנישניקעס, ווי עפים רעכטס, און האבען אנגעבויגען עטוואס די קעפלעך אויף א זייט, אביסעל געשאקעלט זיך, און האבען ווי גערופען מיך צו זיך: „אהער, צו אונז, בחור'על! דא איז גראם, דא איז פריי, דא איז ליכטיג, דא איז פריש, דא איז ווארעם, דא איז גוט!“... און נאך [illegible]עם עפוש מיט דער היטץ מיט'ן שטויב, וואס אין שטאדט,

---

* אויף אלע כלים.

און נאָך יענער ענגשאַפּט מיט'ן געשריי, מיט'ן טור־מעל, וואָס אין הדר, גלוסט זיך טאַקי אַהער, וואָרום דאָ איז גראָם, דאָ איז פריי, דאָ איז ליכטיג, דאָ איז פריש, דאָ איז וואַרעם, דאָ איז גוט! עס גלוסט זיך לויפען, שפּרינגען, שרייען, זינגען; אָדער גאָר אַ וואָרף טהון זיך אויף דער הוילער ערד, מיט'ן פּנים אינ'ם גרינעם שמעקענדיגען גראָז אריין. נאָר, אוי וועה, נישט פאַר אייך, אידישע קינדער! געלע סאָנישניקעס, גרינע קרויט, פרישע לופט, ריינע ערד, אַ לויטע־רער הימעל — האָט קיין פּאַראיבעל נישט, ס'איז נישט אויף אייער מיסט געוואַכסען געוואָרען!...

בעגעגענט האָט מיך אַ שוואַרצער קודלאַטער הונד מיט רויטע פּייעריגע אויגען. ער איז אויף מיר אָנגעפאַלען מיט אַזאַ רשעות, אַז ס'איז מיר שיער די נשמה ארויסגעפאַלען. אַ גליק, וואָס ער איז געווען צוגעבונדען אויף אַ שטריק. דערהערט מיין געשריי, איז טשעטשעק ארויסגעלאָפען אָהן אַ מונדיר און האָט אָנגעהוי־בען שטראָפען דעם הונד, ער זאָל אַנשטומט ווערען — און ער איז אַנשטומט געוואָרען. נאָכדעם האָט ער מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנד, צוגעפיהרט מיך גלייך צום שוואַרצען כלב, געזאָגט, איך זאָל גאָר קיין מורא ניט האָבען, ער וועט מיך ניט זאַטשעפּען; אַ סימן, זאָגט ער, איך זאָל איהם אַ גלעט טהון איבער די האָר. און נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער מיין האַנד און פיהרט מיט איהר אי־בער'ן הונד'ס פעל, רופט איהם אָן בשעת מעשה מיט עטליכע מאָדנע נעמען און זאָגט איהם גוטע ווערטער. דער שוואַרצער חברה־מאַן לאָזט אַראָפּ דעם ווידעל, בויגט איין דעם קאָפּ, בעלעקט זיך מיט דער צונג און וואַרפט אויף מיר אַ קוקעל מן הצד, ווי איי־נער רעדט: „דיין גליק, וואָס דער פּריץ שטעהט דאָ, וואָלסט שוין אַוועקגעגאַנגען פון דאַנען אָהן אַ האַנד“... איבערגעלעבט די פּחדים פונ'ם הונד און אריינגעגאַנגען מיט'ן „פּאַן פּולקאָווניק“ אין שטוב אריין, בין איך נבהל ונשתומם געוואָרען; אַלע ווענד זענען פערהאַנגען פון אויבען אַראָפּ מיט ביקסען, און אויף דער ערד

ליגט אַ פעל מיט אַ קאָפּ פון אַ לייב אָדער אַ לעמפּערט מיט מורא'דיגע שאַרפע ציינער. מילאַ, דער לייב איז נאָך אַ האַלבע צרה — פאַרט אַ גע'פגר'טער; אָבער די ביקסען, די ביקסען?... ס'איז מיר נישט אײַנגעגאַנגען די פרישע פלאָמען מיט די שענע עפּעל, וואָס דער בעל־הבית האָט מיך מיט זיי מכבד געווען פון זיין אייגענעם גאָרטען; מיינע אויגען האָבען נישט אויפגעהערט צו שפּרינגען פון איין וואַנד אויף דער אַנדערער. נאָר שפּעטער, אַז טשעטשעק האָט אַרויסגענומען פון אַ רויט שאַכטעל אַ פיעדעלע, אַ קליינס, אַ קיילעכיגס, מיט אַ מאָדנע בייכעלע, האָט אַרויפגעלעגט אויף דעם די גרויסע צעשפּרייטע באָרד און די גרויסע געזונדע האַנד און האָט געגעבען דעם ערשטען פיהר עטליכע מאָל הין און צוריק מיט'ן סמיטשיק, און עס האָבען זיך געגעבען אַ גאָס די ערשטע עטליכע מעלאָדיען, האָב איך אין איין אויגענבליק פערגעסען דעם שוואַרצען כלב, מיט'ן שרעקליכען לייב, מיט די אָנגעלאָדענע ביקסען, — איך האָב נאָר געזעהען פאַר זיך טשעטשעק'ס גרויסע צעלאָזטע באָרד מיט זיינע געדיכטע אַראָפגעלאָזטע ברעמען, איך האָב נור געזעהען אַ קיילעכיג פיעדעלע מיט אַ מאָדנע בייכעל, און פינגער, וואָס טאַנצען איבער די סטרונעס מיט אַזאַ מהירות, וואָס אַ מענשענס שכל איז גאָר ניט אימשטאַנד משיג צו זיין, וואו נעמט מען דאָס אַזוי פיעל פינגער?

נאָכדעם איז פערשוואונדען געוואָרען טשעטשעק מיט זיין צעשפּרייטער באָרד, מיט זיינע געדיכטע ברעמען, מיט זיינע וואונדערליכע פינגער, און איך האָב שוין ניט געזעהען פאַר זיך גאָרנישט. איך האָב נאָר געהערט אַ זינגען, אַ קרעכצען, אַ וויינען, אַ חליפען, אַ רעדען, אַ ברומען — משונה מאָדנע קולות אַזעלכע, וואָס איך האָב אויף מיין לעבען נישט געהערט קיינמאָל! זיסע קולות, ווי האָניג, גלאַטע, ווי בוימעהל, האָבען זיך געגאָסען — געגאָסען גלייך אין האַרצען אַריין אָהן איין אויפהער, און מיין נשמה איז אַוועק ווייט־ווייט פון דאַנען, אין איין אַנדער וועלט אַריין, אין אַ גן־עדן פון סאַמע קולות, פון גאָלע געזאַנגען...

— האַרבאַטע חצעש? * — רופט זיך אָן צו מיר טשעטשעק, לעגט אַוועק דאָס פּיעדעלע און טהוט מיר אַ פּאַטש אין פּלייצע.

איך האָב דערפיהלט, אַז איך בין אַראָפּגעפאַלען פונ'ם זיעבעטען הימעל אַראָפּ אויף דער ערד.

פון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבען צו געהן אהער אַלע שבת בייטאָג הערען טשעטשעק'ען שפּיעלען אויפ'ן פּיעדעל. איך פלעג שוין געהן גלייך, נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם, און אפילו מיט'ן שוואַרצען כלב זענען מיר געוואָרען אַזוי בעקאַנט, אַז ער האָט מיך דערזעהען, פלעגט ער דרעהען מיט'ן ווײדעל און זיך וועלען וואַרפען אויף מיר, אַ לעק טהון די האַנד. פלעג איך איהם נישט לאָזען: „לאָמיר בעסער זיין גוטע פריינד פון דער ווייטען!“

אין דער היים האָט נישט געוואוסט קיין פויגעל, וואו איך פערברענג דעם שבת — פּאָרט אַ חתן! — און מע וואָלט נישט געוואוסט דערפון עד היום, עס זאָל זיך ניט געווען טרעפען מיט מיר אַ נייער אומגליק, אַ גרויסער אומגליק, וואָס ווערד דאָ בעשריבען אינ'ם קאַפּיטעל ט.

ט.

דאַכט זיך, ווען בעדאַרף עס אָנגעהען, למשל, אַז אַ אידיש בחור'על געהט זיך שבת בייטאָג שפּאַציערען אַביסעל ווייטער, הינטער דער שטאָדט? צי ס'איז טאַקי מעהר נישטאָ וואָס צו טהון, נאָר נאָכקוקען, אין זינען האָבען יענעם? וואָס העלפען אָבער די אַלע טענות, אַז עס ליגט שוין אַזוי ביי אונז אין דער נאַטור, ביי אידען הייסט דאָס, גוט צוקוקען זיך צו יענעם, אַכטונג געבען, געפינען חסרונות און געבען עצות. למשל: צוגעהן צו א ווילדפרעמדען, בשעת ער דאַוועגט, און צו־רעכט מאַכען איהם דעם „של־ראש“ פון די תפילין; אָדער אָפּשטעלען איהם בשעת ער לויפט און איז פערטראָגען, אַז עס האָט זיך ביי איהם, ד א כ ט ז י ך, פערקאַטשעט אַ הויז; אָדער אָנווייזען יענעם מיט'ן פינגער,

---

* טוי ווילסט דו?

ער זאָל ניט וויסען וואָס איהר מיינט: צי די נאָז, צי די באָרד, צי וועלכע גוטע יאָהר? אָדער צונעמען ביי יענעם פון די הענד, בשעת יענער מוטשעט זיך און וויל עפּים עפּענען, און זאָגען איהם: איהר קאָנט נישט, לאָזט מיך! אָדער אָפּשטעלען זיך, בשעת יענער בויעט אַ שטוב, און אויסזעצען איהם אַ חסרון, אַז די סטעלי איז, דאַכט זיך, צו הויך, די חדרים צו גראָם און די פּענסטער אומגעלומפּערט ברייט, חאָטש נעם צעוואַרף די שטוב און שטעל זיך בויען גאָר איבער־אַ־נייעס!... אָט אַזוי, הערט איהר, איז שוין ביי אונז אייַנגעפיהרט פון קדמונים, פון ששת ימי בראשית. מיר וועלען מיט אייך די וועלט נישט איבערמאַכען, מיר זענען דאָס גאָר נישט מחויב...

נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט אייך שוין זיין רעכט, אַז אפרים קלאָץ, א איד אַ ווילד־פרעמדער, וואָס האָט זיך אָנגעקעהרט מיט אונז אַ קנעפּעל, האָט נאַכגעקוקט נאָך מיר, נאַכגעשפּירט און אָנגעשמעקט וואוהין איך געה, און האָט מיר צוגעשטעלט אַ בענקעלע, געשוואָרען, אַז ער האָט אַליין געזעהען מיך עסען טרפות ביי'ם „פּולקאָווניק" און רויכערען אַ פּאַפּיראָס אום שבת, ער זאָל אַזוי זעהען, זאָגט ער, ביי זיך אַלדאָס גוטס, אַניט זאָל ער ניט דערלעבען, זאָגט ער, קומען אַהין, וואוהין ער געהט, און אויב ער זאָגט אַ דבר־שקר אויף אָט אַזוי פּיעל, זאָל זיך איהם שטעלען, זאָגט ער, דאָס מויל אויף אַ זייט און עס זאָלען איהם אַרוים ביידע אויגען!

— אָמן הלואי! — האָב איך געזאָגט און האָב געחאַפּט פון'ם טאַטען אַ פרישען פּאַטש, איך זאָל ניט זיין קיין עזות־פּנים... נאָר איך פערחאַפּ, אַזוי דאַכט זיך מיר, די לאָקשען פאַר די פּיש, איך האָב גאָר פערגעסען אייך דערצעהלען, ווער איז געווען אפרים קלאָץ, און וואָס איז ער געווען, און ווי אַזוי איז געווען די מעשה.

אין עק שטאָדט, אויף יענער זייט בריק, איז געזעסען אַ איד אפרים קלאָץ. פאַר וואָס האָט מען איהם גערופען קלאָץ? ער האָט אַמאָל געהאַנדעלט מיט געהילץ. הייגט האַנדעלט ער שוין ניט —

איבער אַ מעשה, אַ בלבול, מע האָט אויסגעטרייסעלט ביי איהם אַ פרעמדען קלאָץ מיט אַ פרעמדער קליימע, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ פּעקעל, אַ לאָרעניש, אַ שלעפּעניש, קוים־קוים אויסגעדרעהט זיך פון טורמע. פון דעמאָלט אָן האָט ער אוועקגעוואָרפען אַלע מסחרים און האָט זיך גענומען צו שטאָדט־זאַכען, אַריינקוקען אין קהל'שע ענינים, צעך, טאַקסע, בית־המדרש... תחילת איז געווען נישט אַזוי גוט, ער האָט געהאַט בזיונות; נאָר וואָס ווייטער־ווייטער האָט ער זיך אַריינגעדרעהט, איינגעגעסען אין די ביינער אַריין, געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער ווייסט „וואו אַ טיר עפענט זיך"... און אפרים איז געוואָרען מיט דער צייט אַ פּאַרשוין אַ ניצליכער, אַ נויטיגער, וואָס מע קאָן זיך אָהן איהם ניט בעגעהן. אָט אַזוי חאַפּט זיך אַריין אַ וואָרעם אין עפּעל אַריין, בעט זיך אויס גאַנץ בריימליך, מאַכט זיך אַ ווייכען געלעגער און ווערד דאָרט אַ היימישער, אַ גאַנצער בעל־הבית.

געווען איז אפרים אַ נידעריטשקער, געהאַט קורצע פיסעלעך, קליינע הענטעלעך, רויטע בעקעלעך, און אַ גענגעל אַ גיכס, מיט אַ טענצעל און מיט אַ דרעה מיט'ן קעפּעלע; גערעדט האָט ער גיך, מיט אַ קוויטשעל, און געלאַכט האָט ער מיט אַ דריבנע געלעכטערעל, ווי מע שיט אַרבעסלעך. אָנקוקען האָב איך איהם נישט געקאָנט — איך ווייס ניט פאַר וואָס. אַלע שבת בייטאָג, ווען איך בין געגאַנגען צו טשעטשעק'ען, אָדער פון טשעטשעק'ען, פלעג איך איהם בעגעגענען אויפ'ן בריק געהן שפּאַציערען אין אַ לאַנגען געלאַטעטען שבת'דיגען לעטניק אָהן די אַרבעל. ער איז געגאַנגען, די הענד פערלעגט אַהינטער, און אונטערגעזוונגען אויף זעהר אַ דין קול'כעל, און דער לאַנגער לעטניק האָט איהם אונטערגעפּאַטשט פון הינטען אין די פּיאַטעס.

— גוט שבת! — זאָג איך איהם.

— גוט שבת! — מאַכט ער. — וואוהין געהט דאָס אַ יונגעל?

— גלאַט אַזוי — זאָג איך — אויפ'ן שפּאַציער.

— אויפ'ן שפּאַציער? איינער אַליין? — מאַכט ער און קוקט מיר אין די אויגען אַריין מיט אַזאַ מין שמייכעלע, וואָס ס'איז שווער צו טרעפען, וואָס מיינט ער דערמיט: צי ס'איז אַ גרויס בריה'שאַפט, וואָס איך שטעל זיך איין גיין איינער אַליין, צי ס'איז אַ חכמה, צי אַ נאַרישקייט?...

ז.

איינמאָל, געגאַנגענע צו טשעטשעק'ען, האָב איך בעמערקט, אַז אפרים קלאָץ קוקט מיר עפּיס זעהר שטאַרק נאָך; האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן בריק און געקוקט אין וואַסער אַריין. האָט זיך אפרים אויך אָפּגעשטעלט און אויך געקוקט אין וואַסער אַריין. האָב איך זיך געלאָזט גיין צוריק — ער געהט אויך. האָב איך מיך געלאָזט געהן ווייטער אַהין — ער אויך. נאָכדעם איז ער פערפאַלען געוואָרען. שפּעטער, געזעסען מיט טשעטשעק'ען ביי'ם טיש און געטרונקען טיי, האָבען מיר דערהערט דעם שוואַרצען כלב בילען אויף עמיצען זעהר שטאַרק און רייסען זיך פון דער שטריק. אַ קוק געטהאָן אין פענסטער, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זעה עפּיס אַ נידעריגס, אַ שוואַרצינגס, מיט קליינע פיסע־לעך, לויפט־לויפט און ווערד פערשוואונדען. נאָכ'ן געננעל וואָלט איך געמעגט שווערען, אַז ס'איז אפרים קלאָץ.

כך הוה. איך בין געקומען שבת־צו־נאַכטס אַהיים, שוין נאָך הבדלה, מיט אַ פערפלאָמט פּנים, און האָב געטראָפען אפרים'ען זיצען ביי'ם טיש. ער האָט עפּיס זעהר שטאַרק גערעדט און גע־לאַכט מיט זיין מאָדנעם געלעכטערל. דערזעהען מיך, איז ער אַנשוויגען געוואָרען און געקלאַפּט מיט די קורצע פינגערלעך אי־בער'ן טיש. אַקעגען איהם איז געזעסען דער טאַטע, טוידט ווי די וואַנד, און האָט זיך געדרעהט די באָרד, געריסען די האָר איינ־ציגווייז — אַ סימן, אַז ער איז אין כעס.

— פון וואַנען געהסט דו דאָס? — פרעגט מיך דער טאַטע און קוקט אויף אפרים'ען.

— פון וואנען — זאָג איך — זאָל איך געהן?

— איך ווייס — זאָגט ער — פון וואנען? זאָג דו פון וואנען, דו ווייסט בעסער.

— פון בית־המדרש — זאָג איך.

— און וואו — זאָגט ער — ביזט דו געוועזן א גאנצען טאָג?

— וואו — זאָג איך — זאָל איך זיין?

— איך ווייס — זאָגט ער — וואו? זאָג דו וואו, דו ווייסט בעסער.

— אין בית־המדרש — זאָג איך.

— וואָס האָסט דו געטהאָן — זאָגט ער — אין בית־המדרש?

— וואָס זאָל איך טהון — זאָג איך — אין בית־המדרש?

— איך ווייס — זאָגט ער — וואָס דו זאָלסט טהון?

— איך האָב געלערנט — זאָג איך.

— וואָס האָסט דו — זאָגט ער — געלערענט?

— וואָס זאָל איך לערנען? — זאָג איך.

— איך ווייס — זאָגט ער — וואָס דו זאָלסט לערנען?

— גמרא — זאָג איך — האָב איך געלערענט.

— וואָסער גמרא — זאָגט ער — האָסט דו געלערענט?

— וואָסער גמרא — זאָג איך — זאָל איך לערנען?

— איך ווייס — זאָגט ער — וואָסער גמרא זאָלסט דו לער־נען?

— די גמרא „שבת" — זאָג איך — האָב איך געלערענט.

דאָ האָט זיך אפרים קלאָץ צעלאַכט מיט זיין דריבנע געלעכ־טערעל, און מעהר האָט שוין, אפּנים, דער טאַטע נישט געקאָנט איבערטראָגען. ער האָט זיך אויפגעהאפּט פון'ם אָרט און האָט מיר אויפגעוואָרפען צוויי הילכעדיגע פלאַם־פייעריגע פּעטש, עס זענען געפלויגען ביי מיר פונקען פון די אויגען. האָט דערהערט די מאַמע פון'ם אנדערען חדר, איז זי אריינגעלאָפען מיט א געשריי:

— נחום! גאָט איז מיט דיר! וואָס טהוסט דו? אַ בחור אַ חתן, פאַר דער התונה? באַרעכבען זיך, טאָמער חלילה ווערד גע־וואָהר דער מחותן? !

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די מאַמע איז געוועז גערעכט. דער מחותן איז געוואָהר גע־וואָרען פון דער גאַנצער מעשה — אפרים האָט דאָס איהם אַליין איבערגעגעבען, און האָט דערלעבט אָן איהם אַ נקמה, וואָרום זיי זענען תמיד געוועזען צווישען זיך אויף מעסער־שטעך.

* * *

אויף מאָרגען האָט מען מיר אָפּגעשיקט די תנאים מיט די כלה־מתנות, און איך בין געוואָרען אויס חתן. דאָס האָט דעם טאַ־טען אַזוי געקרענקט, אַז ער איז פערשלאָפט געוואָרען, געלעגען צו בעט אַ היבשע צייט, מיך נישט געלאָזט פאַר די אויגען, נישט גע־וואָלט מיין פּנים אָנקוקען, וויפיעל די מאַמע האָט נישט גע׳טענה׳ט פאַר מיר, מיך געוואָלט פערענטפערען.

— דער בזיון! — האָט ער געזאָגט. — דער בזיון איז מיר ערגער פון אַלץ!

— אַ שענע ריינע כפּרה! — האָט איהם די מאַמע אויסגע־רעדט דאָס האַרץ. — גאָט וועט מוזען צושיקען איין אַנדערען שדוך. וואָס זאָל מען טהון? זיך נעמען דאָס לעבען? מסתמא איז דאָס ניט זיין זווג...

צווישען די, וואָס זענען געקומען מבקר חולה זיין דעם טאַטען, איז געוועזען אויך טשעמשעק דער קאַפּעלמייסטער.

דער טאַטע, אַז ער האָט איהם דערזעהען, האָט ער אויסגעטהאָן די יאַרמעלקע, זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן בעטעל, האָט איהם אויסגע־צויגען די דאַרע טרוקענע האַנד, אַ קוק געטהאָן איהם אין די אויגען אַריין און אַ זאָג געטהאָן:

— אוי, פאָן פּולקאָווניק! פאָן פּולקאָווניק!...

מעהר האָט ער נישט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט, וואָרום עס האָבען איהם געשטיקט די טרערען און דער הוסט...

דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען האָב איך דערזעהען דעם טאַטען וויינען. עס האָט מיך אָנגענומען ביי׳ם הארצען און עס האָט מיך פערקלעהמט ביי דער נשמה. איך בין געשטאַנען, גע־קוקט אין פענסטער און געשלונגען די טרערען. אין דער מינוט האָב איך באמת חרטה געהאַט אויף דער התונה, וואָס איך האָב אָנגעארבייט. איך האָב מיך געשלאָגען על־חטא מיט׳ן גאַנצען הארצען און האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט, איך זאָל קיינמאָל, קיינמאָל נישט דער׳רגז׳ענען דעם טאַטען, קיינמאָל, קיינמאָל נישט אָנטהון איהם קיין יסורים, — אויס פיעדעל!

# דער זייגער

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגען דרייצעהן...

מיינט נישט, אַז איך שפּאַס. איך דערצעהל אייך גאַנץ ערנסט אַ מעשה, וואָס האָט זיך פּערלאָפען אין כתרילעווקע, ביי אונז אין שטוב טאַקי, און וואָס איך אַליין בין דערביי געוועזען.

מיר האָבען געהאַט אַ זייגער, אַ וואַנדזייגער, איין אַלטען־אַלטען ירושה־זייגער פון דעם זיידען נאָך, וואָס דער זיידע האָט איהם געהאַט פון׳ם עלטער־זיידען, עטליכע דורות כסדר, נאָך פון פאַר חמעלניצקי׳ס צייטען. איין עבירה, כלעבען, וואָס אַ זייגער איז נים קיין לעבעדיגע זאַך, אַ שטומע צונג און קאָן נישט רעדען: ער וואָלט דאָס געהאַט צו דערצעהלען און צו דער־צעהלען!... אין שטאָדט האָט אונזער זייגער געהאַט אַ שם פאַר׳ן ערשטען זייגער, „רב נחום׳ס זייגער“. מענשען פלעגען קומען אָנ־שטעלען אויף איהם זייערע זייגערס, וואָרום זיין גאַנג איז געווען דער אמתע׳ר, ריכטיגער גאַנג. איהר קאָנט פערשטעהן, אַז אפילו ר ב ל י י ב י ש ח ק ר ן, אַ איד אַ פילוסוף, וואָס איז געווען קלאָר אין „שקיעת־החמה“ פון דער זון אַליין און איז געווען קלאָר אין דעם לוח אויף אויסווענינ, — האָט ער אַליין געזאָגט (איך האָב דאָס געהערט פון זיין מויל), אַז אונזער זייגער איז... אפילו קעגען זיין זייגערל אַ גרויסע שמאַטע, נישט ווערטה קיין שמעק־טאַבעקע, נאָר ווערליג ס׳איז פאַרהאַן זייגערס, איז אונזער זייגער אַ זייגער... און אַז רב לייביש חקרן אַליין האָט געזאָגט, האָט מען

געמעגט שטעלען אויף זיינע רעד, ווארום רב לייביש האט זיך ניט געפוילט אלע מיטוואך פארנאכט, בין מנחה למעריב, ארויפקלעטערען פון אויבען אויף דער ווייבערשער שוהל, אדער אויפ׳ן שפיץ בארג, וואס נעבען אלטען בית־המדרש, און גוט נאכקוקען, חאפען די מינוט, ווען די זון זעצט זיך. אין איין האנד האט ער געהאלטען זיין זייגערעל, אין דער אנדערער האנד — דעם לוח, און בשעת די זון האט זיך אראפגעלאזט אויף יענער זייט כתרילעווקע, האט רב לייביש געמאכט צו זיך אליין: „געחאפט!“ אפטליך פלעגט ער קומען צו אונז אויסגלייכען זיך מיט די זייגערס. אריינגעקומען צו אונז אהן א גוטען אבענד, האט ער נאר א קוק געטהאן אויף אונזער וואנדזייגער, אויף זיין זייגערעל און אויפ׳ן לוח, נאכדעם ווידער א מאל אויף אונזער וואנדזייגער, אויף זיין זייגערעל און אויפ׳ן לוח, עטליכע מאל — און נישטא מיך.

נאר איין מאל האט זיך געטראפען, אז רב לייביש איז אריינגעקומען צו אונז אויסגלייכען די זייגערס מיט׳ן לוח, האט ער געמאכט א גוואלד:

— נ־חום! גיכער! וואו ביזט דו?

דער טאטע, נישט טוידט נישט לעבעדיג, קומט צו לויפען.

— הא, וואס איז געשעהן, רב לייביש?

— רוצח, דו פרענסט נאך? — מאכט צו איהם רב לייביש און טראגט איהם אונטער זיין זייגערעל גלייך אונטער דער נאז און טהוט איהם א ווייז אויף אונזער וואנדזייגער און שרייט אויס מיט אזא קול, ווי א מענש, וואס מע האט איהם אנגעטראטען סאמע אויפ׳ן קראנקען פינגער:

— נ־חום! וואס שווינסט דו? סטייטש, ער לויפט דאך אויף אנדערהאלבען מינוט, אויף אנ־דערהאלבען מינוט! ווארף איהם ארויס!!! (דאס לעצטעווארט קוועטשט ער שטארק, ווי פונ׳ם שמע־ישראל דעם „אחד“).

דעם טאטען פערדריסט די מעשה. וואס הייסט, מע הייסט איהם ארויסווארפען דעם זייגער?!

— פון וואנען — זאגט ער — איז געדרונגען, רב לייביש, אז מיין זייגער לויפט אויף אנדערהאלבען מינוט? טאמער וואלטען מיר געלערענט דעם אייגענעם פשט פארקעהרט, אז אייער זייגערל נעהט איינגעהאלטען אויף אנדערהאלבען מינוט? א קשיה אויף א מעשה?

רב לייביש טהוט א קוק אויפ'ן טאטען מיט אזעלכע אויגען, ווי אויף א מענשען, וואס האט נאר־וואס געזאגט, אז עס קאן געמאהלט זיין דריי טאג ראש־חדש, אדער אז ס'איז מעגליך, אז שבעה־עשר־בתמוז זאל פאלען אום ערב פסח, אדער כדומה אזעלכע משונה־ווילדע געדאנקען, וואס אז מע זאל נאר ווילען זיך צולאזען צום הארצען, קאן מען דעם שלאג בעקומען!... רב לייביש ענטפערט נישט דאס אנדערע ווארט. ער טהוט א טיעפען זיפץ, דרעהט זיך אוים אהן א זיי־געזונד, טהוט א זעץ מיט דער טהיר און — נישטא מיך! נאר עס מאכט נישט אוים; רב לייביש'ען קען די גאנצע שטאדט, אז ער איז זיך אזא איד, וואס איהם געפעלט נישט קיין זאך אויף דער וועלט. אויפ'ן בעסטען חזן וועט ער אייך זאגען, אז ער איז א קאטשאן, א שייט־האלץ, אויפ'ן קליגסטען מענשען — אז ער איז א בהמה בצורת פערד, אויפ'ן שענסטען שדוך, אז ס'איז קרום, ווי א קאטשערע, און אויפ'ן גלייכסטען משל, אז עס קלעפט זיך, ווי איין ארבעס צום וואנד. אט אזא איד איז זיך געווען רב לייביש חקרן. נאר איך קעהר מיך אום צוריק צו אונזער זייגער. דאס איז שוין געווען, זאג איך אייך, איין מאל א זייגער! זיין קלינגען האט מען געהערט אין דער דריטער שטוב: באם!... באם!... באם!... אויף זיין קלינגען האט כמעט א האלבע שטאדט געלעבט: אפגערעכט חצות, אויפגעשטאנען צו סליחות, פרייטאג צו דער חלה, ערב שבת געבענשט ליכט, שבת־צו־נאכטס אנגעצונדען פייער, געזאלצען פלייש וכדומה נאך אזעלכע זאכען, וואס זענען שייך צו אידישקיים. הכלל, אונזער זייגער איז געווען א שטאדט־זייגער. ער האט נעבאך געדיענט זעהר, זעהר געטריי, ער האט זיך קיינמאל נישט

געפּרובט שטעלען אפילו אויף אַ מעת־לעת. ער האָט אויף זיין לעבען נישט פערזוכט דעם טעם, וואָס הייסט אַ זייגערמאַכער. דער טאַטע איז אַליין געווען איבער איהם דער מייסטער. (ער האָט געהאַט אַ „ידיעה אינ'ם שכל הזייגערמאַכעריי"). אַלע ערב פּסח האָט ער איהם פּאַוואָלינקע אַראָפּגענומען פון דער וואַנד, דורכגערייניגט די געדערעם מיט אַ פלעדערוויש, ארויסגענומען פון אינוועניג אַ פּאַק שפּינוועבס מיט גע'ממית'טע פליעגען, וואָס שפּינען האָבען אַהינצו פערנאַרט, פערפּלאָנטעט און אָפּגעריסען די קעפּלעך, מיט טוידטע טאַראַקאַנעס און נעסטלעך, וואָס האָבען אַליין פערבלאָנזעט אַהין און געהאַט דאָרטען אַ מיתה משונה... אויסגערייניגט און אויסגעפּוצט, האָט ער איהם אויפגעהאַנגען צוריק אויף דער וואַנד, און ער האָט געשיינט. דאָס הייסט, זיי האָבען ביידע געשיינט: דער זייגער האָט געשיינט דורך דעם, וואָס מע האָט איהם אויסגעצוואָגען און אויסגעפּוצט, און דער טאַטע האָט געשיינט, וואָס דער זייגער שיינט.

ויהי היום, האָט זיך געטראָפען אַ מעשה. דאָס איז געווען איינמאָל אין אַ שענעם, נישט קיין חמאַרנעם טאָג, מיר זענען אַלע געזעסען ביי'ם טיש און געגעסען אָנבייסען. איטליכס מאָל, ווען דער זייגער האָט געשלאָגען, האָב איך ליעב געהאַט צו צעהלען, און דוקא אויף אַ קול:

— איינס... צוויי... דריי... זיעבען... עלף.. צוועלף... דרייצעהן... אוי, דרייצעהן!!

— דרייצעהן? — רופט זיך אָן דער טאַטע און צעלאַכט זיך. — ביזט אַ שענער בעל־חשבון, קיין עין הרע ניט! האָסט אמאָל געהערט זייגער דרייצעהן?

— דרייצעהן, — זאָג איך — ווי איך בין אַ איד, אז דרייצעהן!

— דרייצעהן פּעטש וועסט דו פון מיר האפּען! — מאַכט דער טאַטע צו מיר מיט כעס. — זאָלסט דאָס אַנדערע מאָל נישט אי־

בער'חזר'ען אזא נארישקייט. גוי, א זייגער קאן נישט שלאָגען קיין דרייצעהן!

— ווייסט וואָס איך וועל דיר דערצעהלען, נחום? — מישט זיך אריין די מאַמע אין מיטען. — איך האָב מורא, אז דאָס קינד איז גערעכט. מיר דאכט, אז איך האָב אויך איבערגעצעהלט דרייצעהן!

— שוין! אָט האָסט דו דיר די אנדערע טעג יום טוב! — מאכט דער טאַטע, און עס ווייזט אויס, אז ער אליין פאַלט אויך אריין אין א שטיקעל ספק. נאָכ'ן עסען געהט ער צו צום זייגער, שטעלט זיך אויף א בענקעל, טהוט א פּאָרקע אינוועניג עפּיס א רעדעל, און דער זייגער הויבט אָן צו קלינגען. מיר אלע זאָלבעדריט צעהלען, שאָקלען־צו בשעת מעשה מיט'ן קאָפּ נאָך יעדען קלונג: „איינס... צוויי... דריי... זיעבען... נייען... צוועלף... דרייצעהן"...

— דרייצעהן?! — זאָגט דער טאַטע און קוקט אויף אונזביידען מיט אזעלכע אויגען, ווי ביי א מענשען, וואָס זאָל דערהערען פּלוצים, אז די וואַנד האָט בעקומען לשון און רעדט ווערטער. ער טהוט נאָך א מאָל א פּאָרקע דאָס רעדעל, און דער זייגער קלינגט ווידער א מאָל דרייצעהן! דער טאַטע קריכט אראָפּ פונ'ם בענקעל מיט א זיפץ, בלאַס ווי די וואַנד, און בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב, קוקט אויף דער סטעלי, קייעט די באָרד און רעדט צו זיך אליין:

— געשלאָגען דרייצעהן... וואָס הייסט דאָס?... וואָס זאָל דאָס בעדייטען?... ער זאָל זיין קאַלי, וואָלט ער זיך געשטעלט... אלא וואָס דען? מוז איך לערנען דעם פּשט און זאָגען: א שפּרייזינקעלע?...

— דארפסט דו חקירה'ן „א שפּריזינקעלע?" — זאָגט איהם די מאַמע. — אמעהר, נעמט מען אראָפּ דעם זייגער און מע מאכט איהם צו־רעכט. ביזט דאָך עפּיס א מייסטער!

— שאַ, אפשר ביזט דו אויך גערעכט? — ענטפערט איהר דער טאַטע און נעמט אַראָפּ דעם זייגער און פּאָרעט זיך מיט איהם. ער שוויצט, האָרעוועט־אָפּ אַ גאַנצען טאָג און הענגט איהם אויף צוריק אויף זיין אָרט — דאַנקען גאָט, דער זייגער געהט ווי עס געהער צו זיין. און אַז עס קומט אַרום האַלבע נאַכט, שטעהען מיר שוין אַלע אַרום איהם און צעהלען אָפּ צוועלף. דער טאַטע קוועלט.

— הא? קלינגט שוין ניט קיין דרייצעהן? אַז איך זאָג אַ „שפּריזינקעלע" — וויים איך וואָס איך זאָג!

— איך זאָג שוין לאַנג, אַז דו ביזט אַ בריה. — מאַכט צו איהם די מאַמע. — איך פאַרשטעה נאָר ניט איין זאַך: למאַי חריפּעט ער? ער פלעגט, דאַכט מיר, קיינמאָל נישט חריפּען, ווי ער חריפּעט.

— עס ווייזט זיך דיר אוים! — זאָגט דער טאַטע און הערט זיך צו, ווי דער זייגער חריפּעט בשעת עס קומט צום קלינגען. ווי איין אַלטער מאַן, איידער ער בעדאַרף זיך אויסהוסטען, מאַכט ער „חיל־חיל־טררררר"... און ערשט נאָכדעם: „באָם!... באָם!... באָם!"... און אפילו דער „באָם" אַליין איז שוין אויך נאָר נישט דער „באָם", וואָס פריהער; דער פריהעריגער „באָם" איז געוועזן אַ פרעהליכער „באָם", אַ לעבעדיגער, און איצט האָט זיך אַריינגע'גנב'עט אין איהם עפּיס אַ מין אומעטיגקייט, אַ טרויעריגקייט, ווי אין דער שטימע פון איין אַלטען, אויסגעדיענטען חזן יום־כפּור צו נעילה... וואָס ווייטער ווערד דאָס חריפּען גרעסער און דאָס קלינגען שטילער און אומעטיגער, און דער טאַטע ווערד מרה־שחורה'דיגער; מע זעהט, אַז עס קרענקט איהם, ער האָט דערפון שטילע יסורים, עס עקט זיך איהם דאָס חיות, און ער קאָן דערצו גאָר ניט העלפען. עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט זיך דער זייגער גאָר אינגאַנצען אַנידערשטעלען. דער אומרוה הויבט־אָן צו מאַכען עפּים מיאוסע תנועות, שיטערע גענג. ער הוידעט זיך אין אַ זייט, פערטשעפּעט זיך אַלע מאָל, ווי איין אַלטער מאַן,

וואָס סע שלעפּט זיך איהם נאָך א פוס. מע זעהט, אז דער זייגער פערקאַטשעט זיך איבערשטעלען אויף תמיד, אויף אייביג! א גליק, וואָס דער טאַטע קוקט זיך אַרום בעצייטענס און פערשטעהט, אַז דער זייגער איז דאָ נעבאך גאָט די נשמה שולדיג; שולדיג איז די וואָג — ווינציג וואָג! און ער טשעפּעט־צו צו דער וואָג דאָס אויבערשטע פונ'ם שטויסעל (א משא פון א פּאָר פונט). דער זיי־גער געהט אוועק ווי א מזמור, און דער טאַטע ווערד פרעהליך, א נייער מענש!

נישט לאַנג געדויערט דאָס אָבער: דער זייגער הויבט ווידער אָן אונטערפוילען זיך, דער אומרוה הויבט ווידער אָן צו מאַכען משוגענע העויות: א הוידע אין איין זייט פּאַוואָלי, אין דער אַנ־דערער זייט גיך, מיט א קרעל — „קחי". עס קרעלט ביי דער נשמה, עס שלאָגט צום הארצען! א גאָטס רחמנות צו זעהן, ווי דער זייגער גוסס'ט. און דער טאַטע, אויף איהם קוקענדיג, צאַנקט, געהט־אויס פאר יסורים, ווערד אויס מענש.

ווי א גוטער דאָקטאָר א מומחה, וואָס איז זיך מפקיר פונ'ם חולה ווענען, ווענדט־איין אַלע כוחות, טראַכט־צו וואו ס'איז פאַר־האַן א מיטעל אויף דער וועלט, כדי צו ראַטעווען דעם קראַנקען, נישט לאָזען איהם שטאַרבען, אזוי האָט זיך דער טאַטע גענומען ראַטעווען דעם אַלטען זייגער מיט אַלע מעגליכקייטען.

— ווינציג וואָג, ווינציג חיות! — זאָגט דער טאַטע און הענגט־אָן אויף דער וואָג אַלע מאָל נאָך און נאָך משא: פריהער איין אייזערנע סקאָוורעדע, נאָכדעם א קופּערנע קוואָרט, שפּעטער א פּרעסעל איין אייזערנס, א זעקעלע זאַמד, א פּאָר ציגעל, — דער זייגער ציהט דערפון אַלע מאָל פריש חיות און געהט, מיט צרות טאַקי, מיט אַנגסטען, נאָר ער געהט. ביז עס האָט זיך געטראָפען איינמאָל בייננאַכט א גרויסער אומגליק.

דאָס איז געווען אים ווינטער, פרייטאָג־צו־נאַכטס. מיר האָ־בען אָפּגעגעסען די שבת'דיגע וועטשערע, די געשמאַקע געפע־

פערטע פיש מיט חריין, די הייסע יויך מיט לאָקשען, דעם פלוי־
מענצימעס, און אָפּגעבענשט, ווי עס געהער צו זיין. די שבת'דיגע
בענשליכט האָבען נאָך געצאַנקט. די דיענסט האָט דערלאַנגט
פונ'ם אויווען פרישע, וואַרעמע, גוט אויסגעטריקענטע סעמעטש־
קעס, און עס קומט אַריין די מוהמע יענטע, אַ שוואַרצ'חנ'ודיג
ווייבעל אָהן צייהן, וואָס דער מאַן האָט זי אַוועקגעוואָרפען און
אַוועקגעלאָזט זיך קיין אַמעריקאַ שוין עטליכע יאָהר.

— גוט שבת! — זאָגט די מוהמע יענטע. — איך האָב גע־
וואוסט, אַז ס'איז ביי אייך דאָ פרישע סעמעטשקעס; דער חסרון,
וואָס ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו קנאַקען, נישט מעהר זאָל מיין
שלים־מזל לעבען, וויפיעל איך האָב צייהן אין מויל... ווי געפעלט
דיר, מלכה, די היינטיגע פיש, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטהאָן ביי
זיי? איך פרעג איהם, מנשה דעם פיליער, וואָס אַזאַ יקרות אויף
אייך? שפּרינגט אונטער שרה־פּערעל די נגידית: „גיט מיר גי־
כער, גיט מיר, וועגט מיר אָפּ אָט דאָס העכטעל!“ „וואָס אַזאַ היטץ
אויף אייך, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך, דער טייך ברענט נים,
און מנשה וועט צוריק די פיש נישט פיהרען; ביי די נגידים, זאָג
איך, איז, אַפּנים, געלט וואָלוועל און שכל טהייער?“... געהט זי
דאָך מסתמא און עפענט אויף מיר אַ מויל: „קבצנים, זאָגט זי,
האָבען דאָ נישט וואָס צו טהון... איין אָרעמאַן, זאָגט זי, טאָר זיך
נישט גלוסטען“... וואָס זאָגסט דו אויף אַזאַ הולטייקע? לאַנג איז
זי געשטאַנען מיידעלווייז מיט איהר מאַמע אין מאַרק ביי'ם טישעל
און פאַרקויפט סטיינגעלעך?... פונקט אַזוי ווי פּעסיל־פּייטי־
אברהם'ס נעמט זיך איבער מיט איהר טאָכטער, וואָס זי האָט
זחתונה געהאַט פאַר אַ גביר פון סטרישטש, זי גענומען ווי זי
שטעהט און געהט... אידישע גליקען — מע זאָגט, זי ווערד פאַר־
שוואַרצט, קיין עין הרע, אויף איהרע יאָהר און טעג, קאָן נישט
הויזען מיט די קינדער... וואָס זשע, ס'איז גוט צו זיין אַ שטיפ־
מאַמע? מע זאָל גאָר באַהיט ווערען! אָט נעמט חוה'לען — דאַכט
זיך, וואָס האָט מען צו איהר? זאָלט איהר זעהן, וואָס זי האָט פון

שטיפקינדער! טאָג ווי נאַכט הערט מען קולות, מע שטעלט זיך פייגען, פּיטש־פּאַטש, דריי שלייערס אַ גראָשען...

די ליכט הויבען אָן אויסגעהן. דער שאָטען אויף די וועגד קלעטערט, דראַפּעט זיך העכער און העכער. די סעמעטשקעס טריש־טשען, דער עולם שמועסט, דערצעהלט מעשיות, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, איינע צו דער אַנדערער געהער זיך ניט אָן. נאָר מעהר פון אַלע רעדט די מוהמע יענטע.

— שאַ! — רופט זיך אָן די מוהמע יענטע. — למאַי אַט האָט זיך ניט לאַנג געטראָפען נאָך אַ שענערע מעשה? ניט ווייט פון יאַמ־פּעלע, אַ ווערסט דריי, זענען גזלנים באַפאַלען אַ אידישע קרעטשמע, אויסגעקוילעט אַ גאַנצע שטוב מיט מענטשען, אַ פּיצעלע קינד אין וויעגעלע אויך געקוילעט, איבערגעלאָזט נור איין דיענסטמיידעל, וואָס איז געשלאָפען אין קעך אויפ'ן אויווען; זי האָט דערהערט, מע שרייט, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען, דאָס דיענסטמיידעל, פון'ם אויווען, זי טהוט אַ קוק דורך דער שפּאַרינע פון דער טהיר, זעהט זי, דאָס דיענסטמיידעל, עס ליגט אויף דער ערד דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע געקוילעטע, און בלוט אַ גאַנצער טייך. איז זי זיך מיישב, דאָס דיענסטמיידעל, און שפּרינגט אַרויס דורך אַ פענס־טער, און לויפט אַוועק גלייך אין שטאָדט אַריין מיט אַ גוואַלד: „אידישע קינדער, ראַטעוועט, גוואַלד, גוואַלד, גוואַלד!!!“...

פּלוצים, אַזוי ווי די מוהמע יענטע גוואַלדעוועט דאָ, הערען מיר: טררראַך — טאַרראַרראַך — באָם — דזין — דזין — באָם!... פער־טיעפט אין דער מעשה, האָבען מיר נאָר געמיינט, אַז גזלנים זענען אָנגעפאַלען אויף אונזער שטוב און האָבען אויסגעשאָסען פון צעהן האַרמאַטען, אָדער ס'איז איינגעפאַלען דער דאַך, אָדער ס'איז ערד־ציטערניש, אָדער אַזוי עפּיס איין אומגליק איז געשעהן. מיר האָבען זיך נישט געקאָנט ריהרען פון די ערטער. אַ מינוט האָבען מיר גע־קוקט איינס אויף דאָס אַנדערע אָהן ווערטער, און אַלע מיט אַ מאָל האָבען מיר אָנגעהויבען צו שרייען: גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!—

פון גרוים אימפעט חאפט מיך די מאמע ארום, קוועטשט מיך צו צום הארצען און שרייט:

— מיין קינד, מיר זאָל זיין פאר דיר, וועה איז מיר!

— הא? וואָס? וואָס איז איהם? וואָס איז געשעהן? — שרייט דער טאטע.

— גאָר ניט, גאָר נישט! שאַ! שאַ! — שרייט די מוהמע יענטע און מאכט מיט די הענד, און דאָס דיענסטמיידעל לויפט אריין פון קיך א טוידטע.

— ווער שרייט דאָ? וואָס איז? עס ברענט? וואו ברענט? וואו?

— ווער ברענט? וואָס ברענט? ברענען זאָלסט דו אויפ'ן פייער, דו מויד איינע, פארברענט און פאר'שרפ'עט זאָלסט דו ווע־רען! — שרייט די מוהמע יענטע אויפ'ן דיענסטמיידעל. — אָט איז זי אויך דאָ, טאָמער איז קארג! נאַ דיר נאָר סע ברענט! אין דער ערד אריין, צו אַלדי שווארצע יאָהר! האָסט דו געהערט איין אנ־טיק! וואָס שרייט איהר, וועלכע גוטע יאָהר? וואָס גוואַלדעוועט איהר? טפו אויף מיינע שונאים'ס קעפּ! מע האָט זיך דאָס אביסעל איבערגעשראָקען, טאָמער ווייסט איהר וואָס? פאר א קלאפּ! ניטאָ ווער ס'זאָל לאַכען! גאָט איז מיט אייך, דאָס איז דער זייגער, דער זיינער אראָפּגעפאַלען, היינט ווייסט איהר שוין? מע האָט אָנגע־האנגען אויפ'ן זייגער פון כל מאַמינים שהוא, דריי פּוד משא, איז ער אראָפּגעפאַלען. וואָס איז דאָס חדוש? להבדיל, א מענטש וואָלט אויך ניט בעסער געוועזן! האָסט דו געהערט אביסעל!...

ערשט דעמאָלט קומען מיר צו זיך. אויפגעשטאַנען איינציגווייז פונ'ם טיש, געהען מיר צו צום זייגער און בעטראַכטען איהם, ווי ער ליגט נעבאַך מיט'ן פּנים אראָפּ, א דער'הרג'עטער, א צעבראָכע־נער, א צעשאָטענער, א סקאַליטשעטער אויף אייביג!

— אוים זייגער! — מאכט דער טאטע, טוידט ווי די וואנד, אראָפּגעלאזט דעם קאָפּ, ווי בשעת מע נעהט־צו צו א מת, צו א בר־

מינן. ער ברעכט די הענד, און טרערן שטעהען איהם אין די אויגען. איך קוק אויפ'ן טאַטען, עס גלוסט זיך מיר וויינען.

— שאַ, זעה נאָר, וואָס דאַרף מען זיך אַזוי אָפּעסען דאָס הארץ ? — זאָגט די מאַמע. — מסתמא אַזוי באַשערט, אָנגעצייכענט מן השמים, אַז היינט, אין דער דאָזיגער מינוט, באַדאַרף זיין דער סוף זיינער, ווי להבדיל אַ מענטש, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד! אַ כפרה, ניט אים שבת דערמאַנענדיג, פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אונזערע קינדער, פאַר אַלע אונזערע ליעבע און געטרייע, און פאַר כל ישראל, אמן סלה...

* * *

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָבען זיך מיר געפּלאָנטעט זייגערס. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט: אונזער אַלטער זייגער ליגט אויף דער ערד, אָנגעטהאָן אין ווייסע תכריכים. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט, אַז דער זייגער לעבט, נאָר אויפ'ן אָרט פונ'ם אומרוה וואַרפט זיך הין און צוריק אַ לאַנגע צונג, אַ צונג פון אַ מענשען, און דער זייגער קלינגט ניט, נאָר ער קרעכצט, און איטליכער קרעכץ נעמט ביי מיר צו אַ שטיק געזונד... און אויפ'ן ציפערבלאַט, דאָרט וואו איך בין געוואָהנט צו זעהן תמיד דעם 12, דערזעה איך מיט אַ מאָל א ציפער 13, טאַקי דרייצעהן — איהר מעגט מיר גלויבען אויף נאמנות!...

# ראַבטשיק

(אַ אידישער הונד).

א.

ראַבטשיק איז געווען אַ הונד אַ ווייסער מיט פלעקען, נישט קיין גרויסער, אַ מיטעלמעסיגער, אַ שטילער, נישט קיין אָנחאַפּער. ער האָט פיינט געהאַט, ווי אַנדערע, אָנפאַלען אויף יענעם פון הינ־טען, אָפּרייסען אַ פּאָלע אָדער אַ ביס טהון אין דער ליטקע. ער איז געווען צופריעדען אַבי יענער זאָל איהם ניט טשעפּען. אדרבה, איהם האָט דעקוטשעט יעדער, ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצען. געבען ראַבטשיקען אַ זעץ מיט אַ שטעקען פון הינטען, אָדער דערלאַנגען איהם מיט'ן אַבצאַס אין זייט אַריין, אָדער וואַר־פען איהם אַ שטיינדעל אין קאָפּ אַריין, אָדער אויסגיסען אויף איהם אַ פּאָמעניצע — דאָס איז געווען ביי יעדען אַ שפּיעלכעל, כמעט אַ מצוה.

און ראַבטשיק, אַז ער האָט בעקומען אַ קלאַפּ, האָט ער זיך ניט אַנידערגעשטעלט, ווי אַנדערע הינד, אויס'טענה'ען זיך, אויס־האַווקען זיך, בעווייזען די צייהן; ניין, ראַבטשיק פלעגט זיך ביי איטליכען קלאַפּ איינבויגען כמעט ביז דער ערד מיט אַ קוויטש: אַי — אַי! און אַנטלויפען מיט איין אַראָפּגעלאָזטען ווידעל, זיך בעהאַלטען אין אַ ווינקעלע, פערטיעפען זיך אין געדאַנקען און חאַ־פּען פליעגען.

## ב.

**ווער איז געווען ראַבטשיק? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען?** דאָס איז שווער צו וויסען. עס קאָן זיין, אַז ער איז פערבליבען אין הויף נאָך פונ'ם אַלטען פריץ. מעגליך, אַז ער איז פערבלאָנזעט געוואָרען, פערלאָרען זיין בעל־הבית און צוגעשטאַנען צום נייעם בעל־הבית און פערבליבען אויף תמיד.

עס מאַכט זיך אמאָל, איהר שפּאַציערט אויף דער גאַס, לויפט אייך נאָך אַ פּריבלאודנע הינטעל פּיס־טריט. „וואָס איז דאָס פאַר אַ פּריטשעפּע?" — טראַכט איהר זיך און הויבט אויף די האַנד אויפ'ן הינטעל: „פּשאָל וואָן!" דאָס הינטעל בלייבט שטעהן, בויגט זיך אויס, ווי אַ מענש, בשעת מע וויל איהם געבען אַ פּאַטש, און לויפט אייך נאָך ווייטער. איהר בויגט זיך אָן צו דער ערד, איהר טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד, כלומרשט וואַרפט איהר דעם אַ שטיינדעל. עס העלפט נישט. איהר בלייבט שטעהן און קוקט אויפ'ן הינטעל; דאָס הינטעל בלייבט שטעהן און קוקט אויף אייך; איהר קוקט זיך איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען אַריין אָהן ווערטער. איהר טהוט אַ שפּיי און לאָזט זיך געהן — דאָס הינטעל לויפט אייך נאָך. איהר נעהמט אַרויס פון די כלים, איהר חאַפּט אַ שטעקען און צעלאָזט זיך אויף דעם מיט כעס. פאַלט דאָס הינטעל אויף איין עצה: ציהט זיך אויס אויף דער ערד מיט די פּיסלעך אַרויף, ציטערט און קוקט אייך גלייך אין די אויגען אַריין, ווי איינער רעדט: „נאַ! ווילסט מיך שלאָגען? — שלאָג!"...

**אָט פון דעם מין הינד איז געווען אונזער ראַבטשיק.**

## ג.

ראַבטשיק איז געווען אַ הונד ניט קיין נאַשער. **אין שטוב האָט** גענומען ליגען נאָלד, האָט ער זיך ניט צוגעריהרט. ראַבטשיק האָט געוואוסט, אַז דאָס וואָס אונטער'ן טיש געהער צו איהם, און ווייטער איז ניט זיין עסק.

אין דער יוגענד, זאָגט מען, איז ער אַפילו יאָ געווען אַ שטיקעל חברה־מאַן. ער האָט איינמאָל געפּרובט אומגעהרען, אַפּנים, אַוועק־שלעפּען פון׳ם זאַלץ־ברעטעל אַ פּיסעל פון אַ גאַנז. האָט דערזעהען בריינע די קעכין, אַ אידינע מיט שווארצע וואָנצים, און האָט גע־מאַכט אַ געשריי: אייזיק! אייזיק! איז געקומען צו לויפען איי־זיק, סאַמע אין דער מינוט, וואָס ראַבטשק האָט געוואָלט דורכ־לויפען מיט׳ן געגנזענעם פּיסעל; האָט איהם אייזיק צוגעקוועטשט מיט דער טהיר אַזוי, אַז האַלב ראַבטשיק איז געבליבען פון איין זייט טהיר, און די אַנדערע האַלב פון יענער זייט, און מע האָט זיך מיט איהם גוט אָפּגערעכענט: פון איין זייט האָט איהם געשלאָ־גען אייזיק איבער׳ן קאָפּ מיט אַ שטעקען, און פון דער אַנדערער זייט — בריינע מיט אַ שייט־האָלץ און האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען בשעת מעשה: „אייזיק! אייזיק!"

פון דעמאָלט אָן איז איהם פערבליבען אַ זכר: אַז מען איז צו־געגאַנגען צו איהם און אַ זאָג געטהאָן גלייך אין פּנים אריין „איי־זיק!" — פלעגט ער אַנטלויפען וואו דער שווארצער פעפער וואַכסט.

ד.

מעהר פון אַלע איז איהם דערגאַנגען די יאָהרען פּאַראַסקע; די פּאַראַסקע, וואָס האָט אונז געוואַשען גרעט, געשמירט די שטוב און געמאָלקען די בהמה.

וואָס האָט זי געהאַט צו ראַבטשיקען — איז שווער צו פער־שטעהן; ער פלעגט איהר תמיד זיין גרויס אין די אויגען, און ווען זי פלעגט איהם דערזעהען, פלעגט זי ווערען אָנגעצונדען: „שאָב טובי חוואָראָבאַ, סאָבאַקאַ נעווירנאַ!"... און ווי אויף־צו־להכעיס, פלעגט ראַבטשיק ליעב האָבען דוקא פּלאָנטען זיך איהר פאר די פיס.

ביי דער ארבייט פלעגט זיך פּאַראַסקע אין איהם נוקם זיין, ווי מיר אין המנ׳ען: האָט זי געוואַשען גרעט, פלעגט זי איהם אָפּגי־סען מיט אַ קאַלט שעפעל וואַסער; ראַבטשיק האָט פיינט געהאַט

אזא באַר, פלעגט ער זיך נאָכדעם דאַרפען לאַנג אָפּטרייסלען. האָט זי געשמירט די שמוב, פלעגט זי איהם פערפליאַסקען דאָס פּנים מיט ווייסען לעהם, ער זאָל זיך נאָכדעם בעלעקען א שעה כסדר. האָט זי געמאָלקען די בהמה, פלעגט זי איהם מכבד זיין מיט א שייט־האָלץ איבער די פּיס. ראַבטשיק האָט זיך אויסגעלערענט שפּרינגען; אַז ס'איז געפלויגען א שייט האָלץ, פלעגט ער קונציג איבערשפּרינגען איבער דעם, ווי א מזיק.

איינמאָל האָט ער פון אזא כיבוד געחאַפּט א מיאוסען פּסק; פאַראַסקע האָט איהם געוואָרפען א שייט־האָלץ און געטראָפען אין דעם פעדערשטען פוס, האָט ראַבטשיק זיך צעשריגען ניט מיט זיין קול, נאָר מיט א מאָדנעם קוויטש: אי־אי־אי־אי־אי־אי! מען איז זיך צענויפגעלאָפען פון'ם גאַנצען הויף. ראַבטשיק האָט דערזעהען מענשען, האָט ער זיך אָנגעהויבען פּעסטען, בעוויזען איטליכען דאָס איבערגעבראָכענע פיסעל, ווי איינער רעדט: „נאַט, זעהט, וואָס זי האָט מיר געטהאָן, פאַראַסקע!"... ראַבטשיק האָט געמיינט, אַז מע וועט זיך מסתמא אָננעמען זיין קריוודע, און פאַראַסקען וועט מען געוויס קעפּען פאַר אזא מעשה.

צום סוף איז גאָר צווישען עולם געוואָרען א געלעכטער; ברייני מיט די וואָנצים איז אַרויסגעפלויגען פון קיך מיט א פאָלאָניק און האָט זיך א שמיר געטהאָן איבער דער נאָז פון אונטען אַרויף מיט'ן נאַקעטען עלענבויגען: „איבערגעבראָכען דעם שלים־מזל א פוס? זעהר רעכט!"... אויך די קונדסים, די ווייסע־חברה'ניקעס, זענען זיך צענויפגעלאָפען און האָבען גענומען שרייען אויף ראַבטשי־קען און פייפען. איז אָנגעקומען פאַראַסקע און האָט איהם צורעכט געמאַכט דאָס מזל: זי האָט איהם אָפּגעגאָסען מיט א קריגעל זודיג וואַסער. האָט ראַבטשיק אויפגעהויבען א גוואַלד מיט א קוויטשע־ריי: אי־אי־אי! אי־אי־אי!... בשעת מעשה געשפּרונגען און גע־דרעהט זיך, געביסען זיך אַליין דעם וויידעל און ניט אויפגעהערט צו גוואַלדעווען מיט אַזעלכע קולות, אַז צווישען די ווייסע־חברה'־ניקעס איז דאָס געלעכטער געוואָרען נאָך גרעסער. מע האָט דער־

זעהען ראַבטשיקען טאַנצען אויף דריי פיס, האָט מען אויסגע׳בטל׳ט אַלע בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ און געשענקט איהם אַ פּאָר גוטע שטעקענס. ראַבטשיק האָט זיך געלאָזט לויפען מיט אַ קוויטש, גע־קוליעט זיך און געקאַטשעט איבער דער ערד, און ווייסע־חברה׳ני־קעס זענען איהם נאָכגעלאָפען מיט שטעקלעך און מיט שטיינד־לעך, געהוקעט, געפייפט און געטיוקעט און פערטיוקעט איהם ווייט־ווייט פון דער שטאָדט אַרויס, אַזש אויף יענער זייט מיהלען.

ה.

ראַבטשיק איז געלאָפען מיט דער דעה, אַז צוריק אין שטאָדט אריין זאָל ער שוין נישט קומען קיינמאָל, ווייל ער וועט לעבען! און געלאָפען איז ער אין דער וועלט אריין, וואו די אויגען וועלען טראָגען. געלאָפען — געלאָפען און געקומען צו לויפען אינ׳ם ערש־טען דאָרף אריין, האָט ער זיך בעגעגענט מיט די דאָרפישע הינד. די דאָרפישע הינד האָבען איהם ארומגעשמעקט פון אַלע זייטען.

— ברוך הבא, אַ הונד! פון וואַנען קומט מען און וואָס איז דאָס ביי דיר אַ צאַצקע אויפ׳ן רוקען? עפּיס ווי אויסגעסמאַ־לעט אַ שטיק פעל סאַמע אין מיטען?

— עך! פרעגט שוין נישט! — מאַכט צו זיי ראַבטשיק מיט אַ טרויעריגער מינע. — אַ סך צו דערצעהלען, נישטאָ וואָס צו הע־רען. איז ניט מעגליך ביי אייך איבערצונעכטיגען אַ נאַכט?

— אָך, מיט׳ן גרעסטען כבוד! — זאָגען די דאָרפישע הינד. — דער „אין־דרויסען“ איז גענוג גרויס און דער „אונטער׳ן־הימעל“ איז נאָך גרעסער.

— ווי אַזוי איז דאָ ביי אייך מיט דער אכילה? — פרעגט ראַבטשיק. — מיט וואָס שטילט איהר דעם הונגער, אַז דער מאָגען מאָהנט מזונות?

— עט! נישט צו פערזינדיגען! — מאַכען די דאָרפישע הינד. — פּאָמעניצעס איז פאַרהאַן אומעדום, און צום פלייש האָט גאָט בע־שאַפען ביינער; אַ דאגה, לאָזען זיי עסען פלייש, די בעלי־הבתים,

וועלען מיר האָבען ביינער. אַבי, ווי זאָגט איהר, פערשטופּען די קישקע.

— נו, און די בעלי־בתים ווי אַזוי זענען עפּיס ביי אייך? — פרעגט ווייטער ראַבטשיק און טהוט אַ דרעה מיט'ן וויידעל, ווי איי־נער, וואָס וויל אויספרעגען, אויספאָרשען.

— די בעלי־בתים זענען בעלי־בתים, — מאַכען די דאָרפישע הינד און פערשלאָגען די רעד.

— נו, און פּאַראַסקע? — מאַכט ראַבטשיק.

— וואָסער פּאַראַסקע? — פרעגען די דאָרפישע הינד.

— אָט די פּאַראַסקע, — זאָגט ראַבטשיק — וואָס וואַשט גרעט, שמירט די שטוב און מעלקט די בהמה. איהר קענט ניט פּאַראַסקען?

די דאָרפישע הינד שטעהען, קוקען־אָן ראַבטשיקען ווי אַ חסר־דעה'ניק: „וואָס פּאַראַסקעט ער אונז?" זיי שמעקען איהם נאָך אַ מאָל אַרום פון אַלע זייטען און צעגעהען זיך איינציגווייז, איט־ליכער אויף זיין מיסט.

ו.

„אָט גליקליכע הינד!"— טראַכט זיך ראַבטשיק און ציהט זיך אויס אויף גאָט'ס ערד, אונטער גאָט'ס הימעל, און וויל חאַפּען אַ דרימעל; נאָר עס שלאָפט זיך ניט. ערשטענס, די אָפּגעבריהטע פעל; עס שמאַרצט איהם און עס בייסט איהם סכנות־נפשות! און די פליעגען דעקוטשען איהם זעהר שטאַרק, ס'איז פון זיי נישט אָפּצו־טרייבען זיך! צווייטענס, בורטשעט איהם אין בויך; ער וואָלט אַ בעלן געווען עפּיס קייען, איז נישטאָ וואָס; מע מוז צו־וואַרטען ביז אין דערפריה. און דריטענס, לאָזען איהם ניט שלאָפען די מחשבות פון דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט צווישען די דאָר־פישע הינד; נישטאָ ביי זיי קיין אייזיקס, וואָס קוועטשען־צו מיט אַ טהיר און שלאָגען נאָכדעם מיט אַ שייט־האָלץ; ניטאָ ביי זיי קיין פּאַראַסקעס, וואָס גיסען־אָפּ מיט זודיג וואַסער; ניטאָ ביי זיי קיין ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס וואַרפען שטעקענס, פייפען און

טיוקען און פּערטיוקען. „גליקליכע הינד אויף דער וועלט! און איך האָב געמיינט, אַז נאָר דאָרט איז אַ וועלט. אַ וואָרעם ליגט אין חריין און מיינט — ס'איז קיין זיסערס נישטאָ"...

ראַבטשיק ווערד אַנשלאָפען, און עס חלומ'ט זיך איהם אַ פּאָ־מעניצע, אַ גרויסע, אַ פולע, מיט שטיקלעך ברויט, קישקעלעך, אָדע־רען פון פלייש, רעטשענע קאַשע, אויסגעמישט מיט הירזש און מיט פּאַסאָלים, און ביינער, ביינער — אַ גאַנצער אוצר! ביינער פון קנעכלעך, ביינער פון ריפּ, ביינער מיט מאַרך, און ביינדלעך פון פיש, און קעפּלעך פון הערינג גאַנצע, נאָך ניט קיין אויסגעסמאָצקע־טע. ראַבטשיק ווייסט ניט, פון וואָס זאָל ער אָנהויבען פריהער.

— ברוכים היושבים! — מאַכען צו איהם די דאָרפישע הינד און קוקען פון דערווייטען, ווי ער גרייט זיך צו דער סעודה.

— קומט עסען! — זאָגט ראַבטשיק גלאַט אַזוי פון יוצא וועגען.

— עס געזונד! — זאָגען די דאָרפישע הינד גאַנץ פריינדליך.

פּלוצים דערהערט ער אַ קול גלייך אין אויהער אריין: „אייזיק!"

ראַבטשיק האַפּט זיך אויף — ס'איז גאָר אַ חלום!...

אין דער פריה האָט זיך ראַבטשיק געלאָזט איבער די הויפען, געזוכט אַ פּאָמעניצע, אַ שטיקעל סעכער, אַ ביינדעל. נאָר וואו ער קומט — זענען פערנומען אַלע ערטער.

— קאָן מען ביי אייך נישט איבערבייסען? — פרעגט ראַבטשיק.

— דאָ? ניין! אפשר אינ'ם אַנדערען הויף...

ראַבטשיק לויפט פון איין הויף אינ'ם אַנדערען. אומעדום דאָס איינענע ליעדעל. איז ער זיך מיישב: וואָס וועט ער וואַרטען אויף דרך־ארץ? אַמעהר, וועט ער צוגעהן און וועט אַ חאַפּ טהון וואָס עס וועט זיך לאָזען. נאָר ביי'ם ערשטען „חאַפּ" האָט ער געחאַפּט פון די דאָרפישע הינד אַ מיאוסען פּסק: פריהער האָט מען אויף איהם אָנגעהויבען קוקען בייז, הורשטען און בעווייזען ציינער, און נאָכדעם זענען עטליכע מיט אַ מאָל אָנגעפאַלען אויף איהם, געריסען און גע־

ביסען, איהם געמאַכט אַ תּל פון'ם ווײדעל, אַרויסגע'משלח'ט מיט כבוד ביז אויף יענער זײט ראָגאַטקע.

**ז.**

אַראָפּגעלאָזט דעם ווײדעל, האָט זיך ראַבטשיק אַוועקגעלאָזט אינ'ם אַנדערען דאָרף. געקומען צו לויפען אינ'ם אַנדערען דאָרף — ווידער די אײגענע מעשה: תחילת גוטע רעד, אַ שענער גאַסט, מהיכא־תיתי. און נאָכדעם, אַז עס קומט צו דער פּאָמעניצע, הויבט מען אָן אויף איהם קוקען בײז, הורשטען, בעווײזען צײהן, רײסען און בײסען — און וואָן אויף אַלע פיער זײטען!

ראַבטשיקען איז נמאס געוואָרען דאָס גע־ונד זײן, דאָס אַרומ־וואַנדערען פון אײן אָרט אינ'ם אַנדערען, און ער האָט זיך מײשב געווען אַזוי: מענשען זענען שלעכט; הינד זענען אויך נים בע־סער; ער׳ וועט זיך בעסער אַוועקלאָזען אין וואַלד אַרײן צווישען חיות.

און ראַבטשיק האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין וואַלד אַרײן.

אַרומגעדרעהט זיך, אײן הונד אַלײן אין וואַלד, אַ טאָג און צוויי און דרײ, האָט ער אָנגעהויבען פיהלען, אַז דער בויך ווערד איהם וואָס ווײטער אַלץ מעהר צענויפגעצויגען און די קישקעס אײנגעשרומפּען, ממש עס געהט איהם אויס דאָס חיות פון הונגער און פון דאָרשט. האָטש נעם און ציה זיך אויס אין מיטען וואַלד און פּגר אַוועק! און, ווי אויף־צו־להכעיס, גלוסט זיך איהם נאָך לעבען און לעבען.

און ראַבטשיק נעמט דעם ווײדעל אונטער זיך, ציהט אויס די פעדערשטע לאַפּעס, שטעלט אַרויס די צונג און לעגט זיך אַוועק אונטער אַ בוים און קלערט אַ הינטישע מחשבה: „וואו נעמט מען אַ שטיקעל ברויט? וואו קריגט מען אַ פּיצעל פלײש? אַ בײנדעל האָטש? וואָסער אַ קאָפּ?" און פון גרויסע צרות ווערד ער אַ חקרן, אַ פילאָזאָף. ער הויבט אָן חקירה'ן: „פאַר וואָס איז ער, הונד, מעהר געשטראָפט פון אַלע חיות ועופות און פון אַלע בעשעפענישען

אויף דער וועלט? למאַי אַט פליהט אַ פויגעלע גלייך אין נעסט אריין... אַט לויפט אַ יאַשטשערקע אַהיים אין איהר נאָרע אריין... אַט פויזשעט אַ ווערעמעל, אַ זשוקעל, אַ מערעשקע, — אַלע האָבען זיך זייער היים, אַלע געפינען זיך זייער בעדערפעניש; נאָר איך, הונד, האַוו־האַוו־האַוו!"...

— ווער האַווקעט דאָס דאָ אין וואַלד? — רופט זיך אָן אַ וואָלף, לויפענדיג פאַרביי, אַרויסגעשטעלט די צונג פאַר הונגער.

ראַבטשיק האָט קיינמאָל ניט געזעהען קיין וואָלף. ער מיינט, אַז דאָס איז אַ הונד, שטעהט ער אויף פאַוואָלי, נישט געחאַפּט, ציהט זיך אויס, געהט־צו צום וואָלף.

— ווער ביזט דו? — מאַכט צו איהם דער וואָלף מיט גדלות.— ווי אַזוי רופט מען דיך? פון וואַנען קומסט דו אָן? און וואָס טהוסט דו דאָ?

ראַבטשיק איז זיך ממש מחיה, וואָס ער האָט דערטאַפּט אַ גוטען ברודער; חאָטש פאַרהאַן פאַר וועמען די צרות אויסצוגיסען. און ער דערצעהלט איהם אויס זיין גאַנץ ביטער האַרץ.

— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, — לאָזט אויס ראַבטשיק דאָס טרויעריגע צעטעל זיינס — איך וואָלט מיך מחיה געווען, ווען איך בעגעגען מיך דאָ מיט אַ לייב, מיט אַ בער, אָדער חאָטש מיט אַ וואָלף.

— וואָס־זשע וואָלט געווען? — מאַכט דער וואָלף מיט אַ פאַסקודנע שמייכעל.

— גאָר ניט, — זאָגט ראַבטשיק — ממה־נפשך, איז מיר בע־שערט דער טוידט, לאָם איך בעסער פערצוקט ווערען פון אַ וואָלף, איידער פגר'ען פון הונגער צווישען אייגענע, צווישען הינד...

— נו! — מאַכט צו איהם דער וואָלף, בלאָזט זיך אָן און טהוט אַ קנאַק מיט די צייהן. — זאָלסט דו וויסען, אַז איך בין וואָלף! און איך האָב חשק דיך צערייסען אויף עטליכע שטיקלעך און מאַ־כען פון דיר איין אָנבייסען, מחמת איך בין זעהר הונגעריג, איך האָב שוין אַכט טאָג אין מיין מויל ניט געהאַט!

דערהערט אזעלכע דבורים, האָט זיך אונזער ראַבטשיק אַזוי דערשראָקען, אַז עס האָט אויף איהם אָנגעהויבען ציטערען די אָפּ־געקראַכענע פעל.

— אדוני קעניג! טייערער רב וועלוועל! — מאַכט צו איהם ראַבטשיק מיט אַ רחמנות־פּנים און מיט אַ וויינענדיג קול. — לאָז דיר גאָט צושיקען בעסערע אָנבייסענס. וואָס ווילסט דו פון מיר האָבען, משטיינס געזאָגט? פעל און ביינער? פאָלג מיך, לאָז מיך אָפּ, האָב רחמנות אויף מיין הינטיש לעבען!...

און דערביי האָט ראַבטשיק אַראָפּגעלאָזט דעם ווידעל, אויס־געבויגען דעם רוקען, געפּויזעט אויפ׳ן בויך און געמאַכט אַזעלכע מיאוסע תנועות, אַז דעם וואָלף איז ניט גוט געוואָרען אויף צו חלש׳ען.

— נעם צענויף דעם פּאַסקודנעם ווידעל דיינעם — רופט זיך אָן צו איהם דער וואָלף — און אַנטלויף צו אַלדי שווארצע יאָהר, דו כלב שבכלבים, איך זאָל דיין טרפה׳נעם פּרצוף ניט אָנקוקען!...

נישט טוידט נישט לעבעדיג האָט זיך ראַבטשיק געלאָזט לויפען, ניט געפיהלט די ערד אונטער זיך, מורא געהאַט זיך אַרומקוקען אַפילו. ער האָט געמאַכט פיס, אַוועק־אַוועק פון וואַלד, צוריק — אין שטאָדט אַריין!

## ח.

געקומען צוריק אין שטאָדט אַריין, האָט ראַבטשיק אויסגעש־פּעהלט דעם הויף, וואו ער איז אויפגעוואַכסען, חאָטש דאָס האַרץ האָט איהם געצויגען דוקא אַהין, אין יענעם הויף, וואו מע האָט איהם גע׳הרג׳עט־געשלאָגען, אין יענעם הויף, וואו מע האָט איהם איבערגעבראָכען אַ פוס און אָפּגעבריהט דעם רוקען... האָט ער זיך געלאָזט לויפען אין מאַרק אַריין, אַהין צו די יאַטקעס, צווישען די קצב׳ישע הינד, צווישען אייגענע הייסט דאָס.

— סקאַצעל קומט! פון וואַנען איז אַ הונד? — מאַכען צו איהם די קצב׳ישע הינד מיט אַ געהניץ און גרייטען זיך שוין אויף נאַכטלעגער.

— מאַקי אַ הינער. — מאַכט ראַבטשיק. — איהר האָט מיך ניט דערקענט? איך בין דאָך ראַבטשיק!

— ראַבטשיק? ראַבטשיק?... אַ קענטליכער נאָמען! — מאַ־כען די קצב׳ישע הינד און קאָנען זיך כלומר׳שט ניט דערמאָנען ווער דאָס איז.

— וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ צייכען אויפ׳ן רוקען? — פרעגט איהם צאוציק, אַ קליין הינטעל, און שפּרינגט איהם גלייך אין פּנים אריין מיט גרוים עזות.

— מסתמא אַ סימן, מע זאָל איהם ניט פערבייטען, אָדער אַזוי פון שענקייט וועגען, וואָס פערשטעהט איהר ניט? — רופט זיך אָן מיט אַ ליצנות ראָודעק, אַ רויטער הונד מיט אַ מאָכנאַטער פעל.

— סאַ משל! — ענטפערט איהם סירקאָ, אַ גרויהער הונד, איין אַלטער בחור מיט איין אויגעל און מיט איין אָפּגעשניטענעם אויה־ער. — אויף צייכענס פרעגט מ י ך; א י ך וועל אייך זאָגען, וואָס דאָס איז. דאָס איז אַ צייכען פון מלחמות מיט אַנדערע הינד, מיט גאַנצע טימשקעס...

— אַלע רעדען! — רופט זיך אָן זשוק, אַ שווארצער הונד אָהן אַ ווייַדעל. — אמעהר, לאָזט ראַבטשיקען רעדען, וועט ער אַליין דערצעהלען.

און ראַבטשיק ציהט זיך אוים אויף דער ערד און הויבט אָן צו דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע זיינע, לאָזט נישט דורך קיין ברעקעל. אַלע ליגען און הערען זיך צו, נאָר ראָודעק, דער רויטער, וואָס האָט ליעב ליצנות, שלאָגט איהם איבער אַלע מינוט מיט אַ ווערטעל.

— ראָודעק, דו וועסט ניט אַנשטומט ווערען? — מאַכט זשוק דער שווארצער. וואָס אָהן דעם ווייַדעל, און ציהט אוים אַ לאַנגען

**געהניץ. — דערצעהל, דערצעהל, ראַבטשיק! מיר האָבען ליעב, אז** מע דערצעהלט אונז מעשיות נאָכ'ן עסען...

**און ראַבטשיק הערט ניט אויף צו דערצעהלען זיין טרויעריגע געשיכטע** מיט איין אומעטיגער שטימע, נאָר קיינער הערט איהם נישט. צאוציק רעדט שטילערהייד מיט סירקאָ'ן, ראודעק זאָגט ווערטלעך, און זשוק חראָפּעט, ווי צעהן סאָלדאַטען, חאַפּט זיך אויף אַלע מאָל און געהניצט און זאָגט:

**— דערצעהל, דערצעהל, ראַבטשיק! מיר האָבען ליעב, אז מע דערצעהלט אונז מעשיות נאָכ'ן עסען...**

## ט.

**גאַנץ פריה איז שוין ראַבטשיק געווען אויף די פיס. ער איז** געשטאַנען פון דערווייטען, בעטראַכט די קצבים מיט די העקערס, ווי זיי האַקען פלייש. אָט הענגט אַ גאַנצער פריידיק (פאָדער־חלק) מיט'ן האַלז אַראָפּ און דאָס בלוט רינט... דאָרט ליגט אַ זאָדעק (הינטער־חלק), אַ מנה יפה, פעט, מיט שמאַלץ בעוואַכסען... ראַבטשיק קוקט און שלינגט די שליים. די העקערס האַקען דאָס פלייש אויף שטיקלעך, טהוען אַ וואָרף אַלע מאָל אַ שטיקעל הויט, אַ שטיקעל חלק, אָדער אַ ביינדעל פאַר די הינד. און די הינד שפּרינגען צו און חאַפּען־אונטער. ראַבטשיק בעטראַכט, ווי די הינד קליגען זיך, שפּרינגען־אונטער אַקוראַט דאָרט, וואו מע בעדאַרף, לאָזען נישט דורך קיין ביינדעל, און איטליכער הונה, בשעת ער בעקומט זיין חלק, טרעט ער אָפּ אויף אַ זייט, צעלעגט זיך מיט גרויסקייט און פּראַוועט די סעודה, קוקט זיך אַרום אַלע ווייַלע אויף די איבעריגע הינד, ווי איינער רעדט:

**— איהר זעהט אַ ביין? דאָס איז מיינער אַ ביין, און איך** עס איהם...

**די איבעריגע הינד מאַכען זיך ווי זיי זעהען ניט, און אינוועניג** ביי זיך טראַכטען זיי זיך:

— וואַרגען זאָלסט דו זיך! אויסקרענקען זאָלסט דו דאָס! אַ גאַנץ פריהמאָרגען פרעסט ער און פרעסט, און מיר בעדאַרפען קוקען ווי ער עסט, עסען זאָלען איהם ווערעם!...

און נאָך איין הונד טראָגט אַ שטיק פעל און זוכט איין אָרט אויף צו איבערבייסען, אַז קיינער זאָל איהם ניט זעהען: ער האָט מורא פאַר אַ גוט אויג...

און נאָך אַ הונד שטעהט אַקעגען אַ בייזען קצב, וואָס שמיצט זיך און שרייט און שעלט זיך מיט די איבעריגע קצבים. דער הונד דרעהט מיט'ן וויידעל און רופט זיך אָן צו די איבעריגע הינד מיט אַ חניפה'לע:

— איהר זעהט אָט דעם קצב? איאָ, זיי ווייזען אוים, דאַכט זיך, גאַר אַ בייזער? לאָס איך האָבען אַזא יאָהר, וואָס פאַר אַ טהייערער מענטש זיי זענען! איין דימענט אין דער וועלט! אַ גיל־דענער כאַראַקטער! זיי האָבען באמת רחמנות אויף אַ הונד; זיי זענען אַ „הינטען־פריינד"... אָט באַלד וועט איהר זעהען, ווי עס פליהט אַ ביין מיט אַ שטיק פלייש — האָפּ!

און ער טהוט אַ שפּרונג אין דער לופטען און אַ קלאַפּ מיט די צייהן, כדי יענע זאָלען מיינען, אַז ער האָט דאָ געחאַפּט אַ גראָבּס...

— ביידע זאַכען: — רופט זיך אָן אַ הונד מן הצד — אי אַ חנופה'ניק אַ שקרן, אי אַ בעריהמער, דער רוח זאָל איהם נע־מען!...

און נאָך אַ הונד שטעהט ביי'ם קלעצעל, וואָס מע האַקט דער־רויף פלייש, און בשעת דער העקער קעהרט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, שפּרינגט דער הונד אַרויף אויפ'ן קלעצעל און לעקט מיט דער צונג. ווערד אַ האַווקעריי צווישען עטליכע הינד: זי מסר'ען איהם פאַר'ן העקער און חאַפּען די ערד, אַז דער הונד דער גנב האָט גענאַשט אַ שטיק פלייש, אַזא שטיק גאָלד זאָלען זיי האָבען! זיי זאָלען אַזוי זעהען פאַר זיך אַלדאָס גוטס, ווי זיי האָבען אַליין געזעהען מיט זייערע אויגען! אויב ניט, זאָלען זיי איינגעמען אַ מיתה משונה

אויפ'ן ערד, זיי זאָלען זיך דערוואַרגען מיט'ן ערשטען ביינדעל, זיי זאָלען ניט פערמאָגען די הערנער מיט די קאָפּיטעס פון די גע־קוילעטע שאָף!...

— פּע, חלשות! סע שלאָגט צו דער גאַל! — רופט זיך אָן איין אַלטער הונד פון דער זייט, וואָס וואָלט אַליין אַ בעלן געווען עפּיס אַ לעק טהון. און ראַבטשיק בעטראַכט זיך: וואָס וועט זיין דער תכלית, וואָס ער וועט דאָ שטעהן און קוקען? אַלע הינד שפּרינגען און חאַפּען, וועט ער אויך טהון דאָס, וואָס אַלע הינד טהוען... און איידער ער קוקט זיך אַרום, האַלט מען איהם שוין ביי'ם גאָרגעל און מע רייסט איהם, עטליכע הינד מיט אַ מאָל, און מע בייסט איהם סאַמע אין יענעם אָרט, וואו עס טהוט וועה...

ראַבטשיק לאָזט אַראָפּ דעם וויידעל, פערקלויבט זיך אין אַ ווינקעל, ציהט אויס די מאָרדע און הויבט אָן וואָיען.

— וואָס ווינסט דו? — מאַכט צו איהם זשוק און בעלעקט זיך נאָכ'ן אָנבייסען.

— ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען? — זאָגט ראַבטשיק. — איך בין דער אומגליקליכסטער פון אַלע הינד אויף דער וועלט! איך האָב געמיינט, אַז דאָ, צווישען אייגענע, וועל איך חאַמש עפּיס חאַפּען. גלויב מיר, איך וואָלט נישט געקראָכען; נאָר איך בין טוידט־הונגעריג, עס געהט מיר אויס דאָס חיות!

— איך גלויב דיר, — מאַכט צו איהם זשוק מיט אַ זיפץ. — איך פערשטעה וואָס הייסט הונגער. איך געה אריין אין דיין טרויעריגער לאַגע. נאָר איך קאָן דיר גאָר נישט העלפען. דאָ איז שוין אַזוי איינגעפיהרט, אַז יעדער קצב האָט זיך זיין הונד, און יעדער הונד האָט זיך זיין קצב...

— איז טאַקי רעכט אַזוי? — זאָגט ראַבטשיק. — וואו איז יושר? וואו איז הינטליכקייט? סטייטש, אַ הונד זאָל צווישען הינד פערפאַלען ווערען?! אַ הונגעריגער צווישען זאַטע זאָל אויס־געהן פון הונגער?

— איך קאָן דיר העלפֿען נאָר מיט אַ זיפֿץ. — זאָגט זשוק, געהניצט גאַנץ געשמאַק און האַפּט אַ דרימעל נאָכ׳ן אָנבייסען.

— אַז ס׳איז יאָ אַזוי, — מאַכט ראַבטשיק און נעמט זיך אָן מיט האַרץ — וועל איך געהן גלייך צו די קצבים; אפשר וועל איך מיר אויך אויסהאַווקען אַ קצב...

— געזונדערהייד! — זאָגט זשוק. — אבי דו זאָלסט נים נעהן צו מיין קצב, וואָרום אַז דו וועסט געהן צו מיין קצב, וועל איך דיך מאַכען אָהן אַ ווײַדעל, אַזוי ווי איך, דו זעהסט, צי ניין?

*

און ראַבטשיק איז אַוועק גלייך צו די קצבים, דורכגעלאָזט, אויסגעפּעהלט אַלע הינד און האָט זיך אָנגעהויבען צו־שמייכלען צו די העקערס, שפּרינגען אין פּנים אַריין און דרעהען מיט׳ן ווײַדעל. נאָר צום שלים־מזל שלעפּט זיך. איינער אַ העקער, אַ געזונדער יונג מיט ברייטע פּלייצעס, האָט אויף קאַטאַוועס, אַפּנים, איהם אַ וואָרף געטהאָן אַ האַק — אַ גליק, וואָס ראַבטשיק קאָן שפּרינגען, אַנים, וואָלט ער צעהאַקט געוואָרען אויף צווייען.

— דו טאַנצעסט דאָך גאָר נישקשה׳דיג! — מאַכט צו איהם ראודעק מיט אַ ליצנות. — אַ סך שענער פון אונזער צאוציקען. צאוציק! קום אהער, וועסט דו זעהען, ווי מע טאַנצט!...

צאוציק קומט צו לויפען און שפּרינגט ראַבטשיקען גלייך אין פּנים אַריין. ראַבטשיק קאָן דאָס שוין מעהר נים איבערטראָגען. ער האַפּט אָן צאוציקען מיט די צייהן, לעגט איהם אנידער און בייסט איהם אין בייכעל אריין. ער לאָזט אוים צו איהם זיין גאַנץ ביטער האַרץ, און האַפּט די פּים אויף די פּלייצעס און מאַכט אַ ויברח. ער פערקלויבט זיך איינער אַליין אין פעלד, ציהט זיך אוים אין מיטען טראַקט, בעהאַלט פאַר דאָסאַדע און פאַר בזיון די מאָרדע צווישען די לאַפּעס און וויל נישט אָנקוקען די ליכטיגע שיין. עס אהרט איהם אפילו נים, וואָס די פליעגען האבען איהם

בעפאלען און בייסען איהם; לאָזען זיי בייסען, לאָזען זיי רייסען, סאַי ווי סאַי אין דער ערד מיט'ן קאָפּ!...

— עק וועלט! — טראַכט זיך ראַבטשיק. — אַ הונד זאָל נישט קאָנען צווישען הינד, צווישען א י י ג ע נ ע, איבערלעבען אַ טאָג אפילו, — מעג זיך שוין איבערקעהרען די גאַנצע וועלט!...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

# מְתוּשֶׁלַח

(אַ אידיש פערדעל).

א.

מ ת ו ש ל ח — אזוי האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען אין כתרילעווקע דערפאַר, וואָס ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט יאָה־רען, נישט געהאַט שוין איין צאָהן אין מויל, אַ חוץ צוויי־דריי פענקעס, וואָס מיט זיי פלעגט ער קוים מיט צרות קייען — אַבי ס'איז נאָר געווען וואָס. אַ הויכער, אַ מאָגערער, מיט איין אָפּגע־באַרעטער פעל, מיט אַ צע'הרג'עטען רוקען, קאַלי אויגען, אויף איינעם אַ בעלמע, דאָס אַנדערע רויטליך, אויסגעקנעכעלטע פיס, שפּיצינע קליבעס, איינגעפאַלענע זייטען, די אונטערשטע ליפּ אַבי־סעל אַראָפּגעלאָזט, ווי פערוויינט, דער ווידעל איין אויסגעפליק־טער — אָט האָט איהר זיין פּאָרטרעט. און גדיענט האָט ער אויף די עלטערע יאָהרען אין כתרילעווקע ביי כתריאל דעם וואַסער־פיהרער ביי'ם פעסעל פאַר אַ פערדעל.

בטבע איז מתושלח געווען אַ רוהיגער, אַ האָרעפּאַשנער, נאָר איין אויסגעהאָרעוועטער נעבאַך. אָנגעטיאָפּקעט זיך דעם גאַנצען טאָג אין דער כתרילעווקער לעהמיגער בלאָטע און פערזאָרגט די שטאָדט אויף אַ גאַנץ מעת־לעת מיט וואַסער, איז ער געווען צו־פריעדען, אַז מע האָט איהם אויסגעשפּאַנט פונ'ם פעסעל, אונ־טערגעוואָרפען אַביסעל שטרוי און פערביסען מיט אַ פּאָמעניצע, וואָס כתריליכע האָט איהם אונטערגעטראָגען מיט אַזאַ פּנים, ווי מע טראָגט, אַשטייגער, אונטער זעהר איין אָנגעלעגטען גאַסט אַ

פּאַלומיסעק מיט פֿיש, אָדער אַ שיסעל מיט וואַרעניקעס. אויף דער דאָזיגער פּאָמעניצע פֿלעגט מתושלח אַרויסקוקען ווי אויף עפּיס רעכטס, מחמת דאָרטען האָט זיך געפונען אַלע מאָל איין אויסגע־ווייקט שטיקעל ברויט, קאַשע אַביסעל, וכדומה אַזעלכע ווייכע זאַ־כען, וואָס מע פֿערשפּאָרט צו זיי צייהן. דעם גאַנצען טאָג האָט כתריליכע געזאַמעלט פֿון מתושלח׳ס וועגען, געוואָרפֿען אין פּאָ־מעניצע אַריין וואָס ס׳איז איהר געקומען אין די הענד אַריין, — לאָז דאָס פֿערדעל נעבאַך האָבען וואָס צו עסען, — און מתושלח, אַז ער האָט איבערגעביסען, האָט ער זיך אויסגעדרעהט מיט׳ן פּנים צום פּעסעל און מיט׳ן הינטען, מחילה, צו כתריליכען, ווי איינער רעדט: „אַ דאַנק אייך פֿאַר אייער זאַלץ און ברויט"... בשעת מעשה אַראָפּגעלאָזט די אונטערשטע ליפּ נאָך נידעריגער, דאָס זע־הענדיגע אויגעל צוגעמאַכט, און אַריינגעלאָזט זיך אין טיפֿע פֿער־דישע געדאַנקען.

ב.

מיינט נישט פֿון דעסטוועגען, אַז אַלע מאָל, זינט מתושלח איז אַ פֿערד, איז ער געווען אַזוי, ווי ער ווערד דאָ אויסגעמאָהלט. אַמאָל, אין די יונגע יאָהרען, בשעת ער איז נאָך געווען אַ לאָשע־קעל און נאָכגעלאָפֿען דער מאַמען נאָכ׳ן וואָגען, האָט ער זיך גע־שניטען נאָר אויף אַ גוט פֿערדעל. מבינים האָבען אויף איהם גע־זאָגט נביאות, אַז עס וועט פֿון איהם אויסוואַכסען אַ פֿערדעל גאָר אויף חדושים. „אַט וועט איהר זעהען, — האָבען זיי געזאָגט — ער וועט נאָך געהן אַמאָל געשפּאַנט אין אַ קאַרעטע מיט די שענסטע מיט די בעסטע פֿערד!"...

אַז דאָס לאָשעקעל איז אויסגעוואַכסען און געוואָרען אַ פֿער־דעל, האָט מען דעם מחילה אָנגעטהאָן אַ ציימעל און אַרויסגעפֿיהרט אויפ׳ן יריד, אַוועקגעשטעלט צווישען אַ גוזמא פֿערד, דורכגעטרי־בען איהם אַ מאָל פֿופֿציג הין און צוריק, געקוקט איהם אַלע מינוט אין די צייהן אַריין, אויפֿגעהויבען די פֿיס און בעטראַכט די קאָפּי־

טעס, — און איבערגעגעבען איהם פון איינעם צום אַנדערען.

פון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן פאַר איהם א לאַנגער גלות, אַ נע־ונד זיין פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערען, אַ בייטעניש פון איין בעל־הבית צום אַנדערען, אַ שלעפּען פון גרויסע שווערע וואָגענס מיט דרייסיג פוד משא, אַ טיאַפּקען ביז׳ן בויך אין דער בלאָטע, און אַ סדרה פון בייטשען, שטעקענס מיט קלעפּ אין זייט אריין, אין קאָפּ און אין די פיס און אין אַנדערע ערטער.

ג.

אַ שטיק צייט איז ער געגאַנגען אין דישעל ביי אַ פּאָטשטאָווע וואָגען אונטער׳ן גלאָק, וואָס האָט איהם ניט אויפגעהערט צו קלינ־גען אין די אויהערען אריין: גלין־גלין־גלאָן! גלין־גלין־גלאָן! און געלאָפען משוגענערווייז הין און צוריק אַלץ אויף איין טראַקט. נאָכדעם איז ער אַריבער צו אַ פּראָסטען בעל־הגוף, וואָס האָט גע־אַרבייט מיט איהם כל עבודת־פּרך: געאַקערט און געזועט, גע־פיהרט אַ מורא׳דיגען וואָגען מיט תבואה, אַ פּאַס וואַסער, אַ וואָ־גען מיט מיסט, פערדישקייט און קוהענקייט וכדומה אַזעלכע גראָבע אַרבייט, צו וועלכע ער איז כלל נישט געוואָהנט געוואָרען. פון דאָרטען איז ער אַריינגעפאַלען צו אַ ציגיינער אין די הענד אריין; האָט מיט איהם דער ציגיינער געמאַכט אַזעלכע זאכען, מיאוסע סגולות צום לויפען, וואָס ער וועט זיי ניט פערגעסען ווייל ער וועט לעבען!... פונ׳ם ציגיינער איז ער אַריבער אין אַ טאַבון אריין מיט נאָך אַ סך פערד, און פון דאָרטען איז ער אין אַ קורצער צייט מגולגל געוואָרען קיין מאַזעפּעווקע צו אַ בעל־עגלה מיט אַ שווערען וואָגען, געקאָוועט אין אַייזען, מיט אַ סך גלעקלעך און מיט אַ משונה־מאָדנע צעשמידערטע סוכה, וואָס מע רופט דאָס „בויד“. דאָ, ביי׳ם בעל־עגלה מיט דער בויד, האָט ער געחאַפּט בייטשען מיט שטעקענס אָהן אַ שיעור, גלייך ווי אַ פערדישע פעל איז פון לעדער — ניט פון בלוט און פלייש, גלייך ווי פערדישע זייטען זענען פון אַייזען — ניט פון ביינער. וועה־

ווערן, וויפיל מאָל פּלעגט זיך מאַכען, אז קוים־קוים וואָס ער פּלאָנ־מעט מיט די פיס, פּיהלט ווי אָבצוויינגעס ציהען איהם פאַר די ליטקעס, און אין בויך אַ שווערע משא, עפּים ווי אַ קנויל — און ער, דער אַכזר׳ישער בעל־עגלה, — „נאָ" און „וויאָ", און אַ שמיץ מיט דער בייטש, און אַ זעץ מיט דער פּוזשעלי, — טאָמער ווייסט איהר וואָס?

אַ שטיקעל גליק האָטש, וואָס ביי דעם בעל־עגלה איז איינ־געפיהרט איין טאָג אין דער וואָך אַזעלכער, וואָס מע שטעהט אויף איין אָרט, מע שטעהט און מע קייעט און טהון טהוט מען גאָר ניט. מתושלח פלעגט ניט איין מאָל פערקלערען זיך; זיין פערדישער מח האָט נישט געקאָנט משיג זיין: וואָס איז דער שכל פון׳ם דאָזיגען טאָג, וואָס מע ריהרט ניט פון׳ם אָרט? און פאַר וואָס זאָל ניט זיין אַזוי כסדר? — פלעגט ער זיך טראַכטען, אויפשטעלען די אויהערען, צומאַכען איין אויגעל און קוקען אויף זיינע צוויי חברים, וואָס זענען געשטאַנען מיט איהם צוגעבונדען צו איין בויד.

### ד.

פון׳ם בעל־עגלה מיט׳ן ביידעל איז ער אריינגעקומען אין אַ דרעש־מאַשין, געאַרבייט עבודת־פרך, זיך געדרעהט גאַנצע טעג אַרום אַ ראָד, זיך אָנגעגעסען גוט מיט פּאַראָך און מיט פּאָלאָווע, וואָס איז איהם געקראָכען אין נאָז אריין, אין מויל און אין די אויגען אריין, און פערדולט געוואָרען פון׳ם טראַך־טאַרעראַך. „וואָס וועט זיין פון׳ם דרעהען זיך? — פלעגט ער זיך ניט איין מאָל טראַכטען און וועלען אָפּשטעלען זיך אויף אַ מינוט. — ווער האָט דאָס אויסגעקלערט דעם שכל פון דרעהען זיך אויף איין אָרט?"... מע האָט איהם אָבער לאַנג נישט געלאָזט טראַכטען; פון הינטען איז געשטאַנען איינער מיט אַ בייטש און נישט אויפ־געהערט צו הוקען אויף איהם: הו־הי! הו—הי!... „פּרא־אדם איינער! — טראַכט ער זיך און האַפּט אַ קוק מן הצד אויף יענעם וואָס מיט דער בייטש. — איך וואָלט אַ בעלן געווען זעהען, מע זאָל

דיך איינשפאנען אַט־אַ־דאַ אין דער ראָד און אונטערשמייסען דיך, דו זאָלסט דיך דרעהען אָהן אַ שום טאָלק!"...

סע פערשטעהט זיך, אז פון אזא מין דרעהען זיך אין שטענדיגען פאַראָך איז ער אַרוים נעבאַך אַ קאַליקע, אויף איין אויג אַ בעלמע, דאָס אַנדערע אַביסעל רויטליך, און אויף די פיס איז ער אויך געוואָרען אַביסעל געהאַפט. מיט אַזאַ שאַרפען חסרון האָט ער שוין געטויגט אויף זיעבען און נייענציג כפרות; האָט מען איהם אַרויסגעפיהרט וויעדער אַ מאָל אויפ'ן יריד, טאָמער וועט מען איהם קאָנען עמיצען פערטהון. מע האָט איהם גאַנץ פיין אויסגעקעמט, אויסגעפוצט, דעם ווײדעל כלומר'שט אונטערגעבונדען און די קאָפיטעס צוגעפאַרבט מיט פעטען; — עס האָט אָבער נישט געהאָלפען, אַ וועלט נאַרט מען נישט. וויפיעל מע האָט איהם נישט געמוטשעט, ער זאָל זיך בחור'ען, האַלטען דעם קאָפ מיט גדלות, — ער האָט זיך געטהאָן זיינס: אַראָפגעלאָזט דעם קאָפ מיט גרויס עניוות, די פיסלעך אויסגעקנעכעלט, די אונטערשטע ליפ אַראָפגעלאָזט אַביסעלע אויף אַ זייט, און פון איין אויג געלאָזט אַ טרער... ניין, עס האָבען זיך שוין נישט געפונען אויף איהם קיין בעלנים! אַ פּאָר מענשען זענען צוגעגאַנגען צו איהם, שוין אפילו אין מויל אריין נישט געקוקט, נאָר אַזוי אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד אויף איהם איבער דער מאָרדע, אויסגעשפיגען און אַוועקגעגאַנגען. איינער האָט זיך יאָ אָפגעריסען אַ בעלן, נאָר נישט אויף איהם — אויף זיין פעל. מע האָט אָבער נישט געקאָנט דורכקומען פאַר'ן מקח; יענער, דער פעל־הענדלער, האָט בעוויזען אַ חשבון, אַז עס לוינט נישט: דאָס אָפּפיהרען איהם, דאָס אומוואַלגערען מיט'ן אָפשינדען וועט קאָסטען מעהר וויפיעל די פעל איז ווערטה.

ס'איז איהם אָבער בעשערט געווען, אַפּנים, אַ גוט עלטער, איז אונטערגעשפּרונגען כתריאל דער וואַסערפיהרער און האָט איהם געבראַכט צו פיהרען קיין כתרילעווקע.

## ה.

ביז אהער איז כתריאל דער וואסערפיהרער, א איד א ברייט־ביינינער, מיט א צעפלעצטער נאז און מיט א בעוואכסען פנים פון אויבען ביז אראפ, געווען אליין דער וואסערפיהרער און אליין דאס פערדעל, דאס הייסט, ער האט זיך אליין איינגעשפאנט מחילה אין פעסעל און צעפיהרט איבער דער שטאדט דאס וואסער. וויפיעל כתריאל איז פערשווארצט געווארען דאס גאנצע לעבען זיינס, האט ער קיינעם נישט מקנא געווען אויף דער וועלט; נאר אז ער האט געזעהען עמיצען פאהרען מיט א פערד, פלעגט ער זיך אפשטעלען און לאנג־לאנג נאכקוקען יענעם די טריט. זיין איינציגער וואונש אויף דער וועלט איז געווען: גאט זאל איהם העלפען, ער זאל קאנען זיך צושלאגען צו א פערדעל. נאר וויפיעל ער האט נישט גע־קליבען, האט ער נישט געקאנט דערשלאגען זיך צו אזא קאפיטאל, וואס ער זאל דערויף קאנען קויפען א פערדעל. פון דעסטוועגען האט ער נישט דורכגעלאזט קיין יריד, ער זאל זיך ניט דורכגעהן צווישען די פערדלעך, גלאט אזוי א קוק טהון, ווי זאגט מען: א טאפ אין וואגען. דערזעהען איין אומגליקליך, פערוואגעלט, דער־שלאגען פערדעל שטעהן אזין מיטען יריד אהן א ציימעל, נישט צוגעבונדען אין ערגיץ, האט זיך כתריאל אפגעשטעלט. דאס הארץ האט איהם געזאגט, אז דאס פערדעל בעדארף זיין אנגעמאסטען פאר זיין געלד.

כך הוה. ער האט זיך לאנג נישט בעדארפט דינגען; כתריאל האט גענומען דאס פערדעל און איז מיט א פרייליך הארץ געלאפען אהיים. געקומען אהיים, האט ער אנגעקלאפט אין דער טהיר פון דרויסען, איז ארויסגעגאנגען כתריליכע א דערשראקענע.

— וואס איז דאס? גאט איז מיט דיר!

— געקויפט, ווי איך בין א איד, געקויפט!

כתריאל און כתריליכע האבען נישט געוואוסט, וואו מע זאל אהינטהון דאס פערדעל. זיי זאלען זיך ניט שעמען פאר די שכנים.

וואָלטען זיי דאָס אריינגעפיהרט אין שטוב אריין. גיך איז בעשאַ־פען געוואָרען אביסעל שטרוי און היי, און כתריאל מיט כתריליכען האָבען זיך אוועקגעשטעלט, זיך געשפּיעגעלט אינ׳ם פערדעל, זיך גאָר נישט געקאָנט אָנקוקען.

אויך די שכנים זענען זיך צענויפגעקומען אָנקוקען די כשר׳ע מציאה, וואָס כתריאל האָט געבראַכט צו פיהרען פונ׳ם יריד; מע האָט געלאַכט פונ׳ם פערדעל, געמאַכט חוזק; עס זענען גע־פלויגען ווערטלעך אלערליי, ווי געוויינטליך. דער האָט געזאָגט א חכמה, אז דאָס פערדעל איז גאָר נישט קיין פערדעל, נאָר א „מויל־אייזעל“! און דער אַנדערער האָט געזאָגט: וואָסער מויל־אייזעל? ס׳איז גאָר א קאַץ! דער דריטער האָט געזאָגט: ס׳איז א רוחניות, מע בעדאַרף דאָס היטען פון א ווינט, וואָרום א רעכטער ווינט קאָן דאָס חלילה אוועקטראָגען.

— וויפיעל קאָן דאָס אלט זיין? — האָט איינער א פרעג גע־טהאָן.

— מעהר וויפיעל כתריאל מיט כתריליכען אינאיינעם.

— מתושלח׳ס יאָהרען.

— מתושלח!

און פון דעמאָלט אָן איז איהם פערבליבען דער נאָמען „מתושלח“ עד היום הזה.

ז.

דערפאַר איז איהם אָבער געווען ביי כתריאל דעם וואַסער־פיהרער אזוי, ווי נאָך קיינמאָל נישט, אַפילו גאָר אין די גוטע יאָה־רען. ערשטענס, איז די אַרבייט עפּיס נאָר א געלעכטער און נע־נוג. שלעפּען א פעסעל וואַסער און ביי יעדער שטוב אָפּשטע־לען זיך — אויך מיר איין אַרבייט! און דער בעל־הבית איז עפּיס גאָר א דימענט. א מענש זאָל זיך ניט צוריהרען, קיין הויכען געשריי נישט טהון, האַלטען א בייטש פון יוצא וועגען! היינט דאָס עסען. אמת, קיין האָבער קוקט ער נישט אָן: נאָר צו וואָס

טויג איהם דער האָבער, אַז ער האָט במילא נישט מיט וואָס צו קייען? נישט גלייכער שוין די פּאָמעניצע מיט די ווייכע שטיק־לעך ברויט, וואָס כתריליכע טראָגט איהם אַלע טאָג אָקעגען? און נישט אַזוי די פּאָמעניצע, ווי דאָס דערלאַנגען די פּאָמעניצע. מע בעדאַרף זעהען, ווי כתריליכע שטעהט בשעת מעשה צענויפגע־לעגט די הענד אויפ'ן האַרצען און קלויבט נחת פון מתושלח'ן, ווי ער עסט דאָס, קיין עין־הרע ניט. קומט ביינאַכט, בעט מען איהם אויס אין הויף אַביסעל שפּרוי און מע געהט אַרויס אַלע מאָל אָדער כתריאל אָדער כתריליכע געוואָהר ווערען, צי מע האָט איהם חלילה ניט אָוועקגע'לקח'ענט. גאַנץ פריה, אַז גאָט אַליין שלאָפט נאָך, איז שוין כתריאל ביי'ם פערדעל. ער שפּאַנט דאָס איין פּאַוואָלינקע אין פעסעל, זעצט זיך אויף און פאָהרט צום טייך נאָך וואַסער און זינגט בשעת מעשה מיט אַ משונה־מאָדנעם ניגון:

א ש ר י  ה א י ש  א ש ר  ל א  ה ל ך . . .

„אַז וואָהל איז דעם מענשען, הייסט דאָס, וואָס געהט נישט צו־פוס"... און אַז ער גיסט אָן דאָס פעסעל מיט וואַסער, געהט ער שוין צוריקוועגס צו־פוס אָהן אַ ניגון, טיאָפּקעט גלייך מיט מתושלח'ן אין דער בלאָטע, דרעהט מיט דער בייטש: — „נו זשע, מתושלח, ריהר זיך, ריהר זיך!"

מתושלח שלעפט די פיס פון דער בלאָטע, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און חאַפּט אַ קוק מיט'ן איינציגען אויגעל אויפ'ן בעל־הבית און טראַכט זיך בשעת מעשה: „זינט איך בין אַ פערד, האָט זיך מיר נאָך ניט געטראָפען דיענען ביי אַזאַ משונה־מאָדנע בריאה!" און דאָס פערדעל איז זיך מיישב, טהוט זיך אַ רוק אויף די הינ־טערשטע פיס און שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ציקאַוועסט אין מיטען דער בלאָטע, ווי איינער רעדט: „אַנו, לאָמיר אינמיסטען זעהען, וואָס וועט זיין דערפון?"... דערזעהען, אַז דאָס פערדעל האָט זיך פּלוצים אַנידערגעשטעלט, הויבט אָן כתריאל אַרומדרעהען זיך אַרום פעסעל, בעטראַכטען די רעדער, די אַקסען, די שטריקלעך; און מתושלח, אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו כתריאל'ען און אַ מאַך

מיט די ליפּען, ווי אַ שמייכעל געטהאָן, טראַכט ער זיך: „אַ טפּש
אָט דער וואַסערפיהרער! אַ חושים, אַ פּראָסטע בהמה!"...

ז.

ס'זאָל כסדר זיין גוט אויף דער וועלט — דאָס איז נישט
פאַרהאַן. אויף וויפיעל מתושלח האָט זיך געפיהלט גליקליך אויף
דער עלטער ביי כתריאל'ען און כתריליכען, אַזוי פיעל איז ער
אויסגעריסען געוואָרען, אויסגעשטאַנען צרות, יסורים און בזיונות
פון זייערע קינדער, פון זייערע שכנים'ס קינדער און פון גלאַט
קינדער.

פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס מע האָט איהם געבראַכט צו
פיהרען, און קליינוואַרג האָט איהם דערזעהען, האָבען זיי בעקומען
צו איהם עפּיס אַ מין... נישט קיין שנאה חס ושלום — אדרבה, פער־
קעהרט, זיי האָבען איהם דוקא ליעב געהאַט; נאָר די דאָזיגע ליעב־
שאַפט איז געוועזען פאַר מתושלח'ן אַ שחיטה. הלואי וואָלטען זיי
איהם בעסער ווינציגער ליעב געהאַט און אַביסעלע מעהר אויף
איהם רחמנות געהאַט...

דאָס ערשטע האָבען איהם כתריאל'ס קינדער, באַרוועסע תלמוד־
תורה־יונגלעך, אויסגעפּרובט, אַז קיינער האָט ניט געזעהען, צי
פיהלט ער אַזוי, ווי אַ מענש, צי ניין? האָבען זיי איהם געפּרובט
פון דער גרינג מיט אַ שטעקעל איבער דער פעל — ניין; אַ קיצעל
איבער די פיס — ניין; אַ שנאָל איבער'ן אויהער — קוים־קוים.
ערשט נאָכדעם, אַז זיי האָבען איהם געפּרובט מיט אַ שטרויעלע
איבער'ן ווייסען אויגעל מיט דער בעלמע, האָבען זיי ערשט דער־
מאָלט דערזעהען, אַז ער פיהלט ווי אַ מענש, מחמת ער האָט געגע־
בען אַ פינטעל מיט די אויגען און אַ מאַך מיט'ן קאָפּ, הין און צור־
ריק, ווי איינער רעדט: „ניין, דאָס ניט, דאָס געפעלט מיר ניט"...
ווי באַלד אַזוי, האָבען זיי שוין דערטאַפּט אַ ריטעל פון אַ בעזעם
און האָבען איהם אַריינגערוקט טיעף אין נאָז אריין. האָט מתושלח
געגעבען אַ שפּרונג און אַ טאַנץ און אַ פּאַרשקע מיט דער נאָז. איז
אַרויסגעלאָפען כתריאל מיט אַ גוואַלד:

— שקצים, עכברושים, וואָס פּאַרעט איהר זיך מיט׳ן פערד? אין חדר אַריין, הולטייעס!

און חברה האָבען גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און זענען אַוועק אין חדר, דאָס הייסט, אין דער תלמוד־תורה אַריין.

## ח.

דאָרט, אין דער תלמוד־תורה, איז געווען איינער אַ ראוב׳על׳ע, אַ ספּירטאָווע יונגעל, אַ מזיק, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אויף איהם האָט זיין אייגענע מאַמע אַליין געזאָגט, אַז „אַזעלכע קינדער זאָל מען גדיכט זעען און שיטער אויפגעהען". זיין עובדה איז געווען: איינעסען זיך איטליכען בעזונדער אין די ביינער אַריין. וואו אַ בוידעם, וואו אַ קעלער — איז ער געווען אויסען. טרייבען היהנער, גענז אָדער קאַטשקעס, שרעקען ציעגען, מוטשען קעץ, שלאָגען הינד, פון חזירים שמועסט מען ניט — דאָס איז ביי איהם געווען דאָס חיות! די קלעפּ פון דער מאַמע, די שמיץ פון׳ם תלמוד־תורה־מלמד און די פּעטש פון ווילד־פרעמדע זענען געווען אַרויסגעוואָרפען, און די קללות, וואָס מע האָט אין איהם אַריינגעלעגט — ווי איין אַרבעס אין וואַנד אַריין. אָט, דאַכט זיך, האָט מען איהם געפּאַטשט, אָט, דאַכט זיך, האָט ער געוויינט מיט טרערען, זיך נאָר אָפּגעקערעוועט אָן אַ זייט — אהא! ראוב׳על׳ע האָט שוין אַרויסגעשטעלט אַ צונג, געמאַכט אַ וויינשעל׳ע פון דער אונטערשטער ליפּ, אָדער אַ פּאַחיר פון די באַקען. און צוויי באַקען האָט ער געהאַט, ווי די פּאַמפּעשקעס. געווען תמיד געזונד און שטענדיג פריילך; דאָס וואָס די מאַמע איז אַ וויסטע אַלמנה און מוטשעט זיך, ווי אויפ׳ן טוידט, און צאָהלט פאַר איהם אַ קערבעל אַ זמן שכר־למוד — דאָס איז ניט זיין עסק.

אַז ראוב׳על׳ע איז געוואָהר געוואָרען פון כתריאל׳ס קינדער, אַז זייער טאַטע האָט געבראַכט צו פיהרען פונ׳ם יריד אַ פערדעל און סע הייסט מתושלח, איז ער אויפגעשפּרונגען אויף אַ בענקעל,

ג וויש געטהאָן דאָס נעזעל מיטביידע הענד הין און צוריק און אויסגערופען בקול רם:

— קינדער, מיר האָבען שוין אַ „שמיטשיק"!

צו בעמערקען, אַז ראוב'עלע האָט פון קינדוויז אָן ליעב גע־האָט כלי־זמר, אויסגעגאַנגען נאָך אַ פיעדעל, טאַקי ממש עס האָט זיך איהם געעקט דאָס חיות, אַז ער האָט דערהערט שפּיעלען. און דערצו האָט ער געהאַט אַ שען קול'כעל, געקענט אַלע ניגונים אויף אויסווענינ. ער האָט גאָר אַנדערש ניט גערעכענט, אם ירצה השם, אַז ער וועט אויסוואַכסען אַ גרויסער, וועט ער זיך קויפען אַ פיעדעל און וועט שפּיעלען טאָג ווי נאַכט אויפ'ן פיעדעל. דער־וויל האָט ער זיך געמאַכט פון אַ שטיק האָלץ אַ קליין פיעדעלע, מיט פאָדעם אויפ'ן אָרט פון סטרונעס, דערביי געהאַפּט גוטע קלעפּ פון דער מאַמען.

— אַ כלי־זמר וועט פון דיר אויסוואַכסען? ניט דערלעבען זאָל איך דאָס!

פאַרנאַכט, אַז חיים־חנא דער תלמוד־תורה־מלמד האָט צעלאָזט די תלמידים, זענען זיי אַלע געגאַנגען מקבל־פּנים זיין כתריאל דעם וואַסערפיהרער'ס פערדעל. דער ערשטער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג ראוב'עלע, אַז דאָס פערדעל איז איין אויסגעצייכענט פער־דעל, עס וועט געבען סטרונעס פונ'ם וויידעל וויפיעל מע וועט בע־דאַרפען. אַ סימן, אָט וועלען מיר באַלד אַ פּרוב טהון!

און ראוב'עלע האָט זיך פער'גנב'עט צו מתושלח'ן פון הינטען און האָט אָנגעהויבען שלעפּען ביי איהם האָר פונ'ם וויידעל. כל זמן ראוב'עלע האָט געשלעפּט די האָר איינציגוויז, איז מתושלח געשטאַנען רוהיג, ווי איינער רעדט: „אַ האָר פונ'ם וויידעל? וואָס קאָן דאָס מיר שאַדען? טאַ, אויך די אייגענע מעשה, וועט זיין ווינציגער מיט אַ האָר!"... נאָר אַז ראוב'עלע האָט זיך צוגעהאַפּט צום וויידעל, אָנגעהויבען רייסען מיט אַ מאָל אַ גאַנצען זשמוט, האָט דאָס שוין מתושלח'ן גוט פערדראָסען, ווי איינער רעדט: „לאָז אריין אַ חזיר אין שטוב, קריכט ער אויפ'ן טיש"... און נישט

לאנג געטראכט, האָט ער דערלאַנגט ראוב'עלען מיט דעם אונטער־טען פּוס גלייך אין די צייהן אריין און האָט איהם צעהאַקט די ליפּ אויף צוויי.

— אַ מצוה, אַ דונער איז מיר! זעהר רעכט, אַ שלאַק איז מיר! קריך נישט, וויסט איז מיר!

אזוי האָט געזאָגט די מאַמע זיינע, יענטע די לעפּטשיכע, גע־לעגט איהם קאַלט וואַסער צו דער צעהאַקטער ליפּ, געוויינט, גע־בראָכען די הענד, געלאָפען צו חיענע דער רופא'טע, איינגעלעגט די וועלט.

ט.

ראוב'על איז געווען, ברוך השם, אזא קינד, וואָס אַלסדינג האָט זיך אויף איהם פערהיילט גיך, „ווי אויף אַ הונט". איידער מע האָט זיך אַרומגעקוקט, איז שוין די ליפּ ביי איהם וויעדער צע־נויפגעוואַכסען געוואָרען, גלייך ווי גאָרנישט געווען, און ער האָט צוגעטראַכט נאָך אַ נייע זאַך: מע בעדאַרף זיך אַ מאָל דורכפאָה־רען רייטענדיג אויף מתושלח'ן, און דוקא אַלע תלמוד־תורה־יונג־לעך מיט אַ מאָל. נאָר ווען און ווי אַזוי מאַכט מען דאָס אָפּ, אַז קיינער זאָל ניט וויסען? איז ראוב'על געפאַלען אויף אַ שכל, אַז דאָס איז גוט נאָר שבת בייטאָג, בשעת דער עולם עסט־אָפּ און לעגט זיך שלאָפען, דעמאָלט חאַטש נעם און טראָג ארויס גאַנץ כתרילעווקע מיט האַק און פּאַק. האָט זיך אפילו איינער, אַ תלמוד־תורה־יונגעל, געשטעלט אַקעגען: „ווי אַזוי פאָהרט דאָס אַ איד אים שבת?" האָט איהם ראובע'לע דערויף געענטפערט: — „בהמה! דאָס הייסט דען געפאָהרען? דאָס ווערד אָנגערופען גע־שפּיעלט זיך"...

ס'איז געקומען שבת בייטאָג, דער עולם האָט אָפּגעגעסען, געלעגט זיך שלאָפען, און כתריאל מיט כתריליכען בתוכם, האָבען זיך חברה פּאַוואָלי אריינגעגנב'עט צום וואַסערפיהרער אין הויז אריין, און ראוב'על האָט גענומען אויספּוצען מתושלח'ן ווי ווייט

מענליך. קודם כל האָט ער איהם פערפלאָכטען די גריווע, געמאַכט עטליכע צעפּלעך, בעפּוצט מיט שטרויעלעך; נאָכדעם האָט ער איהם אָנגעטהאָן אויפ'ן קאָפּ אַ ווייסען פּאַפּיערענעם ספּאָדיק, צו־געבונדען אויפ'ן האַלז מיט בענדלעך; און אחרי ככלות הכל האָט ער איהם אָנגעהאַנגען פון הינטען איין אַלטען בעזעם, בכדי דער ווײַדעל זאָל אויסקומען שענער און לענגער. און חברה האָבען אָנגעהויבען זעצען זיך, קריכען אויף מתושלח'ן איינס איבער'ן אַנדערען; ווער עס האָט פערחאַפּט איין אָרט פריהער, דער איז געזעסען אויפ'ן פערד, און די איבעריגע ווילען זיך שוין זעצען נאָכדעם. נאָר דערוויל זענען זיי נאָכגעגאַנגען פון הינטען, געהאַלפען אונטערשרייען מתושלח'ן, ער זאָל געהן אַביסעל גיכער, און געזונגען:

„ככה יעשה לסוס אשר ראוב'על חפץ ביקרו!“

מתושלח האָט אָבער קיין חשק ניט געהאַט לויפען און איז זיך געגאַנגען טריט ביי טריט, וואָרום, ערשטענס, וואָס האָט ער קיין צייט ניט? והשנית, איז דאָך עפּיס היינט אַ טאָג פון רוהען! ראוב'על האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו טרייבען דאָס פערדעל, נאָקען, וויאָקען און טיוקען און שרייען מיט אַלע כחות אויף דער איבעריגער חברה:

— אַ רוח אין אייער טאַטענס טאַטען אריין, וואָס שווייגט איהר?!

און מתושלח איז זיך אַלץ געגאַנגען טריט ביי טריט, זיך גע־טראַכט בשעת מעשה: „קונדסים שפּיעלען זיך, טאַ, לאָזען זיי זיך שפּיעלען“...

נאָר אַז חברה האָבען איהם שטאַרק אָנגעהויבען דעקוטשען, אונטערטרייבען און מאַכען מיט די הענד, האָט מתושלח אָנגעהויבען געהן גיכער, און אַז ער האָט אָנגעהויבען צו געהן גיכער, האָט איהם הינטען דער בעזעם אָנגעהויבען שלאָגען אין די פיס אריין; האָט ער אָנגעהויבען לויפען נאָך גיכער, האָט איהם דער בעזעם אָנגעהויבען צו שלאָגען נאָך שטאַרקער; האָט ער אָנגעהויבען

שפּרינגען, האָבען חברה געקווועלט, און ראוב'על'ע האָט זיך אונטער־געהעצקעט און געשריגען: האָפּ־האָפּ־האָפּ! אזוי לאַנג געהאָפּקעט, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען פאַלען איינציגווייז, ווי די האַלעשקעס. און אז מתושלח האָט זיי אַלעמען אראָפּגעוואָרפען און דערפיהלט, אַז ער איז פריי, האָט ער ערשט דעמאָלט אָנגעהויבען לויפען משוגענערווייז, און איז געשמיידיג געלאָפען און געלאָפען ביז אויף יענער זייט מיהלען, העט־העט הינטער דער שטאָדט ארוים.

דערזעהען לויפען אַ משונה־מאָדנע פערדעל מיט אַ פּאַפּיערענעם ספּאָדיק, האָבען די שקצים די פּאַסטוכער נעמאַכט אַ העץ אויף איהם, אָנגעהויבען איהם נאָכלויפען, וואַרפען מיט שטעקענס, און האָבען אָנגערייצט אויף איהם די הינד. יענע, די כלבים הייסט דאָס, האָבען זיך דוקא ניט געלאָזט לאַנג בעטען און האָבען גע־נומען יאָגען זיך נאָך איהם, בייסען און רייסען; עטליכע האָבען איהם אָנגענומען הינטען, ביי די ליטקעס; עטליכע האָבען איהם אָנגעהאַפּט פון פאָרענט, ביי'ם נאָרנעל. מתושלח האָט אַזש אָנגע־הויבען חראָפּען. אזוי לאַנג, אזוי ברייט — ביז זיי זענען איהם דערגאַנגען דעם עק.

**י.**

אויף מאָרגען האבען שוין חברה נעהאַט זייער עהרליך אויס־קומעניש. אחוץ דעם, וואָס זיי האָבען זיך צעשלאָגען די נעז און צעביילט די שטערנס פון'ם פאַלען, האָבען זיי געהאַפּט פּעטש אין דערהיים און שמיץ פון חיים־חנא דעם מלמד. און מעהר פון אַלעמען האָט געלייזט, געוויינטליך, ראוב'על'ע, מחמת אַלע איבעריגע יונגלעך, אז מע האָט זיי געשמיסען, האָבען זיי חאָטש געוויינט, און ראוב'על'ע האָט, פערקעהרט, נאָר געלאַכט. האָט מען דאָך איהם נאָך מעהר געקאַטעוועט; נאָר וואָס מעהר מע האָט איהם געשלאָגען, האָט ער מעהר געלאַכט, און וואָס מעהר ער האָט געלאַכט, האָט מען מעהר געשלאָגען, — אזוי לאַנג, ביז חיים־חנא דער מלמד האָט זיך אַליין אויך צעלאַכט, און אויף איהם קוקענדיג —

אַלע תּלמידים. ס'איז געוואָרען אַזאַ געלעכטער, אַז אַלע שכנים זענען זיך צעגויפגעקומען, און גלאַט מענשען, אידען און ווייבער, יונגלעך און מיידלעך פון דער גאַס: „וואָס איז? וואָס איז דער געלענדער? וואָס לאַכט מען וואָס?“ האָט זיי קיינער נישט געקאָנט ענטפערען קיין וואָרט, מחמת מע האָט זעהר שטאַרק געלאַכט. האָבען יענע, די פרישע מענשען, זיך אויך אָנגענומען פון'ם געלעכטער און האָבען אויך אָנגעהויבען צו לאַכען; האָבען יענע, די ערשטע, אָנגעהויבען לאַכען נאָך שטאַרקער, און יענע, די פרישע, אויף זיי קוקענדיג, נאָך שטאַרקער, — הכלל, מע האָט זיך פשוט געקאַטשעט אויף די בייכער, געהאַלטען זיך ביי די זייטען לאַכענדיג.

*

נאָר צוויי מענשען האָבען נישט געלאַכט. דאָס זענען געווען: כתריאל דער וואַסערפיהרער און זיין ווייב כתריליבע. אַ קינד, חלילה, אַז עס געהט אוועק פון אַ שטוב, ווייס איך ניט, אויב מע בעדאַרף אַזוי פיעל וויינען, וויפיעל כתריאל מיט כתריליבען האָבען געוויינט אויף זייער גרויסען שאָדען, אויף זייער אָרעם פערדעל געבאָך, אויף מתושלח'ן.

# כַּפָּרוֹת

### א.

**דעם ערשטען טאָג ראש השנה נאָך, אַז דער עולם איז געגאַנ־גען** צו תשליך, האָט מען געקאָנט בעמערקען אַ מחנה עופות, היהנער, אַלטע קוואָקעס און יונגע היהנדלעך מיט האָהנעכלעך לויפען אין די הינטערגעסלעך, אויסגעצויגען די קעפּלעך, מאַכען פּאָל־קעס, הויבען פּיסלעך, שפּרינגען־אונטער עפּיס מיט אַ מין אימפּעט, און אַלץ אַהין, ווייט, הינטער דער שטאָדט אַרויס. אַ חדוש איז דאָס געווען, נאָר קיינעם איז נישט איינגעפאַלען אָפּשטעלען זיך נאָכ־קוקען, וואו אַהין לויפען דאָס די דאָזיגע נאַרישע עופות.

ערשט שפּעטער, אין די עשרת ימי תשובה אַריין, האָט מען אָנגעהויבען זיך אַרומקוקען, אַז די שטייגען זענען אָפּען, און וואו ס'איז געווען ערגיץ איין עוף איז דאָס אַרויסגעפלויגען — און געה זוך מיך! איז געוואָרען אַ גוואַלד: „סטייטש, מיט וואָס וועט מען שלאָגען כפּרות?" איבערהויפּט האָבען איינגעלעגט די וועלט די ווייבער; פאַר אַ ווייסע כפּרה וועט אייך אַ ווייב זיין די כפּרה, זי מעג זיין אַפילו אַ „מאַדאַם", מיט אַ הוט און מיט אַ פּאָרטע־פּיאָן... משוגענערווייז זענען זיי געלאָפען אין מאַרק אַריין, גרייט געווען צאָהלען אין טאָג אַריין, אַבי צו קריגען כפּרות; אויב ניט קיין ווייסע הוהן, לאָז זיין אַ ראָבע, אַ שוואַרצע, לאָז זיין אַ רויטער האָהן — אַבי אַ כפּרה! און ווי אויף־צו־להכעיס, איז נישט געווען אין מאַרק, איהר זאָלט זאָגען, איין עוף אויף אַ רפואה. דאָס הייסט, ס'איז געווען עופות אין מאַרק, נאָר נישט אַזעלכע, וואָס מע זאָל

מיט זיי קאָנען שלאָגען כפּרות. צום ביישפּיעל: קאַטשקעס זענען געווען מיט גראָבע פּופּקעס, גענז מיט פעטע בייכלעך, אינדיקעס, אָנגעבלאָזענע מיוחסים, מיט אַראָפּגעלאָזענע שנאָבלען, ווייסע, רייַנע אומשולדיגע טייבעלעך האָט מען געהאַפּט און אַרויסגעטראָגען אויף צו פערקויפען. ס'איז אָבער אַלץ נישט דאָס, וואָס מע בעדאַרף. אויף כפּרות דאַרף מען עופות, און קיין עופות איז נישטאָ, חאָטש נעמט לעגט זיך און שטאַרבט!

וואו זענען אַהינגעקומען אַלע עופות?

לייענט, זייט מוחל, ווייטער, וועט איהר הערען אַ שענס.

ב.

העט־ווייט הינטער דער שטאָדט, אַזש אויף יענער זייט מיהלען, האָט זיך געטהאָן חושך; דאָס גאַנצע פעלד איז געווען פול מיט היהנער, העהנער, אַלטע קוואָקעס און קליינע היהנדלעך. דאָס קרעהען פון די העהנער, דאָס קוואָקען פון די היהנער און דאָס פּישטשען פון די קליינע היהנדלעך איז געווען אַזוי גרויס, אַז מע האָט געקאָנט טויב ווערען. אַלע האָבען זיך געשטופּט און געקוועטשט אַהין, אויבען־אָן. און דאָרט, אויבען־אָן, ליגט איין אַלטער אויסגעהאַקטער בוים, און אויף דעם דאָזיגען אַלטען אויסגעהאַקטען בוים פליהט אַרויף גאָר אַ יונגער האָהן, טהוט אַ פּאַטש מיט די פליגלען און הויבט אָן צו קרעהען:

— קוקאַריקו, רבותי! הערט־צו וואָס איך וועל אייך זאָגען! אייך איז ידוע דער שענדליכער מנהג פון בעלי־בתים: אַלע יאָהר, אַז עס קומט אין דער צייט, פאַלט־אָן אויף אונזערע בעלי־בתים און אויף די בעלי־בית'טעס עפּיס אַ מהומה, דער שוואַרצער יאָהר זאָל זיי וויסען! זיי האַפּען אונז פון די סידעלים, שלעפּען אונז אַרויס איינציגווייז פון די שטייגען, בינדען אונז און דרעהען אונז איבער'ן קאָפּ, בעבען עפּיס בשעת מעשה פון אַ סדור, דער רוח ווייסט זיי וואָס, און טהוען אונז אַ שליידער אונטער'ן טיש און נעמען און טראָגען אונז אַוועק צום שוחט, און דאָרט מאַכט ער אונז די

שפּיעל, — עס ווערד אָנגערופען ביי זיי „כפרות“... געפעלט אייך אביסעל איין עובדה? וואָס זאָגט איהר אויף דעם בזיון? ברידער! ביז ווי לאַנג נאָך וועלען מיר שווייגען? צייט מיר זאָלען מאַכען איין עק מיט דעם שענדליכען מנהג פון כפרות! לאָמיר זיך שטע־לען איין מאָל פאַר אַלע מאָל: וואָס איהר ווילט טהוט מיט אונז — קיין כפרות וועלען מיר ביי אייך נישט זיין! אויס כפרות!

— קאַ־קאַ־קאַ! — חאַפּען אונטער אַלע עופות מיט אַ מאָל. — אויס כפרות!

— קוקאַריקו! גערענקט־זשע, געטרייע ברידער און ליעבע שוועסטער, צי זענט איהר בעוואָהרענט אין זיך, אַז איהר וועט ביישטעהן קעגען דעם נסיון? צי וועט איהר זיך נישט לאָזען פיה־רען אין באָד אריין? מע וועט זיכער קומען און פאָרלעגען אייך פּראָסע, אָדער הירזש, און איך קען דאָך אייך, זולל־וסובא'ניקעס, אַז פאַר אביסעל פּראָסע און פאַר אַ הירזשעל וועט איהר אוועקגע־בען דריי שאָק אייער...

— קאַ־קאַ־קאַ! חס ושלום! מע זאָל אונז געבען גאָלד! קאַ־קאַ־קאַ!

— קוקאַריקו! גערענקט־זשע נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל: איהר זאָלט זיך האַלטען שטאָהל און אייזען! און טאָמער וועט מען אייך וועלען חאַפּען, זאָלט איהר זיך נישט לאָזען. די אויגען זאָלט איהר זיי אויספּיקען! איהר זאָלט זיך נישט לאָזען, איהר הערט? איין עק! אַ סוף! אויס כפרות!

— קאַ־קאַ־קאַ! קאַ־קאַ־קאַ! אויס כפרות!

ג.

און אין שטאָדט איז געווען חושך. אַ רעש, אַ טומעל, אַ גע־רודער. די גאַנצע וועלט האָט זיך געוויעגט. בעלי־בתים האָבען אָפּ־געשטעלט איינס דאָס אַנדערע, גערעדט, געקנייטשט מיט די פּלייצעס, געמאַכט מיט די הענד.

— וואָס זאָגט איהר דערויף?

— יאָ, אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע!

— אַזאַ מעשה טרעפט זיך איין מאָל אין טויזענד יאָהר!

אַזוי האָט מען געשמועסט אין שטעדטעל, און ס'איז געבלי־בען, אַז די ווייבער זאָלען זיך מטריח זיין הינטער דער שטאָדט אַרויס, צו פערנאַרען די עופות צוריק אין שטייג אַריין. דערויף זענען זיי דאָך ווייבער, בעלי־בית'טעס! און די ווייבער האָבען געטהאָן דעם רצון פון זייערע מאַנען: מיטגענומען מיט זיך ווער אַביסעל פּראָסע און ווער אַביסעל הירזש, ווער אַ זיפּ און ווער אַ זאַק, און מע האָט זיך געלאָזט הינטער דער שטאָדט אַרויס, צו פערנאַרען און חאַפּען די עופות און פערוואַרפען זיי צוריק אין שטייג אַריין.

— ציפּ־ציפּ־ציפּ־ציפּ־ציפּ! — האָבען די ווייבער פּאַוואָלינקע זיך צוגערוקט צו די עופות, זיך צוגעזעצט צו דער ערד און אויס־געשאָטען זיי דאָס ביסעל פּראָסע מיט'ן ביסעל הירזש. — טיו־טיו־טיו־טיו... סילאַ־סילאַ־סילאַ־סילאַ...

און נאָך אַזעלכע מינים שפּריכווערטער האָבען די ווייבער בע־נוצט, כדי צו פערנאַרען די עופות.

דערזעהען פּראָסע און דערשמעקט הירזש, האָבען זיך די אויס־געהונגערטע עופות אַ לאָז געטהאָן, און עס איז אין איין כהרף־עין דאָס ביסעל פּראָסע מיט'ן ביסעל הירזש אויסגעפּיקט געוואָרען, נישט געבליבען אַ קערענדעל אפילו, נאָר חאַפּען האָבען זיי זיך נישט געלאָזט בשום אופן.

אַ פּאָר ווייבער איז אַפּילו יאָ געראָטען צודעקען עטליכע קליי־נע היהנדלעך מיט אַ זיפּ; האָבען זיך די עלטערע קוואָקעס מיט די העהנער איינגעשטעלט פאר זיי, אַרויפגעפאַלען אויף די ווייבער, געשפּרונגען זיי גלייך אין פּנים אַריין, שיער נישט אויסגעפּיקט די אויגען; די ווייבער זענען קוים אַנטלאָפען מיט'ן לעבען.

געקומען אַהיים און דערצעהלט פאר די מאַנען די דאָזיגע מעשה, איז צווישען די מאַנסבילען געוואָרען זעהר אַ גרויס גע־

לעכטער. מע האָט זיך פּשוט געקאַטשעט, געהאַלטען זיך ביי די זייטען.

— חאַ־חאַ־חאַ, שטיות! איהר זענט דאָך ערגער פון די עופות, כלעבען! איהר האָט אמאָל געהערט, אז איין עוף זאָל גובר זיין אַ מענטשען? טפּשות, חאַ־חאַ־חאַ!

— ווייסט איהר וואָס? — האָבען געזאָגט די ווייבער. — אז איהר זענט יאָ אזעלכע בריות, טאָ געהט שוין בעסער איהר אַליין, האַלט מלחמה מיט די עופות! באַווייזט שוין איהר אַליין אייער בריה׳שאַפט!

און די מאַנסבילען האָבען גענומען די שטעקעלעך אין די הענד און זענען אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָדט זעהן, וואָס טהוט זיך דאָרטען מיט די עופות.

ד.

מאַנסבילען זענען פאָרט מאַנסבילען, נישט קיין ווייבער. מאַנס־בילען האָבען אין זיך גאָר איין אַנדערען כח. מאַנספאַרשוינען!...

דערזעהען פון דערווייטענס די מחנה עופות, זענען זיי גע־פאַלען אויף איין אויבער־הסברה און האָבען זיך פער׳גנבה׳ט שטי־לערהייד הינטען־אַרום, פון יענער זייט עופות, אויפגעהויבען אַלע מיט אַ מאָל די שטעקענס און אָנגעהויבען זיי טרייבען אהיים מיט קלוגשאַפט:

— קיש־קיש! דאָ דאָמאו! קיש־קיש! קיש־קיש־קיש־קיש!...

דער „קישקיש“ האָט זיי אָבער געהאָלפען, ווי אַ טוידטען באַנ־קעס. די גאַנצע מחנה עופות, די העהנער מיט די היהנער, די אַלטע קוואָקעס מיט די קליינע היהנדלעך, האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן מיט אַ מאָל צו די מאַנסבילען, געשפּרונגען זיי גלייך אין פּנים אריין, געפּיקט אין די פּיאַטעס, געריסען די קאַפּאָטעס, געפּליקט די בערד, בשעת מעשה געקרעהט און געקוואָקעט און געפּישטשעט. פעדערען זענען געפלויגען אין דער לופטען, ווי שניי, ס׳איז געוואָרען פינס־טער אויף דער גאַס — איין אמת׳ע מלחמה!

אַ סך עופות זענען טאַקי אין דער דאָזיגער מלחמה געפאַלען טוידט, צעטראָטען פון זייערע אייגענע ברידער און שוועסטער און צעשלאָגען פון די שטעקענס. עס זענען אָבער אויך אַ סך מאַנס־בילען גע׳מזיק׳ט געוואָרען, פערוואונדעט, פערבלוטיגט די הענד און די פּנימ׳ער. איינעם האָט מען אויסגעפּיקט איין אויג, איינעם — אַ שטיק נאָז, איינעם האָט מען געלעבערט אַ באַק, עס האָבען זיך ארויסגעזעהען די באַקציינער, און בלוט, בלוט האָט גערונען פון ביידע צדדים. מי יודע, וואָס עס וואָלט געווען דער סוף, ווען די מאַנסבילען ווארפען נישט אוועק די שטעקלעך, פערקאַטשען נישט די פּאָלעס און לאָזען זיך נישט לויפען הענדום־פּענדום צוריק אין שטאָדט אריין.

דערזעהען די צעשלאָגענע, צעבלוטיגטע בעלי־בתים מיט די צעפּליקטע קאַפּאָטעס, זענען די ווייבער געווען מלא גדולה:

— נו, פאַר וואָס לאַכט איהר נישט אַצינד? בריות! מאַנס־בילען! זכרים! מאַנספּאַרשוינען!...

ה.

„אז מע קאָן נישט אריבער, מוז מען ארונטער", — אזוי האָ־בען געזאָגט די בריות די מאַנסבילען, געווען צופרידען, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ גלייכוווערטעל, און מע האָט זיך צענויפגע־זאַמעלט ביי׳ם רב אויף איין אסיפה, לאַנג גערעדט, געפּלאַפּעלט און געבעבעט, און ס׳איז געבליבען, מע זאָל שיקען אַ דעפּוטאַציע צו די עופות און פרעגען זיי מיט גוטען: וואָס ווילען זיי? אויס־געקליבען האָט מען, געוויינטליך, די נגידים מיט די בעלי־בתים חשובים, מיט די רבנים, מיט די דיינים און חזנים און מיט די שוחטים, און מען איז ארויס הינטער דער שטאָדט שוין אָהן כלי־זין, אָהן שטעקענס, און דער רב האָט זיך ארויסגעשטעלט אויף צופריהער און האָט אויסגערופען צו די עופות בזה הלשון:

— שמעו נא, רבותים, הערט אויס, עופות! זאָגט, וואָס ווילט איהר? זאָגט, מיר הערען אייך מיט קאָפּ, און אויב אייער פאַר־

לאנג איז נאָר מיט אַ גאַנג, וועט מען אייך געווים ממלא זיין, אם ירצה השם.

איז געוואָרען אַ געשריי צווישען די עופות מיט אַ קרעהעריי און מיט אַ קוואָקעריי און מיט אַ פּישטשעריי, אַז מע האָט נישט געהערט אַ וואָרט. רופט זיך אָן צו זיי דער רב :

— ווייסט איהר וואָס, עופות ? פון אייער שרייען, וואָס איהר שרייעט דאָ אַלע אינאיינעם, וועט קיין גוטס נישט אַרויס. אַמעהר, פאָלגט מיך, אַט האָט אונז דער עולם אויסגעקליבען פאַר שתדלנים, דעפּוטאַטען — קלויבט אייך אויך אויס פון זיך אַ דעפּוטאַציע, נאָר עפּים פיינע, לייטישע עופות, ס'זאָל זיין מיט וועמען צו רעדען אַ וואָרט. געפינען זיך ניט ביי אייך אַ פּאָר אינדיקעס, גענז אָדער קאַטשקעס ?

— האָל־דער ! האָל־דער ! האָל־דער ! — האָט זיך אָנגערופען איין־און־איינציגער אינדיק, וואָס האָט זיך פערשלעפּט אַהער מיט די עופות, און האָט זיך אָנגעבלאָזען ווי אַ מחותן, אַראָפּגעלאָזט דעם שנאָבעל, בעוויזען, אַז ער איז דאָ און איז גרייט צו זיין אַ שתדלן פאַר קהל.

— גאָ־גאָ־גאָ ! — האָט זיך געלאָזט הערען אַ קול פון איין אַלטען גאַנער, און איהם האָבען אויך געהאָלפען דאָס גאַנצע בינ־טעל גענז, זיינע קעבסווייבער.

— קוואַ ! קוואַ ! ! קוואַ ! ! ! — האָבען אונטערגעהאַפּט עט־ליכע קאַטשקעס, מורא'דיגע שרייערינס, צו בעוויזען, אַז זיי זע־נען אויך דאָ צווישען די עופות. איז אָבער אַרויסגעשפּרונגען אַ רויטער האָהן איין עזות־פנים און האָט אויסגעשריגען :

— קוקאַריקו ! עופות ! אויב איהר ווילט, מע זאָל אייך פער־קויפען פאַר אַ קאַרץ האָבער, זאָלט איהר זיך איבערגעבען אין די הענד פון די דאָזיגע אָנגעבלאָזענע מחותנים די אינדיקעס, אָדער צו די מיוחסים די גענז, וואָס זייערע עלטער־זיידעס האָבען אַמאָל אָפּגעראַטעוועט די שטאָדט רוים, אָדער צו די פּרעסערינס, די בּלעטניצעס, די קאַטשקעס. מיט זיי שלאָגט מען קיין כפרות

נישט, טאָרען זיי נישט מישען זיך! עופות זענען מיר, כפרות שלאָגט מען מיט אונז, בעדאַרף מען אונז קלויבען פאַר דעפּוטאַטען!

— קאַ־קאַ־קאַ־קאַ! אמת, אמת, ווי מיר היהנער זענען! — האָבען אונטערגעהאַלטען אַלע עופות אין איין קול, און עס איז געוואָרען נאָך אַ גרעסער געשריי מיט אַ גרעסערען טומעל; די עופות האָבען געגאָגאַטשעט אַלע אינאיינעם, געשפּרונגען איינס אַקעגען דאָס אַנדערע, געפּיקט זיך אין די קעפּלעך, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז עס איז אַרויסגעטראָטען פון זיי אַ דעפּוטאַציע: אַ צוויי־דריי גאַלאַגאַנסקי העהנער מיט היבשע בערד, און אַ פּאָר שענע געוויינטליכע היהנער און עטליכע יונגע האָהנעכלעך, גרויסע שרייערס מיט גאָר יונגע קול'כלעך. — און צווישען ביידע דעפּוטאַציעס האָט זיך אָנגעהויבען אַ געשפּרעך, וואָס ווערד בעשריבען אין קאַפּיטעל ז.

ז.

ד י ב ע ל י ־ ב ת י ם: בכן, זאָגט וואָס ווילט איהר, היהנער? רעדט ווערטער!

ד י ע ו פ ו ת: וואָס זאָלען מיר וועלען? מיר ווילען נישט זיין פאַר אייך די כפרה; מיר געבען אייך אַוועק אונזער פלייש, אונזערע פעדערען, אַלץ וואָס איהר ווילט, נאָר קיין כפּרות זאָלט איהר מיט אונז נישט שלאָגען!

ד י ב ע ל י ־ ב ת י ם: סטייטש, מיר זענען דאָך עפּיס אידען, מיר מוזען דאָך שלאָגען כפרות!

ד י ע ו פ ו ת: אַזוי גאָר? וואו שטעהט דאָס געשריבען?

ד י ב ע ל י ־ ב ת י ם: וואו סע שטעהט געשריבען? וואָס איז שייך, המ... וואָס איז אייער עסק, וואו סע שטעהט געשריבען? ס'איז ביי אונז אַ מנהג ישן, איין אַלטער מנהג פון קדמונים. מאָד־נע עופות איהר זענט! אַז מע קוילעט אייך אַזוי און מע בראָט אייך און מע עסט אייך, איז אייך גרינגער? וואָס אַהרט עס אייך, אַז אידען פאַררייענען מיט אייך אַ מצוה?

די עופות: פארהאן ביי אייך זעכס הונדערט דרייצעהן מצוות.

די בעלי־בתים: און דאס, וואס מע זאגט מיט אייך דריי מאל „בני־אדם“, איז ביי אייך גארנישט?

די עופות: איהר זאלט אזוי וויסען פון געבראטענס, ווי מיר ווייסען, וואס ביי אייך אין „בני־אדם“ טהוט זיך!

די בעלי־בתים: און די ברכה, וואס דער שוחט מאכט אויף אייך?

די עופות: לאז ער בעסער מאכען א ברכה אויף א דונער!

די בעלי־בתים: און דאס, וואס אידישע קינדער פאר־פאסטען זיך און פאסטען־אפ מיט אייך אזא הייליגען תענית, ווי יום כפור?

די עופות: וואס זשע איז עפּיס געפאלען דער גורל אויף אונז, ארעמע עופות? ווינציג פוילע גענז, פעטע קאטשקעס מיט גראבע בייכלעך, אינדיקעס מיוחסים דרעהען זיך ארום ביי אייך אויף דער וועלט, וואס טהון טהוען זיי גארנישט, נאר מע פרעסט און נאר מע זויפט און מע פאליאסקעט זיך אין אלע קאליזשעס?...

די בעלי־בתים: גענז קוילען מיר חנוכה און פרעג־לען פון זיי שמאלץ אויף פסח, קאטשקעס בראטען מיר אזוי, אינ־דיקעס האדעווען מיר אויף יום־טוב, און אייך דארפען מיר אויף כפרות. זייט זשע נישט קיין עזות־פנימ'ער — עס רעדען נישט מיט אייך קיין יונגלעך, עס רעדען מיט אייך עפּיס בעלי־בתים, רבנים, דיינים, שוחטים!

די עופות: שוחטים? קוילערס? קא־קא־קא! א מיתה משונה זאל קומען אויף אלע שוחטים פון דער גאנצער וועלט! אנו, גיט אונז נאר אהער א פאר שוחטים!...

די בעלי־בתים: איהר זענט קעגען דעם מנהג־העולם? איהר ווילט מאכען איין איבערקעהרעניש אין דער וועלט? איהר

ווידערשפעניגט? איהר זענט מורד במלכות?... איהר וועט אונז האָבען צו געדענקען!...

די עופות: אזוי? אי־אי־אי! וואָס וועט איהר אונז טהון? איהר וועט אונז אודאי מסר'ען? לאָדען צום „ונתנה־תוקף"? געהט־זשע אייך געזונטערהייד! קאַ־קאַ־קאַ! קאַ־קאַ־קאַ־קאַ!

און ס'איז געוואָרען אַ קוואָקעריי צווישען די היהנער, און די העהנער האָבען אָנגעהויבען צו קרעהען אויף קולי־קולות, אז מע האָט דעם „קוקאריקו" געקאָנט הערען פאר צעהן מייל אַרום און אַרום.

ז.

און די בעלי־בתים האָבען אָפּגעטרעטען אביסעל אויף אַ זייט, זיך געשושקעט, גע'סוד'עט, גע'עצה'ט: וואָס טהוט מען? — און ס'איז געבליבען, מע זאָל נאָך אַ מאָל אַ פּרוב טהון רעדען מיט די ווייסע־חברה'ניקעס, זיי צוזאָגען עפּיס אַ לעקאַכעל, טאָמער וועט מען פּאָרט ביי זיי עפּיס פּועל'ען, האָטש וואָס נישט איז; לאָז זיין אַ כפּרה אויף צווייען, אויף דרייען, אבי אַ כפּרה. און דער רב האָט זיך אַרויסגעשטעלט אויף־צו־פריהער און האָט ווידער אַ מאָל אויס־גערופען צו די עופות:

— שמעו־נא, רבותים, הערט אויס, עופות, וואָס מיר ווילען אייך זאָגען. די מעשה דערפון איז אזוי: מיר וואָלטען מיט אייך, אייגענטליך, גאָר נישט באַדאַרפט אזוי פיעל איינ'טענה'ן. מיר זענען דאָס גאָר נישט געוואָהנט געוואָרען אפילו. איהר מעגט אונז גלויבען אויף נאמנות, אז מיר האָבען צו אייך גענוג מיטלען, ווי אזוי מיר זאָלען אייך נעמען מיט גוואַלד. נאָר אזוי ווי די צייט איז שוין זעהר קורץ, ס'איז שוין באַלד ערב יום־כפּור, און מיר קאָנען חלילה בלייבען אָהן כפּרות, לכן געבען מיר אייך לגאָמעס...

— קוקאַריקו! לגאָמעס!... — האָט אויסגעצויגען איינער אַ האָהן אַ ווייסער־חברה'ניק, און צווישען די היהנער איז געוואָרען

אַ קוואָקעריי: „קאַ־קאַ־קאַ! לגאָטעס, לגאָטעס, לגאָטעס!"... און דער רב האָט זיי געגעבן צו פֿערשטעהן, אינ'ם נאָמען פון די בעלי־בתים, וואָס פאַר לגאָטעס מע גיט זיי, די עופות הייסט עס:

לגאָטע נומער איינס: אַ טאָג פאַר כפרות שלאָגען זאָל מען געבען די עופות עסען און טרינקען, גלייך ווי נישט זיי מיינט מען.

לגאָטע נומער צוויי: בשעת שלאָגען כפרות און זאָגען „בני־אדם" זאָל מען נישט דרעהען מיט די עופות משוגענער־וויז און נישט אָפּחאַפּען אויף דער גיך דעם „זה־כפרתי־זה־חליפתי־זה־תמורתי", נאָר פון דער גרינג, פּאַוואָלינקע: „זה — כפּרתי, זה — חליפתי, זה — תמורתי"...

לגאָטע נומער דריי: אָפּגעשלאָגען כפּרות, זאָל מען נישט וואַרפען די היהנער אונטער'ן טיש, ווי ביז אַהער; נאָר פּאַוואָלינקע אַוועקגעלעגט און אַוועקגעטראָגען צום שוחט.

לגאָטע נומער פיער: בינדען זאָל מען זיי נישט פּאָרלעכווייז, ווי ביז אַהער, נאָר איינציגווייז, איטליכס עוף באַזונדער, וואָרום נישט אַלע עופות זענען גלייך בכאַראַקטערין, — מ'רעפּט אָפּטמאָל, אַז מע פּיקט זיך און מע בלוטיגט זיך איינס דאָס אַנדערע געבונדענערהייד.

לגאָטע נומער פינף: פליקען זאָל מען די עופות נאָכ'ן קוילען, נישט פאַר'ן קוילען, ווי אַנדערע זענען זיך נוהג אין אַ סך ערטער.

לגאָטע נומער זעכס: בשעת דער שוחט נעמט דאָס עוף צווישען די פיס און פערדרעהט דאָס קעפּעל אַרויף...

— קוקאַריקו! געפעלט אייך אַביסעל לגאָטעס? !... — אַזוי האָט אויסגעשריגען אַ יונגער האָהן איין עזות־פנים, און נאָך איהם — די איבעריגע אַלע עופות האָבען געקרעהט און געקוואָקעט: „קאַ־קאַ־קאַ! געֿנוג לגאָטעס!... אין דער ערד אַריין די בעלי־בתים מיט זייערע לגאָטעס!"...

און די עופות האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אַלע צו די בעלי־בתים, און די בעלי־בתים, עס זאָל זיי צו קיין שאַנד נישט זיין, האָבען, אַפּנים, פערשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט, האָבען זיי גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און — מאַרש צוריק, צוריק, אַהיים, איט־ליכער אין זיין רוה אריין.

* * *

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט דער דאָזיגער וואונדערליכער סטרייק פון די עופות.

פון דעמאָלט אָן... קוילעט מען זיי טאַקי אפילו אַזוי ווי פריהער — יאָ. מע פליקט זיי, און מע שניידט זיי, און מע קאָכט זיי, און מע ברענט זיי, און מע פרעגעלט זיי, און מע דערלאַנגט זיי צום טיש אונטער אַלערליי סאָאוסען און פּאָטראַוועס — אַלסדינג אַזוי ווי פריהער. נאָר קיין כפרות מיט זיי שלאָגט מען נישט, און קיין „בני־אָדם" מיט זיי זאָגט מען נישט... פע! אויס כפרות! דער מנהג, פערשטעהט איהר מיך, איז געוואָרען אויס מנהג.

אַפּנים, ס'איז נישטאָ קיין אייביגע זאַך אויף דער וועלט? אַלס־דינג ביז אַ צייט, אַלסדינג ביז אַ צייט! . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

# דאָס פאַרפאַלק

אַ מעשה נורא, ווי אַזוי מע האָט איינמאָל
אין מיטען נאַכט אויפגעחאַפּט צוויי אומ־
שולדיגע נפשות, געבונדען, אַרויסגעפיהרט
אויפ׳ן מאַרק און פערקויפט צו ווילדע מענ־
שען, געהאָדעוועט אַ חודש נאָכאַנאַנד מיט
מעדני־מלך, און אַ טאָג פאַר פסח געקוילעט,
ווי די שאָף.

געשריבען אין יאָהר 1909.

# דאָס פאַרפאַלק

### פונ׳ם פערפאסער.

דער מחבר פון דער געשיכטע בעט זיך ביי׳ם לעזער, ער זאָל אין דער מעשה נישט זוכען קיין אַלעגאָריעס, נישט וועלען טרעפען, וועמען דער מחבר האָט דאָ געמיינט. עס איז דאָ נישט פאַרהאַן קיין רמז פון אַלעגאָריעס, און אפילו נישט, איהר זאָלט זאָגען, פאַר אַ גראַשען אָט דאָס, וואָס ווערד אָנגערופען סימבאָליזם. דאָס איז גלאַט אַזוי זיך אַ פשוט׳ע מעשה, אָהן חכמות, אָהן אויבערקעפּלעך, אַ מעשה פון צוויי אומשולדיגע גאָט׳ס בעשעפענישען נעבאַך, וואָס האָבען געלעבט, געליעבט, גע׳חלומ׳ט, געליטען, געהאָפט און מערדעריש געפאַלען אום ערב פסח, נישט צו וויסען פאַר וואָס און פאַר ווען...

נערווי (איטאַליע).

## א.

### די שרעקליכע נאַכט.

דאָס איז געווען אין איינע פון די פינסטערע, בלאָטיגע, פאַרפסח׳דיגע נעכט. אַלץ איז געווען איינגעהילט אין פינסטערניש. אַלץ איז געשלאָפען. שטיל און רוהיג איז געווען אַרום און אַרום. אפילו אַ פיש אין וואַסער האָט גערוהט. מורא געהאַט אַרויסשטעלען דער־

קאַפּ אויף גאָט'ס וועלט אין דער דאָזיגער פינסטערער, שטילער, רוהיגער נאַכט. אין אַזאַ נאַכט איז פאַרהאַן אַ סך אַרבייט פאַר'ן בעל־החלומות. ער זשאַלעוועט נישט קיין פאַרבען, שיט מיט דער פולער האַנד פאַנטאַזיעס, וואָס נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, און פיהרט צענויף אַ וואַנד מיט אַ וואַנד.

די חלומות, וואָס דער העלד פון דער דאָזיגער געשיכטע האָט געזעהען אין יענער נאַכט, זײַנען געווען משונה־מאָדנע ווילדע חלומות! אַ גאַנצע נאַכט האָבען זיך איהם געפלאָנטעט עופות, היהנער, גענז און קאַטשקעס. איינער אַ האָהן, אַ רויטער, נאָך גאָר אַ יונגעטשקער, נאָר אַ גרויסער עזות־פּנים, שפּרינגט איהם מיט חוצפּה אין די אויגען אַריין, לאַכט און זינגט איהם עפּיס אַ מאָדנע ליעדעל:

קו־קאַ־רי־קו, לאַנגע נאָז!
מ'עט דיך פּאַקען ווי אַ האָז!
מ'עט דיך בינדען, מ'עט דיך שלאָגען,
מ'עט דיך לעגען : אַ וואָגען,
מ'עט דיך מוטשען אָהן אַ סוף,
מ'עט דיך קוילען ווי איין עוף!...

דאָס ליעדעל לאָזט אויס דער רויטער האָהן מיט אַ קוקאַריקו, און עס דאַכט זיך אויס אונזער העלד, אַז די עופות, די געגנז מיט די קאַטשקעס, וואָס דרעהען זיך אַרום איהם, קוואָ גאַגאָטשען און לאַכען אויף משונה־מאָדנע קולות, און אַזוי שטאַרק, אַז ער ווערד אויפגערעגט, טהוט זיך אַ לאָז צום האָהן צום שייגעץ, און פאַר גרוים בעס האַפּט ער זיך אויף מיט אַ מורא'ד'ג הארצקלאַפּעניש און דער־הערט אַ רעש, אַ טומעל, אַ גערודער, אַ קלאַפּערײַ פון פיס, אַ שיין פון אַ ליכט, און קולות, ווילדע, אומבעקאַנטע קולות: „נישט דער!... אָט דער!... יאָ־יאָ!... נעמט איהם!... האַפּט איהם!... בינדט איהם!... פאַוואָלי די פיס!... ברעכט איהם נישט אויס קיין פוס!... אָט אַזוי!... פאַרטיג?... נו, ריהר זיך! ריהר זיך!...

די נאַכט שטעהט נישט!... מאַרש אין וואָגען אַריין!..." און ער דערפיהלט געזונדע הענד, ווי אייזערנע צוואַנגען, האַלטען איהם, בינדען איהם, דרעהען איהם צענויף די פיס, און מע טהוט איהם אַ חאַפּ־אויף אין דער לופטען און אַ וואָרף־אַריין אין אַ ברייטען הויכען וואָגען אַריין. אין וואָגען ליגט נאָך אַ נפש, אַזוי ווי ער, דאַכט זיך, אַ־נקבה, און ציטערט מיט אַלע איברים. צוויי מענשען דרעהען זיך ארום זיי. איינער — אַ פּראַ־אָדם, אָהן אַ היטעל, דער אַנדערער — אויך אַ פּראַ־אָדם, מיט אַ קוטשמע אויפ'ן קאָפּ. דער וואָס אָהן דעם היטעל שטעהט הינטען, בעטראַכט דעם וואָגען, די רעדער, די פערדלעך. און דער וואָס מיט דער קוטשמע האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפ'ן וואָגען, און גלייך צו זיי אויף די פיס, און מיט אַזאַ רציחה, אַז זיי האָבען זיך דערזעהן מיט יענער וועלט...

— געב נאָר אַכטונג, זיי זאָלען זיך ביי דיר נישט אויפבינדען, נישט אַרויסגליטשען, נישט אַראָפּשפּרינגען. דו הערסט, צי ניין?

אַזוי זאָגט דער, וואָס אָהן דעם היטעל, צו דער קוטשמע, און די קוטשמע ענטפערט נישט. ער דערלאַנגט אַ רעכטען שמיץ די פערד, און דער וואָגען ריהרט.

ב.

**די געפאַנגענע שליסען קענטשאַפט אין געפענגעניש.**

ווי אַזוי זיי האָבען איבערגעלעבט די דאָזיגע נאַכט און נישט אויסגעגאַנגען אויפ'ן וואָגען פאַר שרעק אַליין — איז טאַקי נאָר אַ נס מן השמים. וואו זענען זיי? וואוהין פיהרט מען זיי? און פאַר וואָס? פאַר ווען?...

איבער גרויס פינסטערניש האָבען זיי אפילו נישט געקאָנט זיך רעכט אָנקוקען. ערשט, אַז ס'האָט אָנגעהויבען צו טאָגען, האָבען זיי גענומען בעטראַכטען איינס דאָס אַנדערע און דורכשמועסען זיך שטילערהייד.

— גוט מאָרגען, מאַדאַם!

— גוט מאָרגען, גוט יאָהר!

— איך וואָלט געמעגט שווערען, אז איהר זענט פון אונזערע... פון די אינדיאַנער...

— איהר פערשפּאָרט שווערען, מע גלויבט אייך אָהן א שבועה...

— איך האָב אייך באַלד דערקענט, נאָך די קאַרעלען.

— דאָס בעווייזט, אז איהר האָט איין אויג.

עס געהט אַוועק עטליכע מינוט. נאָכדעם רופט ער זיך אָן צו איהר ווידער א מאָל:

— מאַדאַם! ווי פיהלט איהר זיך?

— אַזאַ יאָהר אויף מיינע שונאים!

ער לאָזט דורך נאָך א ווײַלע און רוימט איהר איין א סוד אויפ'ן אויהער:

— מאַדאַם, איך וויל אייך עפּיס פרעגען.

— פרעגט.

— און וואָס בעשולדיגט מען אייך?

— דאָס אייגענע, וואָס אייך.

— איך מיין, וואָס האָט איהר אַזוינס פערזינדיגט?

— דאָס אייגענע, וואָס איהר.

— מיר שיינט, אז איהר זענט מיר עפּיס ווי ברוגז'ליך?

— ברוגז'ליך? נאַחאַל! ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי מיר אויף די פיס, אַז סע שפּאַרען מיר די אויגען פון קאָפּ, און זאָגט נאָך, אַז איך בין ברוגז'ליך!

— וואָס רעדט איהר דאָס, מאַדאַם? איך זיץ ביי אייך אויף די פיס?

— ווער דען זיצט?

— דאָס איז ער! אָט דער פּראָ־אָדם מיט דער קוטשמע, פערחאַפּט זאָל ער ווערען!

— אַזוי גאָר? און איך האָב געמיינט, אז דאָס קוועטשען, וואָס סע קוועטשט מיך, איז פון אייך. האָט קיין פּאַראיבעל נישט, טאָמער האָב איך אייך בעלעדיגט.

דאָס איז איינגאַנצען, וואָס זיי האָבען געקאָנט זאָגען איינס דעם אַנדערען, וואָרום עס האַפּט זיך אויף די קוטשמע, ווי פונ'ם שלאָף, און שמייסט, שמייסט די פערד מיט כעס. דער וואָגען שפּרינגט־אונטער, די צוויי אינדיאַנער הערען זיך צו, ווי עס טרייסלען זיך ביי זיי איינוועניג די גערערים. פּלוצים שטעלט זיך אָפּ דער וואָגען, און זיי דערזעהען פאַר זיך אַזעלכעס, וואָס זיי האָבען נאָך אויף זייער לעבען נישט געזעהען קיינמאָל.

ג.

## פון איין געפענגעניש אינ'ם אַנדערען.

דאָס ערשטע מאָל אויף זייער לעבען איז זיי אויסגעקומען צו זעהן אויף איין אָרט אַזוי פיעל פערד, בהמות, קעלבלעך, חזירים, און מענשען, אָהן אַ שיעור מענשען! אַלערליי וואָגענס מיט אונ־טערגעהויבענע שטעקענס, פול מיט פערשיעדענע סחורות, ברויט און לעבעדיגע זאַכען: היהנער, גענז און קאַטשקעס, אָנגעפּאַקט איינס אויף דאָס אַנדערע. דאָרט, אין דער זייט, איינער אַליין אויף אַ וואָגען, ליגט אַ געבונדענער דבר־אחר און פּראָטעסטירט, קווי־טשעט מיט אַזעלכע משונה קולות, אַז מע קאָן טויב ווערען. נאָר ווער הערט איהם? אַלע לויפען, אַלע רעדען, אַלע זענען פערטאַ־רעראַמט — ס'איז אַ יריד.

אַהערצו האָט זיי געבראַכט צו פיהרען דער פּרא־אָדם, וואָס מיט דער קוטשמע, אַרויסגעקראָכען פונ'ם וואָגען און גענומען באַברען זיך מיט די געפאַנגענע. און די געפאַנגענע האָבען זיך אויפגעחאַפּט, דערפיהלט אַ מאָדנע האַרצקלאַפּעניש: „וואָס וועט ער טהון מיט זיי, אָט דער פּרא־אָדם? אפשר אויפבינדען? בעפרייהען און לאָ־זען געהן, וואו די אויגען וועלען טראָגען?"... אַך, אומזיסט איז געוועזען זייער פרייד — ער האָט זיי נאָר אַרויפגערוקט אַביסעל הע־כער, אַפּנים, אַז מע זאָל זיי בעסער קאָנען זעהן? אַזאַ בזיון! אַזאַ בזיון!... און אפשר, אַז מע וויל רעכענען דאָס אייגענע צוריק, קאָן זיין, אַז עס איז גלייכער, וואָס אַלע זעהען זיי! אדרבה, לאָז

די וועלט זעהן! אפשר וועט זיך געפינען אַ גוטע זעל, וואָס וועט צוגעהן, זיך אָננעמען זייער קריוודע און אַ פרעג טהון ביי דעם פּרא־אָדם: פאַר וואָס? פאַר ווען?

אַזוי האָבען זיך געטראַכט נעבאַך די אומשולדיגע געפאַנגענע— און גלייך ווי זיי האָבען געטראָפען: עס האָט זיך טאַקי געפונען אַ גוטע זעל, עפּיס איינע אַ גראָבע, מיט אַ טערקישער שאַל. זי געהט־צו, טהוט אַ טאַפּ אין וואָגען און אַ זאָג צו דער קוטשמע:

— דאָס האָסט דו געבראַכט צו פיהרען ; אָס פּאָר־פאָלק?

— וואָס איז דיין עסק?

— אינדיאַנער?

— וואָס דען, טערקען?

— וויפיעל הייסט דו זיך געבען פאַר זיי?

— וואו האָסט דו אַזוי פיעל געלד?

— איך זאָל נישט האָבען קיין געלד, טאָ צוליעב וואָס וואָלט איך זיך אַוועקגעשטעלט רעדען מיט אַזאַ חאָם, ווי דו ביזט?

אָט אַזוי שמועסען זיך דורך די טערקישע שאַל מיט דער קוטשמע, און עס געהט אַוועק ביי זיי אַ דינגעניש אויף לאַנג. דער פּרא־אָדם, וואָס מיט דער קוטשמע, איז קאַלט ווי אַייז, די טערקישע שאַל היצט זיך, שפּרינגט־אָפּ אַלע מאָל און געהט אַוועק, און קומט אָבער באַלד צוריק, און ווידער אַ מאָל נעמט מען זיך דינגען, אַזוי לאַנג, ביז די קוטשמע ווערד אין כעס, און מע הויבט זיך אָן שעלטען. דאָס פּאָר־פאָלק דערוויייל וואַרפט זיך דורך מיט אַ פּאָר ווערטער:

— מאַדאַם! איהר הערט, צי ניין?

— איך הער, וואָס דען? איך הער נישט?

— עס האַלט דערביי, מע זאָל אונז, אַפּנים, אויסקויפען פון געפענגעניש?

— אַזוי ווייזט דאָס אויס.

— וואָס־זשע דינגט זי זיך פאַר אונז, ווי מע דינגט זיך פאַר גענז?

— אַז אַך און אַז וועה!

— לאָזען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואנד, אבי מיר זאָלען ארויס פרייה.

— אָמן הלואי!

דאנקען גאָט, די טערקישע שאל האט שוין ארייגעלעגט די האנד אין קעשעני, נעמט ארויס געלד.

— הכלל, איז נישט ווינציגער?

— נישט ווינציגער.

— דאָס איז שוין דאָס לעצטע שבלעצטע?

— דאָס לעצטע שבלעצטע.

— אפשר... שא, שא! זעה־נאָר א רציחה פון א מענטשען! נא דיר געלד, נא!

און דאָס פאַר־פאָלק געהט איבער פונ׳ם רשות פון דעם פרא־אדם מיט דער קוטשמע אין רשות פון דער גראָבער מיט דער טער־קישער שאל, דאָס הייסט, אייגענטליך, פון איין געפענגעניש אינ׳ם אנדערען, ווי מיר וועלען זעהן ווייטער.

## ד.

## צווישען ווילדע מענשען.

ווי באלד מע האט זיי געבראכט אויפ׳ן נייעם אָרט, אזוי האט מען זיי באלד אויפגעבונדען, און מיט פרייד האָבען זיי דערפיהלט די ערד אונטער זיך. זיי האָבען גענומען אויסגלייכען זיך די ביי־נער און ארומשפּאַנען הין און צוריק, אויספּרובען אויף וויפיעל די פיס דיענען זיי נאָך, און פאר גרויס שמחה האָבען זיי גאָרנישט בע־מערקט, אז זיי זענען נאָך גאַנץ ווייט פון די אמת׳ע פרייהייט. ערשט א מינוט שפּעטער האָבען זיי זיך ארומגעקוקט, אז זיי זענען אין גע־פענגעניש. מע האָט זיי ארייגעלאָזט ערגיץ אין א פינסטער ווינ־קעל, פון איין זייט א וואַרעמער אויווען, פון דער אנדערער זייט א קאלטע וואנד, און פון פאָרענט אפגעצאַמט מיט איין איבערגע־קעהרטען לייטער. און עסען האָט מען זיי אוועקגעשטעלט און

טרינקען, און מע האָט זיי איבערגעלאָזט איינע אַליין, ווי עס רעדט זיך, אויף גאָט'ס בעראָט. בעטראַכט זייער נייע וואָהנונג, האָבען זיי זיך אָוועקגעשטעלט איינס קעגען אַנדערען אָנגעבלאָזען, ווי גע־וועהנליך ווילד־פרעמדע, געקוקט, געקוקט און אויסגעדרעהט זיך איינס צום אַנדערען, מחילה, מיט'ן הינטען און צעגאַנגען זיך, ער אין איין ווינקעלע, זי אין'ם אַנדערען, און מע האָט זיך פערטיעפט איטליכער אין זיינע מחשבות.

לאַנג טראַכטען האָט מען אָבער זיי ניט געלאָזט. עס האָט זיך געעפענט די טהיר פון זייער טורמע און ס'איז אַריינגעקומען פריהער די טערקישע שאַל, און נאָך איהר אַלערליי ווייבער, איינע נאָך דער אַנדערער. יעדע בעזונדער האָט די טערקישע שאַל אָנגענומען ביי אַ האַנד, צוגעפיהרט צו די געפאַנגענע, אַ ווייז געגעבען מיט'ן פינ־גער און אַ זאָג געטהאָן מיט אַ שיינענדיג פּנים:

— געפעלט אייך דאָס פּאָר־פאָלק?

— וויפיעל האָט איהר אָוועקגעגעבען?

— שאַצט.

אַלע האָבען געשאַצט און נישט איינע האָט געטראָפען, און אַז די טערקישע שאַל האָט זיי אָנגערופען די סומע, האָבען אַלע ווייבער געגעבען אַ פּלעסק מיט די הענד:

— טאַקי באמת?

— מיר זאָלען אַזוי אַלע האָבען אַ פריילִיכען, אַ כשר'ען פּסח!

אויף די פּנים'ער פון די ווייבער איז געווען אָנגעצייכענט קנאה. זייערע בעקלעך האָבען געפלאַמט. אין די אויגען האָט גע־ברענט אַ פייערעל. נאָר עס האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן ווינשע־וואַניעס:

— פאַרניצט געזונט!

— זאָל אייך וואָהל באַקומען!

— דערלעבט איבער־אַ־יאָהר!

— מיט אייער מאַן און מיט אייערע קינדערלעך!

— אָמן! גם אתם! גם אתם!

אַלע ווייבער געהען אוועק. אין אַמינוט אַרום קומט אָן די טערקישע שאַל צוריק און שלעפּט מיט זיך איינעם אַ מאַנסביל, אַ ווילדען פּאַרשוין, אַ בעוואַכסענעם מיט רויטע האָר. זי פיהרט איהם צו מיט'ן זעלבען שיינענדיגען פּנים:

— דו ביזט דאָך יאָ אַ מבין. וואָס זאָגסט דו אויף דעם פּאָר־פּאָלק?

דער בעוואַכסענער פּאַרשוין קוקט מיט ווילדע אויגען.

— איך בין אַ מבין? וואָס פאַר אַ מבין בין איך?

— דו ביזט דאָך אַ איד פון תורה, און וואו תורה, דאָרט איז חכמה. ווי מיינסט דו, אַשטייגער, — מעג אונז שוין גאָט געבען אַ כשר'ען פּסח? ס'איז דאָך פון זיין ליעבען נאָמען וועגען.

דער בעוואַכסענער פּאַרשוין גלעט זיך ביי די געלע האָר, פעו־גלאַנצט די אויגען אַרויף, מאַכט אַ פרום פּנים:

— דער אויבערשטער מעג געבען אַלע אידען אַ כשר'ען פּסח.

די טערקישע שאַל מיט'ן בעוואַכסענעם פּאַרשוין געהען אוועק. און דאָס פּאָר־פּאָלק בלייבט ווייטער אַליין. זיי שטעהען אַ ווייַלע אָהן לשון, אָנגעבלאָזען איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי פריהער. זי לאָזט אַרויס אַ מאָדנעם הילך פונ'ם האַלז, אַ טין הוסט מיט אַ קוויטש. ער דרעהט אוים דעם קאָפּ צו איהר:

— מאַדאַם! וואָס איז מיט אייך?

— גאָרנישט. איך האָב מיך דערמאָנט אין דער הײם.

— נאַרישקייטען! דאָס דאַרף מען פערגעסען. מע דאַרף זיך בעסער אַרומקוקען, וואו זענען מיר און וואָס האָבען מיר צו טהון?

— וואו זענען מיר? אין דער ערד זענען מיר. מיר זענען אויף גרויסע צרות.

— דהיינו?

— איהר פרעגט נאָך? איהר זעהט נישט, אַז מע האָט אונז פערקויפט צו די ווילדע מענשען, ווי מע פערקויפט היהנער, גענז אָדער קאַטשקעס?

— וואָס זשע וועלען זיי אונז טהון?

— אוי וועלען זיי אונז טהון! נאָך אז איך בין געווען א קליי־נינקע, האָב איך זיך אָנגעהערט שענע מעשיות, וואָס די ווילדע מענשען טהוען מיט אונזערע לייט, וואָס פאַלען אריין צו זיי אין די הענד אריין...

— עט! מעשיות!... גלויבט נישט אין קיין בבא־מעשיות...

— נישט קיין בבא־מעשיות. איך האָב דאָס אַליין געהערט פון מיין שוועסטער... מיין שוועסטער דערצעהלט, אז זיי זענען ערגער פון די ווילדע חיות. א ווילדע חיה, אז זי חאַפּט עמיצען פון אונז, צערייסט זי איהם און פרעסט איהם אויף — און א סוף; און אז...

— טע־טע־טע, מאדאם! איהר קוקט אויף דער וועלט, דאַכט מיר, שוין צו פּעסימיסטיש.

— צו וואָס?

— צו פּעסימיסטיש.

— וואָס הייסט דאָס פּעסימיסטיש?

— דאָס הייסט... דאָס הייסט, איהר קוקט דורך צו טונקעלע ברילען.

— וואו זעהט איהר ברילען?

— חא־חא־חא!

— וואָס לאַכט איהר?

— אוי, זענט איהר, מאדאם, א...

— א וואָס?

ער האָט איהר געוואָלט זאָגען, וואָס זי איז. נאָר פּלוצים עפענט זיך די טהיר און...

לייענט ווייטער.

## ה.

„האלט־דיר־נא־דיר־נעם־דיר!“

עס עפענט זיך די טהיר און עס רייסט זיך אריין פון דרויסען, ווי א שטורמווינד, ווי א גאנצער פּאָלק סאָלדאטען, חברה קליינ־

וואַרג, קונדסים, מיט רויטע בעקלעך און מיט שוואַרצע אויגלעך.
זיי טהוען זיך אַ לאָז אַלע מיט אַ מאָל צום אונטער׳ן־אויווען.

— אַנו ? וואו זענען זיי ? וואו ? אַטאַ זענען זיי, אַטאַטאַט ! עה ! יענקעלע ! בערעלע ! וועלוועלע ! אלי ! געצעלע ! גיכער ! גי־כער !

און דאַ הויבט זיך אָן פאַר אונזער פּאָר־פּאָלק דער אמת׳ער גיהנם : צרות און פּיין און יסורים און בזיונות אָהן אַ שיעור ! חברה קליינוואַרג זענען אַנגעפאַלען אויף זיי, ווי די ווילדע פּראים, גענומען טאַנצען און שפּרינגען אַרום זיי, בעטראַכטען זיי פון אַלע זייטען און מאַכען פון זיי חוזק, חוכא וטלולא.

— יאָסעלע, זעה נאַר אַ נאָז ! חאַ־חאַ־חאַ !

— אַ נאָני ! בערעלע ! אַ נאָני !

— וועלוועלע ! טהו איהם אַ ציה ביי דער נאָז !

— ביי׳ם שנאָבעלע, אלי ! אָט אַזוי אַ !

— שטאַרקער, געצעלע, לאָז ער אָנהויבען שרייען !

— איהר זענט אַלע נאַראָנים ! שרייען — שרייען זיי נור דער־מאָלט, ווען מע פּייפט זיי. זיי האָבען פּיינט, אַז מע פּייפט זיי. אַ סימן האָט איהר, אָט הויב איך אָן פּייפען : פּיו !

דאָס פּאָר־פּאָלק בלאָזען זיך אָן, ווערען רויט, לאָזען אַראָפּ די נעז און שרייען אויס ביידע מיט אַ מאָל :

— האַלט דיר ! האַלט דיר ! האַלט דיר !

חברה קליינוואַרג חאַפּען אונטער אַלע אינאיינעם מיט אַ וויל־דען געלעכטער :

— האַלט־דיר־נאַ־דיר־נעם־דיר !

דאָס פּאָר־פּאָלק ווערען נאָך מעהר אָנגעצונדען און שרייען נאָך העכער :

— **האַלט דיר ! האַלט דיר !** האַלט דיר !

דאָס געפעלט דער חברה קליינוואַרג דוקא זעהר שטאַרק. זיי האַלטען זיך ביי די זייטען פאַר געלעכטער און שרייען נאָך העכער :

— האַלט־דיר ! נאַ־דיר ! נעם־דיר !

פון אזא מין װעלן אריבערשרייען איינס דאָס אַנדערע װערד די שטוב אָנגעפילט מיט אַזעלכע קולות, אַז עס קומט צו פליהען די טערקישע שאַל (לאַנג לעבען זאָל זי!), האַפּט אָן חברה קליינ־װאַרג פאַר׳ן קאַרק און שלײדערט זיי אַרויס איינציגװייז פון שטוב און טיילט זיי נאָך איין דערביי אַ פּאָר גוטע סטוסאַקעס און לאָזט אויס מיט אַ לאַנגער קללה:

— אַ שלאַק זאָל אויף אייך קומען, רבונו של עולם, אַ שרפה, אַ מגפה, אַ חלירע! ס׳זאָל אייך אָנחאַפּען און ס׳זאָל אייך קויקלען און קויקלען און אויסקויקלען אייך איינציגװייז מיט אַלע משומדים, זיסער גאָט, און ס׳זאָל פון אייך נישט בלייבען ביז פּסח קיין שריד ופליט, ליעבער פאָטער, האַרציגער, געטרייער!

פּטור געװאָרען פון׳ם דאָזיגען גלות, האָט אונזער פּאָר־פּאָלק נאָך לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך. די װילדע געשרייען מיט׳ן פּייפען, מיט׳ן געלעכטער פון די קליינע װילדע נפשות זענען נאָך לאַנג געשטאַנען און געהילכט זיי אין די אויהערען. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען, אַז ס׳איז נישט קיין תכלית צו טרויערען אויפ׳ן גלות און נישט נעמען גאָרנישט אין מויל אַריין. און ער געהט־צו פּאַװאָלינקע צום אָנבייסען, װאָס מע האָט זיי אָװעקגעשטעלט, און רופט זיך אָן צו איהר:

— מאַדאַם! ביז װאַנען איז דער שיעור צו שטעהן אָט אַזוי פערזאָרגט? צייט עפּיס איבערחאַפּען. די װעלט איז אויך אַ װעלט, כּלעבען. די נשמה אויסשפּייען קאָן מען נישט. פערגעסט נישט, אַז מיר האָבען נאָך היינטיגען טאָג אין מויל נישט געהאַט.

— עסט געזונדערהייד. איך — נישט.

— הם... פאַר װאָס? ס׳איז ביי אייך היינט אַ תענית?

— נישט קיין תענית, נאָר גלאַט אַזוי.

— איהר װילט זיי אפשר אָנלערנען? הונגערען? איהר װעט נאָר מאַכען פון זיך אַ תל, און װייטער גאָר נישט...

— איך װייס נישט, װי אַזוי מע קאָן עפּיס עסען. עס קריכט נישט אין האַלז אַריין.

— עס קריכט, עס קריכט. דער ערשטער ביסען איז איין עק־בויער.

— אַ וואָס ?

— איין עקבויער.

— מאָדנע ווערטער ביי אייך !

— חאַ־חאַ־חאַ !

— וויעדער חאַ־חאַ־חאַ ? וואָס איז דער געלעכטער ?

— איך האָב מיך דערמאָנט אינ׳ם ברוך־הבא פון די קליינע ממזרים.

— אודאי דאַרף מען לאַכען.

— וואָס־זשע ? ווײַנען דאַרף מען ?

— פאַר וואָס האָט איהר נישט געלאַכט, פעטער, בשעת זיי האָבען געפייפט ?

— וואָס דען האָב איך געטהאָן ?

— איהר האָט, דאַכט זיך, געגנוג געפּילדערט !

— איך האָב געפּילדערט ? איך ?

— ווער דען האָט געפּילדערט ? איך ?

— איהר האָט די ערשטע אָנגעהויבען שרייען : האַלט דיר ! האַלט דיר ! האַלט דיר !

— האָט קיין פאַראיבעל נישט, דאָס זענט איהר געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבען שרייען : האַלט דיר ! האַלט דיר ! האַלט דיר !

— נו, וואָס־זשע איז דאַ אַ בזיון, אַז איך בין געווען דער ערש־טער, וואָס האָב געזאָגט : האַלט דיר ! האַלט דיר ! ?

— וואָס פאַר אַ חרפּה איז, אַז איך בין געווען די ערשטע, וואָס האָב געזאָגט : האַלט דיר ! האַלט דיר ! ?

— אַז ס׳איז נישט אַ חרפּה, וואָס־זשע האָט איהר אַראָפּגע־לאָזט די נאָז, מאַדאַם ?

— איך האָב אראָפּגעלאָזט די נאָז?
— ווער דען האָט אראָפּגעלאָזט די נאָז?
— אַך, ווי גרינג ס'איז צו זעהן יענעמס נאָז!...

איין עבירה, וואָס דער דאָזיגער אינטערעסאַנטער שמועס האָט זיך נישט געקאָנט ציהען ווייטער. מע האָט זיי איבערגעשלאָגען סאַמע אין מיטען. דאָס איז געווען די טערקישע שאַל, וואָס האָט געוועלטיגט אויף זיי אין געפענגעניש, ווי עס שטעהט געשריבען ווייטער.

ו.

### די עקזעקוציע פון די ווייבער.

די טערקישע שאַל איז נישט געווען די איינציגע, וואָס האָט געוועלטיגט אויף זיי אין געפענגעניש. זיי איז בעשערט געווען צו בעקענען זיך מיט נאָך איינע אַ ווילדע בריאה, אינ'ם געשטאַלט פון אַ גרינער מויד מיט אַ רויטער פּעטשיילע אויפ'ן קאָפּ. אַריינגעקומען זענען זיי ביידע מיט פולע הענד פון כל טוב: אַ שיסעל מיט רייז, אויסגעמישט מיט אַרבעס און מיט פּאַסאָלים, אַ טעלער מיט געקאָכטע קאַרטאָפעל, מיט געהאַקטע אייער, און אַ פולען פאַרטוך מיט אָנגעשניטענע שטיקלעך עפּעל און מיט וועלישע ניס.

אַריינגעקומען מיט'ן עסענוואַרג, האָט די גרינע מויד מיט דער רויטער פּעטשיילע אַ ווייז געטהאָן אויפ'ן פּאָר־פאָלק און אַ זאָג געטהאָן צו דער טערקישער שאַל:

— אַ מכה איז מיר, בעל־הבית'טע לעבען, זעהט נאָר, זיי האָבען זיך כמעט נישט צוגעריהרט צום עסען!

— די דאגה זאָל מיר בלייבען אויף, אם־ירצה־השם, נאָך פּסח. אָט וועלען מיר זיי באַלד אָנהאָדעווען. איך וועל זיי נעמען צו זיך, זיי צוהאַלטען, און דו וועסט זיי לעגען דאָס עסען אין מויל אַריין. נו, מויד? וואָס שטעהסט־דו? וואָס שטשירעסט דו מיט די צייהן?

— וואָס האָבען זיי אַזעלכעס דערזעהען אויף מיר, וואָס זיי הערען נישט אויף צו פילדערען: האַלט דיר! האַלט דיר!?

— אַ פּאַר׳שרפה׳ט זאָלסט דו ווערען, דו נאַרישע מויד! מהו אויס די רויטע פּעטשיילע דיינע! זיי קאָנען נישט זעהען קיין רויטע פאַרב!...

— מיינע צרות אויף זייערע קעפּ!

— אויף דיין קאָפּ, נאַרעלע, דו ביזט בילכער. אָט אַזוי אָ! נו? פאַר וואָס לעגסט דו איהם נישט אין מויל אַריין קיין רייז מיט פּאַסאָלים?

— פאַר וואָס איך לעג איהם נישט? אין מיר איז קיין מניעה נישט. איך וואָלט איהם געלעגט פון היינט ביז מאָרגען, נאָר איהר זעהט דאָך, אַז ער לאָזט זיך נישט. ער דרעהט מיט׳ן קאָפּ און האַלט צו דאָס מויל.

— ווער הערט איהם? אָט געב איך איהם אַ קוועטש ביי׳ם האַלז, וועט ער ביי מיר עפענען די פּיסקעס! אָט אַזוי אָ! לעג־לעג!

— אוי, בעל־הבית׳טינקע! געזונט זאָלט איהר מיר זיין! עפּיס גלאַנצט ער מיר זעהר מיט די אויגען! זעהט נור, ער זאָל זיך חלילה נישט דערווערגען.

— ווער דערוואָרגען בעסער דו אַליין, דו ביזט בילכער. נאַ דיר גאָר דערווערגען! גלייך ווי ס׳איז ביי מיר דאָס ערשטע מאָל! שטופּ איהם גלייך אין האַלז אַריין. אָט אַזוי. איך בין שוין איינ־אונצוואַנציג יאָהר אַ בעל־הבית׳טע מיט גאָט׳ס הילף. איצט לעג איהם אַריין אין מויל אַ שטיקעל עפּעל מיט אַ יאָדער פון אַ וועלי־שען נוס. נאָך, נאָך. וואָס זשאַלעוועסט דו?

— איך זשאַלעווע נישט. וואָס וועל איך זשאַלעווען? ס׳איז מיינס? ס׳איז נישט מעהר ווי אַ רחמנות, אַ צער בעלי־חיים.

— וואָס זאָגט איהר אויף דער מויד? אַ צער בעלי־חיים! מע טהוט איהם חלילה שלעכטס? מע גיט דאָך איהם עסען! און פון וועמענס וועגען? פון גאָטס וועגען, לכבוד דעם הייליגען יום־טוב. דער אויבערשטער מעג מיר טאַקי העלפען. איך האָב איהם שוין נישט איין פּאָרעל אויסגעהאָדעוועט אויף פּסח. געב אַהער נאָך

א וועליש ניסעל — און א סוף. איצטיגס מאָל וועט זיין גענוג פון זיינעטוועגען. ע ר איז שוין זאַט. לאָמיר זיך אָקאָרשט נעמען צו א י ה ר און אָנהויבען פון מה־טובו, דאָס הייסט, נאָך א מאָל פון רייז מיט פאַסאָליס.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, בעל־הבית׳טע לעבען, ווי אזוי דערקענט איהר, וועלכס איז איין „ער" און וועלכס א „זי" ?

— אַלע בייזע חלומות אויף דיין קאָפּ! מע הייסט איהר טהון איין ארבייט, און זי איז דאָ דער רוח וויסט מיט וואָס! האָב פריהער חתונה, נאַרישע מויד, און ווער אַליין א בעל־הבית׳טע, וועסט דו דעמאָלט פרעגען. דערווייל טהו, וואָס מע הייסט דיר. אָט אזוי אָ. נאָך — נאָך! זשאַלעווע נישט! ס׳איז נישט צוליעב קיינעם, ס׳איז צוליעב זיין ליעבען נאָמען. אויף פסח! אויף פסח!

געענדיגט די עקזעקוציע, האָבען זיך ביידע ווייבער אָפּגעטראָגען, און אונזערע אומגליקליכע געפּייניגטע זענען געבליבען אַליין. זיי האָבען זיך פערשלאָגען ביידע אין א ווינקעלע, ארויפגעלעגט איינס אויפ׳ס אַנדערע די קלאָגעדיגע קעפּ און פערטיעפט זיך אין אַזעלכע טרויעריגע מחשבות, וועלכע קומען זעהר זעלטען, סיידען א האַלבע שעה פאַר׳ן טוידט.

ז.

**דער וואָרעם ליגט אין חריין און מיינט, אז קיין זיסערס איז נישטאָ.**

קיין זאַך מאַכט נישט אזוי נאָהענט און פריינדליך, ווי צרות. דער בעסטער בעווייז זענען די צוויי אומגליקליכע העלדען פון אונזער געשיכטע. אין דער קורצער צייט פון זייער געפענגעניש זענען זיי זיך צענויפגעגאַנגען מיט די כאַראַקטערען, אָנגעהויבען פערשטעהן איינס דאָס אַנדערע אויפ׳ן וואונק, אויפגעהערט שעמען זיך איינס פאַר דאָס אַנדערע און געוואָרען אזוי נאָהענט, אז מע האָט אויפגעהערט זיך „איהרצען" און מען איז געוואָרען נפש אחת. ער איהר:

„נשמה'ניו!" זי איהם: „ליובעניו!" די טערקישע שאַל מיט דער רויטער פעטשיילע, ארייַנקומענדיג מיט עסענוואַרג, האָבען זיך גאָר זאַט נישט געקאָנט אָנקוקען אין זיי.

— וואָס זאָגסט דו אויפ'ן פּאַר־פֿאָלק?

— אַ לעבען, ווי אונטער'ן אויוועןן!

— זעהסט דו האָטש, ווי זיי האָבען זיך ביי מיר, קיין עין־הרע, פאררעכט?

— קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַדטען!

— טהו זיי נאָר אַ נעם אונטער די פּאכוועס... וואָס זאָגסט דו?!... נישקשה פון אַ הייטעל?... הא? מעג מיר שוין גאָט העלפען פאר'ן פּאַר־פֿאָלק, וואָס איך האָב איהם אויסגעהאָדעוועט אויף פּסח?...

די ווילדע ווייבער טהוען־אָפּ זייער ארבייט און געהען אוועק, און דאָס פּאַר־פֿאָלק פערטראַכט זיך, וואָס בעדייטען די ווערטער פון דער טערקישער שאַל: „זי האָדעוועט זיי אויף פּסח?" און פאר וואָס דאַרף איהר גאָט העלפען?... און מע שארפט זיך די מוחות און מע דיסקוטירט צווישען זיך:

— וואָס הייסט דאָס, ליובעניו, פּסח?

— פּסח, נשמה'ניו, איז ביי זיי אזא יום־טוב, אזא יום־טוב פון פרייהייט, פון בעפרייהונג.

— וואָס הייסט דאָס „פון בעפרייהונג"?

— איך וועל דיר געבען צו פערשטעהן. ס'איז ביי זיי אַ גרויסע מצוה האַפּען אַ אונזעריגען און האָדעווען איהם אזוי לאַנג, ביז עס קומט דער יום־טוב, וואָס הייסט פּסח. און אז עס קומט דער יום־טוב, וואָס הייסט פּסח, לאָזט מען איהם פריי... היינט פערשטעהסט דו שוין דעם שכל?

— נאָך ווייט ביז דעם יום־טוב, וואָס הייסט פּסח?

— ווערליג איך האָב געהערט פון דער טערקישער שאַל זאָגען, ווייזט אויס, אז ניט מעהר ווי אַ טאָג דריי.

— דריי טאָג?!

— וואָס האָסטו דו זיך אזוי דערשראָקען, נארישי? די דריי טאָג וועלען איבערפליהען, ווי אַחלום, און ס'וועט קומען דער ליעב־ער יום־טוב פּסח, וועט מען אונז עפענען טהיר און טהויער און מע וועט אונז זאָגען: היידא, קינדערלעך, געהט אייך אַהין, פון וואנען איהר זענט געקומען! וועלען מיר דאָס נעמען שטעלען פיס!...

— אַך, ליובעניו, דיינע זיסע רייד!... הלואי ס'זאָל זיין אזוי, ווי דו זאָגסט! איך האָב אָבער מורא פאַר איין אַנדער זאַך...

— הארץ מיינס, דו האָסט תמיד מורא...

— לעבען מיינס, דו קענסט ניט די ווילדע מענשען.

— פון וואנען קענסט דו זיי, נשמה'ניו?

— איך האָב זיך גענוג אָנגעהערט, ליובעניו, נאָך אין דער היים דערציעהלען אזעלכע מעשיות אויף זיי! מיינע א שוועסטער האָט מיר דערציעהלט, אז זי האָט אליין געזעהען...

— ווייעדער א מאָל דער שוועסטער'ס מעשיות? נשמה'ניו, מעשיות פערגעס!

— ליובעניו! איך וואָלט וועלען פערגעסען, קאָן איך נישט. זיי פּיקען מיר אין קאָפּ אריין גאנצע טעג. זיי לאָזען מיך ניט שלאָפען ביינאַכט.

— וואָס־זשע איז דאָס פאַר מעשיות, וואָס פּיקען דיר אין קאָפּ אריין גאַנצע טעג, לאָזען דיך נישט שלאָפען ביינאַכט?

— ליובעניו! וועסט ניט לאַכען פון מיר?

— וואָס זאָל איך עפּיס לאַכען, נשמה'ניו?

— דו האָסט תמיד אזא טבע, אז איך דערציעהל דיר עפּיס, לאַכסטו דו מיך אויס און זאָגסט אויף מיר, אז איך בין א שטיא, א געשלייערטע האנדזי, א נארישע אינדיטשקע און נאָך אזעלכע זאַכען.

— איך זאָג דיר צו, אז איך וועל ניט לאַכען, אבי דערציעהל, וואָס האָסטו דו געהערט פון דיין שוועסטער?

— מיין שוועסטער דערצעהלט, אז די מענשען, וואָס מיר זע־הען, זענען ערגער פון די ווילדע חיות. א ווילדע חיה, אז זי חאַפּט עמיצען פון אונז, צעררייסט זי איהם און פרעסט איהם אויף—און א סוף. מענשען טהוען ניט אזוי. א אונזעריגער, אז ער פאַלט אריין צו די מענשען אין די הענד אריין, האַלטען זיי איהם פערשפּאַרט, געבען איהם עסען און טרינקען פון דער פולער האַנד, ביז ער ווערד גוט פעט...

— נו?

— און אז ער ווערד גוט פעט, קוילען זיי איהם, שינדען איהם אָפּ די הויט, צעשניידען אויף שטיקלעך און בעזאַלצען איהם מיט זאַלץ און ווייקען איהם אין וואַסער...

— נו, און ווייטער וואָס?

— און ווייטער צעלעגען זיי א פייער און בראָטען איהם אויף זיינע אייגענע שמאַלץ און עסען איהם אויף מיט די ביינער.

— בבא־מעשיות! געשיכטעס פון טויזענד איין נאַכט! א קוה איז געפלויגען איבער'ן דאַך און געלעגט איין איי! און דו, שטיא, גלויבסט דאָס? חאַ־חאַ־חאַ!

— נו? האָב איך ניט געזאָגט פריהער, אז דו וועסט מיך אויס־לאַכען?

— וואָס־זשע דען? אז פון דאַנען ביז אַהין הויבט איהר ניט אָן צו פערשטעהן! מיר דאַכט, אז דו האָסט געהערט א מאָל הונ־דערט פון דער טערקישער שאַל, אז דאָס, וואָס מע האָדעוועט אונז, איז ניט צוליעב קיינעם, נאָר צוליעב גאָט.

— לעבען מיינס! וואָס־זשע איז דערפון געדרונגען?

— איז דערפון געדרונגען, נשמה מיינע, אז דו ביזט א נארישע אינדיטשקע, און ווייטער גאָרנישט.

— איהר האָט תמיד אַזאַ טבע. יענעם בעלעדיגען איז ביי אייך טפו!

— ווער איז געוועזן דער איהר?

— איך מיין אייך, אַלע מאַנסבילען.

— אַלע מאַנסבילען? מיט וויפיעל מאַנסבילען ביזט דו דאָס בעקענט, וואָלט איך געוואָלט וויסען?

— איך קען זיך מיט איינעם, איז גענוג פאַר מיר.

— ניין, האָסט געזאָגט „מאַנסבילען". די משמעות, אַז אחוץ מיר האָסט דו זיך געקענט מיט נאָך עמיצען...

— וואָס נאָך וועסט דו אויסטראַכטען?

— שוין! זי האָט שוין אַראָפּגעלאָזט די נאָז... קום נאָר אַהער, איך וויל דיר עפּיס זאָגען...

די דאָזיגע סצענע פון קוצעניו־מוצעניו ווערד פּלוצים אי־בערגעריסען דורך דער חברה קליינוואַרג פון יענער זייט פענסטער. אינוועניג אַריינגעהן לאָזט מען זיי ניט, קומען זיי אַלע טאָג צום פענסטער, פון דרויסען, און פון דאָרטען שטעקען זיי אַריין די נעז, מאַכען משוגענע תנועות, שטעלען אַרויס די צונג, לאַכען און פייפען און שרייען און הילכען אַלע אינאיינעם: „האַלט דיר! נאַ דיר! נעם דיר!"... דאָס פּאָר־פאָלק, געוועהנליך, ענטפערט זיי אָפּ דערויף אויף זייער לשון, שוין נישט מיט אַזא כעס, ווי פריהער, נאָר גלאַט, אַשטייגער, ווי מע ענטפערט אויף „אַ גוט מאָרגען" — „גוט יאָהר". „ברוכים היושבים" — „קומט עסען" — „עסט געזונדערהייד"...

ס'איז גאָר ניטאָ, הערט איהר, אַזא זאַך אויף דער וועלט, וואָס אַ גאָט'ס בעשעפעניש זאָל דערצו נישט געוואָהנט ווערען. אונזער פּאָר־פאָלק איז שוין אַזוי געוואָרען געוואָהנט מיט די צרות, אַז ס'האָט זיך דעם אויסגעדאַכט, אַז אַזוי דאַרף עס צו זיין, ווי דער וואָרעם, וואָס ליגט אין חריין, מיינט, אַז קיין זיסערס איז שוין נישטאָ.

## ח.

## אַ ב י י ז ב ע ג ע ג ע נ י ש מ י ט אַ י י ן אַ ל ט ע ן ב ע ק אַ נ ט ע ן.

ס'איז געווען אַ פריהמאָרגען. אין דרויסען איז געשטאַנען אַ געדיכטער טומאַן. אין שטוב איז נאָך געווען פינסטער. דאָס פּאָר־פּאָלק האָט געהאַלטען סאַמע אין רעכטען שלאָף. עס האָט זיך זיי געֿחלומ'ט זייער אַמאָליגע היים. אַ גרויסער, אַ ברייטער, אַ פרייהער אין־דרויסען. אַ בלויער הימעל. גרין גראָז. אַ זילבערן טייכעל. אַ מיהל, וואָס דרעהט און קלאַפּט און שפּריצט מיט וואַסער. גענז און קאַטשקעס פּאָליאָסקען זיך ביי'ם ברעג. היהנער פּיקען. העהנער קרעהען. פויגלעך פליהען. אַך, וואָס פאַר אַ שעָנע וועלט גאָט האָט בעשאַפען פון זייערטוועגען... פון זייערטוועגען?... פון וועמענס דען וועגען זענען אָט די הויכע בוימער מיט די ברייטע צווייגען, וואָס מע קאָן אונטער זיי אַרומשפּאַצירען פראַנק און פרייה? אָדער פון וועמענס וועגען איז אָט די מיהל, וואָס אַרום איהר האָדעווען זיי זיך אַלע מיט דער גאַנצער משפּחה, לאָזען נישט צו קיין פרעמדען פאַר אַ מייל אַרום און אַרום? פון וועמענס וועגען איז אָט דער גרויסער קיילעכיגער הימעלדיגער ברעגער, וואָס אַלע פאַרנאַכט לאָזט ער זיך אַראָפּ אין איין עק טייך, און אַלע פריהמאָרגען בעווייזט ער זיך פונ'ם אַנדערען עק טייך? וואָס וואָלטען זיי איצט ניט אַוועקגעגעבען, זיי זאָלען נאָך אַ מאָל אַ קוק טהון חאָטש מיט איין אויג אויף דער שענער, וואַרעמער, פייערינגער זון? אויף דעם גרויסען, ברייטען, פרייהען, ליכטיגען אין־דרויסען? אויף דער מיהל און אויף אַלסדינג, וואָס אַרום דער מיהל?...

סאַמע אין די דאָזיגע גוטע, גאָלדענע חלומות האָט מען זיי אויפגעחאַפּט און אַרויסגעטראָגען זיי אין דרויסען אַרויס. די פרייהע לופט פון דעם טומאַנענדיגען פריהמאָרגען האָט זיי אַ זעץ געטהאָן אין פּנים אַריין און האָט זיי אַרומגענומען מיט איהר פרישקייט

פון אַלע זייטען. זיי האָבען דערפיהלט, אַז ס'איז זיי אויסגעוואַכסען פליגלען. אָט האַפּען זיי זיך אויף און פליהען אין דער וועלט אַריין, פליהען איבער דעכער, איבער גערטנער, איבער וועלדער, אַהין, אַהין, צו זיך אַהיים... דאָרט טרעפען זיי זיך מיט זייעריגע: „ברוכים הבאים. פון וואַנען קומט מען?“ — פון די ווילדע מענשען. — „וואָס האָט מען אייך געטהאָן?“ — געהאָדעוועט אויף פסח. — „וואָס הייסט דאָס פסח?“ — אַזאַ יום־טוב ביי זיי, אַ גוטער, ליעבער יום־טוב, אַ יום־טוב פון פרייהייט, פון בעפרייהונג...

אַזוי חלומ'ט דאָס געבונדענע פּאָר־פּאָלק דעם גאַנצען וועג, ביז מע ברענגט זיי ערגיץ אין אַ שמאָל פינסטער געסעל און מע לאָזט זיי אַראָפּ געבונדענערהייד גלייך אין דער בלאָטע. דאָרט דערזעהען זיי אַ וואַנד בעשפריצט מיט בלוט, און אַ סך עופות געבונדענע ליגען אויף דער ערד, צו צוויי און צו דריי מיט אַ מאָל. ביי דער זייט שטעהען ווייבלעך און מיידלעך און שמועסען זיך, לאַכען, חיחיקען. דאָס פּאָר־פּאָלק קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען — צוליעב וואָס האָט מען זיי אַהער געבראַכט? וואָס טהוען דאָ די געבונדענע עופות? וואָס לאַכען די ווייבלעך מיט די מיידלעך? וואָס בעדייט די בלוטיגע וואַנד?... אָט דאָס איז דער גוטער ליעבער יום־טוב פסח? וואו איז די פרייהייט? די בעפרייהונג?...

אָט אַזוי קלערט זיך דאָס פּאָר־פּאָלק און בעטראַכט די געבונדענע עופות, וואָס ליגען זיך אַזוי שטיל און רוהיג, פרעגען נישט קיין קשיות, גלייך ווי עס דאַרף אַזוי צו זיין... נאָר איינע, אַ הוהן אַ שרייערין, רוהט נישט. זי רייסט זיך מיט אַלע כוחות, פּאַטשט מיט די פליגלען אין דער בלאָטע און שרייעט משוגענערווייז:

— לאָזט מיך! לאָזט מיך! איך וויל נישט ליגען! איך וויל בעסער לויפען! לאָזט מיך! לאָזט מיך!

— קוקאַריקו! — רופט זיך אָפּ אַ רויטער האָהן, וואָס ליגט געבונדען אינאיינעם מיט צוויי היהנער, און טהוט אַ פּאַטש מיט די פליגעל: — וואָס זאָגט איהר אויף דער חכמה? זי וויל ניט ליגען. זי וויל בעסער געהן. זי וויל בעסער לויפען. חאַ־חאַ־חאַ!

אונזער העלד הויבט־אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך איין מיט אַלע אויגען אינ׳ם רויטען האָהן, דעם עזות־פּנים, און ער פיהלט, ווי ס׳איז איהם פערקיהלט געוואָרען דאָס בלוט און פערגליווערט די איברים. ער וואָלט געמעגט שווערען, אַז דער חברה־מאַן איז איהם קענטליך, אַז ער האָט איהם ערגיץ געזעהן, ערגיץ געהערט. נאָר וואו? דאָס קאָן ער זיך בשום אופן נישט דערמאָנען. ער איז איהם אַזוי קענטליך! אַזוי קענטליך! און דאָס קול זיינס איז איהם אַזוי בעקאַנט. גוואַלד! וואו האָט ער זיך מיט איהם בעגעגענט?!... און ער הויבט זיך אויף נאָך אַביסעל העכער, דערזעהט איהם דער רויטער האָהן און ציהט אויס אויף זיין הילכינער סאָפּראַן־שטימע:

קוקאַריקו, לאַנגע נאָז!
מ׳האָט געשטאָפּט דיך אָהן אַ מאָס
מיט די בעסטע זיסע זאַכען,
מע זאָל קאָנען פון דיר מאַכען
אַ געבראָטענס מיט אַ קראָפּ,
פעטע יויך אַ פולען טאָפּ,
און אַ העלזעל אינ׳ם צימעס...

נישט בעשערט געווען אונזער רויטען משורר צו ענדיגען זיין ליעדעל. עמיצענס אַ האַנד האָט איהם אַ נעם געטהאָן מיט אַזאַ כוח און אַזוי אומגעריכט, אַז עס האָט איהם מיט אַ מאָל אָפּגענומען דאָס לשון.

ט.

## דער לעצטער אקט פון דער טראגעדיע.

דאָס איז געווען אַ משונה־ווילדער נפש מיט אַ פערשלאָפען פּנים, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט לאַנגע פאות, אין שיך און זאָקען, אונטערגעשטעקט די פּאָלעס, פערקאַטשעט די אַרבעל, מיט אַ שוואַרץ גלאַנצענדיג מעסער אין האַנד. נישט לאַנג געטראַכט, טהוט ער אַ נעם דעם רויטען האָהן צו זיך, פערררייסט איהם דאָס קעפּעל

אַרויף, טהוט איהם אַ קוק אין די אויגען אַריין, פּליקט איהם אויס דריי פעדערלעך, חיק מיט'ן מעסער איבער'ן האַלז און—מאַרש !— אַ שליידער פון זיך גלייך אין דער בלאָטע אַריין. ווי אַ פּריטש-מעליטער בלייבט נעבאַך ליגען דער האָהן אַ ווײַלע, און פּלוצים חאַפּט ער זיך אויף און לאָזט זיך לויפען מיט'ן איבערגעשניטענעם האַלז, דרעהט מיט'ן קאָפּ, גלייך ווי ער זוכט עמיצען, גלייך ווי ער האָט עפּיס פערלאָרען. אונזער העלד קוקט זיך איין אין דעם געקוילעטען האָהן און דערקענט זיין אַלטען בעקאַנטען, וואָס ער האָט אַמאָל געזעהען אין חלום, און ער דערמאָנט זיך דאָס ליעדעל, וואָס דער חברה-מאַן האָט איהם דעמאָלט געזונגען, און ער קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסברענגען צו זיין געליעבטער, וואָס ליגט נעבען איהם שטאַרק צוגעטולעט צו זיין לייב און ציטערט און צאַפּעלט מיט אַלע איברים... און דער ווילדער נפש מיט'ן גלאַנצענדיגען מעסער טהוט זיך זיין ארבייט גאַנץ קאַלטבלוטיג, ווי איין אמת'ער תלין. איינס נאָכ'ס אַנדערע פליהען ביי איהם די עופות. אַלע חאַפּען אַ קיצעל מיט'ן מעסער איבער'ן האַלז און אַ שליידער אין בלאָטע אַריין. אַנדערע ציהען זיך אויס, געהען-אָפּ מיט בלוט, דריגען מיט די פיסלעך און צאַפּלען. אַנדערע וואַרפען מיט די קעפּלעך, פּאַטשען מיט די פליגלען איבער דער בלאָטע. אַלע מינוט קומען-צו נאָך און נאָך קרבנות מיט איבערגעשניטענע העלזער. די ווייבלעך מיט די מיידלעך, וואָס שטעהען ביי דער זייט, קוקען און — גאָרנישט. אדרבה, אייניגע פון זיי פּאַלען אַרויף אויף די געקוילעטע, נאָך לעבעדיגע, עופות און פליקען זיי און רייסען פון זיי די פעדערען, און בעת מעשה רעדען זיי זיך איבער און ווערטלען זיך און לאַכען, גלייך ווי דאָ וואָלט זיך געגאָסען וואַסער, נישט קיין בלוט פון לעבעדיגע בעשעפּענישען !... וואו זענען זייערע אויגען ? וואו זענען זייערע אויהערען ? וואו זענען זייערע הערצער ? זייער יושר ? זייער גאָט ?...

אַזוי טראַכטען זיך אונזערע צוויי אומגליקליכע אינדיאַנער, וואָס ליגען נאָך אַלץ געבונדען, און קוקען זיך צו צו דער דאָזיגער

מורא'דיגער טראַגעדיע, צו דער דאָזיגער אונגעהערטער רציחה אין מיטען העלען טאָג. שוין־זשע האָט מען זיי געבראַכט אהער צוליעב דעם זעלבען צוועק, וואָס אַלע עופות, גענז און קאַטשקעס? שוין־זשע וועלען זיי, די אויסדערוועהלטע, די מיוחסים, וואָס שטאַמען פון אינדיע, האָבען אַזאַ וויסטען סוף גלייך מיט דעם דאָזיגען פראָסטען עולם? איז דאָס, אַפנים, נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, וואָס מע דערצעהלט זיך אָן וועגען די ווילדע מענשען? און די נביאות פונ'ם רויטען האָהן?...

און זיי הויבען אָן פערשטעהן דעם קאַלטען נאַקעטען אמת, און עס ווערד זיי קלאָר אַלסדינג, וואָס זיי האָבען געהערט, אַלסדינג, וואָס זיי האָבען געזעהען ביז אַהער. נאָר איין זאַך קאָנען זיי נישט צעקייען: צו וואָס האָט די טערקישע שאַל אַלע מאָל זיך בעריהמט, אַז גאָט מעג איהר העלפען דערפאַר, וואָס זי האָט איהם אויסגעהאָדעוועט אַזאַ פאָר־פאָלק אויף פסח?... אָט דאָס וויל גאָט? דאָס איז איהם ליעב? אַך, וואָס פאַר אַ בייזער גאָט דאָס דאַרף זיין ביי אָט די ווילדע מענשען!...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

* * *

אין עטליכע מינוט אַרום זענען אונזערע שטאָלצע אינדיאַנער, דאָס געליעבטע פאָר־פאָלק, געלעגען אויף דער ערד, ווי צוויי פשוט'ע געקוילעטע אינדיקעס. זיי האָבען אַרויפגעלעגט איינס אויף דאָס אַנדערע זייערע איבערגעשניטענע נאַך וואַרעמע העלזער און האָבען אויסגעזעהען פון דער ווייטען, ווי זיי שלאָפען און חלומ'ען זיסע גאָלדענע חלומות. אויף זיי איז געזאָגט געוואָרען דער פסוק:

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו — די ליעבע און געטרייע, סיי ביי'ם לעבען, סיי ביי'ם טוידט האָבען זיך נישט געשיידט.

# פּעסעלי דעם רבינ׳ס

## א.

### קורץ־פריימאָג און שבת־הגדול.

אזוי האָט מען זיי גערופען.

איהם — דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַ קליינימשקער און אַ קורצינקער, און זי — דערפאַר, וואָס זי איז געווען אַ הויכע און אַ לאַנגע.

אַ הויכע, אַ לאַנגע, נאָר אַ דינע, אַ דאַרע, אַ טרוקענע — אַ לולב! אַז זי פּלעגט איהם דאַרפען זאָגען אַ סוד („אוי, באַגראָבען זאָל איך דיך מיט די קורצע פיס"!), פּלעגט זי מוזען מחילה זיך אָנבויגען, אַראָפּלאָזען זיך מיט עטליכע גראַד נידעריגער, אַ ר אָ פּ נ י ד ע ר ע ן צו איהם; און ער האָט דאָס פיינט געהאַט האָרכען, פּלעגט ער זיך בויגען; פּלעגט זי זיך דאַרפען נאָכבויגען; פּלעגט ער זיך אָנבויגען נידעריגער; פּלעגט זי מוזען זיך בויגען נידעריגער; פּלעגט ער זיך אָנבויגען נאָך נידעריגער; פּלעגט זי מוזען זיך אָנבויגען נאָך נידעריגער:

— אוי, באַגראָבען זאָל איך דיך מיט די קורצע פיס!...

מיט איינעם וואָרט: זי איז איהם דערגאַנגען די יאָהרען, און ער האָט געשוויגען. און מיר, חדר־יונגלעך, שקצים, קונדסים־עכברושים, האָבען נעהאַט די גרעסטע נקמה.

פאַר וואָס?

דערפאַר, וואָס ער האָט א ו נ ז דערגאַנגען די יאָהרען, גע־מוטשעט מיט דער גמרא, געבראָכען די ביינער, געשמיסען, גע־שמיסען, געשמיסען... איהר גערענקט דאָך די מעשה וואָס אין פּרק: „פּ ע ם א ח ת — איינמאָל האָט ער דערזעהען אַ קאָפּ פון אַ מענשען טהוט שווימען אויפ'ן ים, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגערופען צו דעם קאָפּ: ע ל ד א ט פ ת — דערפאַר וואָס דו האָסט יענעם דערטרונקען, האָט מען דיך דערטרונקען, און דער סוף פון דיינע טריינקער — זיי וועלען אויך דערטרונקען ווערען"... נאָר איך קעהר זיך אום צוריק צום „קורץ־פרייטאָג" און „שבת־הגדול".

ער איז געווען, ווי איהר שטויסט זיך שוין אָן מסתמא, אונ־זער רבי, און האָט געהייסען רב זרחל, און זי איז געווען אונזער רביצין, און האָט געהייסען זרחליכע.

ער האָט געקנעלט מיט אונז פון גאַנץ פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט, געהאַקט האָלץ, זיך איינגעריסען דאָס געזונד, פאַר עטליכע קאַרבען אַ זמן, און זי האָט געבאַקען בלינעם מיט לאַט־קעס פון אונזערטוועגען, רעטשאַניקלעך, באַבקעלעך און קאָרזשעס אויף צו פערקויפען.

צי האָט זי געהאַט דערפון פרנסה, — דאָס קאָן איך אייך ניט זאָגען; נאָר אַז מיר, חדר־יונגלעך, שקצים, קונדסים־עכברושים, האָבען איהר אָנגעפייפט אין חשבון — דאָס בין איך אַייך ערב, וואָרום איטליכער האָט גענומען אויף באָרג, און יעדער פון אונז האָט געהאַט ביי איהר קרעדיט ביז אַ געוויסער „ציפער", און איט־ליכען האָט זי געגלויבט אויף נאמנות.

מע האָט בעדאַרפט האָבען אַ האַרץ פון אַ טאָטער, מע זאָל זרחליכען אָפּנאַרען! און ווער האָט נאָך אַזוי געקענט זרחליכען, ווי איך האָב זי געקענט?

אַז בסך־הכל האָב איך ביי איהר געגעסען קעסט, וואָרום איך בין געווען אַ דאָרפסיונגעל, האָב איך זיך אָנגעזעהען, ווי זי האָרע־

וועט נעבאך, שטעהט אויף פארטאג, וועט גאט אליין שלאפט נאך, נעמט זיך צו דער באקדייזשע אדער צו דער מולטער, פערקאטשעט די ארבעל און קנעט גאנץ געשמאק מיט ביידע לאנגע דארע טרו־קענע הענד, און דאס טייג מאכט טיאך־טיאך, און די מולטער קרעכצט, און זי אליין קרעכצט, שטעלט זיך אפ אלע מאל, טהוט א וויש דעם שווייס מיט'ן עלענבויגען פון אונטען ארויף און לאזט ארויס א טיעפען־טיעפען: „אוי, רבונו־של־עולם־מאמע־זיסע־האר־ציגע־געטרייהע!“...

הערט איהר? איך האב געוואוסט וואס בעדייט אט דער דאָ־זיגער „רבונו־של־עולם־מאמע־זיסע־הארציגע־געטרייע!“ אט דאס איז דער פשט פון דעם: די מעהל איז גענומען געווארען ביי גנעסי די מיטניטשקע אויף בארג ביז דאנערשטאג, און די סחורה וועט זי צעטהיילען אויף בארג, און גאט ווייסט, אויב עס וועט איהר אומ־קעהרען זיך צוריק דאס געלד ביז דאנערשטאג, און גנעסי די מיט־ניטשקע וועט נישט שווייגען, גנעסי די מיטניטשקע האט אליין אויך גענומען די מעהל ביז דאנערשטאג, און אז מע זאגט דאנערשטאג, בעדארף זיין דאנערשטאג, ווארום א מויל איז ניט קיין האליווע, און דאנערשטאג איז גלאט א גוטער טאג, דאנערשטאג הייסט שוין ערב שבת, דער טאג וואס מע בעדארף אנקומען צום מאן נאך געלד, און אז אך און וועה איז דעם „שבת־הגדול“, אז ער בעדארף זיך אראפפלאזען צום „קורץ־פרייטאג“ בעטען אויף שבת, און אז אך און וועה איז דעם „קורץ־פרייטאג“, אז דער „שבת־הגדול“ קומט איהם מאנען אויף שבת — אז אך און וועה איז זיי ביידען!...

אט דאס האט בעדייט דער רביצינ'ס „רבונו־של־עולם־מאמע־זיסע־הארציגע־געטרייהע“...

און אפשר האט איהר „רבונו־של־עולם־מאמע־זיסע־הארציגע־געטרייהע“ געהאט איין אנדער טעם? אפשר איז דאס גאר געגאנ־גען אויף אנדערע צרות? און צרות האט זי געהאט גענוג, ניט צו פערזינדיגען!

ערשטענס, איז זי אַליין געווען, לא עליכם, נישט קיין געזונדע, פלעגט הוסטען שטילערהייד, אַז קיינער זאָל ניט זעהען; צווייטענס, האָט זי געהאַט יסורים פון פּ ע ס ע ל י ' ן, איהר עלטערע טאָכ־טער, אַ מיידעל שוין אין די יאָהרען, מיט פלאַם־פייעריגע האָר און מיט קלייען אויפ'ן פנים, וואָס קיינער וויל זי ניט נעמען — וואָס וועט זי אויסזיצען?... היינט „באַשעפעניש" — דאָס איז דאָך גאָר איין אומגליק! „באַשעפעניש" איז געווען אַ הויקער, אַ פערזעהע־ניש, אָהן הענד, אָהן פיס, אָהן אַ צונג, אָהן לייב און לעבען — אַז אָך און וועה צו אַזעלכעס, וואָס איז גאָר געבאָרען געוואָרען, אַז אָך און וועה איז צו אַזעלכעס, וואָס לעבט גאָר אויף דער וועלט!...

נאָר מיט „באַשעפעניש" וועלען מיר זיך נאָך בעגעגענען אַמאָל, און מיט פעסעלי'ן וועלען מיר זיך אויך אין גיכען בעקענען. דערווייל*ע* קעהרען מיר זיך אום צוריק צום „קורץ־פרייטאָג" און „שבת־הגדול".

אַ ביטערע רחמנות איז געווען נעבאַך אויף זרחליכען, אַז זי אַליין האָט בעדאַרפט רעשטשינען, קנעטען, זעצען, באַקען, בראָטען זיך ביי'ם אויווען, אַליין טראָגען וואַסער, אַליין ברענגען האָלץ, אומעטום אַליין, נישטאָ קיין הילף פון קיינעם! פון וועמען? זרחל קנעלט, פעסעלי זיצט און לערענט גלייך מיט אַלע קינדער, זי איז דאָך אַ וואָהלקענעווודיגע, אַ מאַנסבילשער קאָפּ אויף איהר, און „באַ־שעפעניש" זיצט צווישען אויווען אין אַ ווינקעלע, די פיסעלעך אונטער זיך, און וואַרט ביז מע וועט איהר אונטערטראָגען עפּיס, אריינרוקען אין הענטעל אריין: „נאַ, באַשעפענישעל, וואַרג זיך!"...

אָט דאָס, אַפּנים, האָט בעדריט דער „אוי, רבונו־של־עולם־מאַמע־זיסע־האַרציגע־געטרייהע"... און אפשר איז דאָס גאָר גע־גאַנגען דערויף, וואָס פעסעלי איז געווען אינגאַנצען אויף זיין זייט, אויפ'ן פאָטער'ס צד הייסט דאָס, און זיי ביידע, פעסעלי און זרחל, זענען איהר תמיד געווען אויף קידער־ווידער?

— דאָס טאַטעלע מיט'ן טעכטערעל! באַגראָבען זאָלט איהר זיך ביידע אין איין גריבעל!

פעסעלי האָט ליעב געהאַט דעם פאָטער, און דער פאָטער האָט ליעב געהאַט פעסעלי'ן — דאָס איז געווען אַ מאָדנע, אַ שטילע ליעבע.

קיינער פון אונז האָט ניט געהערט, זיי זאָלען זאָגען אַ מאָל איינער דעם אַנדערען אַ גוט וואָרט. אַדרבה, ער פלעגט זיך מיט איהר שאַפען ניט ווי מיט אַ טאָכטער, נאָר ווי מיט אַ דיענסט:

— הער נאָר דו!...

נאָר אין די אויגען האָט מען אַרויסגעזעהען, אַז ער האָט זי ליעב, שטאַרק ליעב, אַז ער קאָן זיך אָהן איהר ניט בעגעהן.

אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ בייז פינסטער לעבען ביי'ם ווייב? און אפשר דערפאַר, וואָס פעסעלי איז געווען אַ גע־ראָטענע, געהאַט אויף זיך אַ מאַנסבילשען קאָפּ און געקאָנט גוט לערנען? און אפשר דערפאַר, וואָס פעסעלי האָט געוואוסט דעם טאַטענס אַלע גענג, געטראָפען אַלע מאָל וואָס ער וויל, אונטערגע־טראָגען איהם צו דער צייט די יאַרמעלקע, דעם קאַנטשיק, דאָס פושקעלע טאַבעקע, אָדער אַ טרונק וואַסער?

— דאָס טאַטעלע מיט'ן טעכטערעל! — פלעגט זאָגען די רביצין. — ער זאָל בעסער אין זינען האָבען אַ שידוך טהון מיט איהר, קריגען עפּיס אַ חתן פון איהרעטוועגען!...

דער רבי האָט איהר דערויף געענטפערט נאָר מיט אַ זיפץ, ווי איינער רעדט: „קריגען עפּיס אַ חתן? געה קריג, אַז סע קריגט זיך ניט!"...

אויף אַלסדינגג איז אָבער פאַרהאַן אַ צייט. יעדעס שטיקעל סחורה ליגט זיך אויס, ביז סע קומט דער רעכטער קונה. און ס'איז נישטאָ דאָס מיידעל אויף דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבען איהר זווג. קיין אידישער מאָנאַסטיר, ווייסט איהר דאָך, איז ניט פאַר־האַן...

געקומען אַ צייט אויף פעסעלי'ן. געקומען איין „אויסחאַפּע־ניש" אויף איהר. אַזוי האָט געזאָגט די רביצין. נאָר אין אמת'ען איז דאָס געווען אַ בעשערטע זאַך. און אויב איהר ווילט וויסען,

איז דאָס געווען אַ ראָמאַן, איין אמת'ער ראָמאַן — שעמט זיך ניט, אַ ראָמאַן מיט אַ „פאַרליעבעניש“, מיט אַ „פאַרקאָכעניש“, מיט אַלע זיבעצעהן זאַכען, אַ ראָמאַן מיט אַלע פּישטשעווקעס.

נאָר דערויף איז ביי מיר פאַרהאַן אַ בעזונדער מעשה.

## ב.

## אוועקגעפאָהרען.

אַ הויכער, נאָר איין איינגעבויגענער, אַ געשטופּעלט פּנים, נאָר גוטע גרויע אויגען, אַ יונגערמאַן, נאָר מיט גרויע האָר — אָט האָט איהר אַ פּאָרטרעט פון פייוועל קאָראָבייניק, אָדער, ווי מע האָט איהם גערופען ביי אונז אין כתרילעווקע, „פייוועל כל־בוניק“.

און גערופען האָט מען איהם „כל־בוניק“ ניט אומזיסט: ביי איהם אין דער קאָראָבקע האָט זיך געפונען פון כל־בו: קנעפּ און קנעפּלעך, נאָדלען און נאָדעל־טעשלעך, גאַרעס און זייד און סטיינ־געס און טאַשמעלעך און פּאָדעס און באַוועלעך, יאַרמעלקעס און קליידלעך, און שטיקלעך זייף אַלערליי סאָרטען, און נאָך אַ סך מינים סחורה, וואָס איז שווער אַלסדינג זיך אָנגעדענקען און אויס־רעכענען אויפ'ן קאָפּ.

אַ יום־טוב איז געווען ביי אַלע ווייבער און ביי אַלע מיידלעך, אַז מע האָט דערהערט, אַז פייוועל כל־בוניק איז געקומען, און פאַר אונז, חדר־יונגלעך, שקצים, קונדסים־עבברושים, איז דאָס געווען אַ צווייענדיגער יום־טוב: ערשטענס, איז פייוועל כל־בוניק מיט דער קאָראָבקע גלאַט אַ יום־טוב, און צווייטענס, ווי באַלד פייוועל כל־בוניק איז דאָ, וועט מען פערשפּאָרען לערנען האַטש אַ פּאָר שעה, מע וועט זיין „פריי“. פאַר וואָס? דערפאַר, ווייל דער רבי רב זרחל האָט ליעב האָרכען נייעס, וואָס טהוט זיך אויף דער וועלט, און ווער ווייסט נאָך אזוי וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, ווי פיי־וועל כל־בוניק, וואָס שפּאַרט־אָן מיט זיין קראָם מי יודע וואו, אַלע מייזענלעכער?

נייעס האָט פּייוועל כל־בו׳ניק געבראַכט צו פּיהרען אַלע מאָל גאַנצע פּעק, „אוצרות מיט נייעסען“, און נישט אַזוי די נייעס אַליין, ווי דאָס דערצעהלען זיינס. איהר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגען? דערצעהלען נייעס בעדאַרף מען קאָנען; און פּייוועל כל־בוניק האָט געקאָנט דערצעהלען. אין זיין דערצעהלען איז געלעגען אַ מין טאַלאַנט, אַ כח המושך, וואָס האָט צוגעצויגען און געצויגען זיך אָהן אַיין אָפּשטעל און אָהן אַיין אויפהער, און אייביג, דאַכט זיך, אייביג וואָלט איך איהם געוואָלט האָרכען, קיינמאָל נישט גמאס געוואָרען.

— וואָס הערט זיך נייעס, פרעגט איהר? אוי, סע הערט זיך ניט גוט! — אַזוי פלעגט פּייוועל כל־בוניק אָנהויבען שיטען און צעפּאַקעווען בשעת מעשה די קאַראָבקע און צעלעגען זיך מיט דער קראָם. — נישט גוט הערט זיך מיט אונזערע אידעלעך, אַחינו בני ישראל!... אָט פאָהר איך פון זיטאָמיר פאָהר איך, דאָס הייסט, ניט פון זיטאָמיר — ניט ווייט פון זיטאָמיר, טשידנעוו איז פאַרהאַן אַ שטעדטעל, אויב איהר האָט געהערט, טשידנעוו... איז דאָרטען פאַרהאַן אַ רב אין טשידנעוו, איז דער דאָזיגער רב דער טשידנעווער אַליין אַ אונזעריגער, אַ מאַלעראָסיער, פון מאַלעראָסיע איז ער—מאַלעראָסיע איז ניט ליטאָ, אין מאַלעראָסיע איז ניטאָ אַזעלכע אָרעמע לייט, ווי אין דער ליטאָ; ביי אונז, אַז סע מאַכט זיך אַיין אָרעמאַן, איז ער זיך אַיין אָרעמאַן, און ביי אייך אין דער ליטאָ אַיין אָרעמאַן, עס זאָל אַייך צו קיין חרפּה ניט זיין, איז טאַקי אַיין אָרעמאַן, וואָס אַיין אָרעמאַן הייסט; איך האָב אַזעלכע אָרעמע לייט, ווי ביי אייך אין דער ליטאָ, נישט באַגעגענט אין ערגיץ ניט, איך בין שוין אויסגעפאָהרען אַ שטיקעל וועלט, איך בין שוין געוועזן אומעטום, אי אין דער ליטאָ, אי אין פּוילען, אי אין טיעף־פּוילען, אין ראַדאָם און אין לאָדז און אין ווארשא. אוי, וואַרשא! לעבען זאָל ווארשא! אַ טהייערע, אַ גאָלדענע שטאָדט, אָט דאָס ווארשא! און וואָלוועל, בזיל הזול!... דאָרט אַיין אָנבייסען קריגט איהר פאַר עלף גראָשען, און נאָך וואָס פאַר אַ מין אָנבייסען, מיט זעמעלעך פון געבייטעל־

טער מעהל, וואָס צעגעהט אין מויל, ווי אַ פּוטער; איך וואָלט, דאַכט מיר, אייביג געזעסען אין וואַרשא וואָלט איך, ווען ניט די שפּראַך זייערע, וואָס איז שווער צו חאַפּען, מחמת זיי רעדען מאַד־נע און גיך־גיך, צום מיינסטען, מיט פּתח'ען אַ סך און מיט אַ ניגון: „איי! וואַי! יאַך זאָל אַזוי לייבען!"... און אַלע הייסען ביי זיי דאָרטען „איטשמאיר", אַלע איין נאָמען, נאָך זייערען אַ גוטען אידען איצי־מאיר, אַזוי ווי אין באַרדיטשעוו הייסען אַלע לוי־יצחק, נאָך רב לוי־יצחק'ן דעם באַרדיטשעווער רב, וואָס איז געווען אַ שם־דבר, וואָס נאָך עד היום דערצעהלט מען זיך אָן פון איהם אַ סך שענע מעשיות; למשל, מע דערצעהלט, אַז...

— טאָמער וואָלט שוין געווען גענוג מעשיות? — שלאָגט איהם איבער סאַמע אין מיטען זרחליכע די רביצין. — וואָס קאָסט ביי אייך אַ פערטעל טוץ קנעפּלעך ווייסע מיט פאַרהאַטעוועטע לעכ־לעך?

און פייוועל כל־בוניק פאַלט ניט אַראָפּ ביי זיך דערמיט, וואָס מע האָט איהם איבערגעהאַקט אין מיטען. ער בעווייזט דער רביצין אַלערליי קנעפּלעך, ווייסע און ניט קיין ווייסע, מיט פערהאַטעוועטע און ניט קיין פערהאַטעוועטע לעכלעך, און רעדט ווייטער, ער שיט ווי פון אַ זאַק, עס גיסט זיך ביי איהם, ווי פון אַ פאַס, און עס ציהט זיך ביי איהם אָהן איין אָפּשטעל און אָהן איין אויסלאָז, ווי ביי יענעם פּאָקוסניק, וואָס ציהט אַלערליי סטיינגעס פונ'ם מויל, רויטע, גרינע, געלע, בלויע, און מע ווייסט ניט, ווען לאָזט זיך אויס ביי איהם רויטע און ווען הויבט זיך אָן גרינע, ווען לאָזט זיך אויס געלע און ווען הויבט זיך אָן בלויע — עס ציהט זיך און ציהט זיך סטיינ־געס, עס שעמערירען אין די אויגען סטיינגעס, אַ גאַנצער באַרג מיט סטיינגעס, אָהן איין עק סטיינגעס און סטיינגעס...

ויהי היום, האָט זיך געטראָפען אַ מעשה: פייוועל כל־בוניק האָט אָוועקגערופען דעם רבי'ן אויף אַ סוד און האָט זיך אָפּגע־סוד'עט מיט איהם אַקעגען אַ שעה צוויי; בשעת מעשה האָט פיי־וועל זיך געווישט דעם שטערן מיט אַ גרויסער רויטער פעטשיילע —

עס האָבען פון איהם גערונגען טייכען שוויים. און דער רבי רב זרחל איז געווען מאָדנע צעטראָגען, שטאַרק צעפלאָכטען און פערטראַכט, כמעט ניט געהערט וואָס מע רעדט צו איהם. און אַז די רביצין איז געקומען פונ'ם מאַרק, האָט זי דער רבי אַוועקגערופען אויף דעם אייגענעם אָרט, וואו ער האָט זיך גע'סוד'עט מיט פּייוולען, און עס האָט לאַנג נישט געדויערט, האָט זיך געלאָזט הערען אַ געשריי: „סע קאָן ניט זיין?!"... און באַלד האָט דער רביצינ'ס פּנים זיך אָנגעצונדען מיט אַ מאָדנע פייערעל, מיט אַ מין שיין, וואָס מיר האָבען שוין לאַנג אויף איהר פּנים אַזעלכעס ניט געזעהען.

— היינט לאָז איך אייך פריי, היינט לערענט מען ניט! — האָט אונז דער רבי געגעבען צו וויסען און צעלאָזט דעם גאַנצען חדר, און נאָר איך איינער, דעם רבי'ס קעסט־קינד, בין געבליבען, און דער גאַנצער חדר האָט מיר מקנא געווען, וואָס איך וועל זיין דערביי.

וואָס „דערביי" — האָט קיינער ניט געוואוסט; נאָר פערשטאַנען האָט מען, אַז דאָ מוז עפּיס זיין, אַ שמחה אָדער אַזוי אַ מין זאַך, וואָס ס'איז כדאי דערביי צו זיין.

און איך בין דערביי געווען...

קודם כל האָט זיך די רביצין אַ חאַפּ געטהאָן:

— אוי, אַ מכה איז מיר, ניטאָ קיין לעקאַך!

האָט איהר דער רבי געענטפערט:

— למאַי, ס'איז קיין בראָנפען אויך ניטאָ?

האָט זיך אַריינגעמישט פּייוועל כל־בוניק אַליין:

— דאָס נעם איך אויף זיך...

בקיצור, ס'איז געוואָרען אי לעקאַך, אי בראָנפען, אי פאַרבייסען, און תיכף נאָך מעריב זענען זיך צענויפגעקומען אַ מנין אידען פון אונזער בית־המדרש, און בתוכם רב משה־שמואל דער חזן, רב העניך דער סופר און רב עוזר דער שמש, און מע האָט געשריבען תנאים:

— ה"ה החתן מוהר"ר... — אַזוי האָט געלייענט רב העניך דער סופר מיט אַ ניגון. — מוהר"ר, מוהר"ר...

דאָ האָט זיך רב העניך דער סופר אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטהאָן אויפ'ן חתן.

— מוהר"ר שרגא־פייביש־געציל ברב נח־מרדכי־ליב... עם הכלה הבתולה מרת... מרת...

דאָ האָט זיך רב העניך דער סופר אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטהאָן אויף דער כלה.

— מרת פּעסי־לאה־מייטע בת הרב רב זרח־נפתלי־צבי־הירש...

— מרת פּעסי־לאה־מייטע בת הרב רב זרח־נפתלי־צבי־הירש... החתונה תהיה למזל טוב, אם ירצה השם... אם ירצה השם...

דאָ איז פאָרגעקומען אַ שטילע סצענע אָהן ווערטער, דהיינו: דער סופר האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן רבי'ן, דער רבי האָט אַ קוק געטהאָן אויף דער רביצין, די רביצין — אויפ'ן חתן, דער חתן — אויף דער כלה, די כלה — אויפ'ן סופר, דער סופר — אויפ'ן רבי'ן, דער רבי — ווידער אויף דער רביצין, די רביצין — אויפ'ן חתן, דער חתן — אויף דער כלה, די כלה — אויפ'ן סופר, און אַזוי ווייטער... דאָס, ווען מע זעצט איבער אויף ווערטער אין וואָס פאַר אַ שפּראַך ס'ניט איז, וואָלט אויסקומען אַזוי:

**דער סופר צום רבין:** נו? וואָס שווייגט איהר? **איהר** זענט דאָך דאָ דער מחותן?

**דער רבי צו דער רביצין:** פון וואַנען זאָל איך וויסען? פרעגט ביי **איהר**...

**די רביצין צום חתן:** חתן, וואָס שווייגסט דו? סאַי ווי סאַי אַלע הוצאות אויף דיין קאָפּ...

**דער חתן צו דער כלה:** ביי מיר האָט מען גע־פועל'ט אַפילו מאָרגען; וואָס זאָגסט דו, פּעסעלי?...

**די כלה צום סופר:** פרעגט דעם טאַטען, חאָטש איך וויים פריהער, אַז דער טאַטע וועט הייסען אָפּלעגען...

בקיצור, ס'איז געבליבען, אַזוי ווי ס'איז ערב ראש חודש, זאָל די חתונה זיין חצי חודש, דאָס הייסט, אין אַ פּאָר וואָכען אַרום, וואָרום ווי ניט ווי — **עפּיס** דאַרף מען דאָך אויפנעהען,

ע פּ י ס דאַרף מען דאָך צוגרייטען... און אַז מע האָט צעבראָכען דעם טעלער און געזאָגט: „מזל טוב! מזל טוב!" — האָב איך בעמערקט, אַז דער רבי רב זרחל איז געוואָרען טוידט, ווי אַלע טוידטע; אַזוי ווי דער טעלער האָט זיך צעבראָכען, אַזוי האָט זיך ביי איהם דאָס האַרץ צעבראָכען אויף שטיקלעך... איך האָב אַליין געהערט פון איהם, ווי ער האָט אַ זאָג געטהאָן צו רב משה־שמואל דעם חזן ביי'ם ערשטען גלעזעל בראַנפען, וואָס פון איין קוק אויף דעם איז ער שוין געווען בגילופין:

— קומט אַ פרעמדער איד און חאַפּט אויס דעם קוילעטש — וואָס? ווער? וועמען? אַך־אַך־אַך!...

— עט, — האָט איהם אָפּגעענטפערט רב משה־שמואל דער חזן, וואָס האָט שוין העכער אַ האַלב גלעזעל בראַנפען אָפּגעטרונקען און די צונג האָט זיך איהם שוין עפּיס ווי געפּלאָנטעט. — עט, מילא, בע! גאָט זאָל געבען נחת פון דערווייטען... אם ירצה השם, ישועות ונחמות אויפ'ן כלל, כלל ישראל!...

— אַי, שוין צייט, שוין צייט! שוין לאַנג צייט! — האָט אונ־טערגעהאַלטען רב העניך דער סופר, געקוקט אויפ'ן גלעזעל און אויפ'ן פלעשעל שטאַרק דיפּלאָמאַטיש, אַפּנים, זעהר געהאַט חשק, מע זאָל דאָס איהם אָנגיסען נאָך אַ מאָל...

— אָמן! — האָט זיך אָנגערופען רב עוזר דער שמש, וואָס וויל ניט וויסען פון קיין שום מעשיות, און האָט איבערגעקעהרט דאָס גלעזעל אָהן צערעמאָניעס גלייך אין מויל אַריין.

און חתן־כלה זענען געזעסען אויבען־אָן, איינס נעבען דאָס אַנ־דערע גאַנץ נאָהענט, אַזוי נאָהענט, אַזוי פעסט, אַז איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט אַריינשטופּען זיך צווישען זיי אין מיטען; נאָר פון דער ווייטען האָב איך גאַנץ גוט געזעהען, — איך האָב נישט קיין נידעריגע ראיה — אַז א י ה ר האַנד איז געווען אין ז י י ן האַנד; עס האָט איהר געפלאַמט דאָס פּנים; די אויגען האָבען איהר געברענט. זי האָט מיט אַ מאָל בעקומען חן, געוואָרען שען, שען ווי די וועלט! וואו זענען אַהינגעקומען איהרע רויטע האָר?

וואו האָבען זיך בעהאַלטען איהרע קלייען פונ׳ם פּנים? זי איז גע־וואָרען, זאָג איך אייך, מלא חן!...

און נישט נאָר יענעם אויפדערנאַכט — די גאַנצע צייט, וואָס מע האָט זיך געגרייט צו דער חתונה, האָט פּעסעלי געשיינט ווי די זון אים תמוז, געוואָרען פון טאָג צו טאָג שענער און שענער. נאָר דעם טאָג פון דער חופּה איז זי שוין געווען ניט דאָס, מחמת זי האָט געוויינט, שטאַרק, שטאַרק געוויינט, געגאָסען, ווי אַ בערעזע־נע. אפשר האָט איהר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז זי וועט ניט מאַכען קיין גרויס גליק מיט איהר אויסדערוועהלטען, מיט איהר בעשער־טען?... און אפשר האָט איהר באַנג געטהאָן דער פאָטער, וואָס בלייבט אַליין, עלענד ווי אַ שטיין?...

נאָר אויב פּעסעלי׳ן איז געווען שווער זיך צו שיידען מיט איהר פאָטער, איז דעם פאָטער געווען טויזענד מאָל שווערער זיך שיידען מיט זיין טאָכטער! דער רבי רב זרחל האָט ניט געוויינט, — וואָס איז ער אַ אידינע, ער זאָל וויינען? דער רבי רב זרחל איז גלאַט אויסגעגאַנגען שטילערהייד, געצאַנקט ווי אַ ליכט.

אַז מע האָט געהאַלטען ביי׳ם געזעגענען זיך, איז פאָרגעקומען אַזאַ מין סצענע: די פּעקלעך — א י ה ר בעטגעוואַנד מיט די מלבושים און ז י י ן קאַראָבקע מיט סחורה — זענען שוין גע־ווען איינגעפּאַקט אינאיינעם און געלעגען אין וואָגען; פייוועל כל־בוניק איז געשטאַנען מיט איין פוס אויף יענער זייט שוועל און געוואַרט, אַז פּעסעלי זאָל געהן קריכען אין בויד אריין; די רביצין איז געשטאַנען אויסגעצויגען ווי לאַנג זי איז, צענויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן האַרצען, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף צוויי פינגער און געקוקט אויפ׳ן רבי׳ן מיט אַ מאָדנעם קוק, ווי איינער רעדט: „באַגראָבען זאָל איך דיך מיט דיינע קורצע פיס, וועסט זיך אַמאָל געזעגענען מיט איהר, צי ניין?“...

דער רבי רב זרחל האָט פערשטאַנען, וואָס דער קוק בעדייט, און האָט אַ זאָג געטהאָן צום איידעם, צו פייוועל כל־בוניק, מיט אַ קול פון אַ שטשערבאַטען טעפּעל:

— המ... נו... המ... ווען זיך, הייסט דאָס, אָנהויבען אָפּגעזעגענען?

— זייט געזונט, שוועהר! זייט געזונט, שוויעגער!

— פאָהר געזונט! פאָהר געזונט!

— זיי געזונט, מאַמע... זיי געזונט, טאַטע!...

אָט דאָ האָט זיך פעסעלי, איין אָנגעטהאָנענע, איין איינגעוויקעלטע אין צוויי שאַלען, מיט אַ מאָל געגעבען אַ ריס, ארויפגעפאַלען דעם פאָטער אויפ׳ן האַלז מיט אַ געוויין, מיט אַ יאָמער, מיט אַ געשריי:

— טאַ־טע!... זיסער, טייערער טאַטע!...

וויפיעל מענשען עס זענען בשעת מעשה געווען אין גאַס האָבען אַלע געוויינט: פעסעלי און דער רבי און די רביצין, און פייוועל כל־בוניק, און איך, און רב לייזער דער בעל־עגלה, וואָס איז געזעסען אויף דער קעלנע אָנגעגרייט מיט דער בייטש, און זיינע אַלע פּאַרשוינען, די וואָס אין בויד און די וואָס פּאַרעטש אַקעגען, און דוואָסי די שמש׳טע, דער רביצינ׳ס אַ שכנה, אַ קראַנקע נעבאַך, און דוואָסי׳ס עלטערע טאָכטער זלאַטקע, אַ קאָלטענעוואַטע געלע מויד מיט שוואַרצע ציינער, וואָס האָט געהאַלטען אַ קליין קינד אויף די הענד, און אַקולינא די גויע, וואָס פערשטעהט איטליכס וואָרט אידיש, און חלאַוונע דער שוסטער, וואָס איז געקומען אָפּנעמען פאַר די שטיוועל פעררי̇כטען און ס׳איז ניט געווען, און גלאַט אַ איד, אַ ווילד־פרעמדער גאַר, וואָס איז געגאַנגען פאַרביי, האָט ער דערזעהען, מע פאָהרט אוועק, און האָט דערהערט, מע וויינט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, געזיפצט שטילערהייד און אויך געווישט די אויגען...

לייזער האָט אַ קנאַק געטהאָן מיט דער בייטש: „פּאַשאָל" — און די פערדלעך האָבען געגעבען אַ ריס ד׳עם וואָגען, און די בויד איז מיט אַ רעש אוועק־אוועק...

לאַנג־לאַנג זענען מיר נאָך געשטאַנען אַלע אין דרויסען און געקוקט אַהין, וואו די בויד איז פערפאַלען געוואָרען, און נאָר אַ סימן

פון שטויב איז געבליבען שטעהן אין דער לופט, און אַ ריח האָט זיך געלאָזט הערען פון די פערד און פון די אָנגעשמירטע רעדער.

— אוועקגעפאָהרען! — האָט זיך אָנגערופען דער ווילד־פרעמדער איד, וואָס איז געגאַנגען פערביי, גלייך ווי ער האָט אונז דאָ דערצעהלט עפּיס אַ נייעס, וואָס אָהן איהם ווייסט מען ניט.

— אוועקגעפאָהרען! — האָט איהם דער רבי רב זרחל געענטפערט, גלייך ווי יענער האָט געוואַרט אויף דעם דאָזיגען ענטפער.

— אוועקגעפאָהרען! — האָבען מיר אַלע אַ זאָג געטהאָן, גלייך ווי מיר וואָלטען זיך דאָ אָנגעזאָגט איינס דאָס אַנדערע מי יודע וואָס פאַר אַ בשורה...

# באַשעפעניש

א.

איינמאָל אין אַ פרייטאָג, זומער איז דאָס געווען, זענען מיר געגאַנגען פון חדר אַהיים עטליכע יונגלעך מיט אַ מאָל. געגאַנגען זענען מיר גיך, כמעט געלאָפען, וואָרום, ערשטענס, האָט מען אונז געלאָזט פריי אויף שבת אַהיים, און, צווייטענס, זענען מיר געווען הונגעריג און אויף אונז האָט געוואַרט אַ הייס ראָסעלפלייש'על מיט פרישער שמעקענדיגער חלה.

פלוצים האָט איינער פון אונזער חברה אויסגעשריגען אויף אַ קול: „אוי, אַ פויגעלע!" — און מיר האָבען זיך אַלע אָפּגעשטעלט.

ווי אַ קניילעכין, איז געזעסען אויף דער ערד, מיט'ן קעפּעלע אַרויף, אַ קליין יונג פויגעלע, מיט נאָך גאָר אַ געל פּיסקעלע. דאָס פויגעלע האָט נעבאַך געציטערט, צעלאָזט די פעדערלעך, געטריי־סעלט זיך, געפלאַטערט, געמאַכט מיט די פליגעלעך, געעפענט אַלע מאָל דאָס געלע פּיסקעלע, ווי אַ קליין קינד בשעת עס וויל עסען, און אַרויסגעלאָזט אויף אַ הייזעריג קול'כעל: „פּי!"... און עס האָט זיך אויפגעחאַפּט ביי אונז אַ געפיהל פון רחמנות, און מיר האָבען אָנגעהויבען קלערען: וואָס טהוט מען מיט'ן פויגעלע? דער האָט געזאָגט: מע בעדאַרף דאָס לאָזען זיצען אויף דער ערד, ביז דעם פויגעלע'ס „מאַמע" וועט קומען. דער האָט געגעבען איין עצה, מע זאָל דאָס געבען אַ וואָרף אין דער הויך, וועט דאָס אַוועק־

פליהען. און דער האָט געדרונגען, אַז מ׳זאָל בעדאַרף דאָס נעמען אַהיים. נאָר אַז ס׳איז אַ רחמנות, אַ „צער בעלי־חיים“ — דאָס האָבען אַלע מודה געווען.

און מיר האָבען געבראַכט דאָס פויגעלע אַהיים, פערגעסען, אַז מיר זענען הונגעריג, גענומען דאָס האָדעווען, דעם געגעבען וואַסער אין פּיסקעל אַריין — דאָס פויגעלע האָט אַזוי לאַנג געציטערט, געפינטעלט מיט די אויגעלעך, געטרייסעלט זיך און געפלאַטערט ביי אונז אין די הענד, ביז עס האָט פערוואָרפען דאָס קעפעל אויף אַ זייט, די אויגעלעך פערגלאַנצט און... ס׳איז געווען טוידט.

„אויף וואָס האָט דאָס פויגעלע געלעבט? צוליעב וואָס און צוליעב וועמען איז דאָס בעשאַפען געוואָרען? אויף וואָס האָט מען דאָס בעדאַרפט אויף דער וועלט?“... — דאָס זענען געווען די מחשבות, וואָס האָבען מיר געפּיקט אין מח און האָבען נישט געהאַט דערויף קיין ענטפער.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבען מיר דאָס פויגעלע מיט גרויס כבוד מלוה געווען, אויסגעגראָבען אין גאָרטען אַ טיעף גריבעלע, איינגעוויקעלט דאָס פויגעלע אין תכריכים (אין אַ ווייסער קרייקע פון אַ נאָזטיכעל), מקבר געווען דאָס און געשטעלט דערויף אַ צאָם — אַ ברעטעל מיט איין אויפשריפט:

ד אָ ל י ג ט ד אָ ס ק ל י י נ ע פ ו י ג ע ל ע צ פ ו ר ב ן ב ל ק.

און גע׳חתמ׳עט אַלע נעמען פון די, וואָס האָבען זיך עוסק געווען אין דער קבורה: בערעל, יוסיל, דוד, מאָטעל, קלמן, געצעל...

דער פריילעכער וואַרעמער זומער איז איבערגעפלויגען. געקור־מען דער נאַסער אָסיען מיט די פערוויינטע קאַלטע טעג. דער רע־גען האָט אַראָפּגעשמיסען די „מצבה“, פערשאַרט דעם קבר, און די מעשה מיט׳ן פויגעלע איז פערגעסען געוואָרען, ווי אַלץ, וואָס די ערד פערדעקט. נאָר אַמאָל, אַז איך דערמאָן זיך אין׳ם פויגעלע „צפור בן בלק“, שטעלט מיר זיך פאַר ב אַ ש ע פ ע נ י ש.

## ב.

באַשעפעניש איז געווען דעם רבי רב זרחל'ס אַ קינד, אַ מיידעל אַ קאַליקע, אַ הויקער, משטיינס געזאָגט. וויפיל ס'איז אַלט געווען — ווייס איך ניט. נאָר געהאַט האָט דאָס איין אַלט געקנייטשט פּנימ'על, צוויי לאַנגע דאַרע הענטלעך, שיטערע הערעלעך, קליינע שוואַרצע, גלאַנצענדיגע מייזענאויגעלעך. די פיסעלעך האָט דאָס געהאַלטען כסדר אונטער זיך, שטענדיג געזעסען אויף איין אָרט, נישט געקאָנט נעבאַך געהן.

און דער אָרט פון באַשעפעניש איז געווען צווישען אויווען, אין אַ ווינקעלע, אויף דער הוילער ערד, — דאָרט האָט דאָס געזעסען, דאָרט האָט דאָס געטהאָן אַלסדינג, תמיד געווען שטיל, מע האָט נישט געהערט פון דעם קיין פּיפּס, אַזוי אַז טעג פלעגען אַוועקגעהן, גאַנצע טעג, וואָס מע האָט פערגעסען, אַז ס'איז פאַראַן אַ באַשעפעניש אויף דער וועלט.

האָט מען דעם דערלאַנגט אַ שטיקעל ברויט, האָט דאָס אויסגעצויגען אַ לאַנג טרוקען הענטעל מיט דינע, מאָדנע אויסגעבויגענע, טרוקענע פינגערלעך, ווי ביי אַ מאַלפּע, אַ חאַפּ געטהאָן דאָס שטיקעל ברויט און צוגעטראָגען גלייך צום מויל. און אַ מויל האָט דאָס געהאַט אַזאַ גרויס, אַז אַ גאַנצען עפּעל אַריינגעחאַפּט און ניט אַרויסגעזעהען.

— באַשעפעניש! געבען דיר אַ שטיקעל צוקערלעקאַך?
— באַשעפעניש! שמאַלץ מיט בולקע וועסט דו עסען?
— באַשעפעניש! ניסלעך וועסט דו קנאַקען?
— באַשעפעניש! אין קנעפּלעך וועסט דו שפּיעלען?

אַזוי האָבען מיר, חדר־יונגלעך, שקצים, קונדסים, עכברושים, זיך גערייצט מיט באַשעפעניש. נאָר באַשעפעניש האָט ניט געענטפערט גאָרניט, נאָר אויסגעצויגען אַלע מאָל דאָס דאַרע הענטעל מיט די דינע פינגערלעך און געקוקט אין די אויגען אַריין, ווי אַ

הונגעריג הינטעל בשעת סע מיינט, אז אָט־אָט ווארפט מען דעם א ביינדעל.

— א שטומע צונג! — האָט אונז קלאָר געמאַכט יעקב־אלי, דער עלטערער פון אַלע חברים, טאַקי דעם רבינ׳ס א יונגעל, א נארישער בחור מיט געשוואָלענע באַקען. — א שטומע צונג, קאָן ניט רעדען, ווייסט נאָר עסען, נאָר עסען, תמיד הונגעריג, א קישקע אָהן א דנאָ...

זעלטען־זעלטען האָט זיך באַשעפעניש געלאָזט הערען, ארויס־געלאָזט א מאָדנע מין געלעכטער, וואָס מע האָט דאָס געקאָנט אָננעמען אי פאַר א געלעכטער, אי פאַר א געוויין, אי פאַר א הוס־טען. דעמאָלט פלעגט זיך די רביצין, זרחליכע, צעשרייען אויף איהר:

— באַשעפעניש! וועסט ניט אנשטומט ווערען, באַשעפעניש?

באַשעפעניש האָט פערשטאַנען, אז וויבאַלד מע רופט דאָס „באַשעפעניש", איז ניט גוט. א סימן, אז עס האַלט ביי קלעפּ.

און קלעפּ פלעגט באַשעפעניש לייזען אָפט, כמעט אַלע טאָג, און צום מיינסטען — פון דער מוטער. זרחליכע, אז ס׳איז איהר געוואָרן אָנגעזאָלעט אויפ׳ן הארצען, האָט זי איהר גאַנצע ביטערע נשמה אויסגעלאָזט צו באַשעפעניש.

— אוי, באַשעפעניש, באַגראָבען זאָל איך דיך! גוואַלד, וואָס לעבט אזעלכעס אויף דער וועלט?!

ג.

ליעב האָט מען באַשעפעניש קיינער ניט ליעב געהאַט, נאָר רחמנות האָט מען אויף דעם געהאַט, און מעהר פון אַלע — דער רבי רב זרחל.

— א צער בעלי־חיים! — אזוי פלעגט ער זאָגען, קוקען אויף דעם פון דערווייטענס מיט גרויס רחמנות און זיפצען שטילערהייד, און אז די רביצין האָט ניט געזעהן, פלעגט ער דעם אונטערטראָ־גען אמאָל א שטיקעל ברויט, אמאָל א קארטאָפלי און אמאָל א

טרונק וואַסער. און אַז ער האָט אונז געזעהען סמאָצקען אַ קאָנפעקטעל, אָדער מיר קנאַקען ניסלעך, פלעגט ער אונז זאָגען, אַז אויב מיר ווילען פערדיענען אַ מצוה, זאָלען מיר באַשעפענישען אויך שענקען אַ פּאָר ניסלעך... די רביצין אַליין פלעגט דעם אויך געבען עסען און טרינקען, נאָר געטהאָן האָט זי דאָס אָהן רחמנות, אָהן האַרץ, אַריינגעשטופּט עסענוואַרג אין הענטעל אַריין, ווי איינער זאָגט: נאַ, וואַרג זיך!

די ערשטע צייט האָבען מיר, חדר־יונגלעך, פאַר באַשעפעניש פּשוט מורא געהאַט, נישט געקאָנט זעהען פאַר זיך דעם הויקער, נישט געקאָנט האָרכען דעם משונה־ווילדען געלעכטער. נאָר וואָס ווייטער האָבען מיר זיך מעהר און מעהר איינגעוואָהנט מיט דעם, און מיט דער צייט איז דאָס געוואָרען מיט אונז „חבר“, געקענט איטליכען ביי׳ם נאָמען, און פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, בשעת דער רבי איז געווען אין בית־המדרש און די רביצין אין שטאָדט, און מיר האָבען געשפּיעלט אין „אָבינו־מלך“, אין „קאַמער־קאַמער“, אין „עקאַך און מקח“ וכדומה אַזעלכע שפּיעלען, וואָס מע קאָן שפּיעלען מיט מיידלעך און וואָס אַפילו פּעסיל דעם רבינ׳ס טאָנצט אין קאָהן, — האָבען מיר דעמאָלט באַשעפעניש אויך אַריינגענומען אין קאָהן אַריין צווישען חברה, זי זאָל מיט אונז שפּיעלען האָטש פון דערווייטענס. און אוי האָט באַשעפעניש דעמאָלט געקוועלט, געקוועלט! געעפענט דאָס גרויסע מורא׳דיגע מויל אויף אַ מייל און געלאַכט מיט׳ן ווייענדיגען געלעכטערעל. און אַריינגעקומען דער רבי אָדער די רביצין — אַזוי איז דאָס אַנשוויגען געוואָרען, ערנסט, טרויעריג, פערזאָרגט, גלייך ווי גאָר ניט געווען.

אַ לשון האָט באַשעפעניש געהאַט — אַ משונה־מאָדנע שפּראַך, וואָס ניט איטליכער האָט דאָס געקאָנט פערשטעהן. אויף ברויט האָט דאָס געזאָגט „טוידט“, אויף וואַסער — „טאַרבערלי“, אויף קנעפּלעך — „פענדלעך“, אויף עפּעל און אויף קאַרטאָפלים — „טאָפּעצים“, און אויף אַ יונגעל — „מעצוצעלי“. פאַר וואָס איז אויסגעקומען, אַז אַ יונגעל איז „מעצוצעלי“ — דאָס ווייס איך ניט...

— מעצוצעלי! מעצוצעלי! נאַ דיר אַ פּענדרעלי, דיבע מיר אַ טאַפּעצי, אַ טיטעלי אַ טוירדט...

דאָס האָט געהייסען:

— יונגעלע! יונגעלע! נאַ דיר אַ קנעפּעלע, געב מיר איין עפּעלע, אַ שטיקעלע ברויט.

אויך זינגען האָט באַשעפעניש געקאָנט מיט אַ קול פון... אַ פלעדערמויז. אַז קיינער איז ניט געווען, פלעגט זיך עס צעלאָזען, עפּענען דאָס ברייטע מיילכעל, אויסציהען דאָס דינע העלזעל און זינגען עפּיס אַזעלכעס, וואָס קיין מענש האָט ניט געקאָנט פערשטעהן, און אויסלאָזען אַלע מאָל מיט'ן נוסח פון כהנים־דוכנ'ען:

טודעלי הו־הו!

טודעלי הו־הו!

קוממ־אָן די רביצין און דערהערט, מע זינגט, — צעשרייעט זי זיך:

— באַשעפעניש, באַגראָבען זאָל איך דיך, האָסט זיך שוין צע־זונגען?

דערהערט, די מאַמע בייזערט זיך, בעהאַלט באַשעפעניש דאָס קעפּעלע צווישען די פּלייצעס, ווי אַ טשערעפּאַשקע, און ווערד אנשוויגען.

ד.

אין שטאָדט איז באַשעפעניש געווען אַ שם־דבר. אַלע האָבען דאָס געקענט, געהאַלטען אין מויל. האָט זיך ביי עמיצען געטראָ־פען איין אומגליק, געשטאָרבען אַ יוגענד פון אַ קימפּעט, אַ כלה פאַר דער חופּה, אָדער אַזוי אַ מענש, אַ טאַטע פון קינדער, — איז באַשעפעניש געקומען אויפ'ן זינען:

— ווי דענן? אַזעלכעס, ווי באַשעפעניש, ווען ניט שטאַרבען! האָט קיין מורא ניט, גאָט ווייסט וואָס ער טהוט!...

ניט מחמת עמיצער האָט דעם נישט פערגונען דאָס לעבען — חס וחלילה! גערעדט האָט מען פון דעם נאָר מצד רחמנות, און

נאָר מצד דעם, וואָס גאָט איז טאַקי אַ גרויסער גאָט און פיהרט דאָס וועלטעל זיינס מיט פיעל שכל און מיט גרויס חסד, נאָר פון דעסטוועגען מאַכט זיך אַ מאָל, ער זאָל ניט שטראָפען פאר די רעד, אַז ער טהוט־אָפּ עפּיס נישט אַזאַ גלייכס. למשל, אָט איז ביי רב זרחלען אליין געווען אַ יונגעל, אַ לוי־יצחק'על, נאָכ'ן באַרדיטשעװער רב האָט ער געהייסען. איז דאָס געווען אַ לוי־יצחק'על אַזעלכעס, וואָס ווען דאָס וואַכסט־אויס — איז גאָט ווייסט וואָס פון דעם וואָלט געווען! צו עלף יאָהר האָט מיט איהם געוויעגט זיך די שטאָדט. די שטאָדט? — די וועלט האָט מיט איהם געקלונגען! נו, נעמט ער ניט און שטאַרבט אַוועק אין דריי־פיער טעג?

איהר מיינט, פון וואָס? דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז פון איין אָנצינדונג אין מח. רב זרחל האָט געדרונגען, אַז פונ'ם לערנען — ער האָט צו־פיעל געלערענט. און זרחליכע האָט גע'טענה'ט, אַז זיי ווייסען אַלע מעהר פון אַ טוידטען: דאָס קינד, זאָגט זי, איז אַוועקגעגאַנגען נאָר פון אַ גוט אויג. לייט האָבען איהר, זאָגט זי, ניט פערגונען... איין אָרעמאַן דאַרף דענן עפּיס האָבען? אַפילו קיין געראָטענע קינדער טאָר איין אָרעמאַן נישט זוכה זיין!...

פון דעמאָלט אָן איז באַשעפעניש געוואָרען נאָך מעהר מפורסם אין שטאָדט און נאָך מעהר אומגליקליך אין דער היים. די מוטער האָט דאָס ניט געקאָנט אָנקוקען, פיינט געקראָגען, ווי אַ שפּין, „מוקצה מחמת מיאוס“, און ניט איין מאָל געשאָלטען דעם מאָן מיט טוידטע קללות, למאַי ער שטעלט זיך איין פאר דעם, למאַי ער האָט אויף דעם רחמנות.

— פאַרט אַ צער בעלי־חיים! — פלעגט איהר דערויף ענטפערען זרחל. — פאַרט אַ נפש!

— אַ נפש? — פלעגט איהם דערויף זאָגען זרחליכע. — אַ פאַרזעהעניש, אַ ווישקראַביק, אַ מאַנקאַלב, איין אָפּקומעניש פאַר פרעמדע זינד!...

## ה.

— איהר ווייסט? — מאַכט צו אונז איינמאָל דעם רבינ׳ס יונגעל, יעקב־אלי דער נאַרישער בחור מיט די געשוואָלענע באַקען, מיט אַ גאַנץ פרייליך פּנים, גלייך ווי ער וואָלט אונז ווען אָנזאָגען מי יודע וואָס פאַר אַ בשורה. — איהר ווייסט? באַשעפעניש איז פאַרביי... געווען בתיה די רופא׳טע, זאָגט זי, אַז ס׳איז שלעכט. אויס באַשעפעניש, איין עק!... — און בשעת מעשה מאַכט יעקב־אלי אַזאַ מינע, גלייך ווי אַ מענש, וואָס האָט אָט־וואָס געמאַכט אַ געשעפט.

עס האָט זיך אונז אַלעמען אָפּגעריסען אין האַרצען פון דער דאָזיגער בשורה. כל זמן באַשעפעניש האָט זיך געהאַלטען, האָבען מיר דאָס ווינציג־וואָס געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ, און איצט, אַז מיר האָבען דערהערט, אַז באַשעפעניש שטאַרבט אַוועק, האָט זיך אונז אַלעמען אויסגעוויזען, אַז מיר האָבען קעגען דעם נישט יוצא געווען, ווי סע געהער צו זיין, און עס האָט זיך אויפגעחאַפּט ביי אונז אַ מאָדנע געפיהל, וואָס מע קאָן דאָס אָנרופען „חרטה". אויף וואָס חרטה — ווייס איך אַליין ניט, נאָר חרטה! און מיר האָבען זיך אַלע אַ וואָרף געטהאָן צווישען אויוועו און האָבען דערזעהען די רביצין זיצען נעבען באַשעפעניש מיט רויטע פערוויינטע אויגען, און מיר האָבען זיך פערשעמט און אַ וואָרף געטהאָן זיך צוריק.

— קומט נאָר אַהער, וואָס אַנטלויפט איהר? — האָט אונז צוגערופען די רביצין און גערעדט שטילערהייד. — האָט קיין מורא ניט, באַשעפעניש איז נאָך ניט געשטאָרבען, באַשעפעניש לעבט נאָך... חאָטש אַפילו, אַז גאָט ברוך־הוא זאָל ווען, קאָן ער... ער איז אַ גרויסער גאָט, ער קאָן, אַז ער וויל נאָר... ער איז אַ מחיה־מתים, מאַכט פון טוידט לעבעדיג... דער רבי איז ניטאָ, דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען קויפען אַ פּאַלטשינע, אַ מאַראַנץ... אַ פּאַלטשינע ווערסט דו עסען, באַשעפעניש, אַ פּאַלטשינע?...

אַזוי האָט געזאָגט די רביצין, געבראָכען די הענד און אָנגעבויגען זיך איבער דער קראַנקער. מיר האָבען נאָך קיינמאָל ניט געזעהען די רביצין אַזוי צוגעלאָזט.

באַשעפּעניש איז געלעגען איינגעקוטשעבורעט, ווי אַ קנויל, די אויגעלעך צוגעמאַכט, דאָס גרויסע מורא׳דיגע מויל אָפען, און געמאַכט מיט די טרוקענע ליפּעלעך און אַרויסגעלאָזט אַ הייזעריג קוויטשעלע, ווי אַ פערשלאָפּט פויגעלע : אי!... אי!... אי!...

געקוקט אויף באַשעפעניש, האָב איך מיך דערמאָנט אין יענעם קליינעם פויגעלע מיט׳ן געלען פּיסקעלע, וואָס מיר האָבען געפונען דערמאָלט אויף דער ערד, און עס האָט מיר פערקלעהמט דאָס האַרץ, און טרערען האָבען מיך געוואָרגען, און איך האָב דערזעהען מיינע חברים פינטלען מאָדנע מיט די אויגען, שעמען זיך קוקען איינס דאָס אַנדערע אין פּנים אַריין. און מיר האָבען זיך גענומען צו די ספרים, און אַז דער רבי איז געקומען מיט דער פּאַלטשינע, האָט ער אונז געטראָפען, ווי די סטאַטקעס. האָט ער אונז געלויבט, געזאָגט, אַז מיר זענען וואָהלע יונגלעך, וואָס מיר זיצען שטיל. און ער האָט זיך געזעצט מיט אונז לערנען, כלומרשט שטאַרק פערטיעפט זיך מיט אונז אין דער גמרא, געריבען דעם שטערן און געזונגען מיט אונז אינאיינעם דעם „אָמר רב פּפּא“ גאַנץ געשמאַק. מיר האָבען אָבער גאַנץ גוט אַרויסגעזעהען, אַז זיין קאָפּ איז ניט ביי דער גמרא, ניט ביי רב פּפּא, אַז זיין נשמה איז גאָר דאָרטען, צווישען אויווען, וואָרום ער האָט אַלע מאָל אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צוריק, ווי, להבדיל, אַ קוה אויף איהר אָרעם קעלבעל נעבאַך, און האָט אַרויסגעלאָזט אַלע מאָל אַ טיעפען־טיעפען זיפץ, אַ שווערען־שווערען קרעכץ, און יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ האָט מיר אויסגעריסען אַ שטיק האַרץ.

ז.

— שוין! שוין! שוין! איהר קאָנט שוין געהן צוריק אַהיים!...

אזוי האָט אונז אויף מאָרגען אין דער פריה יעקב־אלי, דעם רבינ'ס יונגעל, דער נארישער בחור מיט די געשוואָלענע באַקען, אָנגעזאָגט אַ בשורה, געשפּרונגען אונז אַקעגען אויף איין פוס.

— אַהיים? וואָס איז די מעשה?

— די מעשה? דער טאַטע, די מאַמע און מיר אַלע וועלען באדארפען זיצען שבעה, ניט טאָרען לערנען אַ גאַנצע וואָך, וואָרום באַשעפּעניש איז געשטאָרבען.

— געשטאָרבען?

— געשטאָרבען, היינט ביינאַכט געשטאָרבען. דאָס לויף איך צו די שמשים פון דער חברה קדישא.

מיר בלייבען ערשטוינט.

פון איין זייט אַזאַ בשורה, וואָס באַשעפּעניש נעבאַך איז געשטאָרבען! פון דער אַנדערער זייט אַזאַ שמחה, וואָס מע וועט זיין אַ גאַנצע וואָך פריי... זומער־צייט. דער הימעל איז אויסגעצוואָגען, ריין, לויטער, ווי אַ שפּיעגעל. קיין שפּריינקעלע, קיין ווינטעלע. די זונן שמייכעלט, די זונן באַקט. מע וועט קאָנען געהן צום טייך באָדען זיך אַ גאַנצען טאָג און חאַפּען פישלעך. פאַר פרייד הויבט מען אָן טאַנצען, בלעקען און מעקען, ווי די קעלבלעך, און מאַכען משוגענע העויות: איינער פערקרימט דאָס פּנים, ווי אַ מאַלפּע, און מיאַוקעט, ווי אַ קאַץ. דער אַנדערער ענטפערט איהם „האַוו־האַוו", ווי אַ הינטעל. און דער דריטער קוואַקעט, ווי אַ קאַטשקע: קוואַ־קוואַ־קוואַ! דער פערטער דרעהט זיך אויף איין פוס, ווי אַ ראָד, און זינגט בשעת מעשה אַ ליעדעל:

איינס־צוויי־דריי,
יאָדער־לידער־ליי,
אָקען־באָקען
מיט די גלאָקען...

און דער פינפטער גיט זיך אליין דריי פעטש אין ביידע באקען, גלאט אזוי, אהן ווערטער, און לאזט זיך לויפען משוגענערווייז אין דער וועלט אריין, און נאך איהם לאזען זיך לויפען אלע איבעריגע ווייסע־חברה׳ניקעס. און נאר איך איינער, איך, וואס האב געקענט באשעפעניש מעהר פון אלעמען, ווייל איך האב געגעסען אמאל ביי׳ם רבין קעסט, בלייב שטעהן צוגעקאוועט, נישט צו קאנען זיך ריהרען פונ׳ם ארט.

„געשטארבען? — טראכט איך מיר. — וואס הייסט דאס, אייגענטליך, „געשטארבען“?... צוליעב וואס האט דאס געלעבט? און למאי איז דאס געשטארבען?“...

און איך לאז מיך געהן אין חדר אריין א קוק טהון האטש פון דער ווייטען, ווי אזוי שטארבט מען. ווי אזוי איז, אז מע שטארבט?...

צוגעגאנגען צו דער טהיר, דערהער איך א מאדנע געוויין מיט א שרעקליך יאמערען, מיט א משונה־ווילדען ניגון פון ווייבערשע תחינות:

— וועה איז מיר, ווינד איז מיר, צו וואס האב איך דיך באדארפט געבוירען, א מכה איז מיר א גרוי־סע? וואס איז, משטיינס געזאגט, געווען דיין לעבען אויף דער וועלט? וואס האט גאט געהאט צו דיין נשמה די אומשולדיגע, זי אראפברענגען פון זיין הייליגען שטוהל אהערצו־צו אויף צו מוטשען זיך, זיין איין אפקומעניש פאר פרעמדע זינד, א דונער האט מיך דערשלאגען? בעסער וואלסט דו אויסגערונען ביי דיין מאמען אין בויך, איידער איך האב דיך געבוירען אויף צרות מיינע גרוי־סע! בעסער וואלט איך גארניט דערלעבט דיך צו באגראבען, א שלאק האט מיך געטראפען א גרוי־סער! א ליכטיגען גן־עדן זאלסט דו דערפאר האבען, א גוטער מליץ האטש זאלסט דו דארטען זיין, זיך מיהען פאר דיין טאטע־מאמע, פאר די איבעריגע קינדער און פאר אלע אונזערע ליעבע און געטריי־ע!...

עס פאַלט־אָן אויף מיר אַ שרעקליכע מרה־שחורה. איך וויל אַנטלויפען, נאָר עס ווילט זיך מיר אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך דאָרט אין חדר? איך עפען־אויף די טהיר און איך דערזעה: אויף דער ערד ליגט עפּיס אַ זאַך, מיט שוואַרצען איבערגעדעקט, צוקאַפּענס ברענט אַ ליכטעל, און די רביצין זיצט דערנעבען, די פיס אונטער זיך, שאָקעלט זיך און וויינט און קלאָגט אַלץ מיט דעם זעלבען משונה־ווילדען ניגון. אַקעגען איהר שטעהען דריי ווייבער, נאָהענטע שכנות, בתיה, פּעסי און סאָסי, צענויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן האַרצען, און קוקען אויף דער רביצין מיט אַזעלכע משונה־ווילדע פערקרימטע פּנים׳ער, וואָס ווען ניט באַשעפעניש, וואָס ליגט אויף דער ערד, בעדאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזען, מע זאָל ניט צעזעצט ווערען פאַר געלעכטער. די דאָזיגע דריי שכנות זענען געקומען העלפען בעוויינען באַשעפעניש; נאָר געוויינט האָבען זיי אויף די לעבעדיגע, בעוויינט טאַטע און מאַמע נעבאַך, וואָס האָבען געהאַט אַזאַ קאַליקע, משטיינס געזאָגט, וואָס איז געבוירען אַ קאַליקע און געשטאָרבען אַ קאַליקע...

אויך די איבעריגע קינדער דעם רבינ׳ס האָב איך געזעהען זיצען אויף דער ערד און וויינען שטילערהייד, חוץ יעקב־אלי (יעקב־אלי איז דאָך אַוועקגעשפּרונגען אויף איין פוס צו די שמשים, מע זאָל ברענגען די מטה, מיט אַזאַ שמחה, גלייך ווי מע וואָלט איהם שיקען נאָך כלי־זמר), און ביי דער זייט, אין אַ ווינקעלע אויף אַ בענקעל, זיצט דער רבי, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, די הענד אויף די קניעס. איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, צי וויינט ער — ווי אַזוי וויינט אַ רבי?... איך טהו אַ סקריפּ מיט דער טהיר און געב אַ הוסט — דער רבי הויבט־אויף פּאַוואָלינקע דעם קאָפּ, דערנאָך — די ברעמען, און איך דערזעה רויטע אויגען. איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז ער איז פערוויינט...

— אַהיים, דו שקאָץ איינער! — טהוט דער רבי אויף מיר אַ הוק. עס טהוט מיט מיר אַ וואָרף דאָס קדחת. איך חאַפּ די פיס אויף די פּלייצעס און אַנטלויף וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַכסט.

ז.

ביינאַכט אויפ'ן געלעגער שטעלט זיך מיר פאָר באַשעפעניש, מיט שוואַרצע איבערגעצויגען, און דער רביצינ'ס וויינען און קלאָגען קלינגט מיר אין די אויהערען. איך לייען־אָפּ קריאת־שמע.

מע פערלעשט נאָר דאָס ליכט, שטעלט זיך מיר פאָר באַשעפעניש, מיט שוואַרצע איבערגעצויגען, און דער רביצינ'ס וויינען און קלאָגען קלינגט מיר אין די אויהערען. איך מאַך־צו די אויגען שטאַרק־שטאַרק, איך זאָל ניט זעהען; איך פערשטעל מיר די אויהערען שטאַרק־שטאַרק, איך זאָל ניט הערען — עס העלפט נישט: איך זעה באַשעפעניש, מיט שוואַרצען איבערגעצויגען, איך הער דער רביצינ'ס וויינען און קלאָגען.

איך פּליים מיך טראַכטען פון עפּיס אַנדערש, דערמאָן מיך בכיוון אַזעלכע זאַכען, וואָס מע בעדאַרף לאַכען, איך דערמאָן מיך אָן די דריי שכנות מיט די פערקרימטע פּנימ'ער — עס העלפט ניט, עס לאַכט זיך ניט! ווי אַיין עקבויער בויערען מיר אין מח מחשבות און געדאַנקען אַלערליי: „געשטאָרבען... וואָס הייסט געלעבט, וואָס הייסט געשטאָרבען? צו וואָס האָט באַשעפעניש געלעבט? למאַי איז דאָס געשטאָרבען? למאַי?"...

איך דעק מיך רעכט איבער מיט דער קאָלדרע, זאָג־אָפּ „המפּיל" און ווער אַנשלאָפען.

איך ווער אַנשלאָפען, און עס שטעלט זיך מיר פאָר אַ שוואַרצע חופּה. איך שטעה מיט באַשעפעניש אונטער דער חופּה. אַלע יונגלעך פּלעסקען, זינגען:

אײנס־צוויי־דריי,
יאָדער־לידער־ליי,
אָקען־באָקען
מיט די גלאָקען...

יעקב־אלי, דער נאַרישער בחור מיט די געשוואָלענע באַקען, שפּרינגט אויף איין פוס און שרייעט: „מעצוצעלי! מעצוצעלי!"

און דער רבי מיט דער רביצין וויינען און קלאָגען. באַשעפעניש קוקט מיר אין פּנים אַריין מיט רחמנות, מיט געבעט, ציהט־אויס צו מיר דאָס דאַרע הענטעל מיט די אויסגעבויגענע טרוקענע פינ־גערלעך. עס ציהט מיר, עס קלעהמט מיר דאָס האַרץ. עס וואַרפט זיך אין מיר די נשמה.

— וואָס ווילסט דו, זאָג איך, באַשעפעניש, וואָס ווילסט דו? אפשר אַ פּאַלטשינע?...

איך קוק מיך צו — ס'איז גאָרניט באַשעפעניש. ס'איז גאָר אַ פויגעלע אַ יונגס, מיט אַ געל פּיסקעלע, צפּור בן בלק. דאָס פוי־געלע ציטערט, פלאַטערט, מאַכט מיט די פליגעלעך, עפענט דאָס געלע פּיסקעלע, ווי אַ קליין קינד בשעת עס וויל עסען, און סע זינגט מיט'ן נוסח פון כהנים־דוכנ'ען:

טודעלי הו־הו!
טודעלי הו־הו!

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב מיר אויף — ס'איז אַ וואַרעמער, אַ שענער, אַ ליכ־טיגער זומער־טאָג. אַלע פענסטער זענען אָפען. דאָס פּישטשען פון די פויגעלעך און דאָס שמוצערען פון די הייזשעריקען גרילצען אין די אויהערען. מיינע צוויי שוועסטער, זלאַטקע און בליומקע, שענע מיידלעך מיט רויטע בעקלעך, ווי די פערשקעס, שטעהען אָנגעטהאָן אין גרינע ווייסע בונדעס מיט בלויע שפּריינקעלעך. די צעפּלעך פערפלאָכטען מיט רויטע סטיינגעלעך. זיי שיינען, ווי די זונן, זיי בליהען, ווי די רויזען.

— שטעה שוין אויף! — זאָגען זיי צו מיר. — גיי וואַש־אָפּ און געה אַרויס אין דרויסען. דיינע חברים וואַרטען אויף דיר. זיי זע־נען שוין דאָ געוועזען צוויי מאָל. איהר זענט דאָך היינט פריי פון חדר, אַ גאַנצע וואָך פריי! אַ גדולה אויף אייך!

די ליעבע ווערטער „פריי פון חדר, אַ גאַנצע וואָך פריי" דער־קוויקען דאָס האַרץ, דערוואַרעמען די נשמה, און עס טראָגט מיך,

עס גלוסט זיך מיר לויפען צו מיינע חברים. נאָר אינאיינעם מיט דעם פרייזיין פון חדר דערמאָן איך מיך אָן באַשעפעניש, און עס טהוט מיר ווי אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל און אַ ריס־אָפּ אין הארצען:

— נישטאָ באַשעפעניש! געשטאָרבען באַשעפעניש!

און איך לויף אַרויס צו מיינע חברים.

## ח.

דרויסען איז זומער. דער הימעל איז אויסגעצוואָגען, ריין, לויטער, ווי אַ שפּיגעל. קיין שפּריינקעלע, קיין וויינטעלע. די זונן שמייכעלט, די זונן בראָט, די זונן באַקט. מיר לאָזען זיך געהן אַלע אינאיינעם צום טייך באָדען זיך, כאַפּען פישלעך. און בשעת לויפען, בשעת באָדען זיך, בשעת כאַפּען פישלעך לאָזט מיך ניט אָפּ דער געדאַנק, אַלץ יענער געדאַנק:

— נישטאָ באַשעפעניש! געשטאָרבען באַשעפעניש!

אַלע אויסגעטהאָן, אָדם־נאַקעט, אויסגעבאָדען זיך, אַרויס פון טייך, אויסגעקאַטשעט זיך אין בלאָטע, ווי די חזירים, און ווידער אַ מאָל זיך אָפּגעבאָדען, לאַנג געבאָדען זיך, געוואָרען בלוי, ווי מילצען, אָנגעהויבען ציטערען, קלאַפּען מיט די ציינער, — ליגען מיר שוין אויסגעצויגען אויפ'ן אָנגעגליהטען זאַמד, קעגען דער הייסער ברענענדיגער זונן, קעגען דער בלויער יאַרמעלקע פונ'ם הויכען הימעל. נאָר צוויי פון אונזער חבריא, חיים דער גרויסער און חיים דער קליינער, זענען נאָך אין וואַסער. זיי האָבען קונציג צענויפגעבונדען צוויי העמדלעך אינאיינעם פאַר די אַרבעל, געמאַכט אַ נעץ, און זיי כאַפּען פישלעך. דאָס הייסט, ס'זאָל זיין פישלעך, וואָלטען זיי געכאַפּט; דער חסרון איז, וואָס ס'איז נישטאָ קיין פישלעך. דאָס הייסט, פישלעך זענען פאַרהאָן, נאָר צו חיים דעם גרויסען און צו חיים דעם קליינעם אין דער נעץ אריין ווילען זיי ניט געהן. זיי האָבען קיין חשק ניט.

— טיעפער, חיים, טיעפער! בויג זיך, חיים, בויג זיך! צום ברעג, חיים, צום ברעג, נאָר פּאַוואָלינקע די פישלעך!

אַזוי קאָמאַנדעוועט חיים דער גרויסער מיט חיים דעם קליינעם, און ביידע פישכאַפּערס גײען אָנגעבויגען ביז'ן האַלז אין וואַסער, שלעפּען פּאַוואָלינקע די נעץ אַרויס צום ברעג, קוקען־קוקען אין העמד אַריין — ניטאָ קיין פישלעך!

— לאָזט אונז, מיך מיט מאָטלען, מיר וועלען גיכער כאַפּען!

אַזוי זאָגט מאָטעל דער רויטער און שפּרינגט אַריין מיט מאָטעל דעם שוואַרצען אין וואַסער אַריין, און די נייע צוויי פישכאַפּערס אַרבייטען ניט שלעכט, גײען געשמאַק, טריט ביי טריט, רעכט אָנגעבויגען, כמעט מע פּויזשעט אויפ'ן אָפּגרונד פונ'ם טייך.

און דער טייך פינקעלט, וויעגט זיך, שפּיגעלט־אָפּ אין זיך די בלויע יאַרמעלקע פונ'ם הויכען הימעל. וואָס ציטערט אין וואַסער, טרייסעלט זיך אַהין און אַהער. דרויסען איז שטיל. מע זעהט נישט קיין לעבעדיגען נפש. מע הערט נישט קיין פּיפּס. דוד־ליב דער וואַסערפיהרער איז געקומען מיט'ן פעסעל, אָנגעפילט דאָס פעסעל, אָנגעטרונגען דאָס פערדעל, און אַליין זיך אָפּגעוואַשען דאָס רויטע שענע פּנים מיט דער קאַלטענוואַסער באָרד און אָפּגעווישט מיט דער פערשמאָלציוועטער פּאָלע — און אַוועק אין שטאָדט אַריין. די צוויי־דריי וועשינס, וואָס זענען געשטאַנען ביי'ם טייך, וואָס האָבען ביז אַהער געפּאַטשט מיט די ברעטלעך איבער'ן נאַסען גרעט, האָבען צענויפגענומען דאָס וועש אויף די פּלייצעס און אַוועק אין שטאָדט אַריין. ס'איז שטיל און רוהיג. שטיל דאָס וואַסער, שטיל דער הימעל, שטיל אַלסדינג אַרום און אַרום. אַפילו די זשאַבעס, וואָס האָבען זיך ביז אַהער געלאָזט הערען מיט זייער „קעררר־קעררר" און מיט זייער „בול־בול־בול", זענען אַנשלאָפען געוואָרען. נאָך אַ מינוט — און אַלסדינג ווערד פערשטאָרבען. עס שליסען זיך די אויגען, עס גלוסט זיך, אוי גלוסט זיך ליגען מיט'ן נאַסען לייב אויפ'ן הייסען טרוקענעם זאַמד, ליגען, האַלב־צוגעמאַכט די אויגען, און קוקען און טראַכטען און דרימלען... פּלוצים הערט זיך אַ קול:

— געכאַפּט! געכאַפּט!

דאָס קול איז געווען מיט אַזאַ שמחה, פונקט ווי דאָס קול פון יענע, וואָס זענען געפאָהרען מיט קאָלומבוס'ען אויפ'ן שיף, בשעת זיי האָבען דערזעהען אַמעריקאַ.

אַלע טהוען מיר זיך אַ וואָרף און אַ לאָז אַראָפּ־באַרג צום ברעג, צו די נייע צוויי פישחאַפּערס, קוקען אַריין אין דער נעץ אַריין און דערזעהען: עס וואַרפט זיך איין אַרבעל פון דעם העמד.

— פיש! פיש! דגים! פיש! — זינגען מיר אַלע און טאַנצען אונטער. און אַזוי ווי מיר זינגען און טאַנצען — אַז סע שפּרינגט ניט אַרויס פון דער נעץ גלייך אויף אונז אַ גרויסע, אַ גרויע, אַ מיאוסע, אַ פּאַסקודנע זשאַבע מיט צוויי נאַרישע וואַסערדיגע אויגען! און מיר לאָזען זיך אַלע לויפען הענדום־פּענדום אַרויף־באַרג, איבער'ן אָנגעגליהטען זאַמד, מיט אַ קוויטשעריי:

— גוואַלד, אידען, שמע ישראל, ראַטעוועט!!! — — —

* * *

דער איבערשרעק, געוויינטליך, לאָזט זיך אויס מיט אַ געלעכטער, און חברה ווערען נאָך לוסטיגער, נאָך פריילעכער. מע וואַלגערט זיך אין זאַמד, מע קאַטשעט זיך אין בלאָטע, מע פּאָליאָסקעט זיך אין טייך. ס'איז גוט — גוט אָהן איין עק, אָהן אַ ברעג. אַ קליינינקייט — מען איז פריי, אַ גאַנצע וואָך פריי! און נאָר מיך לאָזט נישט אָפּ דער געדאַנק, אַלץ יענער געדאַנק:

— נישטאָ באַשעפעניש! געשטאָרבען באַשעפעניש! געשטאָרבען! געשטאָרבען! געשטאָרבען!...

# צער בעלי-חיים

(געדאנקען פון א נאריש יונגעל).

---

א.

— זאָלסט זיין א וואָהל יונגעלע, וואָלסט דו אונז געהאָלפען אָנרייבען חריין, ביז מיר וועלען פאַרטיג ווערען מיט די פיש לכבוד דעם הייליגען יום־טוב.

אזוי מאַכט צו מיר די מאַמע ערב שבועות נאָך האַלבען טאָג, און אינאיינעם מיט דער קעכין שאָבט זי די פיש צו דער מיל־כיגער סעודה, נאָך לעבעדיגע, נאָך צאַפּעלדיגע פיש, וואָס אַז מע האָט זיי ארייגעלעגט אין א שיסעל, א גרויסע לעהמענע געגלייז־טע שיסעל מיט וואַסער, האָבען זיי זיך נאָך געוואָרפען.

מעהר פון אַלע האָט זיך געוואָרפען א קליין קאָרעסעל נעבאַך מיט א גרויס בייכעלע, מיט א קיילעכיג מיילכעל און מיט רויטע אויגעלעך. דאָס דאָזיגע קאָרעסעל האָט שטאַרק חשק געהאַט, אַפּנים, צוריק אין טייך אריין, האָט זיך עס געוואָרפען, געשפּרונ־גען פון שיסעל אַרויס, געעפענט דאָס מיילכעל, געפּאַטשט מיט'ן עקעל און געשפּריצט מיר דאָס וואַסער גלייך אין פּנים אַריין: „יונגעלע, ראַטעווע מיך!... ראַטעווע מיך!"...

איך וויש־אויס דאָס פּנים און נעם זיך צו דער ארבייט, רייבען חריין אויף יום טוב, און טראַכט מיר: „אָרעם קאָרעסעל וואָס דו ביזט! איך קאָן דיר גאָרנישט טהון... אָט וועט מען דיך נעמען צו

דער ארבייט: מע וועט דיך אָפּשאָבען, וועט מען דיר אויפּטרע־נען דאָס בייכעלע, אויסטרויבערען די קישקעלעך. נאָכדעם וועט מען דיך צעשניידען אויף שטיקלעך, אריינלעגען אין טעפּעל אריין, בעזאַלצען און בעפּעפּערען, אוועקשטעלען אויפ׳ן פייער און קאָכען און פּרעגלען, און בראָטען און בראָטען און בראָטען"...

— אַ רחמנות, זאָג איך צו דער מאַמע, אַ צער בעלי־חיים.

— אויף וועמען אַ צער בעלי־חיים?

— אויף די פישעלעך.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

— דער רבי.

— דער רבי?

זי קוקט זיך איבער מיט דער קעכין, וואָס העלפט איהר שאָבען די פיש, און ביידע צעלאַכען זיך.

— דו ביזט אַ נאַר, און דיין רבי איז נאָך אַ גרעסערער, חאַ־חאַ... רייב דעם חריין, רייב!

אַז איך בין אַ נאַר — דאָס ווייס איך. דאָס זאָגט מיר די מאַ־מע אַלע מאָל. און דער טאַטע אויך. און די ברידער אויך. און די שוועסטער אויך. נאָר אַז דער רבי איז נאָך אַ גרעסערער נאַר, ווי איך — דאָס איז ביי מיר אַ נייעס.

ב.

איך האָב אַ חבר פּינילע, אַ שוחט׳ס אַ יונגעל. בין איך געקו־מען אַ מאָל צו איהם צו גאַסט און האָב דערזעהען, ווי אַ קליין מיי־דעל האָט געבראַכט צו זיי צו טראָגען אַ גרויסען גאַלאַגאַנסקען האָהן, געפּענטעט די פיס מיט שטריקלעך. מיין חבר׳ס פּאָטער, דער שוחט, איז געשלאָפען, און דאָס מיידעל איז געזעסען ביי דער טהיר און געוואַרט. דער האָהן, אַ יונגאַטש מיט ביינער, האָט זיך געריסען נעבאַך פונ׳ם מיידעל׳ס הענד, געדריגעט מיט די געזונדע פיס איהר אין בויך אריין, דערלאַנגט אַ פּיק איהר אין האַנד אריין, ארויסגעלאָזט אַלע מאָל אַ „קאָ־קאָ־קאָ" פונ׳ם האַלז — געפּראָטעס־

טירט, ווי ווייט מעגליך. דאָס מיידעל איז אָבער אויך נישט גע־וועז קיין פראָמאַך. האָט זי דעם האָהנ׳ס קעפּעל אריינגעלעגט צו זיך אונטער׳ן אָרעם, געגעבען איהם אַלע מאָל אַ שטורך מיט׳ן עלענ־בויגען און אַ זאָג דערביי:

— זיץ אין געהאַקטע וואונדען.

און ער האָט זי געפאָלגט און געזעסען אין געהאַקטע וואונ־דען.

נאָכדעם, אַז דער שוחט איז אויפגעשטאַנען, האָט ער געוואַ־שען די הענד און ארויסגענומען דעם חלף. ער האָט מיט אַ וואונק געהייסען זיך דערלאַנגען דעם האָהן. איך האָב דערזעהען, אַז אויפ׳ן בחור איז געקומען אַ נייע הויט. עס האָט זיך איהם, אַפּנים, אויס־געוויזען, אַז דאָס בינדט מען איהם אָפּ די געפּענטעטע פיס און מע לאָזט איהם אָפּ פריי, צו זיינע היהנער, צו דער פּראָסע און צו דער קאָרעטע מיט וואַסער. צום סוף האָט איהם דער שוחט אַ נעם געטהאָן צו זיך צווישען די פיס, מיט איין האַנד פעררייסען איהם דאָס קעפּעל, מיט דער אַנדערער אויסגעפליקט איהם עטליכע פע־דערלעך, איהם אַ טובה געטהאָן און געמאַכט אַ ברכה, און חיק — מיט׳ן חלף איבער׳ן האַלז, אָפּגעצאַפּט אַ ביסעל בלוט אין אַש אריין, און אַ שליידער פון זיך. איך האָב געמיינט, ער וועט צע־שאָטען ווערען.

— פּיני! דיין טאַטע איז אַ גוי! — זאָג איך צו מיין חבר.

— מיט וואָס איז ער אַ גוי?

— נישטאָ ביי איהם קיין „צער בעלי־חיים“.

— איך האָב גאָר נישט געוואוסט, אַז דו ביזט אַזאַ חכם. — זאָגט צו מיר מיין חבר און טראָגט מיר אונטער אַ גאַנץ שענע פייג גלייך אונטער דער נאָז.

## ג.

אונזער קעכין איז אַ בלינדע אויף איין אויג. מע רופט זי „פרומע מיט'ן אויגעל". אַ מויד אָהן אַ האַרץ. איינמאָל האָט זי אָפּגעשמיסען די קאַץ מיט קראָפּיווע דערפאַר, וואָס ס'האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז די קאַץ האָט אַוועקגעשלעפּט אַ לעבערעל פון'ם זאַלצברעטעל. צום סוף, אַז זי האָט איבערגעציהלט נאָך אַ מאָל די עופות מיט די לעבערלעך, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז זי האָט געהאַט אַ טעות. זי האָט גערעכענט, אַז מע האָט געקוילעט זיעבען עופות, האָט בעדאַרפט זיין נאָך איהר חשבון זיעבען לעבערלעך, און ס'איז גאָר געווען זעכס עופות. און ווי באַלד אַז זעכס עופות, דאַרף דאָך מעהר נישט זיין אַז זעכס לעבערלעך, — גאָט נסים!... אומזיסט חושד געווען אַ קאַץ.

קעהרט איהר מיינען, אַז פרומע האָט זיך גענומען צום האַרצען, געגאַנגען מסתמא איבערבעטען די קאַץ? ווייס איך וואָס — פערגעסען! אי זי האָט פערגעסען, אי די קאַץ האָט פערגעסען. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז די קאַץ געזעסען גאַנץ סטאַטעטשנע אויפ'ן פריפּעטשיק און בעלעקט זיך, גלייך ווי ס'איז גאָרנישט געווען. נישט אומזיסט זאָגט מען: אַ קאַצענער מוח.

איך האָב אָבער נישט פערגעסען. ניין. איך האָב נישט פערגעסען. איך זאָג צו אונזער קעכין: „אומזיסט געשמיסען אַ קאַץ. אומזיסט גענומען אויף זיך איין עבירה — „צער בעלי חיים". גאָט וועט דיך שטראָפען".

— וועסט נישט אַוועקגעהן? אָט געב איך דיר מיט דער האַנדשירקע איבער'ן פּנים!

אַזוי זאָגט פרומע מיט'ן אויגעל און גיט־צו:

— רבונו של עולם! פון וואַנען נעמען זיך אַזעלכע נארישע קינדער אויף דער וועלט?...

ד.

דאָס איז געווען איבער אַ הונט, וואָס מע האָט איהם אָפּגע־קאָכט מיט זודיג וואַסער. טאַקי זי, די אייגענע „פרומע מיט'ן אויגעל". אָך, האָט איהם וועה געטהאָן, דעם הונט! פריהער האָט ער געקוויטשעט, געשריגען, געבילט מיט סכנות נפשות, איינגעלעגט די וועלט. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז זיך צענויפגעלאָפען אויף זיין בייז וואונדער און געלאַכט, און געלאַכט. די אַלע איבעריגע הינד וואָס אין שטעדטעל האָבען זיך אָפּגערופען, איטליכער פון זיין מיסט, און איטליכער אויף זיין שטייגער, גלייך ווי מע פרעגט ביי זיי אַ דעה... נאָכדעם, אז דער אָפּגעקאָכטער האָט זיך גוט אויסגעקוויטשעט, האָט ער אָנגעהויבען וואָיען, אונטערהאַווקען, לעקען די פערוואונדעטע פעל און וויינען שטילערהייד. עס האָט מיך אָנגענומען ביי'ם האַרצען. איך געה־צו צו איהם, איך וויל איהם שענקען אַ גלעט:

— נאַ, סירקאָ!

דער הונט האָט דערזעהען, אז איך הויב אויף די האַנד, האָט ער זיך אויפגעחאַפּט, ווי נאָך אַ מאָל איין אָפּגעבריהטער, צענויפגענומען דעם עק און איז אַוועק — אַוועק.

— סטאַי, סירקאָ! — פּרוב איך מיך איהם איינשטילען מיט ווייכע רעד. — וואָס אַנטלויפסט דו, נאַרעלע? איך וויל דיך דען טשעפּען?...

אַ הונט בלייבט אַ הונט. אַ שטומע צונג. ער ווייסט נישט פון קיין „צער בעלי־חיים".

דערזעהט דער טאַטע, אז איך פּאָרע זיך מיט'ן הונט, גיט ער מיר אַ רעכטע פּאָרציע:

— אין חדר אריין, דו הינטשלעגער!...

בין א י ך שוין גאָר דער הינטשלעגער.

### ה.

און דאָס איז געווען איבער צוויי פויגעלעך. צוויי פּשוטע, קליי־נע פויגעלעך, וואָס צוויי שקצים׳לעך, איינער אַ גרעסערער, דער אַנדערער אַ קלענערער, האָבען דער׳הרג׳עט. די צוויי פויגעלעך, אַז זיי זענען אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד, האָבען זיי נאָך געלעבט, געזועסען צעלאָזט די פעדערלעך, געציטערט נעבאַך און געפלאַטערט מיט אַלע אברים.

— ריהר זיך, דו מאַפּס! — האָט דאָס גרויסע שייגעצעל אַ זאָג געטהאָן צום קלענערען שייגעצעל, און זיי האָבען גענומען די אונ־טערגעשלאָגענע פויגעלעך אין די הענד אריין און האָבען זיי געשלאָ־גען מיט די קעפּלעך אין בוים אריין, ווי מיר, אַשטייגער, שלאָגען די הושענא׳ס אין שטענדער אריין, ביז די פויגעלעך זענען אויס־געגאַנגען.

— וואָס טהוט איהר דאָס! — האָב איך מיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און האָב מיך איינגעשטעלט צו צולויפען צו די שקצים׳לעך.

— חיבא שטשאָ? וואָס איז דען? — האָבען זיי מיר געענט־פערט גאַנץ רוהיג. — צעזש וואָראָבצי! — ס׳איז דאָך נישט מעהר, הייסט דאָס, ווי פויגעלעך, פּראָסטע פויגעלעך.

— און אַז פויגעלעך, איז וואָס? אויף אַ פויגעלע איז דען נישט קיין רחמנות, קיין „צער בעלי־חיים?"

ביידע שקצים האָבען זיך עפּיס מאָדנע איבערגעקוקט. און גלייך ווי זיי האָבען זיך אויפגערעדט נאָך פון פריהער, האָבען זיי מיך גענומען צו דער ארבייט...

אַז איך בין געקומען אַהיים, האָט מיין קאַפּאָטקעלע אויסגע־זאָגט די גאַנצע מעשה. האָט מיר דער טאַטע מקיים פּסק געווען לויט מיין פערדיענסט.

— אָפּגעריסענער נאַר! — שרייט אויף מיר דער טאַטע.

מילא „אָפּגעריסענער נאַר" בין איך איהם מוחל. פאַר וואָס קומט מיר אבער פּעטש?!...

ו.

פאַר וואָס קומט מיר פּעטש? זאָגט דען נישט דער רבי אַליין, אַז אַלע בעשעפענישען זענען ביי׳ם אויבערשטען טהייער? אַפילו אַ פליעג אויף דער וואַנד טאָר מען נישט זאַטשעפּען, זאָגט ער, איבער „צער בעלי־חיים“. אַפילו אַ שפּין, וואָס איז שוין אַ מזיק, טאָר אויך אַ מענש נישט הרג׳ענען. און ער זאָגט דאָס מיט אַ טעם: „ווען ס׳זאָל איהם קומען, זאָגט ער, מיתה, וואָלט איהם גאָט אַליין הרג׳ענען“...

פרעגט זיך אַ קשיא: גוט. ווי באַלד אַזוי, היינט למאַי קוילעט מען אָכסען, קעלבלעך, שאָף און עופות אַלע טאָג?...

און נישט נאָר בהמות, חיות און עופות — מענשען הרג׳ענען זיך דען נישט איינס דאָס אַנדערע? אָט בשעת „פּאָגראָם“ האָט מען דען נישט געוואָרפען קליינע קינדער, עופה׳לעך, פונ׳ם בוי־דעם אַראָפּ?...

האָט מען דען נישט גע׳הרג׳עט אונזער שכנ׳ס אַ מיידעלע — פּערעלע האָט זי געהייסען — און נאָך ווי אַזוי גע׳הרג׳עט!!...

אַך, ווי איך האָב ליעב געהאַט דאָס קינד! און ווי דאָס קינד האָט מיך ליעב געהאַט! „פּעטער בעבעבע“ פלעגט זי מיך רופען — איך היים וועלוועלע — און רייסען מיך ביי דער נאָז מיט איהרע קליינע דינע זיסע פינגערלעך...

צוליעב איהר, צוליעב פּערעלען, רופען שויך מיך אַלע „פּעטער בעבעבע“.

— אָט געהט דער „פּעטער בעבעבע“, וועט ער דיך נעמען אויף די הענד.

ז.

פּערעלע איז געווען אַ קראַנק קינד. דאָס הייסט, אַזוי איז זי געווען נישקשה, נאָר געהן האָט זי נישט געקאָנט. נישט געהן, נישט שטעהן. נאָר זיצען. פלעגט מען זי דאַרפען טראָגען אויף די הענד

אין דרויסען אַרויס. זעצען אין זאַמד אַריין, אויף דער זון. זי האָט ליעב געהאַט די זון. סכנות ליעב געהאַט. פלעג איך זיך אַרומ־טראָגען מיט איהר, פלעגט זי מיך אַרומנעמען דעם האַלז מיט איהרע דינע זיסע פינגערלעך, זיך צוטוליען צו מיר מיט'ן גאַנצען־גאַנצען לייבעלע, אַרויפלעגען אויף מיר דאָס קליינע קעפּעלע: „ליעב דעם פעטער בעבעבע“.

אונזער שכנה קרעני זאָגט, אַז זי קאָן נאָך עד היום נישט פער־געסען אָט דעם „פעטער בעבעבע“, און טהוט זי אַ קוק אויף מיר, אַזוי מוז זי, זאָגט זי, דערמאָנען זיך אָן איהר פערעלען...

בייזערט זיך אויף איהר מיין מאַמע, למאַי זי וויינט. מע טאָר נישט וויינען, זאָגט די מאַמע. מע טאָר נישט זינדיגען. מע דאַרף פערגעסען... פערגעסען...

אַזוי זאָגט איהר די מאַמע און פערשלאָגט איהר „האקע־באַ־קע“. און מיך טרייבט די מאַמע דורך: „איך זאָל מיך נישט דרעַ־העַן פאַר די אויגען, וועט מען זיך נישט דערמאַנען אָן דעם, וואָס מע דאַרף נישט“...

חאַ־חאַ! ווי איז דאָס מעגליך, מע זאָל זיך נישט דערמאַנען? און דערמאָן איך זיך אינ'ם דאָזיגען קינד, אַזוי שטעלען זיך מיר טרערען אין די אויגען אַליין פון זיך, פון זיך...

— זעהט נאָר, ע'י וויינט שוין ווידער, דער חכם! — רופט זיך אָן פרומע מיט'ן אויגעל צו דער מאַמען. און די מאַמע טהוט אויף מיר אַ גיבען קוק און צעלאַכט זיך:

— פאַרגאַנגען דיר דער חריין אין די אויגען אַריין? אַ מכה דער מאַמע! ס'אַ האַרבער חריין דאָס איז! פאַרגעסען איהם אָנזאָגען צומאַכען די אויגען, אַ צרה איז מיר!... נאַ דיר מיין פאַרטוך... וויש אוים די אויגען, נאַריש יונגעל, און די נאָז אין איינוועגס וויש אָפּ... די נאָז! די נאָז!...

## א י נ ה א ל ט

## א.

## פונ׳ם בארג־סיני.

ביי אונז אין כתרילעווקע, פון יענער זייט בית־המדרש, שטעהט א בארג, א הויכער בארג, הויך ביז דער המארע, ביז׳ן הימעל.

אזוי האט ער מיר אויסגעוויזען אין יענער צייט, ווען מיר האבען געלערענט אין חדר, און גערופען האבען מיר איהם „בארג־סיני“.

אין א שענעם זומער־טאג, גאנץ פריה, זענען מיר, חברה, צעהן חדר־יונגלעך, נאך יונגע קינדער, געגאנגען, מיט די הייליגע ספרים אונטער די ארעמס און מיט די אנבייסענס אין די הענד, אין חדר אריין.

די זון האט נאר־וואס אנגעהויבען ארויסצוגעהן „פון איהר פור־טערפאס“ און האט צעגאסען איהרע מילדע גילדענע שטראהלען אויף דעם שפיץ בארג.

און דער בארג איז געווען בעדעקט מיט טוי, מיט ראסע, און די ראסע האט געבלישטשעט, ווי דימענטען; ווי פערעל זענען געהאנגען די טראפען. ריין, מחיה ריין, איז געוועזען די לופט, אזוי ריין, ווי איהר קאנט זיך נאר פארשטעלען.

איבערראשט, פער׳כשופ׳ט זענען מיר געווען מיט׳ן דאזיגען געטליכען אויסזיכט פונ׳ם דאזיגען געטליכען פריהמארגען.

— ווייסט איהר וואס, חברה? — האט זיך איינער פון אונז אנגערופען. — ווייסט איהר וואס, חברה? לאמיר גאר ארויפגעהן אויפ׳ן בארג־סיני!

— ווייסט איהר גאר וואס, קינדער? — האט זיך אנגערופען נאך איינער. — לאמיר טאקי ארויפקריכען אויפ׳ן בארג־סיני. מיר זענען אויף איהם נאך קיינמאל ניט געוועזען!

און מיר האבען זיך אלע גענומען דראפען ארויף אויפ׳ן בארג־סיני; אויף אלע פיער, אויף די הענד מיט די פיס, זענען מיר אלע מיט חשק געקראכען אויפ׳ן בארג־סיני.

און אז מיר זענען געקומען אויפ'ן שפּיץ־באַרג און האָבען אַ קוק געטהאָן אַראָפּ, אַראָפּ אויף דער ערד, זענען מיר פּערציטערט געוואָרען.

אזוי הויך זענען מיר געוועזען פון דער ערד, אזוי קליין האָט אונז אויסגעוויזען די ערד.

— וואו זענען מיר, קינדער, וואו זענען מיר?

— וואו זענען מיר, זאָגסט דו? אונטער דער חמארע.

— אונטער דער חמארע, זאָגסט דו? העכער פון דער חמארע!

— העכער, העכער, — אונטער'ן הימעל!

— איהר זעהט דעם בית־מדרש, קינדער? דעם בית־מדרש זעהט איהר?

— יאָ, קוים־קוים, ווי אַ קליין שטיבעלע די גרויס.

— ווי אַ שטיבעלע, זאָגסט דו? ווי אַ טישעל די גרויס, ווי אַ בענקעלע.

— ווי אַ בענקעלע, זאָגסט דו? ווי די גמרא די גרויס, ווי מיין סידור.

— ווי דיין סידור'על, זאָגסט דו? ווי איין איי, ווי אַ וועלשען ניסעל.

— ווי אַ ניסעל, זאָגסט דו? ווי אַ פּאַסאָלי, ווי איין ארבעסעל.

— ווי איין ארבעסעל? ווי אַ מאָהנדעל, ווי אַ מילב, ווי אַ... אַ... אַ...

און ס'איז ביי אונז אַלע געבליבען דער הסכם, מיר זאָלען זיך אויסציהען אויבען, אויפ'ן באַרג, מיט די פּנימ'ער ארויף.

איך האָב זיך שטארק איינגעקוקט אינ'ם בלויען הימעל, און מיינע אויגען האָבען דעם הימעל צו זיך צוגעצויגען, אַלץ נעהענטער און נעהענטער, אזוי לאַנג, ביז איך האָב איהם צו זיך צוגעצויגען נאָהענט, גאַנץ נאָהענט.

אזוי נאָהענט, אַז איך האָב די האַנד אויסגעצויגען און האָב מיט מיינע פינגער זיך צוגעריהרט צום הימעל, צום קאַלטען הימעל, זיך צוגעריהרט, אָנגענומען, אָנגעטאַפּט, געהאַלטען, געהאַלטען, גע־האַלטען...

ניט נאָר די אויגען אַליין זענען געווען אין הימעל; מיין נשמה, מיין האַרץ, מיין גוף, מיין גאַנצער „איך" — איך בין אינ־גאַנצען, אינגאַנצען געווען דאָרט, אויבען, אין הימעל.

איך בין געווען אין הימעל און האָב געזעהען מלאכים. מיט די ווייסע ברייטע פליגלען זענען די מלאכים געשוואומען אונטער'ן ברייטען בלויען הימעל; זיי האָבען זיך געוויעגט און געוויעגט, גע־שוועבט און געשוועבט — און געשטאַנען אויף איין אָרט. פון זיי־ער וויעגען זיך און פון זייער שוועבען זענען געגאַנגען זיסע זעלטע־נע קולות; סע האָט זיך געזונגען און געזונגען, אַזוי שטיל געזונ־גען, אַזוי שען געזונגען, אַזוי זיס געזונגען, ווי די כהנים מיט די לויים, ווי דער „אָרגעל" אין בית־המקדש, ביי אידען פאַרצייטענס, ווי סע שטעהט ביי אונז אין הייליגע ספרים געשריבען.

און אַ גרינג, קיהל ווינטעלע איז פערביי מיר דורכגעלאָפען, און האָט מיך עטוואָס, קוים־קוים, אָנגעריהרט אין שטערן. און אַ טהייערער ריח, אַ ריח פונ'ם גן־עדן, איז פערביי מיר דורכגעגאַנגען, און מיינע אויגען האָבען זיך צוגעמאַכט, צוגעמאַכט...

— אין חדר אַריין, שקצים, עכברושים, הולטאַיעס! אין חדר אַריין, ימח־שמו'ניקעס! הארט, שיבעניקעס, איך וועל אייך שוין צושטעלען, ליידאַקעס, אַ בענקעלע צום רבי'ן! אין חדר אַריין, פוסטעפּאַסניקעס, כל־בו'ניקעס, אין חדר אַריין!

דאָס איז געווען דער שמש פון בית־המדרש, רב יקותיאל דער שמש, אַ בייזער איד מיט אַ צעפּלעצטער נאָז און מיט אַ שטענדיגען לולקע־ציבוק אין די ציינער.

און מיר זענען מיט אַ מאָל אַראָפּגעפאַלען פונ'ם הימעל אויף דער ערד.

## ב.

## כותל מערבי.

(די איבערגעבליבענע וואנד פונ'ם בית־המקדש).

— דערצעהלט זשע מיר, איך בעט אייך, אקוראט. האט איהר, הייסט דאס, אליין געזעהען מיט אייערע אייגענע אויגען די „כותל מערבי"? אזוי, הייסט דאס? האט איהר זי גוט געזעהען? דער־צעהלט זשע מיר, ווי אזוי, און וואס, און ווען?...

אזוי האט מיין רבי זיך אנגערופען צו א אידען, וואס איז נאר־וואס געקומען צוריק פון ארץ־ישראל, פון ירושלים.

— זאגט זשע מיר, איך בעט אייך, מאהלט מיר אויס אקוראט, ווי אזוי, און וואו, און וואס, און ווען?

דער ירושלים־איד האט איהם אויסגעמאהלט אקוראט, ווי אזוי, און וואו, און וואס, און ווען, און מיין רבי האט געשלונגען די ווער־טער, אנגעקוועלט, געווארען ברייטער ווי לענגער, ווי א מענש, וואס נעמט־אפ א גרוס פון א נאהענטען מענשען אין א ווייטער מדינה.

דער רבי האט זיך אזוי שטארק איינגעקוקט אינ'ם ירושלים־איד, אז ער האט גאר ניט בעמערקט, ווי מיר, חברה, האבען זיך איינציגווייז ארויסגערוקט פונ'ם טיש, און האבען זיך ארויסגע־גנב'עט אין דרויסען ארויס, און האבען געחאפט א גליטש אויפ'ן אייז.

אז מיר זענען געקומען צוריק אין חדר אריין, האבען מיר נאך געטראפען זיי זיצען.

— כותל מערבי! — האט דער רבי געזאגט צום ירושלים־איד. — כותל מערבי! אט דאס איז אונז פארבליבען פון אונזער גאנצען בית־המקדש, פון אונזער גאנצער מלוכה! כותל מערבי! כותל מערבי!...

און דער רבי האט זיך צעוויינט.

ג.

אברהמעל.

אז איך האָב זיך מיט זיי בעגעגענט, זענען זיי ביידע צוזאמען אַלט געווען כמעט צוויי הונדערט יאָהר.

— אברהמעל! מיר האָבען אַ גאַסט.

— ווער איז?

און דאָס פּאָרפּאָלק פון צוויי הונדערט יאָהר האָבען מיך אויפגענומען מיט פרייד, מיט פערגעניגען.

און איך האָב ביי'ם פּאָרפּאָלק פון צוויי הונדערט יאָהר פערבראַכט די צייט מיט פרייד, מיט פערגעניגען.

ביידע נידעריגע, ווייסע, ווי געפאַלענער שניי, אָהן צייהן, איינגעבויגענע, נאָר פריילי‏כע, ציכטיגע, לעבעדיגע, ווייזען אויס ווי ברודער און שוועסטער, ניט ווי מאַן און ווייב.

— איך געדענק נאָך אייער זיידען, אייער עלטער-זיידען; געווען אַ וואוילער איד, גאָר אַ וואוילער, אָבער טאַקי גאָר אַ וואוילער, ניט אַזוי ווי היינטיגע אידען — ניין, אָבער טאַקי גאָר ניין! מיר האָבען זיך בעקענט מיט איהם, אפּנים, — וואו האָבען מיר זיך בעקענט מיט אייער עלטער-זיידען?...

ער שאַמקעט מיט די ליפּען און דערצעהלט מיר אַלטע מעשיות פון אמאָליגע יאָהרען, און דערמאָנט ער זיך אָן י ו נ ג ע יאָהרען, ווערד ער ווי מונטערער, פרישער, יונגער.

— הער נאָר, סערדצע! — זאָגט ער צו דער אַלטיטשקער. — נעדענקסט ניט, נשמה מיינע, ווי אַזוי האָט געהייסען דער פּריץ, וואָס זיין עלטער-עלטער-זיידע האָט פון איהם געהאַלטען די ארענדע? הא, סערדצע?

— פּ אַ ן פּ ר ז ש ע ש ר ז ש אַ נ ס ק י, — זאָגט זי—אברהמעל, פּרזשעשרזשאַנסקי האָט ער געהייסען.

— יאָ, ביזט גערעכט, סערדצע, ביזט גערעכט: פּאַן פּרזשעשרזשאַנסקי האָט ער געהייסען.

און זיי פייפען אויס מאָדנע דעם דאָזיגען נאָמען מיט דער צונג.

— דאָס האָט באַדאַרפט זיין, סערדצע, ניט זעהר לאַנג, איאָ? ווי מיינסט דו, סערדצע?

— נישט לאַנג, אברהמעלע, נישט לאַנג; אַ יאָהר... אַ יאָהר זעכציג אָדער זיבעציג; נישט מעהר, נישט מעהר ווי אַ יאָהר זיבעציג, — ענטפערט איהם די אַלטיטשקע.

און דער אַלטער יונגערמאַנטשיק דערצעהלט מיר אַלערליי מעשיות, אַנעקדאָטען, ביז שפּעט־שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

— קום שוין, אברהמעניו, קום שוין שלאָפען!

און די אַלטיטשקע נעמט דעם אַלטען און פיהרט איהם אַפּ פּאַר אַ האַנד שלאָפען, ווי מע פיהרט אַפּ אַ קליין קינד, און אין עטליכע מינוט אַרום קומט זי אַריין צו מיר שוין אַליין, אַביסעל אויסגעטהאָן, מיט אַ ווייסען אָנגעקראָכמעלטען שלייער אויפ'ן קאָפּ און מיט עטליכע שפּילקעס אין מויל. זי זעצט זיך צו צו מיר אַבי־סעל שמועסען. און מיר שמועסען ווידער אַ היבשע ווייל, און מיר קאָנען זיך גאָר זאַט ניט אָנרעדען; דאָס הייסט, ניט איך רעד — זי רעדט, די אַלטיטשקע רעדט, און איך הער זי אויס.

— איהר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען — זאָגט זי צו מיר, אָנגעשפּאַרט אויף די אויסגעטריקענטע עלענבויגענס — איהר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, ווי שוואַך מיין אברהמעל הויבט אָן צו ווערען די לעצטע צייט. איין איבעריגע האַלבע שעה לאָז ער זיצען ביי דער נאַכט, ווערד ער מיעד און מוז געהן שלאָפען. נאָר למאי זאָל איך זינדיגען? אַ דאַנק גאָט דערפאַר. קיין סך אברהמלען, ווי מיין אברהמעל, איז נימאָ. איך האָב נאָך פון איהם קיין איינציג מאָל, חלילה, קיין אומכבוד נישט געהאַט, קיין קרום וואָרט ניט געהאָרכט, פון דער ערשטער שעה נאָך דער חופּה ביז היינטיגען טאָג צו הונדערט און צוואַנציג יאָהר. למאי זאָל איך זאָגען? איך האָב צו איהם גאָר ניט, איך האָב צו איהם גאָר ניט, און מיר לע־בען זיך, ברוך השם, צופריעדען, ווי גאָט האָט געבאָטען, און צום

אויבערשטען קיין טענות האָבען מיר אויך ניט. ער פיהרט אונז אוים פון כמה יאָהרען, און מיר דאַרפען, חלילה, צו לייטען ניט אָנקומען, און קיין פרעמדם האָבען מיר נאָך קיינמאָל ניט פאַרנו־מען, געלויבט איז גאָט ברוך־הוא...

— נו, און אייערע קינדער?

— מיינע קינדער?... עך־עך־עך! גאָט ברוך־הוא האָט מיך געשטראָפט, אויסגעשטאָרבען אַלע קינדער... אייניקלעך האָבען מיר, געלויבט דער אויבערשטער, אור־אייניקלעך און אור־אור־אייניק־לעך, קיין עין הרע ניט... נאָר קיין קינדער נישטאָ; אַלע אויסגע־שטאָרבען.

די אַלטיטשקע האָט זיך פערטראַכט.

אין אַ מינוט אַרום רופט זי זיך אָן צו מיר:

— וואָס זאָגט איהר עפּים אויף איהם?

— אויף וועמען?

— אויף מיין אברהמלען.

איך האָב נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס זי מיינט דערמיט, האָב איך נאָר אַ שמייכעל געטהאָן און האָב איבערגעטראָגען אונ־זער שמועס אויף איין אַנדער ענין.

מיר האָבען נאָך לאַנג — לאַנג פערבראַכט. מיר האָבען גע־רעדט וועגען אַלערליי זאַכען און וועגען פערשיעדענע לייט; נאָר מעהר און אָפטער פון אַלע האָט זיך געדרעהט ביי איהר אויף דער צונג אברהמעל, איהר אברהמעל.

אברהמעל איז געווען אַ ביישפּיעל אויף יעדען אופן, אַ פער־גלייכען צו יעדען מענשען. אברהמעל! אברהמעל! אברהמעל!

עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז סע זיצט אַקעגען מיר אַ ווייבעל, אַ יונג ווייבעל, ניט קיין אַלטע אידינע פון קרוב צו הונ־דערט יאָהר.

איך וואָלט אַ בעלן זיין וויסען, וואו איז אצינד דאָס דאָזיגע פּאָרעל?...

## ד.

## דער אוצר.

אויף יענער זייט בארג, הינטער'ן אלטען בית־המדרש, געפינט זיך איין אוצר.

אזוי האט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטעל.

נאר קומען צום אוצר איז ניט אזוי גרינג. אז אלע אידען אין שטעדטעל וועלען לעבען בשלום, און וועלען זיך נעמען אלע איהם זוכען, דעמאלט וועט מען איהם געפינען.

אזוי האט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטעל.

און אז אלע אידען וועלען לעבען צופריעדען, עס וועט ניט זיין קיין קנאה ביי אידען, קיין שנאה, קיין קריעג, קיין לשון־הרע, קיין רכילות, און מע וועט זיך נעמען אלע, וועט מען אפזוכען דעם אוצר, און אז ניט — וועט ער אריין טיעף־טיעף אין דער ערד אריין...

אזוי האט מען געשמועסט ביי אונז אין שטעדטעל, און מע האט אנגעהויבען זיך צו שפארען און איבערשפארען, צו אמפערען זיך און צו ווערטלען זיך, צו זידלען און צו קריעגען זיך, וואס ווייטער אלץ מעהרער, אלץ שטארקער, און אלץ איבער'ן אוצר. דער האט געזאגט: ער דארף זיין דא, דער האט געזאגט: דארטען, — און מע האט ניט אויפגעהערט זיך צו שפארען און איבערשפארען, צו אמפערען זיך און צו ווערטלען זיך, צו זידלען און צו קריעגען זיך, וואס ווייטער אלץ מעהרער, אלץ שטארקער, און אלץ איבער'ן אוצר — און דער אוצר... האט געזונקען אלץ טיעפער און טיעפער אין דער ערד אריין.

## ה.

## אײן עזות!

אויף דער ערד איז ער געזעסען, אויף דער ערד, בײ דער טהיר פון דער שוהל. ער איז געזעסען און האָט גערעכענט די גראָשענס, געצעהלט די פּרוטות — די פּרוטות, וואָס ער האָט דורכ'ן טאָג געמאַכט, צענויפגעקליבען.

צוויי מאָל אין וואָך, מאָנטאג און דאָנערשטאג, געהט ער איבער די הײזער. פּרוטות נעמט דער אָרעמער אָרעמאַן בײ די רײכע אָרעמע־לײט. די צוויי טעג זענען זײנע.

ווי ליכטיג שײנט די זון, ווי וואַרעם זענען איהרע שטראַהלען! אײן האַנד האַלט ער אין בוזעם, און אין דער אַנדערער האַלט ער די גראָשענס, די פּרוטות. ער וואַרפט זײ און קלינגט מיט זײ: ער צעהלט זײ און רעכענט זײ. פּלוצים...

ווער פאָהרט דאָס אין דער דאָזיגער קאַרעטע, זעכס פערד גע־שפּאַנט? אָ! דאָס איז דער גראַף פונ'ם שטעדטעל.

די פערד טראָגען די קאַרעטע, און דער שטויב געהט נאָך, ווי צוויי וואָלקענס, בײ די זײטען.

דער שטויב האָט איהם אַביסעל פערשטאָפּטען די אויגען מיט'ן מויל און האָט איהם אויף צוויי מינוט פערשטעלט די שײן פון דער ליכטיגער זון.

— אַביסעל אַ העזה! אײן עזות פון אַ גראַף! — האָט ער אַ מורקע געטהאָן זיך אין באָרד אַרײן, און האָט זיך ווידער גע־נומען צו דער אַרבײט, רעכענען די גראָשענס, צעהלען די פּרוטות...

ז.

## איינגעטיילט זיך.

היינט איז געוואָרען אַ מאָדע: „חברות“, „חדרים“, „שקאָלעס“, „סאַנאַטאָריע“. אַמאָל האָבען מיר דערפון גאָר נישט אָנגעהויבען צו וויסען.

געשטאָרבען איין אָרעמאַן און איבערגעלאָזט אַ טוץ קינדער יתומים — חאָטש נעם וואַרף זיי אַריין אין וואַסער אַריין! מאָהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי; עס האָט זיך נאָך נישט געמאַכט. מע זאָל נעמען לעבעדיגע נפשות און וואַרפען זיי אין טייך אַריין! עס רעדט זיך נאָר אַזוי...

אַזוי ווי היינט געדענק איך. כתריאל דער וואַסערפיהרער איז געשטאָרבען, און באַלד נאָך איהם איז געשטאָרבען זיין ווייב כתרי־ליכע, און ס'איז געבליבען פון זיי אַ היבש ביסעל קינדער, אָהן אַ טאַטען, אָהן אַ מאַמען, אָהן אַ ווינקעל, אָהן אַ שטיקעל ברויט — אַ גוואַלד, אַ גוואַלד, חושך איז געוואָרען אין שטאָדט, חושך צווישען די אָרעמע לייט.

— רוצחים! גזלנים! קוילערס! וואָס שווייגט מען? ווי לאָזט מען דאָס אַזוי פיעל נפשות אויסגעהן פון הונגער? פאַר וואָס טהוט מען עפּים נים? וואו זענען די נגידים אונזערע? די גבירים?

די נגידים, די גבירים זענען געווען פערנומען מיט זייערע געשעפטען, און די אָרעמע לייט האָבען נים אויפגעהערט צו פּילדערען און צו ליאַרעמען, אַזוי לאַנג, ביז ס'איז געקומען אויף דער נאַכט. האָט מען געמאַכט ביי'ם רב איין אסיפה, און ס'איז געבליבען, מע זאָל זיך מיט די קינדער איינטיילען.

אָט דאָ איז ערשט געוואָרען דער רעכטער געפּילדער: בעלנים אויף אַזאַ גרויסער מצוה זענען געווען אַ סך, און קינדער — סך הכל זיעבען.

ז.

## צוויי נשמה׳לעך.

— שוין פארטיג ביי דיר דארט אלסדינג? נעם אט די צוויי און טראג זיי אראפ אהין, אויף דער ערד, און קום באלד צוריק.

אזוי האט גאט ברוך־הוא געזאגט צום מלאך, אנווייזענדיג איהם אויף צוויי זינדיגע נשמה׳לעך.

און דער מלאך האט גענומען די צוויי זינדיגע נשמה׳לעך אונ־טער די פליגעל און האט זיך אראפגעלאזט מיט זיי אויף דער ערד.

און די נאכט האט פערשפרייט איהרע שווארצע פליגעל אויף דער ערד, און ס׳איז געוועזען פינסטער.

און א קאלטער ווינד, א שטארקער ווינד האט געדרעהט און געבלאזען דורך די פענסטער, דורך דער טיר, דורך די ווענד פון א קליין איינגעהויקערט שטיבעל. אינ׳ם קליין איינגעהויקערט שטי־בעל, אויף שטרוי געבעט, ליגט אויף דער ערד איין אויסגעטריקענט ווייבעל. דאס ווייבעל ליגט און קאטשעט זיך. זי קאטשעט זיך — זי געהט צו קינד.

און א קאלטער ווינד, א שטארקער ווינד האט געדרעהט און געבלאזען און האט ניט געקאנט דורכבלאזען די געמויערטע ווענד מיט די הויכע טירען און פענסטער פון א שען רייך הויז. אינ׳ם שענעם רייכען הויז, ווייך געבעט, גוט געבעט, מיט אטלעס און מיט זייד, ליגט א געזונדע, א שענע פרוי. די געזונדע שענע פרוי ליגט און קאטשעט זיך. זי קאטשעט זיך — זי געהט צו קינד.

און דער מלאך האט אין דער גיך אהער ארייגעלאזט די צוויי נשמה׳לעך.

— געהט, קינדערלעך, — האט ער צו זיי געזאגט — געהט, ברידערלעך, קומט־אפ אביסעל אויף דער וועלט!

און ס׳איז אין דער דאזיגער נאכט געבארען צוויי יונגלעך: איינס אויף דער ערד, אויף שטרוי, — אויף הונגער, אויף דחקות,

אויף צרות — אַ פּיקערעל, איין עסערעל, איין איבעריגס אויף דער וועלט; און דאָס אַנדערע — אויף אַטלעס און אויף זייד, אויף פרייד, אויף גוטס, אויף גליק, אויף לאַקעטקעס, אויף זאַבאַווקעס, צו געניסען פון דער וועלט.

— היתכן? — האָט דער מלאך געפרעגט ביי׳ם רבונו־של־עולם. — איז טאַקי רעכט אַזוי? דעם ג ע ר, און דעם ג אָ ר־ נ י ט? דעם שטרוי, און דעם אַטלעס? דעם לאַקעטקעס, און דעם דחקות?

— קוק־אַראָפּ און שווייג! — האָט איהם געענטפערט דער האַר־ פון דער גאַנצער וועלט.

עס איז איבערגעלאָפען צוואַנציג יאָהר.

און די נאַכט האָט פערשפּרייט איהרע שוואַרצע פליגעל אויף דער ערד און ס׳איז געוועזען פינסטער.

און אַ שטאַרקער ווינד, אַ קאַלטער ווינד האָט געדרעהט און געבלאָזען דורך די פענסטער, דורך דער טהיר, דורך די ווענד פון אַ קליין איינגעהויקערט שטיבעל. פונ׳ם קליין איינגעהויקערטם שטיבעל הערט זיך אַ קול, אַ וויינענדיג קול:

— רבונו של עולם! ליעבער גאָט! נעם־אָן מיין געבעט, הער־ צו מיין געוויין; שיק מיר דעם טוידט, נעם מיך צו פון דער וועלט — איך קאָן זיך שוין מעהר דאָ ניט מוטשען!

— ניין, לעב נאָך, לעב נאָך, מוטשע זיך, — לעב לאַנג, לעב לאַנג, מיין קינד!...

און אַ שטאַרקער ווינד, אַ קאַלטער ווינד האָט געדרעהט און געבלאָזען און האָט ניט געקאָנט דורכבלאָזען די געמויערטע ווענד מיט די הויכע טהירען און פענסטער פון אַ שען רייך הויז. פונ׳ם שענעם רייכען הויז הערט זיך אַ קול, אַ וויינענדיג קול:

— רבונו של עולם! ליעבער גאָט! נעם־אָן מיין געבעט, הער־ צו מיין געוויין; נעם־צו דעם מלאך־המות פון מיר. איך וויל לעבען. איין עבירה אַזאַ גוטס. איך וויל פון דער וועלט אַזוי יונג נישט געהן!

— ניין, שטאַרב, ניין, שטאַרב, געזעגען זיך, — גענוג שוין געהוליעט, מיין קינד!...

און אַ שטאַרקער ווינד, אַ קאַלטער ווינד האָט געדרעהט און געבלאָזען די נאַכט, און די זינדיגע נשמה אינ׳ם גליקליכען הויז, פון דעם גביר דעם געזונדען, איז ניט ווילענדיג צוריק אויפ׳ן הימעל אַרויף.

און אַ שטאַרקער ווינד, אַ קאַלטער ווינד האָט נאָך לאַנג דאָ געבלאָזען און געדרעהט, און די זינדיגע נשמה אינ׳ם געפאַלענעם שטיבעלע האָט זיך ניט ווילענדיג ביי׳ם קבצן ביי׳ם קראַנקען געהאַלטען נאָך לאַנג, נאָך לאַנג געהאַלטען!

## ח.

## איך שעם זיך.

איך האָב געהאַט אַ חבר. מיר האָבען געלערענט אין איין חדר. אינאײנעם געלעבט, אינאײנעם געטהאָן נארישקייטען, אינאײנעם געטײלט פריידען און ליידען.

די בלינדע, וואָס מע רופט זי פאָרטונע, די הצלחה, האָט זיך צוגעשמייכעלט צו מיין חבר, און סע האָט איהם בעגליקט, און ס'איז איהם אַוועקגעגאַנגען בעסער און בעסער, און איז געוואַכסען העכער און העכער.

און איך בין געבליבען פון אונטען...

לאַנג, גאַנץ לאַנג האָבען מיר זיך ניט געזעהען, ניט בעגעגענט. מיר זענען געגאַנגען אויף פערשיעדענע וועגען, מיר האָבען געוואָהנט אין פערשיעדענע שטעדט.

איינמאָל בין איך געקומען אין דער שטאָדט, וואו מיין חבר האָט געוואָהנט, און בין געגאַנגען פאַרביי מיין חבר'ס אויסגעצייכענט הויז און האָב זיך אָפּגעשטעלט:

„יאָ אריינגעהן, צי ניט אריינגעהן?"

און איך בין אריינגעגאַנגען.

שטעלט איך פאָר — ער האָט מיך דערקענט!...

— וואָס־זשע מאַכסט דו, ברודער? ווי געהט עס?

אַ היבשע ווײלע זענען מיר געשטאַנען פון פאָרענט; אינווענינ צו זיך האָט ער מיך ניט אריינגערופען.

ער האָט פערשטאַנען, אַז סע וואונדערט מיך, האָט ער צו מיר געזאָגט, בעטראַכט מיין הלבשה:

— זיי מיר מוחל, גוטער ברודער, האָב קיין פּאַראיבעל, איך בעט דיך, זיי מיר מוחל, איך קאָן ניט, איך שעם זיך!...

— דו שעמסט זיך? דו שעמסט זיך מיט מיר?

— אך, ניין, חלילה, ניט דאָס מיין איך, ניט דאָס האָב איך געזאָגט! איך האָב געזאָגט, איך שעם זיך מיט... מיט מיין גרויס־אַרטיג הויז... פאַר דיר, פאַר מיין אַלטען חבר, פאַר... פאַר... זאָג מיר, וואו וואָהנסט דו? וואו שטעהסט דו? איך וועל קומען, איך וועל זיין ביי דיר, איך וועל זיין ביי דיר!

ער האָט געוואָרפען איין אויג אויף מיינע אויסגעדרעהטע צע־ריסענע שטיוועל און איז געוואָרען רויט פאַר בושה...

איך האָב איהם פערשטאַנען און האָב איהם מוחל געווען מיט'ן גאַנצען הארצען, מיט'ן גאַנצען הארצען!

## ט.

## עק־וועלט.

דאָרט, אויף יענער זייט בית־עולם, הינטער דער שטאָדט, געהט זיך צענויף דער הימעל מיט דער ערד.

דאָרט, אויף יענער זייט בית־עולם, הינטער דער שטאָדט, איז עק־וועלט.

אזוי האָבען מיר אַלע אין חדר אָפּגע׳פּסק׳עט און האָבען אָפּ־געטרעדט צווישען זיך — צענויפזאַמלען זיך שבת בייטאָג, ווען דער עולם, ווען אַלע אידען, ווען די גאַנצע שטאָדט שלאָפען מיט׳ן זיסען שבת׳דיגען שלאָף, און זיך לאָזען געהן און געהן ביז׳ן עק־וועלט.

שבת ביי טאָג, ווען דער עולם, ווען אַלע אידען, ווען די גאַנצע שטאָדט זענען געשלאָפען מיט׳ן זיסען שבת׳דיגען שלאָף, האָבען מיר זיך צענויפגעזאַמעלט און האָבען זיך געלאָזט געהן און געהן ביז׳ן עק־וועלט.

און מיר זענען געגאַנגען — צי אַ שעה, צי צוויי, צי דריי — ווייס איך ניט; נאָר מיר זענען, ברוך השם, מיט גאָט׳ס הילף, געקומען בשלום ביז דער מיהל, ביז דער ווינד־מיהל.

דאָ, ביי דער ווינד־מיהל, האָבען מיר זיך געזעצט רוהען. זיך צוגעזעצט, צוגעלעגט. צוגעלעגט זיך, אויסגעצויגען זיך אויפ׳ן גרי־נעם גראָז, אויפ׳ן שמעקענדיגען גראָז, און געחאַפּט אַ דרימעל.

יעדער פון אונז איז פערנומען מיט זיין זאַך, מיט זיינע גע־דאַנקען, מיט זיין פערגעניגען. ס׳איז שטיל. קיינער זאָגט ניט קיין וואָרט; קיינער וויל, מע זאָל איהם איבערשלאָגען, קיינער וויל יענעם איבערשלאָגען.

— וואו זשע איז עק־וועלט? — האָט זיך אָנגערופען איינער פון אונז.

— אָט דאָס איז דאָך עק־וועלט, נאַרעלע! — האָט איהם דער אַנדערער געענטפערט.

און ס'איז ביי אונז אַלע געבליבען דער הסכם, אַז דאָ, הינטער דער ווינד־מיהל, איז עק־וועלט; אַז ווייטער פון דער מיהל איז שוין די הרי־חושך, די פינסטערע בערג, וואָס זענען בעדעקט מיט אַ שוואַרץ גראָז, און דאָרט, אויף די בערג, געפינען זיך נאָך עד־היום קליינע אידלעך מיט לאַנגע בערד ביז די שפּיץ־פינגער פון די פיס, — די קליינע אידלעך, וואָס גאָט האָט זיי אַהער פערטריבען פאַר זייערע צינגער, פאַר זייערע לאַנגע צינגער, דערפאַר, וואָס זיי האָבען גע'הרג'עט איינער דעם אַנדערען מיט די צינגער; און אויף יענער זייט בערג איז שוין דער פערגליווערטער ים, וואָס דער שטורעמווינד פערטרייבט אַהין אַלע אָקרענטען מיט אַלע שיפען און וואָס קיינער קומט שוין פון דאָרט ניט צוריק...

— אין בית־מדרש אַריין! ווייסע־חברה'ניקעס! אין בית־מדרש אַריין! לייטישע בחורים'לעך! דאַכט זיך, שענער צו זיצען אין בית־מדרש שבת בייטאָג און לערנען „פרק“, איידער וואַלגערען זיך, גלייך מיט אַלע שקצים'לעך, הינטער דער מיהל. אין בית־מדרש אַריין, גויים, עם־הארצים, אין בית־מדרש אַריין!

דאָס איז געווען „מאָטי רויטעבאַק“, אַ שענער איד, אַ יודע־ספר, אַ בעל־הבית מיט איין אייגענער שטוב און מיט אַ „שטאָדט“ אין מזרח־וואַנד, די דריטע שטאָדט פונ'ם אָרון־קודש...

ז.

## מלאך־המות.

איך האָב געהערט אין חדר. מיין רבי האָט מיר דערצעהלט. מיין רבי רב מאיר, זכרונו לברכה...

שרעקליכע מעשיות האָט ער זיך אָנדערצעהלט פונ'ם מענשענס סוף, פונ'ם מלאך־המות מיט די טויזענדער אויגען פון קאָפּ ביז פיס, פונ'ם מלאך־הדומה מיט די אייזערנע ריטער, וואָס קומט אין קבר אריין מיט א דאָפּראָס:

— רשע! מה שמך? רשע! ווי אזוי רופט מען דיך? עסקת בתורה? וואָס האָסט דו געלערענט?

און נאָך פיעל שרעקליכע, באמת מורא'דיגע מעשיות. און עס איז איבערגעגאַנגען א פראָסט איבער'ן לייב, און די האָר האָבען זיך געשטעלט קאַפּויר.

נאָר שרעקליכער פון אַלץ איז ביי מיר געווען דער מלאך־המות, דער מלאך־המות מיט די טויזענדער אויגען פון קאָפּ ביז פיס. און איך בין זיכער, אז ווען איך וואָלט דערנסטמאָל זיך בעגעגענט מיט'ן דאָזיגען פארשוין, וואָלט איך געוויס געשטאָרבען פאר פּחד אליין.

אך, ווי עס בייטען זיך די צייטען!

אצינד, ווען איך זעה זיך מיט „איהם" כמעט יעדען טאָג, ווער איך גאָר ניט נתפעל.

איך פיהל „איהם" נעבען זיך; איך הער „זיין" אָטהעמען אָט דאָ, נעבען זיך; איך ווייס, איך הער, אז „ער" געהט מיר נאָך פון הינטען פיס־טריט — און גאָרניט!

— נו, גיכער, גיכער! — זאָגט „ער" מיר. — מאך א צואה און קום...

— מאָרגען, אם־ירצה־השם, מאָרגען ! — ענטפער איך „איהם“ און לעג דאָס אָפּ פון טאָג אויף טאָג.

און אַזוי ווי איהר זעהט, נאַרען מיר איינער דעם אַנדערען. ער זאָגט מיר : צוואה !“ איך איהם : מאָרגען... מאָרגען... מאָרגען...“

# דער יונגסטער פון די מלכים

(א מעשה לכבוד פסח).

---

## א.

א גליקליך קינד אט דער יוזעק! אלע האבען איהם ליעב, איטליכער פעסטעט איהם, גיט איהם נאך, קושט איהם, האלזט איהם.

וואס איז די מעשה?

יוזעק!

„אייגענע טאטע־מאמע באדארפען אזוי ניט באלעווען קיין בן־יחיד'על, ווי די צוויי שוועסטער, שרה און רבקה, באלעווען דאס קליינע ברודערעל זייערס. יוזעק און יוזעק און יוזעק! יוזעק, עס! יוזעק, טרינק! יוזעק, געה שלאפען! יוזעק, נא דיר א צוקערקע! יוזעק, מע נייהט דיר א פאר נייע הויזלעך אויף יום־טוב! יוזעק, מע וועט דיך שיקען ערב פסח אין באד אריין! יוזעק, וועסט פרא־ווען פסח דעם סדר! יוזעק און יוזעק און יוזעק — ס'איז שוין נמאס און מאוס צו הערען! איהר נעמט א קינד, א בריליאנטען קינד, און מאכט פון דעם א תל!"

אזוי זאגען די שכנה'טעס, וואס זיצען מיט די שוועסטער אינ־איינעם, און אליין רוקען זיי אונטער יוזעק'ען אלע מאל א צוקער־לעקאכעל, א שטיקעל שטרודעל, א געבראטען לעבערעל, אביסעל איינגעמאכטס.

גענומען האט זיך עס פון רחמנות, פון דעם, וואס אלע, די גאנצע וועלט האט אויף איהם געהאט רחמנות — נעבאך א יתומ'על!

## ב.

ס'איז געווען אַ איד, האָט ער געהייסען רפאל, און איז געווען כל ימיו איין אָרעמאַן, און דערצו נאָך אַ יאַדעשליווער, מיט אַ מאָדנער מוזיקאַלישער ברוסט, וואָס פלעגט שפּיעלען, דאָס הייסט, ביים אַריינציהען און ביי'ם אַרויסלאָזען דעם אָטהעם פלעגט זיך הערען אַ מין געזאַנג פון אַ פיעדעל, וואָס מע פיהרט איבער איהר מיט אַ ניט־קיין־אָנגעשמירטען סמיטשיק. און געווען איז דער רפאל אַ גאַנץ עהרליכער, נאָר, לאָז ער מיר מוחל זיין, אַ שלים־מזל'ניק, דאָס הייסט, מחמת ער איז געווען זעהר איין עהרליכער, איז ער געווען אַ שלים־מזל'ניק, אָדער, פערקעהרט, מחמת ער איז געווען אַ גרויסער שלים־מזל'ניק, איז ער געווען איין עהרליכער. אויף איהם האָט מען געזאָגט אין כתרילעווקע, אַז ווען רפאל זאָל ניט זיין קיין שלים־מזל'ניק, וואָלט ער איצטער געהאַט אַ סך געלד.

און ער האָט דאָס געהאַט ביד, וואָרום ער איז געווען כל ימיו „נאמן“ ביי רב שמחה'לע וויינער אין פאָדוואַל, און אַ חוץ זיין געהאַלט, האָט ער געקאָנט געהן שווערען אַ שבועה דאורייתא, אַז ער האָט ניט נהנה געווען קיין פרעמדע פּרוטה.

רב שמחה'לע וויינער האָט זיך, נישקשה, געקאָנט פערלאָזען אויף זיין נאמן. ער האָט איהם טאַקי דערפאַר געהאַלטען בכבוד, געצאָהלט איהם אַקוראַט די זעכס קאַרבען אַ וואָך, אַמאָל אונטער אַ יום־טוב געשענקט אַ צעהנקערבעלשטיק, פסח ארבע־כוסות אומ־זיסט, און פּסח'דיגען בראָנפען אַ פלעשעל — פון דעם שמועסט מען ניט. ווי דען? רב שמחה'לע וויינער איז אַ מענש, וואָס פער־שטעהט דען ניט, ווי מע בעדאַרף שעצען אַ מענשען? אַי, רפאל דער נאמן האָט בעקומען ביי איהם אין „פאָדוואַל“ פריהער אַ „רע־מאַטיז“, און נאָכדעם האָט זיך איהם געלעגט אַ קאַטאַר אויף דער לונג, און עס האָט איהם אָנגעהויבען פייפען אינווענינג און שפּיע־לען און זינגען — ווער איז שולדיג? געזונד — דאָס איז דאָך אַ גאָטס־זאַך. דער געזונדסטער מענש קאָן חלילה געהענדיג שטאַר־

בען. אונזערע חכמים האָבען שוין לאַנג געזאָגט דערויף, אז... נאָר איהר ווייסט דאָך שוין מסתמא, וואָס אונזערע חכמים האָבען דע־רויף געזאָגט.

הקיצור, רפאל האָט אַזוי לאַנג געפּייפט, געשפּיעלט און גע־זונגען, ביז ער האָט זיך איינמאָל, חול־המועד פּסח איז דאָס גע־ווען, אוועקגעלעגט, בעקומען פּערציג גראַד היץ און איז שוין מעהר ניט אויפגעשטאַנען.

ג.

רפאל איז געשטאָרבען און — אי־אי־אי! — וואָס פאַר א לויה ער האָט געהאַט! רב שמחה'לע האָט איינגעלעגט די וועלט! ער האָט איהם אַליין אַרויסגעטראָגען אויף דער מטה פון שטוב, אַליין געהאָלפען טראָגען מיט זיינע פּלייצעס, אַליין נאָכגעגאַנגען ביז'ן הייליגען אָרט, אַליין געזעהען, מע זאָל איהם געבען א שענעם אָרט, אַליין אַכטונג געגעבען, ווי מע גראָבט די קרקע, אַליין געגעבען דעם ערשטען קלאַפּ מיט דער לאָפּעטע, און בשעת דאָס קינד, יוזעק, האָט געזאָגט אינאיינעם מיט עוזר דעם שמש דעם ערשטען קדיש אויפ'ן פאָטער'ס קבר, האָט רב שמחה'לע געוויינט, סטייטש גע־וויינט!

— וואָס ווייסט איהר! וואָס ווייסט איהר! — האָט ער נאָכ־דעם געזאָגט איטליכען בעזונדער. — ס'איז ביי מיר אַזא היזק, אַזא היזק, וואָס איז גאָר אין לשער!

און צו דער אלמנה האָט ער געזאָגט:

— וויין ניט, איך וועל דיך מיט דיינע יתומים מסתמא נישט פאַרלאָזען. פריהער גאָט, נאָכדעם איך...

און רב שמחה'לע האָט געהאַלטען וואָרט, ווי וויט ער האָט געקאָנט. דאָס הייסט, די ערשטע עטליכע וואָכען האָט ער געצאָהלט דער אלמנה די זעלבע שכירות, וואָס רפאל פלעגט נעמען. אמת, זי האָט בעדאַרפט נאָך דעם געהן אַלע וואָך, און ניט איין מאָל, נאָר עטליכע מאָל, און דאָס איז געווען פאַר איהר עפּיס ניט אַזוי

אנגענעהם; נאָר איך בעט אייך, וואָס האָט איהר געוואָלט? מע זאָל איהר אָפּשיקען אהיים? דאַכט זיך, מען איז געווען יוצא, אַז מע צאָהלט אַ מענשען שכירות נאָכ'ן טוידט!

— איהר געהט צו מיר מאָנען געלד, — האָט ער צו איהר אַ מאָל אַ זאָג געטהאָן, — גלייך ווי עס קומט אייך טאַקי, גלייך ווי איהר האָט עפּיס איינגעלעגט ביי מיר אַ חלק אין פּאַדוואָל...

יענעם טאָג האָט די אלמנה מעהר געוויינט, ווי בשעת רפאל איז געלעגען אויף דער ערד, און אַז איהרע צוויי טעכטער, שרה און רבקה, זענען געוואָהר געוואָרען דעם סוד, וואָס די מאַמע וויינט, האָבען זיי זי בעשוואָרען, זי זאָל שוין מעהר אהינצו נישט געהן.

— וואָס זשע וועלען מיר טהון?

— דאָס וואָס אַלע טהוען: מיר וועלען געהן דינען, מיר וועלען וואַשען גרעט, מיר וועלען נייהען אויף דער מאַשין.

נייהען אויף דער מאַשין איז שוין איצט אין כתרילעווקע אַ שטיקעל ענין. מע קאָן שוין פערדינען די צוויי גילדען אַ טאָג, אַבי מע זאָל נאָר וועלען זיצען איבער דער מאַשין אַזוינע זעכצעהן־זיבעצעהן שעה אין מעת־לעת; און מיט ארבייט איז אויך קיין דאגה נישט, מע קריגט; אַז ניט קיין קליידלעך, איז ליפען, אַז ניט קיין ליפען, איז העמדער, אַז ניט קיין העמדער, איז נאָז־טיכלעך אונטערהאַקען. שלעכט איז נאָר, וואָס מע דאַרף האָבען אַ מאַשינע, צוויי מאַשינעס!

אמת, מע גיט מאַשינעס אויף אויסצאָהלען. וואו זשע נעמט מען די ערשטע עטליכע קערבלעך?

— געהט זיך דורך צו אייער נגיד. — האָבען די שכנים געגעבען איין עצה דער אלמנה. — זאָגט איהם אַזוי און אַזוי, זיי וועלען איהם אָפּארבייטען.

ד.

ס'איז גרינג צו זאָגען: געה צום נגיד! נאָר וואָס טהוט ניט אַ איד צוליעב פּרנסה? די אלמנה איז זיך דורכגעגאַנגען צו רב

שמחה׳לע וויינער, געטראָפען איהם אין דער בעסטער צייט, סאַמע נאָכ׳ן עסען. איהר ווייסט, אז איהר דאַרפט צו עמיצען אָנקומען מיט אַ טובה, זאָלט איהר איהם טשאַטעווען נאָר נאָכ׳ן עסען. נאָכ׳ן עסען איז דער ערגסטער מענש ווייכער ווי פאַר׳ן עסען; פאַר׳ן עסען איז אַ מענש — אַ חיה.

— וואָס ווענסט דו זאָגען עפּיס גוטס?

די אלמנה האָט איהם אַנידערגעלעגט אַ צעטעל, אַזוי און אַזוי — מאַשינעס.

רב שמחה׳לע האָט אויסגעהערט מיט קאָפּ די גאַנצע צייט, גע־קאָלופּעט די צייהן, געוועזן רויט, אַביסעל געשוויצט און עטוואָס געדרימעלט, דאָס הייסט, חלילה ניט געשלאָפען, נאָר געדרימעלט, געקוקט אויף איהר נאָר מיט איין האַלב אויג, בשעת מעשה גע־קלערט אַביסעל וועגען געשעפט און אַביסעל וועגען עניני המאָגען. רב שמחה׳לע איז אַביסעל אַ פולער, אַביסעל צו פעטליך, האָבען איהם די דאָקטוירים געהייסען עסען מעהר פלייש און ווינציגער מעהל־שפּייז; און רב שמחה׳לע האָט דוקא ליעב מעהל־שפּייז, ברויט, לאָקשען, קוגעלעך וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס ווערען גע־מאַכט פון מעהל. ער ווייסט, אז סע שאַדט איהם, נאָר אז ער זעהט דאָס, עסט ער, און אַז ער עסט אָפּ, האָט ער חרטה...

— איז וואָס זשע מאַכסט דו, הייסט דאָס? — רופט ער זיך אָן צו דער אלמנה בשעת יענע ווערט אַנשוויגען, און ער הערט אויף צו דרימלען, קוקט אויף איהר מיט אָנדערהאַלבען אויגען.

— וואָס זאָל איך מאַכען? — ענטפערט איהם די אלמנה. — איהר הערט דאָך שוין, וואָס איך מאַך; אויף אַלע שונאים! איז ווען איך האָב איצט אויף אַ מאַשינע, אויף צוויי מאַשינעס, האָטש איין מאַשינע...

— וואָסער מאַשינע? — מאַכט ער צו איהר פערוואונדערט און קוקט אויף איהר שוין מיט ביידע אויגען.

— איך האָב דאָך אייך דערצעהלט, אז מיינע טעכטער ווילען זיך פאַרנעמען מיט נייהען, ווערען נייהטורינס, נייהען אויף דער

מאַשינע, איז ניטאָ קיין מאַשינע, צוויי מאַשינעס דאַרפֿען זיי האָ־בען, מע גיט אויף אויסצאָהלען.

— דאָס איז אַ גוטע זאַך, זעהר אַ גלייכע זאַך נייהטורינס, נייהען, פֿאַרדיענען, מהיכתיתי, זעהר גלייך!

נאָר תוך כדי דבור פֿליהט איהם דורך אַ מחשבה: „וואָס איז די מעשה, וואָס ס'איז מיר אַזוי אָנגעפֿילט דער מאָגען? איך האָב, דאַכט מיר, היינט גאָר אַזוי פֿיעל ניט געגעסען!“ און איין אויג הויבט ביי איהם אָן ווערען קלענער. נאָר מחמת די אלמנה ווערד אַנשוויגען, האַפּט ער זיך אויף און רעדט ווייטער צו איהר:

— נו, זעהר פֿיין, נייהען, מהכתיתי, פֿאַר וואָס ניט?

— האָב איך אייך געוואָלט בעטען, רב שמחה'לע, איהר האָט שוין אַזוי פֿיעל געטהאָן פֿון אונזערטוועגען, טאָמער וואָלט געווען אַ סברה, אַז...

רב שמחה'לע דערהערט, אַז סע שמעקט מיט אַ בקשה, אַ גמילות־חסד, געלד מסתמא, האַפּט ער זיך אויף.

— אַז וואָס?

— אַז איהר זאָלט אויסלייהען דאָס ערשטע געלט, וואָס מע באַדאַרף אויף די מאַשינעס.

— וואָסערע מאַשינעס?

— אָט די, וואָס איך זאָג אייך, צוויי מאַשינעס פֿון מיינע טעכ־טער'ס וועגען, האָטש איין מאַשינע.

— ווי קומט צו מיר מאַשינעס? וואָס פֿאַר אַ מחותן בין איך מיט מאַשינעס?

— געלט! — זאָגט די אלמנה. — מאַשינעס וועלען זיי אַליין קויפֿען. מע גיט מאַשינעס אויף אויסצאָהלען. למשל, איך צאָהל־איין איצט אַ פּופֿציגער, און שפּעטער מיט דריי חדשים אַ פֿינף־אונצוואַנציגער, און שפּעטער...

— איך וויים, איך וויים, דו באַדאַרפֿסט מיר ניט דערצעהלען. איך קאָן באַשטעהן, זיי זאָלען זיך באַגעהן אָהן מאַשינעס. נאַ דיר גאָר מאַשינעס!

— ווי אזוי זשע וועלען זיי נייהען? מיט די הענט קאָן מען אזוי פיעל ניט אָננייהען; אלע נייהטורינס האבען היינט מאַשינעס.

— ווילסט זיי מאַכען פאַר נייהטורינס? אז אָך און וועה די יאָהר! דיין מאַן זאָל איצט אויפשטעהן און דערהערען, אז דו ווילסט מאַכען פון דיינע קינדער נייהטורינס, וואָלט ער נאָך אַ מאָל געשטאָרבען. דו ווייסט? דיין רפאל איז געווען איין עהרליכער, אַ כשר'ער איד. אַזעלכע ווי רפאל איז נישטאָ! רפאל זאָל הערען נייהטורינס, וואָלט ער דאָס ניט אויסגעהאַלטען! ער וואָלט זיך — איך וויים אַליין ניט וואָס!

רב שמחה רעדט מיט האַרץ. ער מיינט דאָס ערנסט. און וואָס ווייטער — הערכט זיך ביי איהם דאָס קול:

— נייהטורינס? הע! אַ שענע עובדה פאַר אַ אידיש מיידעל! הע! מיר ווייסען וואָס הייסט אַ נייהטורין! און נאָך ביי אידען! הע! רפאל'ס טעכטער נייהטורינס! און וואו בין איך? דו ווייסט, אַז דיין רפאל איז ביי מיר אויסגעוואַכסען? איך האָב איהם גע־מאַכט פאַר אַ מענטשען, פריהער גאָט, נאָכדעם איך. און ווער האָט איהם חתונה געמאַכט, אַז ניט איך? הע! ווילסט דו, אַז איך זאָל דערלאָזען אַזעלכעס? חס וחלילה! וואָס בין איך עפּיס? אַ שטיין? אַ ביין? אַ שייט האָלץ? הע!

די אלמנה — מיט דעם וואָס זי איז געקומען, מיט דעם איז זי אוועקגעגאַנגען.

אוועקגעגאַנגען און זיך געגעבען דאָס הייליגע וואָרט, געשוואָ־רען זיך מיט די האַרבסטע שבועות, אַניט זאָל זי ניט דערלעבען איהרע קינדער מגדל זיין, אַז מעהר זאָל איהר פוס ניט זיין ביי רב שמחה'לען אין שטוב — בעסער געהן דיענען!

ה.

נאָר ס'איז גרינג אויסצורעדען „געהן דיענען"! רפאל דעם נאמנ'ס ווייב, אַ בעל־הבית'טע גלייך מיט אלע כתרילעווקער בעל־הבית'טעס, וועט זיך שטעלען דיענען? שטעהן ביי אַ פרעמדען

אויוועןַ? זיצען ביי אַ פרעמדען טיש? איידער אַזאַ לעבען איז שוין גלייכער שטאַרבען! און די אַלמנה האָט געבעטען אויף זיך דעם טוידט. און דאָס מאָל האָט גאָט, דער גרויסער אַלמעכטיגער גאָט, דער וואָס איז איין אבי יתומים און אַ דיין אַלמנות, דוקא דער־באַרעמט זיך אויף דער אָרעמער אַלמנה, און האָט זי ניט געלאָזט לאַנג אַרומדרעהען זיך אויף דער וועלט, איהר צוגעשיקט אַ גרינגען טוידט, אַ מין געשווילעכטס אַזעלכעס אינווענינ. געמוטשעט זיך, און גוט געמוטשעט זיך, סך הכל אַ חדשים דריטהאַלבען און אַוועק־געשטאָרבען. און גראַדע האָט זיך בעדאַרפט טרעפען אַזוי, אַז ס'איז אין כתרילעווקע אין דער צייט, אַ חוץ קליינע קינדער, קיינער נישט געשטאָרבען, האָט מען די אַלמנה בעהאַלטען ניט וויט פון איהר מאַן, כמעט אַ קבר נעבען אַ קבר — בעשערט געווען אַ גליק! און יוזעק האָט שוין פאַר איינס געזאָגט קדיש אי נאָכ'ן טאַטען, אי נאָך דער מאַמע, — און פון דעמאָלט אָן איז דאָס יוזעק געוואָרען אַזוי בעליעבט און טהייער ביי אַלע שכנים און ביי אַלע שכנות און ביי אַלע די, וואָס האָבען איהם געהערט זאָגען קדיש אין בית־המדרש, שטעהענדיג אויף אַ באַנק, קווימשען אויף זיין קינדערש קול'כעל „יתגדל ויתקדש"... איטליכער, ווער עס האָט געזעהען דאָס דאָזיגע קליינע יונגעל מיט'ן קיילעכיגען היטעלע, מיט די שוואַרצע אויגעלעך און מיט די רויטע בעקעלעך, שטעהן אויף דער באַנק אין בית־המדרש, און געהערט איהם זינגען דעם „יתגדל ויתקדש", איז געבליבען שטעהן צוגעקאַוועט, געזיפצט און פערטיעפט אין געדאַנ־קען נישט קיין ליכטיגע, אין מחשבות נישט קיין פריילינע, וואָרום איטליכער מענש קאָן חלילה שטאַרבען, איטליכער מענש האָט קליי־נע קינדער, וואָס קאָנען חס ושלום בלייבען יתומים, מע זאָל בעהיט און בעוואָהרענט ווערען! און מע רוקט־אונטער דעם קליינעם יתומ'על ווער אַ קאָפּיקע און ווער איין עפּעל, אַביסעל פאַר רחמנות און אַביסעל פאַר „צדקה תציל ממות"...

דעם אמת דאַרף מען זאָגען, אַז יוזעק איז טאַקי געווען אַ גע־ראָטען קינד מיט אַזאַ מין פּנים'על, וואָס סע בעט זיך: „האָב מיך

ליעב". און דערצו האָט ער געהאַט אַ גוט קעפּעלע און איז געווען אין דער כתרילעווקער תלמוד־תורה דאָס בעסטע יונגעל; נח דער מלמד האָט זיך ניט געקאָנט אָנלויבען פון איהם, און די גאַנצע שטאָדט האָט מיט איהם געקלונגען.

— עפּיס לויבט מען זעהר רפאל דעם נאמנ׳ס זוהנדעל.

— יוזעק׳ען? מע זאָגט, ס׳וועט עפּיס זיין גאָר איין חריפות אין דער וועלט!

— און וואו דארף זיך פארוואלגערען אזא איין אנטיקעל? צווישען אָרעמע לייט, אויפ׳ן מיסט!

— תמיד אזוי. ווער לעבט? דער אַלטער משה־אהרן, אָהן הענט און אָהן פיס. ווער שטאַרבט? רב שמחה׳לעס איידעם, אַ פרישער, אַ געזונטער, אַ טאַטע פון קינדער און אַ יונגערמאַן מיט געלט — נעמט ער און שטאַרבט אוועק!

— איהר זאָגט, רב שמחה׳לעם איידעם? למאי פּייסי דעם נגיד׳ס שנור?

— וואָס מאַכט זי?

— זי מאַכט! מע האָט שוין דריי מאָל אראָפּגעבראַכט דעם פּראָפעסאָר פון יעהופּעץ.

— אזוי? איך זאָל עס פארמאָגען וואָס סע וועט קאָסטען חאָטש האַלב, רבונו־של־עולם!

— ס׳איז אודאי אַ וועלט!

— אַ וועלט מיט וועלטעלעך!

אזוי שמועסט מען זיך דורך אין כתרילעווקע און מע קריטי־קירט די ארבייט פונים רבונו־של־עולם אויף וואָס די וועלט שטעהט: וועמען גאָט גיט יאָהרען, און וועמען ניט! וועמען גאָט גיט געלד, און וועמען קדחת! וועמען גאָט גיט געראָטענע קינדער, און ווע־מען — דער רוח ווייסט וואָס!... קיינעם קומט ניט אויף די גע־דאנקען זיך פערטראַכטען: פון וואַנען לעבען די דאָזיגע געראָטענע קינדער? וואָס עסען זיי? ווער קליידט זיי? צי פריהרען זיי ניט אוים אין די לאַנגע ווינטערנעכט אין די קאַלטע קעלערם? צי וואַכ־

סען זיי ניט אויס קיין קאליקעס, הויקערס, פּאַרטיגע אָרעמע לייט, איבעריגע אומגליקליכע נפשות אויף דער וועלט?...

אַ גליק, וואָס די שוועסטער, שרה און רבקה, האָבען זיך דער־שלאָגען צו אַ מאַשינע, און דאָס האָבען זיי צו פערדאַנקען זייערע דריי שכנה'טעס, בתיה די רופא'טע, פּעסי די שמש'טע און סאָסי די טענדלערקע, וואָס זיצען מיט זיי אונטער איין דאַך. זיי האָבען זיך צענויפגעלעגט אַלע דריי און האָבען אויסגעליהען די ערשטע עטליכע קערבלעך, און דאָס איבעריגע — אויף אויסצאָהלען, און ס'איז געוואָרען אַ מאַשינע. און וואָס איז דער חדוש? מען איז דאָך לעבעדיגע מענשען. וואָס דען זאָלען טהון צוויי מיידלעך, שוין דערוואַכסענע, מיט אַ קליין יונגעל אַ יתומ'על אויף די הענד? אַ שלאַנג, זאָגט מען, האָט אויך רחמנות אויף די קליינע שלייגגעלעך, ובפרט אַ מענש!

איין חסרון נאָר, וואָס די מאַשינע קלאַפּט אין קאָפּ אַריין אַ גאַנצען טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט, וואָרום אַרבייט איז, דאַנקען גאָט, פאַראַן, און ביידע שוועסטער נייהען אויף דער מאַשינע, מע בייט זיך מיט דער אַרבייט און מע „נעמט זיך איבער די הענט", דאָס הייסט, בשעת איין שוועסטער נייהט אויף דער מאַשינע, הייצט די אַנדערע איין דעם אויוועז, און, פאַרקעהרט, בשעת איינע שטעלט דעם וואַרעמעס, נייהט די אַנדערע אויף דער מאַשינע. און די מאַ־שינע הערט ניט אויף צו קלאַפּען, און די שכנה'טעס האַלטען זיך ביי'ם קאָפּ און הערען ניט אויף צו וואָרטשען שטילערהייד:

— נאַ דיר אַ גראַגער!...

ו.

נאָט איז אָבער אַ גוטער; ער שיקט צו די רפואה פאַר דער מכה. די רפואה איז געוועזען יוזעק. אין יעדער שטוב מאַכט זיך, אַז סאיז וויסט און פינסטער, די צייט איז שלעכט, די געשעפטען געהען ניט, ס'איז ביטער אויפ'ן האַרצען, — ווערד געבאָרען אַ קליין ווערעיקעל, און די גאַנצע שטוב בייט זיך איבער. תחילת שרייט

דאָס קיינע וועוריקעל, קוויטשעט, רייכט זיך איפּ'ן בייכעל, לאָזט ניט שלאָפען קיינעם. נאָר אָט איז דאָס וועוו·קעל אביסעל אונטערגעוואַכסען, עס הערט־אויף צו שרייען, עס עפענט־אויף די אויגעלעך און סע קוקט, ווי אַ זינדיגער מענש: — „זעהט נאָר, ווי סע קוקט מיט אויגען! אַנו, פּיצעלע! אַנו, ברעקעלע!" און דאָס וועוריקעל עפענט אויף דאָס מיילעכעל, שטעלט־אַרויס דאָס צינגעל, און סע הויבט אָן צו לאַכען, — און עס ווערד ליכטיג אַלעמען אין די אויגען: — „זעהט נאָר, זעהט, סע לאַכט, איך זאָל אַזוי זיין געזונט, סע לאַכט!"... אַ גדולה, אַ שמחה, אַ פריידּ אויף דער נשמה! די גאַנצע שטוב איז פול מיט דעם, איטליכער טראָגט זיך מיט דעם אָרום, מע פערגעסט אָן די צרות, די ביטערקייט פונ'ם לעבען ווערד פערצוקערט, ס'איז נאָר אַ חיות און געַנוג!

דאָס אייגענע איז געווען מיט אונזער יוזעק'ען. יוזעק איז געווען דאָס ליעבע וו·וריקעל, וואָס אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט און אַרומגעטראָגען זיך מיט איהם. און אַז ס'איז געקומען ערב פסח, האָט מען איהם אויסגעקליידט בגדי־מלכות, אָנגענומען אַ קאַפּאָטקעלע מיט הויזעלעך אויף שלייקעס, אויפגענייהט אַ פּאָר שטיוועלעך און געקויפט אַ ניי היטעלע, צוגעזאָגט איהם שענקען ניסלעך און בעצייטענס איהם געמאַכט אַ סקאָווערדע לאַטקעס פון מצה־מעהל, איהם קאַלי געמאַכט דעם מאָגען און שיער ניט אַריבערגעפּעקעלט איהם אויף יענער וועלט.

— ווער בעט אייך, איהר זאָלט איהם האָדעווען מיט דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט וואָס? — האָבען די שוועסטער געשריגען אויף די שכנה'טעס.

— שאַ, שאַ, קוקט זיי אָן אביסעל! מע האָט געגעבען דעם קינד אַ לאַטקע מיט שמאַלץ, וואָס סע טהוט זיך דאָ!

אַזוי האָבען די שכנה'טעס פערענטפערט זיך, און בתיה די רופא'טע האָט געטהאָן אַלסדינג, וואָס זי האָט געקאָנט, און האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס קינד. און ס'איז געקומען ערב פסח, האָט

מען יוזעק'ען מיטגעגעבען א העמד מיט דריי גראשען און אפגע־שיקט איהם אין באד אריין. און אז ער איז געקומען פון באד, האט מען איהם אנגעטהאן די נייע מלבושים'לעך, און ער האט געשיינט ווי די זון.

— א קייזערליך קינד! — האבען זיי געזאגט איינע צו דער אנ־דערער.

— קיין עין־הרע ניט, קיין בייז אויג זאל איהם ניט שאדען!

און יוזעק האט גענומען דאס סדור'על און איז געגאנגען אין שוהל אריין דאווענען, געזאגט קדיש און געקומען אהיים מיט א ברייטען גוט יום־טוב און געטראפען דעם טיש גרייט מיט מצות, מיט א פלעשעל ראזינקעס־וויין, מיט מרור, חרוסת, קארטאפלים און זאלץ־וואסער — אלסדינג איז געווען, אלץ, וואס מע בעדארף. נאר איין זאך האט געפעהלט: ס'איז נישט געווען, ווער ס'זאל אפרעכטען דעם סדר.

נישט געווען קיין מלך!

ז.

אלע דריי שכנה'טעס זענען געווען אלמנות. דאס הייסט, צוויי זענען געווען אלמנות און איינע א גרושה. קיין קינדער האבען זיי אויך ניט געהאט. דאס הייסט, זיי האבען געהאט קינדער, נאר נישט ביי זיך; אין דער פרעמד זענען זיי געווען, צעזייעט און צעשפרייט איבער דער גארער וועלט: ווער — א בעל־מלאכה, און ווער — אין א קלייט, און ווער — פערוואָרפען אינ'ם ווייטען־ווייטען אמע־ריקא. זייער מזל, אדער זייער שלים־מזל, האט צענויפגעטריבען די דאזיגע דריי ווייבער אין איין שטוב, ביי בתיה די רופא'טע, וואס זי איז געווען די בעל־הבית'טע און זי איז געווען צווישען זיי די נגידית.

געזעסען אלע דריי אונטער איין דאך, געשטאנען ביי איין אויוון, געבאקען ברויט פון איין באקדייזשע, געטעשטשינעט חלה פון

איין מולטער, האָט זיך יעדע פון זיי געהאַט איהר בעזונדערען טיש, וואָרום ס'איז שווער, אַז דריי ווייבער זאָלען קאָנען הויזען, אויסקומען צווישען זיך. אויב איהר זעהט היינטמאָדישע דאַמען לעבען פריינדליך, קושען זיך, בשעת מע קומט איינס צו דאָס אַנדערע אויף אַ זשורפיקס, זיצען אינאיינעם און קנאַקען ניסלעך,—זאָל אייך קיין חדוש ניט זיין: ס'איז נאָר דערפאַר, וואָס מע זיצט ניט אונטער איין דאַך און מע שטעהט ניט ביי איין אויווען און מע באַקט ניט פון איין באַקדייזשע און מע רעשטשינעט ניט פון איין מולטער.

צווישען די דריי הונדערט זעכציג טעג, וואָס ס'איז פאַראַן אין יאָהר, האָבען זיך אונזערע ווייבער אַ מאָל דריי הונדערט געקריעגט; נאָר איך וויים ניט, וואָס ווערד ביי אייך אָנגערופען געקריעגט? מע האָט חלילה איינס ביי דאָס אַנדערע ניט צוגענומען גאָרניט, חלילה נישט בעלעדיגט, ניט אָנגעריהרט אין כבוד, נאָר גלאַט, דריי כאַראַקטערען קאָנען זיך ניט אויסגלייכען. למשל, פעסי די שמש'טע האָט ליעב פערשאַרען דאָס גאַנצע פייער אין אויווען און פערשטעלען מיט דער זאַסלינקע. וואָס קומט איהר דערפאַר? האָט אָבער סאָסי די טענדלערקע אַ טבע צו שטעלען אַלע אין דערפריה אַ קריגעל ציקאָריע אויפ'ן פריפעטשיק. איז, דאַכט מיר, אויך ניט קיין עולה; זי וועט דאָך ניט קריכען מיט איהר קריגעל ציקאָריע צווישען די פליישיגע טעפלעך! זאָגט אָבער פעסי די שמש'טע, אַז ס'איז ניט כדאי, אַז איבער אַ קריגעל ציקאָריע זאָל כפרה ווערען די חלה אין אויווען. זאָגט סאָסי די טענדלערקע: לאָזען איהרע שונאים זיין די כפרה! זאָגט איהר פעסי די שמש'טע, אַז זי האָט, אפנים, היבשליך שונאים? זאָגט סאָסי די טענדלערקע: „ניט צו פאַרזינדיגען, איך האָב זיי גענוג, כוע זאָל זיי גערעכט זעען און זיי זאָלען שיטער אויפגעהען". זאָגט איהר פעסי די שמש'טע: „פון ווען אָן זענט איהר דאָס געוואָרען אַזוי באַרעדעוודיג?" זאָגט איהר סאָסי די טענדלערקע: „פון זינט איך האָב מיך באַזעצט אינ'ם דאָזיגען וויסטעניש". רופט זיך אָן בתיה די רופא'

טע, די בעל־הבית'טע פון דער שטוב, וואָס שטעהט בשעת מעשה ביי דער זייט, פערלעגט די פעטשיילע הינטער די אויהערען, מיט אַ קאַטשעלקע אין די הענד, און קאַטשעט אַ בלאַט לאָקשען אויף שבת: „איך וויים ניט, וואָס איז אייך דאָ אַזוי וויסט? די סך דירה־געלטען, וואָס איהר צאָהלט זיך אָן?“ זאָגט צו איהר סאָסי די טענדלערקע: „גוט איז אייך, אַז איהר זענט אַ נגידית'טע און האָט, קיין עין־הרע, אַ סך געלט!“ זאָגט צו איהר בתיה די רופא'־טע: „וואָס געהט אייך אָן, צי אַ סך, צי ניט קיין סך? ביי אייך האָב איך ניט צוגענומען גאָרניט?“ זאָגט צו איהר סאָסי די טענד־לערקע: „וואָס האָט איהר ביי מיר צו נעמען? דעם דלות? נעמט אייך איהם!“ זאָגט איהר בתיה די רופא'טע: „האַלט זיך מיט איהם געזונטערהייד!...“ רופט זיך אָפּ פעסי די שמש'טע: „פון דלות איז קיינער ניט באוואָהרענט! מע האָט שוין געזעהען פיינע בריה'ס מיט אייגענע הייזער ליגען פון דעסטוועגען גוט אין דער ערד!...“ „און באַקען בייגעל“... — העלפט איהר אונטער סאָסי די טענדלערקע. ווערד בתיה די רופא'טע אין כעס און פאַלט אָן אויף סאָסי די טענדלערקע. שטעלט זיך איין פאַר איהר פעסי די שמש'טע. ווערד אַ גערודער צווישען אַלע דריי ווייבער, אַ מיש־מאַש, אַ צענויפגיסעניש פון ווערטער, רעד און משלים: „געזע־הען אַביסעל אַ מליץ־יושר'טע!“... „געפעלט אייך אַ השגה פון אַ אידינע!“... „געפעלט אייך ניט, וועט איהר מיט מיר קיין שדוך ניט טהון“... „מע זוכט אַ שער, רופט זיך אָפּ דאָס אויבערשטע פון שטויסעל!“... „אַ משל קאַבאַק!“... „אויך מיר אַ נגידית'טע — איבער אַ קאַטשערע מיט אַ לאָפּעטע“... „לאָז זיין שטיל, פּיסקאַט־קע, וואָרום סע קאָן פליהען אַ קאַטשערע אין קאָפּ אריין“... „איך וויים ניט וועמען, איהר זענט בילכער“... „נאַ זשע דיר טאַקי!“... נאַ דיר!“... „נאַט אייך בײדע!“...

איהר מיינט, וואָס איז דאָס געווען? פעטש? חס וחלילה! — פייגען, פייגען פון צוויי צענויפגעדרעהטע פינגער, אינמיטען אַ דריטער, און גלייך אין נאָז אריין.

### ח.

האָט קיין פּאַראַיבעל ניט, וואָס איך וועל אייך זאָגען: איך האָב מורא, אַז ווען חלילה מע שפּאַנט צענויף דריי היינטמאָדישע דאַמען און מע קוועטש זיי צענויף אַלע אינאיינעם אונטער איין דאַך, ווי מע האָט צענויפגעקוועטשט אונזערע דריי ווייבער, בין איך אייך ניט ערב, וואָס דערפון וואָלט אַרויס; עס קאָן זיין, עס וואָלט ניט אַרויס גאָרניט, און עס קאָן זיין, אַז עס וואָלט געוועזען מיאוס, נאָך מיאוס'ער, ווי ביי מיינע דריי שכנה'טעס... איך מיין חלילה דערמיט קיינעם ניט בעלעדיגען; נאָר גלאַט, מע רעדט — רעדט מען...

איך קעהר מיך אום צוריק צו מיינע ווייבער. נאָך אַלע מחלוקת'ען מיט די מיאוס'ע „קאָנפליקטען", וואָס צווישען זיי פלעגט פאָרקומען, איז מען זיך קיין שונאים, חס ושלום, ניט געווען. וואָרום וואָס, אייגענטליך, האָט מען געהאַט איינס צו דאָס אַנדער־רע? חלילה אָפּגענומען פּרנסה? אָט האָט מען זיך געקריגט, און אָט האָט מען זיך איבערגעבעטען. און ווער שמועסט, אַז ס'איז געקומען פּסח, איז מען גאָר געוואָרען שלום, אחדות, נפש אחת, וואָרום אַלע דריי האָבען געבאַקען מצות אין איין טאָג, אַלע האָבען געשטעלט איין דייזשקעלע באָרשט, אַלע האָבען געהאַנדעלט איין מציאה אַ זעקעל קאַרטאָפּלים, און אַלע האָבען זיך געזעצט צום סדר ביי איין טיש, טאַקי ביי דער בעל־הבית'טע, ביי בתיה די רופא'טע, אינאיינעם מיט איהר געהויבען די שיסעל, איהר נאָכ־געזאָגט שטילערהייד וואָרט ביי וואָרט די הגדה, וואָס בתיה האָט געלייענט אויף עברי־טייטש פון אַ גראָבען סדור.

נאָר דאָס איז אָבער געווען אַמאָל, בשעת בתיה דער רופא'טעס מאַן, ישראל דער רופא, האָט נאָך געלעבט, פלעגט ער אָפּרעכטען דעם סדר. נאָכדעם, אַז ישראל דער רופא איז געשטאָרבען, האָט איינער פון די שכנה'טעס זיהן געפּראַוועט דעם סדר. איצט, אַז אַלע האָבען זיך צעפאָהרען, דער אַהער און דער אַהין, און אין דער

גאַנצער שטוב איז געבליבען איין מאַנסביל יוזעק, איז געוואָרען צווישען די ווייבער אַ רעד, אפשר וואָלט געווען אַ סברה, אַז יוזעק זאָל היינטיגס יאָהר אָפּרעכטען דעם סדר? יוזעק איז אַ יונגעל, וואָס לערענט שוין חומש, און עברי זאָגט ער ווי אַ וואַסער, — פאַר וואָס זאָל ער ניט זיין דער מאַנסביל, דער מלך?

— יוזעק, ווילסט זיין אַ מלך?

אַ מלך? פאַר וואָס ניט? ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון מלוכה?

— אַז אָך און וועה איז צו דער מלוכה, אַז יוזעק איז דער מלך!...

אַזוי האָבען געזאָגט די דריי ווייבער מיט די צוויי שוועסטער און האָבען איהם אויסגעבעט זעהר אַ שענע „היסב־בעט“, ארומגע־לעגט מיט קישענס, און יוזעק, אַז ער איז געקומען פון שוהל מיט'ן ברייטען גוט יום־טוב, האָט ער זיך געזעצט על כסא מלכותו, אין די נייע יום־טוב'דיגע בגדים־לעך, ווי איין אמת'ער מלך.

ט.

דריי זאַכען: געהניצען, לאַכען און וויינען — דאָס זענען פון די ענינים, וואָס מע נעמט זיך אָן איינער פונ'ם אַנדערען. געהני־צען, לאַכען און וויינען איז ניט ביי אונז אין די הענד.

ביי'ם סדר, וואָס מיר בעשרייבען אַצינד, סאַמע צום רעכטען שפּיץ, בשעת דער יונגסטער פון די מלכים, יוזעק דער יתום, האָט נאָך דעם ברייטען „לפיכך“ מיט'ן שענעם „הלל“ אויפגעהויבען דעם צווייטען כוס און אָנגעהויבען זאָגען דעם „הריני רוצה לקיים מצות כוס שני של ארבע כוסות“ און געוואָלט צוטראָגען דאָס גלעזעל צום מויל, האָט זיך געלאָזט הערען צווישען די ווייבער אַ יאָמער־ליך געוויין, ווי מע בעוויינט אַ טוידטען.

ווי אַזוי דאָס האָט זיך געטראָפען: ווער פון זיי האָט פריהער אָנגעהויבען וויינען, — איז שווער צו וויסען. בשעת יוזעק האָט אָפּגעמאַכט דעם קידוש און אָנגעהויבען צו זינגען דעם „עבדים היינו“, האָט איינע פון די צוויי שוועסטער זיך דערמאָנט, אַז פאַר־

איאָהרען אין דער צייט זענען זיי אויך געזעסען ביי'ם סדר; נאָר ס'איז געווען איין אַנדער סדר. דער טאַטע האָט געלעבט, און די מאַמע האָט געלעבט, און זיי, די צוויי שוועסטער, האָט מען אויפגענייהט אויף פסח נייע קליידלעך. זיך גאָרנישט געריכט, אז זיי וועלען איצטער בעדאַרפען זיצען ביי א פרעמדען טיש מיט פרעמדע ווייבער, און יוזעק וועט זיי אָפּרעכטען דעם סדר... און ביי איינער פון די צוויי שוועסטער האָט אָנגעהויבען פינטלען איין אויג, אונטערציטערען די אונטערשטע ליפּ. און אויף איהר קוקענדיג, האָט זיך ביי דער אַנדערער שוועסטער אָנגעהויבען לאָזען א טרער נאָך אַ טרער. און אויף זיי קוקענדיג, האָט זיך איינע פון די דריי שכנה'טעם דערמאָנט אויך אָן איהר אומגליק: אז נתי דער שמש, איהר מאַן הייסט דאָס, האָט געלעבט, איז איהר געווען גוט ווי די וועלט, דאָס הייסט, גוט איז איהר קיינמאָל נישט געווען, נאָר בעסער ווי איצטער אודאי, אַז זי בעדאַרף זיין אַ פיד'שמש'טע, וואָרום עוזר דער שמש, וואָס איז פריהער געווען ביי נתי דעם שמש א פיד'־שמש, איז היינט געהויבט געוואָרען, אַרויף נאָך איהר נתי'ס טוידט פון פיד'שמש אויף שמש, און זיין ווייב גנעסי איז געוואָרען אַזוי גרויס, טאַטעניו, אז מע קאָן שוין גאָר צו איהר ניט צוטרעטען!...

אזוי האָט זיך געטראַכט פעסי די שמש'טע און האָט געמאַכט בשעת מעשה אזא קרום פנים, אַז סאָסי די טענדלערקע האָט בעדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזען, זי זאָל זיך איינהאַלטען פון טרערען. סאָסי האָט זיך דערמאָנט אָן טרויעריגע זאַכען: זיעבען און זיעבעציג ווייבער, וואָס רייסען פון די הענד, לאָזען נישט פערדיענען א גראָשען, צעבאַלעווען די קונה'טעם, מאַכען פון זיי אַ תל, א תל! היינט האָט זי זיך דערמאָנט אָן איהר עלטערע טאָכטער, וואָס זי איז געשטאָרבען שוין לאַנג, נאָך קינדווייז, ראָסי האָט זי געהייסען; ווען ראָסי זאָל געווען ניט שטאַרבען, וואָלט זי שוין איצטער געווען אַ מיידעל צו לייטען, און אפשר אַ מאַמע פון קינדער. און אויך אָן איהר מאַן האָט זי זיך דערמאָנט, ווי ער איז נעבאַך אָפּגעקומען כל ימיו, געווען א פינסטערער קאַליקע, א לא־יוצלח

לשום מלאכה, א קראַנקער נעבאַך — און סאָסי די טענדלערקע, נאָכזאָגענדיג שטילערהייד בתיה דער רופא'טע די הגדה און צושאָקלענדיג זיך גלייך מיט איהר צום טאַקט, בעוואַשט זי זיך מיט טרערען. און אַפילו די פירזאָגערין אליין, בתיה די רופא'טע, הערט זיך אליין ניט צו צו די ווערטער פון דער הגדה, וואָס גיסען זיך ביי איהר אָהן איהר וויסען, דערמאָנט זיך אויך אָן איהרע אייגענע צרות, אָן איהרע קינדער, וואָס זענען אַוועק אין דעם ווייטען־ווייטען אַמעריקא. זיי שרייבען אַפילו פון דאָרטען גאַנץ גוטע בריוולעך, אַז זיי מאַכען דאָרטען א גוט לעבען; היינו, זיי אַרבייטען זעהר א סך און זענען מענשען גלייך. צו בעווייזען, ווי גוט זיי איז, האָבען זיי איהר געשיקט זייערע פּאָרטרעטען, וואָס דאָרטען רופט מען דאָס „פיקטשערס", און זאָגען איהר צו, אַז אויב די געשעפטען, אָדער, ווי מע רופט דאָס דאָרטען, די „ביזנעס", וועלען זיך אַביסעל פערבעסערען, וועלען זיי איהר צושיקען עטליכע קערבלעך, אָדער, ווי מע רופט דאָס דאָרטען, „דאָללערס", מיט א שיפסקאַרטע און וועלען זי אַריבערנעמען אַהינצו, אין דעם גרויסען גליקליכען לאַנד, וואו אַלע מאַכען א לעבען, וואו אַלע מענשען זענען גלייך, א מענש מעג דאָרטען אויסציהען זיך אין מיטען גאַס פון הונגער, וועט איהם קיינער ניט זאָגען „קרום געהסט דו"... נאָר אַזוי לאַנג קרענקען די שונאים, ווי לאַנג בתיה וועט ניט פאָהרען אַהינצו. זי האָט דאָ אויך קינדער. אַי, ס'איז זיי נעבאַך ניט גוט? — וואָס זאָל מען טהון? ס'איז א גאָטס־זאַך. אַלסדינג איז פון גאָט!

אַזוי טראַכט זיך בתיה די רופא'טע און לייענט די הגדה, ווי א וואַסער, און זי אַליין בעמערקט גאָר ניט, ווי זי וויינט און גיסט מיט טרערען. ביז ס'איז געקומען צום צווייטען כוס פון די ארבע כוסות, אַז דער יונגסטער פון די מלכים האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּטרינקען א ביסעל וויין, האָבען זיך אַלע ווייבער אַליין דערשראָקען פאַר זייער געוויין, און בתיה די רופא'טע איז אָנגעפאַלען אויף זיי מיט א געפילדער, זיך אויסגעווישט די אויגען מיט'ן פאַרטוך און אויסגעשנייצט די נאָז:

— וואָס האָט איהר זיך צעיאַחמערט פּלוצים אין מיטען דריי־נען? וואָס איז היינט, יום־כפּור? צי תשעה־באב? געזעהען אַביסעל!

ערשט דעמאָלט האָבען זיך די ווייבער בערוהיגט, ווען איינע פון זיי האָט אונטערגעטראָגען דעם מלך אַ קוואָרט וואַסער מיט אַ טאַז אויף צו וואַשען זיך, די אַנדערע האָט דערלאַנגט די הייסע פּיש פונ'ם אויווען, די דריטע האָט צוגעטראָגען דעם חריין. דער יונגסטער פון די מלכים האָט געמאַכט אַ ברכה, „על אכילת מצה“, די ווייבער האָבען געענטפערט אמן, און די סעודה האָט זיך אָנגע־הויבען שטיל, אָהן ווערטער.

# קְדֵלְתָּ וְקִדַּשְׁתָּ

## א.

(מיין צונעמעניש. — שוואכע פעהיגקייטען. — וואס וועט זיין פון מיר? —)

„איוואן פאפערילע“... קיין אנדער נאמען האב איך ניט געהאט אין דער היים צווישען א גאנצע חאליאסטרע. אפשר דערפאר, וואס איך האב ניט געוואלט לערנען? דאס אחוץ. וועלען האב איך טאקי ניט געוואלט. ווער וויל דאס לערנען? אדער אפשר דערפאר, וואס איך האב געהאט א גראבען קאפ? דאס קאן אויך זיין. קיין שטארק גוטען קאפ האב איך טאקי ניט געהאט. דאס הייסט, די תפיסה איז ביי מיר געווען — אזוי האט דער רבי געזאגט — א הארטע תפיסה. איידער איך האב תופס געווען א זאך, איז אנגעקומען שווערליך. דערפאר אבער איז דער זכרון געווען ביי מיר, ניט פאר אייך גע־דאכט, זעהר־זעהר א שוואכער! ניט געווען די זאך, וואס איך זאל געדענקען. אט האב איך אויסגעלערענט אויף אויסוועניג, און אט האב איך עס שוין פערגעסען. איך קאן מיך גאר ניט דערמאנען אן די קלעפ, מיט די פעטש, מיט די שמייץ, וואס מע האט מיר אריינגעטיילט. אומזיסט האט נעבאך מיין טאטע זיך אפגעגעסען דאס הארץ. אומזיסט זענען נעבאך געווען דער מאמע׳ס טרערען. עס האט קיין זאך מיך ניט גענומען.

— גוואלד! איוואן פאפערילע! וואס וועט זיין פון דיר?

— גוואלד! אידישע קינדער! וואס וועט זיין פון מיר?...

## ב.

(מיין טאטענ׳ס פרייד. — מזל טוב, איך בין שוין א חתן. — מיין מחותנ׳ס יחוס און מיין כלה׳ס מעלות. — איך פאהר צו מיין כלה אויף יום־טוב. —)

איך האב שוין אמאל געזעהען מיין טאטען פרייליך זיין. למשל, פורים צו דער סעודה. שמחת־תורה נאך הקפות. אויף אלער־לייא שמחות. נאר אזוי פרייליך, ווי ער איז געווען יענעם ערב

פסח, וואָס איך געה אייך דערצעהלען, — האָב איך איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. וואָס זשע איז מיט איהם געוועזען די גדולה? — איך בין אַ חתן געוואָרען. מזל־טוב! מיט מזל זאָלט איהר לעבען! זוער איז דער מחותן? — דער מחותן איז שוין איין מאָל אַ מחותן. ערשטענס, אַ מיוחס. די האָרינשטיינס פון ראַדאָמישל האָט איהר געקענט? די זוסמאַנס פון אָסטרע וויסט איהר? און די טשער־נאָבילסקים פון שפּאָלע האָט איהר אויך געהערט? איז ער ביי זיי געוועזען אַ קאָמיסיאָנער. ניט היינט, נאָר אמאָל. איידער ער האָט זיך מיט זיי צעקריעגט... היינט איז ער שוין אליין אַ סוחר. ניט קיין גרויסער, נאָר אַ סוחר. נדן גיט ער אויך. ניט קיין סך. מיין טאַטע גיט צוויי מאָל אזוי פיעל. דערפאַר אָבער גיט מען מיר אַ כלה — שוין איין מאָל אַ כלה! איך אליין קען זי נאָך ניט. איך האָב זי נאָך ניט געזעהען. נאָר די, וואָס האָבען זי געזעהען, קאָנען זיך פון איהר ניט אָפּלויבען. און געזעהען האָבען זי דער טאַטע, די מאַמע, מיינע איין עלטערע שוועסטער און איהר מאַן, מיין שוואָ־גער. זאָגט די מאַמע, אַז זי איז אַ שענע. און די שוועסטער זאָגט, אַז זי איז ניט אזאַ שענע, ווי אַ קלוגע. און מיין שוואָגער דרינגט, אַז זי איז ניט אזאַ קלוגע, ווי אַ גוטע. עס ליגט איהר די גוטסקייט אויפ'ן פּנים. זאָגט דער טאַטע, אַז וואָס זי זאָל ניט זיין, בין איך זי ניט ווערטה... ווערטה ניט ווערטה—אבי איך האָב זי. אזוי טראַכט איך מיר און קוק שוין ארוים אויפ'ן פּסח, ווי איין עהר־ליכער איד אויף משיח'ן. וואָרום איך האָב געהערט זאָגען, אַז אויף פּסח פאָהר איך מיך דורך צו מיינע מחותנים צו גאַסט.

### ג.

(אַ קאָמפּליצירטער קידוש. — אַ הבדלה אַ צוגאָב. —)

צו די מחותנים, חלילה ניט צו דער כלה. אזוי זאָגען זיי, מיינע טאַטע־מאַמע. וואָס איך דענק וועגען דעם—דאָס איז מיין עסק. און ווייל איך בין נאָך ביי זיי אין רשות, מוז איך מיך אונ־טערגעבען און אויסהערען אַלסדינג, וואָס זיי וועלען מיר זאָגען. און וואָס זאָגט אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע? זיי זאָגען, אַז איך זאָל זיך האַלטען, ווי אַ מענטש, און אַז איך זאָל זיצען, ווי אַ מענטש,

און אז איך זאָל עסען, ווי אַ מענטש, און אז איך זאָל ניט רערען קיין נארישקייטען.

— בקיצור, דו זאָלסט זיך ניט אַרויסבאַווייזען, אַז דו ביזט אַ איוואַן פּאָפּערילע...

אַט דאָס זאָגט מיר אָן דער טאַטע און פערהאַפּט זיך:

— שאַ! דעם יום־טוב'דיגען קידוש קענסט דו שוין, צי ווער—וואָס?

לאָזט זיך אויס, אַז ניין. איך קען איהם נאָך ניט. פון וואַנען זאָל איך איהם קענען? פון פאַראַיאָהרען? ווער האָט דאָס אַזאַ קאָפּ? ובפרט, אַז היינטיגער פּסח פאַלט אויס אַקוראַט שבת־צו־נאַכטס—און דאָס איז איין אומגליק! דאָ מוזט איהר קענען קידוש מיט הבדלה אינאיינעם. דער פּסח׳דיגער קידוש אַליין, מאָהלט אייך, איז אויך אַ גענוגענדיגע מכה—געה געדענקט דעם „זמן חרותנו". איז קאָרג—נאַט אייך נאָך אַ הבדלה אַ צוגאָב, מיט אַ „קדשת", און מיט אַ „הבדלת וקדשת". אַ גוט שטיקעל אַרבייט!

— נישקשה, ביזט ניט קליין אויסצולערנען, — זאָגט דער טאַטע — האָסט נאָך געזונטע דריי וואָכען צו פּסח...

### ד.

(דער רבי שטודירט מיט מיר דעם קידוש. — אַ פרייהע האַנד. — אַ הבדלת מיט אַ וקדשת. —)

פערלאָזען זיך פון דעסטוועגען אינגאַנצען אויף מיין יושר איז מיין טאַטע קיין בעלן נישט. הייסט ער מיר, איך זאָל איהם צו־שיקען דעם רבי'ן. וואָס דאַרף ער דעם רבי'ן? ער וויל איהם בעטען, ער זאָל מיט מיר איינשטודירען דעם יום־טוב'דיגען קידוש מיט דער הבדלה אינאיינעם. אָבער אַזוי—אַז איך זאָל איהם קענען, ווי אַ וואַסער. ער זאָגט אָן דעם רבי'ן מיט'ן הארבען וואָרט:

— איהר זאָלט אויף איהם קיין כבוד ניט לעגען, אויף דעם האַמולע, חאָטש ער איז מיינער אַ זוהן. פּאַסעם זאָלט איהר פון איהם שניידען! דעם קידוש זאָל ער מיר קענען!...

דער רבי האָט מעהר נישט בעדאַרפט, ווי אַ פרייהע האַנד. די גאַנצע דריי וואָכען זענען אַוועקגעגאַנגען אויפ'ן קידוש. איך

מעג מיך בעריהמען, אז איך האב דעם קידוש געקענט טאקי ווי א וואסער. אבער נאר דעם קידוש. מיט דער הבדלה איז געווען צרות! דאס הייסט, די הבדלה אליין איז אויך געגאנגען ביי מיר, ווי א מזמור. אבער נאר ביז א געוויסער סטאנציע. ביז'ן ערשטען „קדשת". און פונ'ם ערשטען „קדשת" אן און ווייטער—איז חאטש ווערד צעזעצט! דער, וואס האט אויסגעטראכט דעם קידוש, האט, אפנים, ניט געהאט וואס צו טהון. האט ער אוועקגעשטעלט א „קדשת", און טאי באלד נאכ'ן „קדשת" א „הבדלת וקדשת". וואס וואלט איהם געאהרט, עס זאל זיך שטעהן אדער קדשת, אדער הבדלת? ממה נפשך—איז קדשת, איז ניט הבדלת. איז הבדלת, איז ניט קדשת. צו וואס דרעהען א מוח? פרעגען ביי'ם רבי'ן—איז א פראסק אין דער מארדע! קיין אנדער ענטפער איז ניטא ביי איהם...

ה.

(איך פליה אכציג מייל א שעה. — צוויי הונדערט פופציג מאל הבדלת וקדשת.—)

— וואו האלטסט דו אינ'ם קידוש? — טהוט מיך דער טאטע א חאפ שוין פאר יום־טוב, איך האלט שוין ביי פאהרען. — קענסט דו איהם שוין אויסוועניג?

— ווי א וואסער!

— אנו, זאג.

און איך זאג. עס געהט ווי געשמירט. איך פליה, ווי א קור־ריער־צוג, מיט א גיכקייט פון אכציג מייל א שעה. נאר אז עס קומט צו דעם המבדיל, הויבט דער צוג זי צו געהן אביסעלע שטי־לער, איינגעהאלטענער: „בין קדושת שבת לקדושת יום טוב הבדלת, ואת יום השביעי מששת ימי המעשה קד־ש־ת. קדשת והבדלת...

— ניט קדשת והבדלת, איוואן פאפערילע, נאר הבדלת וקדשת. צוויי הונדערט און פופציג מאל זאלסט דו מיר איבער'חזר'ן „הבדלת וקדשת"!...

און איך געה ארום איבער דער שטוב, ווי א משוגע'נער, און חזר שטילערהייד: „הבדלת וקדשת, הבדלת וקדשת" -- ביז עס

הויבט מיר אָן צו הבדלת'ען און צו וקדשת'ען אין די אויגען און אין קאָפּ, און איך פאַל־צו אַ פערטומעלטער אויף דער קאַנאַפּע— עס געהט מיר אָפּ אַ מינוט צו חלש'ען...

— וואָס איז דיר? — פרעגט מיך די מאַמע.

— גאָרניט, — זאָג איך — הבדלת וקדשת, קדשת והבדלת...

— וואָס פאַר אַ „והבדלת"? — פרעגט דער טאַטע. — פון וואַנען האָט זיך גענומען צו דיר, איוואַן פּאָפּערילע, אַ „והבדלת"?

— טאָמער וואָלט דאָס שוין אַמאָל געהאַט אַיין עק? — מישט זיך אַריין די מאַמע, לעבען זאָל זי. — דו וועסט איהם אַזוי פאַר־שלאָגען דעם קאָפּ מיט דיינע קדשת'ס און והבדלת'ס, אַז דאָס קינד וועט שוין גאָרניט וויסען אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז...

לאַנג לעבען זאָל די מאַמע מיינע—זי האָט מיך אויסגעלייזט פון גלות. האָט זיך אָבער דער „והבדלת" אַריינגעדרעהט אין מיטען און האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט אויף קיין מינוט. וואָס איך זאָל ניט זאָגען און וועגען וואָס איך זאָל ניט טראַכטען, איז דער „והבדלת" מיר געשטאַנען פאַר די אויגען, געשפּרונגען מיר אין פּנים אַריין.

ו.

(איך מאַך מיר אַ סימן נאָך די פערד. — דער שורש פון „קדלת". — אַ בהלה. — מיין כלה'ס גריז קאַפּטעל. — מיר איילען זיך אין שוהל אַריין. — )

איך בין געזעסען אויפ'ן וואָגען און געפאָהרען אויף יום־טוב צו דער כלה (טאַטע־מאַמע זאָגען „צו די מחותנים") און האָב ניט ווי־לענדיג גע'חזר'ט דעם קידוש אויף אויסווענינ, און אַז ס'איז געקומען צו דער סטאַנציע „קדשת, הבדלת וקדשת", האָב איך מיר געמאַכט אַ סימן: דאָס פערד, וואָס איז געגאַנגען לינקס, איז געגאַנגען גלייך, האָט עס ביי מיר געהייסען „קדשת". און דאָס פערד, וואָס איז געגאַנגען רעכטס, האָט געוואָרפען מיט די פיס, האָט עס דער־פאַר געהייסען ביי מיר „קדלת" (פונ'ם שורש קידאַט—וואַרפען). דער סימן איז געוועען: „לינקס, רעכטס און לינקס". און אַזוי איז דאָס שוין פערבליבען ביי מיר פעסט אין מיין געדעכעניש: פּריי־הער „קדשת", דערנאָך „קדלת" און דערנאָך ווידער אַ מאָל

„קדשת"—דאָס הייסט: „קדשת וקדלת וקדשת"—אויסגעצייכענט! איך מיין, אַז ס'איז שוין ניט געווען דער כח אויף דער וועלט, וואָס זאָל עס קאָנען אַרויסרייסען פון מיין זכרון!...

און אַזוי בין איך געקומען בשלום צו מיין כלה (טאַטע־מאַמע ווילען האָבען, אַז „צו די מחותנים") דעם טאָג פון ערב פסח און ניט צייט געהאַט אַפילו רעכט אָנקוקען מיין כלה, וואָרום מע האָט זיך שוין געקלויבען געהן אין שוהל אַריין. עס איז געווען אַ בהלה, אַ חאַפעניש, איין ערב יום־טוב'דיגער הו־האַ. אינ'ם טומעל האָב איך געחאַפּט אַ קוק—דאַכט זיך, נישקשה פון אַ מיידעל. נישט קיין מיאוס'ע. פון איהר חכמה קאָן מען נאָך גאָרניט וויסען. און קיין גוטסקייט אויפ'ן פנים, ווי מיין שוואָגער זאָגט, זעהט מען אויך ניט אַרויס. אויב קליינע פּרישטשיקלעך אויפ'ן פנים איז אַ סימן פון גוטסקייט, בעדאַרף זי זיין זעהר אַ גוטע... איך מיין, אַז זי וואָלט אַ סך געווינען, ווען זי זאָל געהן די האָר פערקעמט, ניט צעלאָזט, ווי ביי איין אַלטער מכשפה. אויך וואָלט ניט געשאַדט, זי זאָל איבערבייטען דאָס גרינע זיידענע קאָפּטעל—עס פּאַסט איהר ניט קיין גרינער קאָליר. און וואָס איז דאָס ביי איהר פאַר אַ טבע, וואָס באַלד עפּיס ווערד זי רויט, ווי אַ פייער? מע דאַרף זי אָפּגעוועהנען דערפון. לאָם איך נאָר ווערען מיט איהר גוט בעקאַנט... דערווייל טרייבט מיך דער מחותן אין שוהל אַריין...

ז.

(מיין מחותן אין שוהל. — קאַלטע שלום־עליכם'ס. — דער פסח'דיגער קידוש. — סטאָפּ ביי „קדלת"...)

מיין מחותן — וואָס קאָן איך זאָגען וועגען איהם? אַ איד איז אַזוי פערטאַרעראַמט מיט'ן היי'ליגען יום־טוב,—און דאַ קומט צו איהם אַ גאַסט אַ חתן, וואָס ער פיהרט איהם אין שוהל אַריין, בעווייזען דער שטאָדט, וואָס ער האָט געהאַנדעלט. דאָס איז ניט קיין קליינינקייט! די האָר זענען איהם נאָך ניט אויסגעטריקענט פונ'ם מרחץ. הינטען דער האַלז איז נאָך רויט פונ'ם אונטערשערען זיך. די מלבושים קנאַקען יום־טוב'דיג. די נייע שטיוולעטען גלאַנצען נאָך און שמעקען מיט יוכט. אין שוהל זיצט ער אויבען־אָן. אַלע

טראָגען איהם אַקעגען דעם גוט יום־טוב און שטעקען אַפּ אַ קאַלטען שלום־עליכם דעם חתן. קאַלט איז דער שלום־עליכם דערפאַר, ווייל די פינגער זענען קאַלט, און אַ איד, אַז ער גיט אייך שלום, גיט ער אייך נאָר די שפּיץ־פינגער. אַלסדינג אין איילעניש. מע קומט אַהיים מיט אַ ברייטען גוט יום־טוב, און גלייך צום סדר. די כלה ענטפערט אויפ׳ן גוט יום־טוב און ווערד שוין ווידער רויט, אַזוי ווי אַ צייטיגער אַרבוז. די מחותנת׳טע שיינט. זי איז בעהאַנגען מיט ציערונג, ווי „גאָט׳ס מאַמע“. דער מחותן האָט אָפּגעקלונגען דעם לאַנגען קידוש, ווי אַ גלאָק, און האָט אַ וואונק געגעבען צום חתן, אַז ער זאָל מוחל זיין אויפשטעהן און אויך מאַכען קידוש, ווי דער שטייגער איז. און דער חתן שטעהט־אויף, נעמט דעם כוס און צעלאָזט זיך מיט׳ן קוריער־צוג. און הויך. און פיינטשיק. מיט׳ן ניגון. גיך־גיך. ביז ער קומט צו דער שווערער עברי. צום רעכטען זומפּ. הויבט ער אָן געהן פּאַוואָלי, האָרט ביי דער ערד:

„— — — בין קדושת שבת לקדושת יום טוב הבדלת... ואת יום השביעי מששת ימי המעשה קדשת...“ דאָ דערמאָנט ער זיך אָן די פערד, איינער הייסט „קדשת“ און געהט גלייך, דער אַנדערער וואַרפט מיט די פיס און הייסט „קדלת“.

— — — „ק־ד־ל־ת ו־ק־ד־ש־ת... ק־ד־ש־ת ו־ק־ד־ל־ת, ק־ד־ל־ת ו־ק־ד־ל־ת ו־ק־ד־ש־ת ו־ק־ד־ל־ת... — — — — — — — — — — —

## ח.

(איך פאָהר אַהיים. — אויס חתן. — „קדלת וקדשת“ האָט אַ שם. — )

דעם ערשטען טאָג חול־המועד גאַנץ פריה. די כלה איז נאָך געשלאָפען. נאָר דער מחותן איז געזעסען אין אַ זיידען חאַלאַטעל מיט אויסגעטראָטענע שטעק־שיך אויף די פיס און האָט געשוויצט און געסאָפּעט איבער אַ בריוועל, וואָס ער האָט געשריבען צו זיין מחותן. ביי דער זייט איז געזעסען די מחותנת׳טע אָנגעבלאָזען, ווי אַ אינדיטשקע. דער חתן האָט צענויפגעלעגט זיינע זאַכען אין טשעמאָדאַנטשיק, געווען גרייט אויפצוזעצען זיך און פאָהרען אַהיים.

— נאָ! — זאָגט צו איהם דער מהותן און גיט איהם אַ פּער־חתמ'עטען בריעף. — דו וועסט לאָזען גריסען דעם טאַטען און וועסט איהם איבערגעבען אָט דאָס בריוועל. פאָהר געזונט!...

זיצענדיג אויפ'ן וואָגען בין איך געווען טשיקאַווע צו וויסען, וואָס שרייבט דער מחותן צו מיין טאַטען, און וואָס האָבען זיי מיך אַזוי פריה אַרויסגע'משלח'ט?... איך עפען־אויף דעם קאָנווערט, פאַלען אַרוים די „תנאים" און אַ בריוועלע צום טאַטען. אינ'ם בריוועלע שרייבט מיין מחותן און בעט מחילה ביי מיין טאַטען, „ער זאָל קיין תרעומות ניט האָבען—דער שדוך קאָן ניט זיין קיין שדוך איבער כמה וכמה טעמים. השם יתברך זאָל איהם צושיקען זיין זווג, און זיין טאָכטער—איהר זווג... און וואָס אָנבעלאַנגט דעם נדן מיט די מתנות להחתן והכלה, וועט מען זיך אָפּבייטען, דעם חתן וועט מען אומקעהרען זיינס, דער כלה איהרס, און אַלסדינג וועט זיין אין דער בעסטער אָרדענונג, שלום ושלוה, מע וועט זיך צעגעהן, ווי גוטע פריינד. ובזכות זה וועט זיין שלום און פריעדען צו אַלע אידען, ונאמר אמן..."

אַ גליק האָטש, וואָס ער שרייבט ניט קיין זאַך וועגען דעם שענעם קידוש — לאַנג לעבען זאָל ער! לאָזט זיך אוים אַ מעשה, איך קום אַהיים, בעגעגענט מיך מיין טאַטע מיט אַ פיינע פּאָר פעטש.

— קדלת וקדשת! פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען, דו משומד איינער, אַ „קדלת" אין מיטען דרינען?...

אַזוי גאָר? פון וואַנען ווייסט ער דאָס שוין? און פאַר וואָס עפּים נאָר ער? די גאַנצע שטאָדט ווייסט שוין דערפון! און איך הייס שוין מעהר ניט „איוואַן פּאַפּערילע". איך הייס שוין אַ נייעם נאָמען. מיין נאָמען איז שוין איצטער: „קדלת וקדשת"... איצט איז דאָס ביי מיר אַ געלעכטער. וויפיעל טרערען, היטערע טרערען האָט דאָס מיך געקאָסט דענסטמאָל!...

# אינהאלט

# די פאָהן

### א.

קינדער! איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה מיט א פאָהן. ווי אזוי איך, איין אָרעמאַנ'ס א יונגעל, האָב בעקומען אויף שמחת־תורה א פאָהן, ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פערלאָרען. גאָט האָט מיך געשטראָפט, איך האָב זי אויס־געקרענקט...

אז איך בין געווען א קליין יונגעלע, אזוי ווי איהר, האָט מען מיך גערופען „ט אָ פ ע ל ע ט ו ט א ר י ט ו", דאָס הייסט: „קאָפּעלע קוקאַריקו". ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל, ערשטענס, האָב איך געהאַט א דין קוויטשיג קול'כעל, ווי א יונג האָהנעכעל, וואָס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבען צו קרעהען, און, צווייטענס, האָב איך ניט געקאָנט אויסרעדען קיין „קוף" און קיין „כף" און קיין „גימל", און ווי אויף צו־להכעיס האָט מיין טאַטע בעדאַרפט הייסען קלמן, מיין מאַמע — גיטעל קלמנ'ס, איך — קאָפּעל גיטעל קלמנ'ס, און דער רבי — גרשון גאָרגעל דרדקי פון גאלאגאניווקע.

— יונגעלע! ווי אזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּעל דיטעל טלמנ'ס...

— העכער אביסעל!

— טאָפּעל דיטעל טלמנ'ס!...

— נאָך העכער!

איך שריי הויך, אויף א קול:

— טאַ־פּעל! די־טעל! טל־מנ׳ם!

— און ביי וועמען לערענסט דו?

— ביי וועמען לערען איך? ביי דרשון דאָרדעל דרדטי פון דאַלאַדאַניוווטע!...

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט — און איך וויין.

איך וויין נישט פון דעם, וואָס מע לאַכט פון מיר, נאָר דער־פאַר, וואָס מע שלאָגט מיך. איטליכער, ווער עס האָט גאָט אין הארצען, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים. מע לעהרענט מיך, איך זאָל רעדען, „ווי אַ מענטש"...

דער רבי האָט מיר איינמאָל אריינגעזעצט אַ „שפּרייזהעלצעל" און האָט געהייסען די תלמידים, זיי זאָלען מיר שפּייען אין מויל אריין, — טאָמער וועט דאָס זיין אַ רפואה... האָט זיך אריינגעמישט רב זיאַמע דער סטאָליר, וואָס איז געזעסען מיט׳ן רבי׳ן אונטער איין דאַך.

— וואָס מוטשעט איהר אַ קינד נעבאַך אומזיסט־אומנישט? אָט לאָזט מיך אויף איין מינוט, וועט איהר זעהען, אז ביי מיר וועט ער רעדען, „ווי אַ מענטש"...

אזוי זאָגט רב זיאַמע דער סטאָליר, רופט מיך צו, נעמט מיך אַן פאַר׳ן בערדעלע און מאַכט צו מיר אזוי:

— קוק אויף מיר, יונגעלע, און זאָג מיר נאָך וואָרט ביי וואָרט: „אָץ קוצץ — בן קוצץ — קצוצי — לקצץ"...

איך קוק אויף איהם און זאָג איהם נאָך וואָרט ביי וואָרט: „אָת טוצץ — בן טוצץ — טצוצי — לטצץ"...

— נישט אזוי! — מאַכט רב זיאַמע. — דו קוק מיר גלייך אין מויל אריין און זאָג מיט מיר אינאיינעם: „יומם השמש לא יככה וירח בלילה"...

איך קוק איהם גלייך אין מויל אריין און זאָג מיט איהם אינ־איינעם: „יומם השמש לא יטטה וירח בלילה"...

— ניין, נאַרעלע, — זאָגט צו מיר רב זיאמע — דו זאָג ניט יטמטה; זאָג בעסער: יכבה! יכבה! יכבה! יכבה!

— יטמטה! יטמטה! יטמטה!...

רב זיאמע טהוט א מאך מיט דער האנד:

— ווייסט איהר, וואָס איך בין דערגאנגען? ארויסגעוואָרפען די טרחה! איהם וועט שוין קיין טאָמער אויך ניט העלפען. איין אייביגער קאַליקע!

## ב.

האָבען אויף שמחת־תורה א פאָהן, טאַקי וואָס א פאָהן הייסט. א פאָהן מיט א שטעקעל, פון אויבען איין עפּעל, אינ'ם עפּעל א ליכ־טעל — דאָס האָט ביי מיר דעמאָלט אויסגעוויזען אזא גליק, אזא גליק, וואָס איך האָב גאָר מורא געהאַט אפילו טראַכטען פון דעם. קארג גוטע זאַכען איז פארהאַן אויף דער וועלט? למאַי ס'איז פארהאַן אזעלכע יונגלעך אין חדר, וואָס פערמאָגען געלד אויף צו קויפען א מעסערעל, א בייטעלע, א שטעקעלע? למאַי ס'איז פארהאַן יונגלעך אזעלכע, וואָס עסען אלע טאָג קאָנפעקטען, קנאַ־קען ניסלעך; פון בייגעל און פון בלינעס שמועסט מען ניט! היינט איז פארהאַן אזעלכע, וואָס עסען ווייסע בולקע א י ן ד ע ר װ א ָ כ ע ן . . . אזא מזל!

אוי, קינדערלעך! איך האָב קיין ווייסע בולקע אין דער וואָ־כען קיינמאָל נישט געגעסען! איך בין געהרען געווען, אז איך האָב געהאַט שווארץ־ברויט צו זאַט, מחמת מיר זענען געווען, נישט פאר אייך געדאַכט, ביטערע אָרעמע לייט, אביונים, חאָטש אלע האָ־בען ביי אונז געהאָרעוועט: דער טאַטע, עליו השלום, איז געווען אונטער־שמש אינ'ם אונטערשטען קלייזעל פון דער קצב'ישער קלויז, די מאַמע, עליה השלום, איז געווען א בריה אויף באַקען קאָ־רענעם לעקאַך, און די שוועסטער האָבען אונטערגעאַרבייט זאָקען.

איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, איך האָב נישט געוואוסט דעם טעם, וואָס הייסט אָפּעסען אזוי, אז איך זאָל טאקי באלד ניט קאָנען עסען נאָך א מאָל.

היינט ווער שמועסט האָבען ביי זיך אין קעשענע א קאָפּיקע, איין אייגענע קאָפּיקע — דאָס האָט זיך מיר אפילו ניט גע׳חלום׳ט.

און שטעלט אייך פאָר, אז איך, קאָפּעל קוקאריקו, ווער מיט א מאָל א גביר און בעקום מיין אייגענס צוויי־און־צוואנציג קאָפּיקעס!

אפשר מיינט איהר א נס — א פריץ האָט פערלאָרען און איך האָב געפונען? האָט איהר דוקא נישט געטראָפען. אָדער טאָמער רעכענט איהר, איך האָב זיי גלאַט אזוי ערגיץ דערטאפּט, ארויס־גע׳גנב׳עט חלילה פון א פושקע? גאָט זאָל אייך היטען פון אזא מחשבה! איך האָב זיי, שוועהר איך אייך, פערדיענט, כשר פער־דיענט, פערהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פיס.

דאָס איז געווען פּורים, האָט מיך דער טאַטע געשיקט, איך זאָל צעטראָגען דעם שלח־מנות צווישען די בעלי־בתים פונ׳ם אונ־טערשטען קלייזעל פון דער קצב׳ישער קלויז. פריהער פלעגט צע־טראָגען דעם שלח־מנות איינע פון מיינע עלטערע שוועסטער, און איצט, אז איך בין שוין אביסעל אונטערגעוואכסען, האָט דער טאַ־טע געזאָגט, אז איך מעג שוין אויך זיין א שטיקעל הילף. האָב איך גענומען דאָס שעלעכעל מיט׳ן פלעדעל, ארומגעטראָגען דאָס פון שטוב צו שטוב צווישען אלע בעלי־בתים פונ׳ם אונטערשטען קלייזעל פון דער קצב׳ישער קלויז, געקנעטען מיט די באָרוויסע פיס די קאַלטע גליטשיגע בלאָטע, און פון די גראָשענס, וואָס מע האָט מיר געשענקט פאַר׳ן וועג, האָב איך געמאַכט א זילבערנעם פערציגער מיט פיער גראָשענס.

ג.

בעקומען מיט א מאָל אזא אוצר, גער איך אָרום און טראַכט, וואָס טהוט מען מיט, קיין עין־הרע, אזוי פיעל געלד?

קומען צו געהן צו מיר דער יצר־הרע מיט'ן יצר־טוב און מוטשען מיך. דער יצר־הרע זאָגט:

— וואָס וועסט דו זיך האַלטען מיט די גראָשענס, נאַר איינער? קויף דיר עפּים: קויף מאָהינדלעך, פּאַרהאַן זיסע ביי פּיראָנדימשקי'ן אויפ'ן שטעלכעל; קויף פּלעדלעך גוטע מיט האָניגפּאַרפעל, אָדער חאָטש איין עפּעל א געפּרווירענעם, וועסט דו זיך מחיה זיין.

— נאָכגעבען די קישקע? — זאָג איך. — וועל איך אויפעסען אין איין טאָג דאָס גאַנצע געלד. איך וויל ניט!

— גערעכט! — זאָגט דער יצר־טוב. — א סך גלייכער שוין פּערלייהען דער מאַמען די עטליכע קאָפּיקעס! איהר וועט דאָס צונוץ קומען.

— א חכם! — זאָג איך. — ס'זאָל זיין פּערפּאַלען? וואו וועט זי נעמען אויף אָפּצוגעבען?

— זי מוטשעט זיך נעבאָך, — זאָגט דער יצר־טוב, — און צאָהלט פאַר דיר שכר־למוד...

— וואָס געהער זיך אָן מיט דיר שכר־למוד? — זאָגט דער יצר־הרע. — קויף דיר בעסער א פּייפּעלע פון ווייסע לעהם מיט רויטע פּינטעלעך, א מעסערעל א שאַרפעס מיט צוויי קלינגלעך און מיט א מעשענעם קאַסטען, אָדער גאָר א בייטעלע מיט א גוט שלעסעל.

— וואָס וועסט דו האַלטען אינ'ם בייטעלע? — זאָגט דער יצר־טוב. — דעם דלות?

— קנעפּלעך! — זאָגט דער יצר־הרע. — וועסט אָנשטופּען א פול בייטעלע מיט קנעפּלעך, וועט מען מיינען, אז ס'איז געלד, וועלען דיר אַלע יונגלעך מקנא זיין...

— וואָס וועט דיר אַרויסקומען פון דעם? — זאָגט דער יצר־טוב. — אָט פאָלג מיך, צעטייל גאָר דאָס געלד פאַר אָרעמע לייט. טהו צדקה, וועסט דו פּערדיענען א מצוה, אָרעמע לייט נעבאָך געהען־אוים פון הונגער.

— אָרעמע לייט? — זאָגט צו מיר דער יצר־הרע. — ביזט אַליין איין אָרעמאַנ'ס אַ יונגעל. ביזט אַליין תמיד הונגעריג. איט־ליכער איז אַ ותרן אויף יענעם. פאַר וואָס האָט דיר קיינער ניט געגעבען, אַז ד ו האָסט ניט געהאַט, נישט היינט געדאַכט?...

## ד.

שיער־שיער האָט מיך דער יצר־הרע איינמאָל ניט איבערגע־רעדט.

אין חדר האָב איך געהאַט אַ חבר — יואַליק, אַ נגיד'ס אַ יונ־געל. ער פלעגט האָבען תמיד פולע קעשענים מיט גוטע זאַכען. נאָר יענעם געבען האָט ער פיינט געהאַט; מע זאָל זיך אויסציהען פאַר איהם — נישט אַ שמעק! פלוצים האָט זיך יואַליק עפּיס אָנ־געהויבען צו מיר שטאַרק צושאַרען, צושמייכלען, געוואָרען מיט מיר חבר — די נשמה!

— דו ווייסט? — מאַכט ער צו מיר. — ביזט אַ וואָהל יונגעל, ווי איך בין אַ איד. איך האָב דיך ליעב נאָר דערפאַר, וואָס דו האָסט פיינט בעטלען, אַזוי ווי אַנדערע: „געב מיר אַ שטיקעלע! געב מיר אַ פּיצעלע!" אָנקוקען קאָן איך ניט אָט די בעטלערס!... אַ שטיקעל קאָנפעקט ווילסט דו?

— אַ שטיטעל טאָנפעט? — זאָג איך. — פאַר וואָס ניט?

— נו, — זאָגט ער — און ניסלעך אַ צוויי וואָלסט דו גע־קנאַקט?

— ניסלעך? — זאָג איך — פאַר וואָס ניט? איך זאָל האָבען, וואָלט איך דעטנאַטט.

יואַליק לעגט אריין די האַנד אין קעשענע. איך מיין, אַז דאָס נעמט ער אַרויס און גיט מיר. צום סוף רופט ער זיך אָן צו מיר:

— איך וועל דיר געבען מאַרמעלאַד אַ האַלב שטיקעל און ניס־לעך דריי... אויב דו וועסט זיך מיט מיר בייטען. וועסט זיך בייטען?

— ביימען? — זאָג איך. — מיט וואָס וועלען מיר זיך ביי־טען?

— איך וועל דיר — זאָגט ער — געבען דאָס מעסערעל מיינס. דו ווייסט דאָך מיין ווייס מעסערעל? איין אמת׳דיגס, א זאוויאַ־לאָווס!

א חידוש אביסעל, אויב איך ווייס יואליק׳ס מעסערעל! וועד ווייסט ניט יואליק׳ס מעסערעל? וויפיעל מאָל האָב איך איהם דערויף מקנא געוועזן! וויפיעל מאָל האָב איך דאָס געזעהן אין חלום!...

— נו, און איך? — זאָג איך. — וואָס זאָל איך דיר גע־בען דערפאַר?

— און דו — זאָגט ער — וועסט מיר געבען דיין זילבערנעם פערציגער.

— נעם! — זאָגט צו מיר דער יצר־הרע. — נעם, ס׳איז איין אנטיק פון א מעסערעל. אלע יונגלעך וועלען דיר מקנא זיין...

איך וויל ארויסנעמען געלד; נאָר באלד פערהאַפּ איך מיך.

— א חכם א איד! — זאָג איך. — פאַר א פערציטער טאָן מען שוין טויפען א ניי מעסערעל.

— אָט אזא מעסערעל? — זאָגט יואליק. — פורים נאָכ׳ן קאָל־טען קוגעל!... שאַ, ווייסט דו גאָר וואָס? איך געב דיר צו א האלב טוץ קנעפּלעך ביינערנע.

— פאַר דעלט — זאָג איך — טאָן מען טויפען צעהנטויזענד טוץ טנעפלעך.

— נו, — זאָגט ער — און קאָנפעטען און ניסלעך איז קיין געלט ניט? איך זאָג דיר צו, אלע מאָל, ווען דו וועסט בעטען, געב איך דיר, ווי איך בין א איד. אָט האָב איך א צוויאַק איין אייזערנעם. זעהסט דו? — שענק איך דיר אוועק דעם צוויאַק אומזיסט. דו זעהסט, וואָסער א צוויאַק?

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — צוויעטעם?

— ער וועט דיר — זאָגט ער — צונויף קומען, נאַרעלע. קאָנסט איהם פאַרשלאָגען וואו דו ווילסט. קאָנסט מיט איהם אויסגראָבען אַ גריבעל.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — דראָבען דריבלעך?

— איך וועל דיך — זאָגט ער — לאָזען דאַווענען אין מיין סידור׳על.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — דאַווענען אין פרעמדע סידורים?

— איך וועל דיר געבען — זאָגט ער — אָנמעסטען מיין שבת׳־דיג קאַשקעטעל.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — מעסטען פרעמדע טאַש־טעכען?

— ווילסט דו ניט? נאַ־זשע דיר! — מאַכט יואליק און דער־לאַנגט מיר אַ בוכענצי אין זייט אריין. — געפעלט אייך אַביסעל אַ קבצנ׳יוק? איך געב איהם אַזוי פיעל זאַכען: אַ מעסערעל, און קנעפּלעך, און קאָנפעקטען, און ניסלעך, און אַ צוויאַק, און אַ סידור׳על, און אַ היטעלע אָנמעסטען — וויל ער נאָך ניט! אַ קבצנ׳ישע קישקע — וויפיעל מע לעגט אין איהר ניט אריין, איז ווינציג! ער מיינט, אַז ער האָט אַ זילבערנעם פערציגער, איז ער שוין אַ גאַנצער יאַ־טובי־דאָס! וואַרט אויס, טאַפּעלע טוטאַריטע, וועסט אַמאָל אָנקומען צו מיר, וועט דיר אויספאַלען באָקאָס!... נחמיה! נאַ, איך שענק דיר אַוועק דעם צוויאַק!...

יואליק שענקט־אַוועק דעם צוויאַק נחמיה׳ן (איין אָרעם יונגעל, וואָס הינקט אויף אַ פיסעל), און מיט מיר ווערד ער אויס חבר.

ה.

וועט איהר דאָך פרעגען: אויף וואָס פאַרט האָב איך געהאַלטען דאָס געלד?

ערשטענס, אויף ל״ג־בעומר צו דער סעודה. ל״ג־בעומר צו דער סעודה פלעגען אלע קינדער ברענגען עפּיס אין חדר אריין: ווער מזומן געלד, ווער איין עסענוואַרג, און ווער אַ נאַשעריי. נאָר איך איינער פלעג קומען מיט מיין שטענדיג אָנבייסען — אַ שטיקעל ברויט מיט קנאָבעל. עס פלעגט מיר פלאַמען דאָס פּנים; און חאָטש אין קאָהן האָט מען מיך אריינגענומען גלייך מיט אלע יונג־לעך, נאָר געפיהלט האָב איך, אז ס׳איז מ צ ד ר ח מ נ ו ת — און ס׳איז מיר ניט איינגעגאַנגען די שמחה... „אַצינד, האָב איך מיר געטראַכט, הער איך אייך אלע מיט׳ן קאָטער; איך בין, ברוך־השם, אַזאַ פּאַרשוין, וואָס איך געה מיט מזומנים. ווי באַלד אַזאַ נגיד׳ס אַ יונגעל, ווי יואליק, גיט צושטייער אַ פּערטעלע, מעג איך געבען אַ קאָפּיקע, ווארום וואָס בין איך אָקעגען איהם? אַ גאָרנישט! ווי איז אָבער דער דין, אַז איך געב אַ פּיטאַקעל, בין איך יוצא? נו, געב איך טאַקי אַ גריווינקע — און ווייסט ווער איז קאַפּעל קור־קאריקו!“...

און איך האָב אריינגעבראַקט אין דער קאראָבקע אויף ל״ג־בעומר צעהן קאָפּיקעס, דאָס איבעריגע געלאָזט אויף שפּעטער.

שפּעטער, זומער־לעבען, ס׳איז אויפגעקומען גרינוואַרג, עס האָ־בען זיך בעוויזען פרישע אויבסטען ביי פּיראָנדימשקי׳ן אין די מול־מערלעך, איז געקומען ווידער אַ מאָל דער יצר־הרע.

— זעהסט — זאָגט ער — גרינע אגרעסען? זעהסט, וואַסערע רויטע וויימפּערלעך?

— פון גרינע פּירות — זאָג איך — ווערען נאָר הייליג די צייהן.

— מאך „שהחיינו“, — זאָגט צו מיר דער יצר־טוב — שהחיינו איז אַ מצוה...

— שהחיינו — זאָג איך — וועל איך נאָך צייט האָבען צו מאַכען; דער זומער איז נאָך גרויס. עס וועט נאָך געהן אַ סדרה פון ווייַנשעל און פון פלאָמען, פון עפּעל און פון בארען, פון דיניעס

און פון קאָוועגעס... איך וועל בעסער איבערלאָזען דאָס געלד, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפען אַ פאָהן.

און ס'איז געבליבען, איך זאָל איבערלאָזען דאָס געלד, אם ירצה השם, אויף סוכות — זיך קויפען אַ פאָהן.

ו.

גאָט האָט געהאָלפען, דער סוכות איז געקומען, און איך האָב מיר געקויפט אַ פאָהן, אַ גרויסע, אַ געלע, אַ „צווייזייטענדיגע".

פון איין זייט זענען געווען אויסגעמאָהלט צוויי חיות, וואָס האָבען געהאַט אַ פּנים פון קעץ, נאָר באמת זענען זיי געווען לייבען, מיט אָפענע מיילער און מיט לאַנגע צונגען. אויף די צונגען ביי זיי זענען געווען אַרויסגעטהאָן פייפעלעך, אַפּנים, שופרות, מחמת ס'איז געשטאַנען אָנגעצייכענט מיט גרויסע אותיות: בחצוצרות וקול שופר.

אונטען, אונטער די לייבען, איז געשטאַנען אויפגעשריבען פון דער רעכטער האַנד: דגל מחנה יהודה. פון דער לינקער האַנד: דגל מחנה אפרים.

דאָס האָט איהר ערשט איין זייט פאָהן. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען נאָך שענער. דאָרט זענען געשטאַנען אויסגעמאָהלט די פּאָרטרעטען פון משה מיט אהרנ'ען, פּינקטליך, ווי לעבעדיגע. משה מיט אַ גרויסען דאַשעק אויפ'ן שטערן, און אהרן מיט אַ גאָלדענער רייף אויף דער געלער פּאַטלע. אין מיטען, צווישען משה מיט אהרנ'ען, — אַ גאַנצע האַליאַסטרע אידעלעך, געפּאַקט איינס אויף דאָס אַנדערע, מיט תורה'לעך אין די הענד. אַלע האָבען זיי איין פּנים, גלייך ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט: אַלע מיט לאַנגע אַלץ איינע קאַפּאָטקעלעך, אַלע מיט שיך און זעקלעך און אַלע מיט גאַרטעלעך, אביסעל נידעריגער פון דער דיך... די אידעלעך הויבען פיס און זינגען: שישו ושמחו בשמחת תורה.

בעקומען אַ פּאָהן, בעדאַרף מען קריגען אַ שטעקעל צו דער פּאָהן.

דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו רב זיאַמע דעם סטאָליר, טאַקי דער אייגענער רב זיאַמע, וואָס האָט אַמאָל זיך אונטערגענומען מיך אויסלעהרנען רעדען, „ווי אַ מענטש“.

— וואָס ווערסט דו עפּיס זאָגען, טאַפּעלע טוטאַריטו?

— אַ שטעטעל צו דער פּאָהן...

— וואָס הייסט — זאָגט ער — אַ שטעטעל?

— אַ שטעטעל — זאָג איך — פון אַ שטיטעל האָלץ, מע זאָל קאָנען טראָדען די פּאָהן.

רב זיאַמע טרייבט מיט מיר אזוי לאַנג קאַטאָוועס, ביז איך צעוויין מיך. דעמאָלט ווערד ער ווייך, ווארפט־אוועק אַלע ארבייט, נעמט אַ שטיקעל האָלץ, אַ שניץ אהער, אַ שניץ אהין — פאַרטיג.

אַצינד פעהלט מיר נאָר איין עפּעל מיט אַ ליכטעל, געוויינט־ליך, פון וואַכס, ניט פון חלב, וואָרום חלב, אַז וועט ארויפקאַפּען אויפ'ן עפּעל, איז פערפּאַלען דער עפּעל, מע וועט איהם נאָכדעם ניט קאָנען עסען... אָבער וואַכס מאַכט ניט אויס, וואַכס איז כשר.

נו, און וואַכס איז דאָך ביי מיר פּארהאַן מעהר ווי ביי אַלע יונגלעך. אדרבה, אַ יונגעל, אַז ער בעדאַרף אַ שטיקעל וואַכס, צו וועמען קומט ער אָן? צו מיר! וואָרום מיין טאַטע איז דאָך אונ־טער־שמש אין אונטערשטען קלייזעל פון דער קצב'ישער קלויז, איז וואָס עס בלייבט נאָך יום־כפּור פון די ליכט געהער צו איהם — דאָס איז זיין הכנסה. ער שמעלצט דערפון „שמשים“ צו די חנוכה־ליכטלעך, הבדלות און סטאַטשיקעס. און וואָס עס פאַלט־אראָפּ פון די הבדלות מיט די סטאַטשיקעס געהער צו מיר — דאָס איז מ י י ן הכנסה.

הקיצור, איך האָב אַלסדינג, וואָס מע בעדאַרף!

ז.

אריינגעזעצט די פאָהן אינ׳ם שטעקעל, אויפגעפּאַסט אויפ׳ן שפּיץ אַ רויטען עפּעל און אָנגעצונדען פון אויבען דאָס וואַכסענע ליכטעל, לאָז איך מיך שמיני־עצרת אויף דער נאַכט אין שוהל אריין, צו די הקפות, לעבעדיג־פריילעך, ווי אַ גליקליכער פּרינץ, ווי אַ בן־מלך, וואָס קיינער איז צו איהם ניט גלייך.

עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין שוין אין שוהל אויבען, אויף דער מזרח־באַנק, מיט אַלע בעלי־בתי׳שע קינדער. די ליכט ברענען. מיין פאָהן איז שענער פון אַלע פאָהנען. מיין עפּעל איז רויטער פון אַלע עפּעל. מיין ליכטעל איז גרעסער פון אַלע ליכט־לעך. אין שוהל איז איין ענגשאַפט, אַ היץ מיט סכנת־נפשות. ווייבלעך און מיידלעך אַ סך זענען געקומען קושען די תורה. אָט געהט רב מלך דער חזן מיט׳ן צעלאָזטען טלית אויף צופריהער, ווי אַ גענעראַל־פעלדמאַרשאַל. נאָך איהם — די בעלי־בתים. רב מלך ציקעלט זיך און זינגט אויף זיין בלעכענער שטימע: „ע ו ־ ז ו ר ד ־ ־ ־ ל י ם, ה ו ש י ע ה נ א !״ די ווייבלעך מיט די מיידלעך שפּרינגען אין פּנים אריין, קושען די תורות און שרייען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָהר! דערלעבט איבער אַ יאָהר!״— „גם אתם! גם אתם!״

נאָר איידער מע קומט־צו צום אונטערשטען קלייזעל פון דער קצב׳ישער קלויז, דאָרט וואו איך דאַווען, מוז מען דורכגעהן פאַר־ביי עטליכע שוהלען און בתי־מדרשים: די קאַלטע שוהל, די ליט־ווישע שוהל, דאָס שניידערשע שוהלכען, דאָס גרויסע בית־מדרש, דאָס קליינע בית־מדרש, דאָס אַלטע בית־מדרש, די ערשטע קלויז, די חסיד׳ישע קלויז, די מתנגד׳ישע קלויז, די נייע קלויז, דאָס געלע קלייזעל — ביז מע קומט צו דער קצב׳ישער קלויז, און פון דאָרטען שוין לאָזט מען זיך אַראָפּ אין אונטערשטען קלייזעל.

אַט־אָ־די אַלע שוהלען און בתי־מדרשים, וואָס איך האָב אייך דאָ אויסגערעכענט, זענען חלילה נישט צעוואָרפען דער אין ליסי, יענער אין סטריסי, ווי ביי אייך אין יעהופּעץ. ביי אונז, אין כתריי־לעווקע, איז אַ חיות. ביי אונז געפינען זיי זיך אַלע אויף איין גאַס, אויף איין שטיקעל ערד, כמעט אין איין הויף, — און דאָס ווערד אָנגערופען דער „שוהלהויף".

אונזער שוהלהויף איז אינגאַנצען כמעט איין שוהל. זומער, אַז די פענסטער זענען אָפען, און איהר געהט פאַרביי בשעת מע דאַ־ווענט, ווייסט איהר ניט וואָס איהר זאָלט טהון: צי איהר זאָלט בלייבען שטעהן און שפּרינגען קדושה, צי איהר זאָלט זיך אָנבויגען חאַפּען אַ ברכו, צי איהר זאָלט ענטפערען „אָמן יהא שמיה רבא". בשעת פון איין זייט הערט זיך אַ געזאַנג „אָז ישיר משה", שרייט עמיצער פון דער זייט: „א־ח־־־ד!" פאַלט איינער אריין פלוצים מיט אַ ניגון פון דער גמרא: „מכלל שהוא צריך לפרט ומפרט שהוא צריך לכלל". שלאָגט איהם איבער נאָך איינער מיט אַ ניגון: „יתגדל ויתקדש שמיה רבא". קומט צו געהן אַ דריטער און לאָזט־אויס גאָר מיט איין אַנדער טאָן: „הללויה! הללויה!"...

אונזער שוהלהויף האָט צוויי געשטאַלטען: אין דער וואָכען איז ער אַנדערש, שבת און יום־טוב — ווידער אַנדערש. אין דער וואָכען איז ער אַ מאַרק פון אידישע ספרים, טליתים, ציצית און מזוזות, פוילע עפּעל, קברות־באַרלעך, סעמעטשקעס און בעבלעך, מאַהינדלעך, בייגעלעך און צוקערלעקאַך. ציעגען צעלעגען זיך, ווי ביי'ם טאַטען אין וויינגאַרטען, און זענען מעלה־גרה, שאָקלען בשעת מעשה מיט די בערדלעך. קומט אָבער שבת און יום־טוב — אויס מאַרק, אויס מסחר, אויס ציעגען. אידען, זאָלען געזונד זיין, קלויבען זיך צענויף רעדלעך־ווייז, מע רעדט און מע גראַגערט. מע דערצעהלט נייעס פון דער גאַנצער וואָך, פונ'ם גאַנצען יאָהר און פון דער גאַנצער וועלט. אויך קינדער, חדר־יונגלעך, זענען דאָ. חדר־יונגלעך פון אַלע חדרים לויפען, שפּרינגען, שוועבען אהין און אהער, ווי די פיש אין וואַסער; גאָט האָט זיי געשענקט אַ מתנה—

זיי זענען פריי! מע בעטראַכט זיך איינס אויף דאָס אַנדערע די נייע קאַפּאָטקעלעך, וועמענ'ס איז לענגער, די יום־טוב'דיגע קאַש־קעטלעך, וועמענ'ס קאָפּ איז גרעסער, און מע מעסט אויף פינגער, וועמענ'ס פּאה איז קירצער. דערביי האַפּט מען, געווינטליך, ווער אַ פּליק און ווער אַ שטורך און ווער אַ קלאַפּ — ס'איז פריילעך.

נאָר פריילעכער ווי אַלע מאָל איז סוכות, שמיני־עצרת אויף דער נאַכט, פאַר די הקפות, בשעת אַלע יונגלעך פון אַלע חדרים קומען זיך צונויף אַהער מיט די פאָהנען. דאָ מושטירעוועט מען זיך אויס אויף כתות, גרויסע יונגלעך בעזונדער און קליינע יונגלעך בעזונדער. דאָ בעטראַכט מען איינס ביי'ם אַנדערען די פאָהנען, וועמענ'ס שטעקעל איז גרעסער, וועמענ'ס עפּעל איז רויטער, ווע־מענ'ס ליכטעל איז פון חלב און וועמענ'ס — פון וואַכס. דערביי פאַלען געווג ווערטלעך, חכמות און געלעכטערען. איינער טהוט־אָפּ דעם אַנדערען אַ שפּיצעל: ער פערלעשט איהם דאָס ליכטעל, אָדער ער פער'גנב'עט זיך און בייסט איהם אָפּ דעם עפּעל, בעקומט ער אין טאַטענ'ס טאַטען מיט אַ פּאַטש אויף פערבייסען — ביז מע צעגעהט זיך איטליכער אין זיין שוהל אַריין.

ח.

— מזל־טוב! טאַפּעלע טוטאַריטו האָט אַ פּאָהן! שלום עליכם, אַ גוטער איד, אַ האַלבען פּנים אָפּגעבריהט...

מיט אַזאַ ברייטען ברוך־הבא האָבען מיך חברה קונדייסים בעגעגענט, אַז איך בין געקומען אויפ'ן שוהלהויף מיט מיין פאָהן.

איך בעטראַכט אַלע פאָהנען און וואַרף אַ קוק אויף מיין פאָהן — ווער? וואָס? וועמען? ווי קומען זייערע פאָהנען צו מיין פאָהן?

ערשטענס, די פאָהן אַליין. ביי קיינעם שטעהט זי ניט אַזוי גלייך אַריינגעזעצט אין שטעקעל, אַז מע זאָל אַרויסזעהן ביידע זייטען. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ גלייך, קיילעכיג, געטאָקט שטע־קעל. ביי קיינעם איז ניטאָ אַזאַ רויטער גלאַטער עפּעל. ביי קיי־

נעם איז ניטאָ אזא שען געראָטען ליכטעל, וואָרום ווער פערמאָגט אזוי פיעל וואכס, ווי איך? ווער האָט געחאפּט אזוי פיעל פּעטש מיט סטוסאקעס, ווי איך, בשעת דער טאטע האָט מיך געחאפּט אין פּאָלעש אונטער דער באנק קלויבען די שטיקלעך וואכס פון די צעשמאָלצענע יום־כפּור'דיגע שטיקלעך ליכט?... איך מאך א פער־גלייך צווישען מיין פּאָהן און צווישען די אַלע איבעריגע פּאָהנען — און מיין הארץ ווערד פול מיט גדלות. עס מאָהלט זיך מיר אויס, אז איך וואקס און וואכס העכער און העכער, לענגער און ברייטער, די פיס טראָגען מיך. עס גלוסט זיך מיר לאכען, שרייען, קוויטשען, חאפּען א טענצעל...

— אנו, וויין נאָר! — רופט זיך אָן צו מיר יואליק דעם נגיד'ס און בלייבט שטעהן פערגאפט.

ער בעקוקט מיין פּאָהן. איך בעקוק זיין פּאָהן. „אויך מיר א פּאָהן! — טראכט איך מיר. — אויך מיר א שטעקעל! אויסגע־בויגען, גלייך ווי א קאָטשערע!“ איך זעה, אז ער איז א געקאָכ־טער, נאָר איך מאך מיך ניט וויסענדיג און קוק כלומרשט אָן א זייט.

— קאָפּעל! — מאכט ער צו מיר. — וואו האָסט דו גענומען אזא שען שטעקעלע?

— הא? — זאָג איך און דרעה מיך אויס צו איהם מיט'ן פּנים.

— וואו האָסט דו דערטאפּט — זאָגט ער נאָך א מאָל — אזא טשאקענדיג שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך צו איהם. — ווילסט זיך אפשר בייטען אויף דיין צוויאָק?...

יואליק פערשטעהט דעם שטאָך. ער טהוט א גלאַנץ מיט די אויגלעך, א סמאָרע מיט דער נאָז, לעגט־אריין די האנד אין קע־שענע און טרעט־אָפּ. איך קוק איהם נאָך און קוועל, עס קומט מיר צו א שטיק געזונד. איך זעה, ווי ער רופט־אָפּ נחמיה'ן מיט'ן קרומען פיסעל אויף א זייט און סוד'עט זיך מיט איהם און ווינקט אויף מיר מיט די אויגען. איך זעה גאַנץ גוט, נאָר איך מאך מיך ניט וויסענדיג. אין א מינוט ארום געהט־צו צו מיר נחמיה מיט'ן

קרומען פיסעל, האלט יואליק׳ס פאָהן מיט׳ן קרומען שטעקעל און רופט זיך אָן צו מיר:

— געב מיר אָנצינדען דאָס ליכטעל; מיינס האָט זיך פאַר־לאָשען.

— ס׳איז דען דיין פאָהן? — זאָג איך צו איהם און בויג איהם אָן מיין פאָהן מיט׳ן ליכטעל. — איך וויים דאָך וועמענ׳ס פאָהן דאָס איז...

און איידער איך קוק מיך ארום, טראָגט־צו נחמיה זיין אָנגע־צונדען ליכטעל צו מיין פאָהן און מאַכט בורא מאורי האש. מיין פאָהן צינדט זיך אָן, טהוט אַ פלאַקער, פּ־פּ־פּו — אוים פאָהן!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען עס פאַלט־אַראָפּ פונ׳ם הימעל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אריין, ווען אַ ווילדע חיה פאַלט־אָן אויף מיר און וויל מיך פערצוקען, אָדער ווען עס קומט מיר אַקעגען אַ מת אים האַלבע נאַכט אין ווייסע תכריכים און וויל מיך וואַרגען, — וואָלט מיין שרעק נישט בעדאַרפט זיין אַזוי גרוים, ווי בשעת איך האָב דער־זעהן מיין נאַקעטען שטעקען מיט דער אָפּגעברענטער פאָהן. עס האָט זיך אַרויסגעריסען ביי מיר פונ׳ם האַרצען אַ געשריי:

— אוי וועה, מיין פאָהן! מיין פאָהן! מיין פאָהן!...

עס האָבען זיך אַ גאָס געטהאָן טרערען פון מיינע אויגען. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרען פינסטער. דאָס שטעקעל מיט׳ן עפּעל מיט׳ן ליכטעל זענען אַרויסגעפאַלען פון מיינע הענד, און איך האָב מיך געלאָזט געהן, איך וויים אַליין ניט וואוהין. איך געה און גים און גים מיט הייסע ביטערע טרערען. איך ברעך די הענד און בעוויין מיין פאָהן, ווי מע בעוויינט אַ טוידטען. און איך קום צו געהן אַהיים איינער אַליין, אָהן אַ פאָהן, און איך פערקלויב מיך אין אַ ווינקעלע, און דאָ, אין דער פינסטער, זיץ איך, דעם

קאָפּ אראָפּ צווישען די קניהען, און וויין שטילערהייד, קיינער זאָל ניט זעהן, קיינער זאָל ניט הערען, און איך פרעג ביי גאָט אַ קשיא:

— גוואלד, גוואלד, רבונו של עולם! פאר וואָס קומט דאָס מיר? פאר וואָס און פאר ווען?!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

## דאָס לעצטע קאַפּיטעל.

איהר ווייסט, קינדער, אַלע מעשיות האָבען אַ סוף און לאָזען זיך אויס אָדער פריילידך, אָדער טרויעריג.

אידישע מעשיות לאָזען זיך אויס, צום מיינסטען, טרויעריג. פארהאַן ביי אונז אַ ווערטעל, אַז אַ איד, ובפרט איין אָרעמאַן, טאָר קיין הנאה ניט האָבען. ס'איז אַ סך וועגען דעם צו רעדען; אַז איהר וועט אונטערוואַכסען, וועט איהר געוואָהר ווערען... דערווייל בעדאַרף איך אייך זאָגען, אַז די מעשה מיט מיין פאָהן האָט זיך נאָך ניט אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס איך האָב אייך דאָ דערצעהלט. איך האָב נאָך גוט, גוט צוגעקרענקט, געלעגען אין אַ העליש פייער, געזעהן פאר זיך משונה־מאָדנע זאַכען, שלאַנגען און עקדישען מיט פייערדיגע צונגען און ווילדע חיות אינ'ם געשטאַלט פון מענשען... איך האָב געהערט משונה־מאָדנע קולות פון קעץ און פון פּיפּער־נאַטערס. איך האָב זיך געוואָרפען, געברענט פון היץ, געוועזען פאר־ביי. מע האָט נישט געהאַלטען פון מיין לעבען. אין אונטערשטען קלייזעל פון דער קצב'ישער קלויז האָט מען שוין אפילו אָפּגעזאָגט תהלים אויף. איך בין געוועזען העכער האַלב אויף יענער וועלט.

נאָר אַזוי ווי ס'איז היינט ערב יום־טוב, און יום־טוב, בפרט שמחת־תורה, בעדאַרף מען זיין פריילידך, וויל איך אויסלאָזען די מעשה מיט מיין פאָהן אויך פריילידך.

ערשטענס, זעהט איהר, אַז איך בין מיט גאָט'ס הילף ניט געשטאָרבען.

צווייטענס, זייט וויסען, אז אויפ'ן אנדערען יאָהר האָב איך געהאט א פּאָהן נאָך אַ שענערע, מיט אַ שענערען שטעקעל, מיט אַ שענערען עפּעל, און בין דוקא געווען אין שוהל גאַנץ אויבען־אָן, אויף דער מזרח־באַנק, מיט אַלע בעלי־בתישע קינדער. די ליכט האָבען געברענט. מיין פּאָהן האָט געשיינט. אידען זענען געגאַנגען מיט די הקפות. רב מלך דער חזן מיט'ן צעלאָזטען טלית איז גע־גאַנגען אויף צו־פריהער, ווי אַ גענעראַל־פעלדמאַרשאַל. ער האָט זיך געציקעלט און געזונגען אויף זיין בלעכענער שטימע: „ע ו ־ ז ר ד ־ ־ ־ ל י ם , ה ו ש י ע ה נ א !“ ווייבלעך און מיידלעך אָהן אַ שיעור האָבען געקושט די תורות, געשפּרונגען אין פּנים אריין און געשריגען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָהר! דער־לעבט איבער אַ יאָהר!“ — „גם אתם! גם אתם!“

קינדער, ג ם א ת ם !...

# חנוכה־געלד

ד

## א.

טרעפט, קינדער, וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אַלע ימים־טובים?

חנוכה.

אַכט טאָג כסדר נישט געהן אין חדר, עסען לאַטקעס מיט שמאַלץ, שפּיעלען אין דריידעל און בעקומען פון אַלע זייטען חנוכה־געלד — נו, בעדאַרף מען נאָך אַ בעסערען יום־טוב?

ווינטער. דרויסען איז קאַלט, דער פראָסט ברענט מיט סכנות, די פענסטער זענען פערקאָוועט, בעדעקט מיט שניי, צעמאָהלט אויפ'ן שענסטען אַרט, און אין שטוב איז וואַרעם — מחיה־נפשות. דאָס זילבערנע חנוכה־לעמפּעל שטעהט צוגעגרייט נאָך פון בייטאָג. דער טאַטע געהט־אום איבער דער שטוב, די הענד אַרונטער, און דאַווענט מעריב. אויסגעשטאַנען שמונה־עשרה, נעמט ער אַרויס פון טישקעסטעל אַ וועכסען ליכטעל (דעם שמש), זאָגט „עלינו" און מאַכט צו אונז, צו מיר מיט מיין יונגערען ברודער מאָטעל, אויף לשון־קודש:

— אי־אָ! שהוא נוטה שמים ויוסד הארץ... אי־נו־אָ!

איך און מיין ברודער מאָטעל פערשטעהען ניט וואָס ער מיינט, און מיר פרעגען איהם:

— וואָס? אַ שוועבעלע?

דער טאַטע בעווייזט מיט דער האַנד אַהין, אין קיך אַריין.

— אי־אַ־אַ! ועל כן נקוה לך... אי־אַ־נו!

— וואָס? אַ קאָלאָדאַטשמעסער? אַ שערעל? דאָס אויבער־שטע פונ׳ם שטויסעל?

— מט־אי־אי־אַ־נו־פע! אמי! אמי! ביום ההוא יהיה יי אחד ושמו אחד... די מאַמע! רופט־אַריין די מאַמע, לאָז זי געהן הערען בענטשען חנוכה־ליכטלעך.

איך און מיין ברודער מאָטעל לאָזען זיך לויפען ביידע, איינס איבער׳ן אַנדערען.

— מאַמע! גיכער, חנוכה־ליכטלעך!

— אוי, אַ מכה איז מיר, חנוכה־ליכטלעך! — זאָגט די מאַמע און וואַרפט־אַוועק אַלע אַרבייט אין קיך (מע האָט געקוילעט גענז, מע פּרעגעלט שמאַלץ, מע האָט גערעשטשינעט לאַטקעס) און לאָזט זיך לויפען אין שטוב אַריין, און נאָך איהר — ברײנע די קעכין, אַ שוואַרצע אידינע מיט וואָנצים, מיט אַ פעט פּנים און מיט תמיד פעטע אויסגעשמירטע הענד. די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אין אַ זייט און מאַכט אַ פרום פּנים, און ברײנע די קעכין בלייבט שטעהן ביי דער טיר, ווישט די הענד אינ׳ם קויטיגען פאַרטוך, טהוט אַ שמיר מיט דער פעטער האַנד איבער דער נאָז פון אונטען אַרויף און לאָזט־איבער אַ שוואַרצען צייכען איבער׳ן גאַנצען פּנים. מיר זענען שטאַרקער פון אייזען, איך און מיין ברודער מאָטעל, אַז מיר האַלטען זיך איין און שיסען ניט אויס קיין געלעכטער.

דער טאַטע געהט־צו מיט׳ן אָנגעצונדענעם שמש צום חנוכה־לעמפּעל, בויגט זיך אָן און מאַכט די ברכה מיט׳ן בעקאַנטען ניגון: „ברוך אתה!“ און לאָזט־אויס: „להדליק נר של חנוכה!“

די מאַמע ענטפערט מיט גרויס יראת־שמים „ברוך הוא וברוך שמו, אָמן“, און ברײנע שאָקעלט־צו מיט׳ן קאָפּ און מאַכט בשעת מעשה אַזעלכע פּיסקעס, אַז איך און מיין ברודער מאָטעל האָבען מורא אַ קוק טהון איינס אויף דאָס אַנדערע.

„הנרות הללו שאָנו מדליקין“... — זינגט דער טאַטע אונטער דער נאָז און שפּאַציערט־אַרום הין און צוריק איבער׳ן זאַל, קוקט

אויפ׳ן חנוכה־לעמפעל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָר נישט אויף צו זאָגען. מיר וואָלטען וועלען, עס זאָל שוין האָבען איין עק, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בייטעלע. מיר ווינקען זיך איבער, שטופּען־אונטער איינס דאָס אנדערע:

— מאָטעל, געה־צו, זאָג איהם חנוכה־געלט.

— וואָס עפּיס איך זאָל זאָגען חנוכה־געלט?

— אזוי, וואָרום דו ביזט קלענער, באדאַרפסט ד ו בעטען חנוכה־געלט.

— טאָמער פארקעהרט, דו ביזט עלטער, באדאַרפסט ד ו בע־טען חנוכה־געלט?

דער טאַטע הערט גאַנץ גוט, אז מיר רעדען פון חנוכה־געלד, נאָר ער מאַכט זיך, ווי ער הערט ניט. שטיל, נישט געהאַפּט, געהט ער צו צום טישקעסטעל און צעהלט געלד. עס געהט אונז איבער א קליין פרעסטעל איבער׳ן לייב, עס ציטערען די הענד, עס קלאַפּט דאָס הארץ. מיר קוקען אויף דער סטעלי, קראַצען זיך אונטער דער פּאה, מאַכען זיך כלומרשט קאַלטבלוטיג, גלייך ווי ניט אונז מיינט מען.

דער טאַטע טהוט א הוסט.

— המ... קינדער, קומט נאָר אהער.

— הא? וואָס איז?

— נאַט אייך חנוכה־געלט.

בעקומען אונזער חנוכה־געלד, לאָזען מיר זיך געהן, איך און מיין ברודער מאָטעל, פריהער פּאַוואָלי, ווי די סטאַטיקעס, און נאָכדעם — גיכער און גיכער, מיט א שפּרונג־אונטער און מיט א טענצעל. און ביז מיר קומען אין אונזער חדר׳על אריין קאָנען מיר זיך ניט איינהאַלטען, קוליען זיך איבער דריי מאָל מיט׳ן קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארויף, שפּרינגען אויף איין פוס און זינגען־אונטער:

איינגע, ביינגע,
סטופּע ציינגע,
אַרצע, באַרצע,
גאָלע שוואַרצע,
עיימעלי, ריימעלי,
ביינעלי, פּיינעלי —
האָפּ!

און פּאַר גרויס שמחה און התפּעלות געבען מיר זיך אַליין צו צוויי פּעטש אין די באַקען.

עס עפענט זיך די טיר און עס קומט־אַריין דער פּעטער בעני.

— חברה פּלעצעל, אייך קומט חנוכה־געלט!

דער פּעטער בעני לעגט־אַריין די הענד אין זשילעט־קעשענע, נעמט־אַרויס צוויי זילבערנע גילדען און גיט אונז חנוכה־געלד.

ב.

קיינער אין דער וועלט וועט ניט זאָגען, אַז דער טאַטע און דער פּעטער בעני זענען ברידער. דער טאַטע — אַ הויכער, אַ דאַרער, דער פּעטער בעני — אַ קורצער, אַ גראָבער; דער טאַטע — אַ שוואַרצער, דער פּעטע בעני — אַ געלער; דער טאַטע — אַ מרה־שחורה'דיגער, אַ שווייגער, דער פּעטער בעני — אַ פרייליכער, אַ רעדנער. טאָג מיט נאַכט, זומער און ווינטער — און דאָך אייגענע ברידער.

דער טאַטע נעמט אַ גרויסען בויגען פּאַפּיער, צעווירעט אויף קעסטעלעך, שוואַרצע און ווייסע, הייסט אַריינטראָגען פון קיך פּאַסאָלים, שוואַרצע און ווייסע — דאָס וועט זיין אַ דאָמינע.

די מאַמע איז אין קיך, פּרעגעלט שמאַלץ און באַקט לאַטקעס. איך מיט מיין ברודער מאָטעל שפּיעלען אין דריידעל: נס גדול היה שם, און דער טאַטע מיט'ן פּעטער בעני'ן זעצען זיך אוועק שפּיעלען אין דאָמינע.

— איין זאך וועל איך דיך בעטען, בעני, — בלא חרטה ובלא דרעה, דאס הייסט: א גאנג זאל זיין א גאנג! — זאגט דער טאטע.

— א גאנג איז א גאנג. — זאגט דער פעטער בעני און געהט א גאנג.

— א גאנג איז א גאנג. — זאגט דער טאטע און שלאגט־אפ דעם פעטער בעני'ס א ציגעל.

— א גאנג איז א גאנג. — זאגט דער פעטער בעני און שלאגט־אפ דעם טאטען'ס צוויי ציגלעך.

וואס ווייטער־ווייטער לאזען זיי זיך אריין אין דעם שפיעל אלץ טיעפער, קייען בשעת מעשה די בערד, טרייסלען מיט די פיס אונ־טער'ן טיש און זינגען שטילערהייד ביידע איין ליעדעל.

— אוי, וואס טהוט מען, וואס טהוט מען, וואס טהוט מען? — זינגט דער טאטע מיט א ניגון פון דער גמרא און קייעט איין עק בארד. — זאל איך געהן אהער? — וועט ער געהן אהין. וועל איך געהן אהין? — וועט ער געהן אהער. באדארף מען בעסער געהן אזא מין גאנג!

— אזא מין גאנג, אזא מין גאנג! — העלפט איהם אונטער דער פעטער בעני מיט'ן זעלבען נוסח.

— וואס זשע באדארף איך מורא האבען? — זינגט דער טאטע ווייטער. — טאמער שלאגט ער מיר אפ יענעם ציגעל? — וועל איך ביי איהם צונעמען צוויי ציגלעך. אי, וואס? טאמער מיינט ער מיר שלאגען דריי ציגלעך?

— דריי ציגלעך, דריי ציגלעך, דריי ציגלעך? — העלפט איהם אונטער דער פעטער בעני.

— אוי, ביזט דו א טפש, בעני, א טפש און א גרויסער! — זינגט דער טאטע און געהט א גאנג.

— ביזט אליין א טפש, מיין ברודער, און נאך א גרעסערער! — זינגט דער פעטער בעני און געהט א גאנג און פערחאפט זיך באלד צוריק.

— פע, בעני, מיר האָבען דאָך גערעדט, אַ גאַנג איז אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע שוין אָהן אַ ניגון און חאַפּט דעם פעטער בעני פאַר דער האַנד.

— אַ גוטער משל! — זאָגט דער פעטער בעני. — כל זמן איך האַלט אין מיטען אַ גאַנג מעג איך מיר געהן וואוהין איך וויל.

— ניין! — זאָגט דער טאַטע. — אַ גאַנג איז פאַרפאַלען! מיר האָבען דאָך עפּים געשמועסט, בעני, בלא חרטה, בעני, בלא דרעה!

— חרטה? — זאָגט דער פעטער בעני. — וויפיעל מאָל מאַכט זיך, אַז דו האָסט חרטה?

— איך? — זאָגט דער טאַטע. — ע, בעני, דערפאַר האָב איך דאָך פיינט מיט דיר צו שפּיעלען אין דאָמינע!

— ווער זשע נויט דיך, זאָלסט מיט מיר שפּיעלען?

— שוין? מע קריעגט זיך שוין איבער אַ פּאַסאָלקילע? — רופט זיך אָן די מאַמע און קומט־אָן פון קיך מיט אַ פערפלאַמט פּנים, און נאָך איהר — בריינע מיט אַ גרויסען פאַלומעסיק מיט הייסע לאַטקעס מיט שמאַלץ. פון די לאַטקעס זעצט אַ פּאַרע. אַלע לאָזען זיך צום טיש. איך און מיין ברודער מאָטעל, וואָס האָבען זיך פריהער אַביסעל געקריעגט, געריסען ווי די קעץ, בעטען זיך גיך איבער, ווערען שלום און זעצען זיך צו די לאַטקעס מיט גרויס כונה.

ג.

ביינאַכט אויפ'ן געלעגער ליג איך און טראַכט: וויפיעל קאָן זיך, אַשטייגער, ביי מיר צענויפקלויבען, אַז אַלע פעטערס מיט אַלע מוהמעס מיט אַלע קרובים וועלען מיר געבען חנוכה־געלד? ראשית חכמה, דער פעטער משה־אהרן, דער מאַמע'ס ברודער, אַפילו זעהר אַ קאַרגער, נאָר אַ נגיד. נאָכדעם דער פעטער איצי און די מוהמע דבורה, וואָס דער טאַטע און די מאַמע זענען מיט זיי ברוגז שוין פון כמה וכמה יאָהרען. היינט דער פעטער ביניש און די מוהמע

יענטע? היינט וואו איז אונזער שוועסטער איידעל? און איהר מאַן שלום־זיידעל? און אַלע איבעריגע קרובים?

— מאַטעל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— וויפיעל, מיינסט דו, וועט אונז געבען דער פעטער משה־אהרן חנוכה־געלט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך בין דען אַ נביא?

אין אַ מינוט אַרום:

— מאַטעל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— עמיצער האָט אַזוי פיעל פעטערס מיט אַזוי פיעל מוהמעס, ווי מיר?

— אָדער יאָ, אָדער ניין.

אין צוויי מינוט אַרום:

— מאַטעל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— ווי באַלד דו שלאָפסט, היינט ווי אַזוי רעדסט דו מיט מיר?

— דו פרעגסט דאָך מיך, מוז איך דיר ענטפערען.

אין דריי מינוט אַרום:

— מאַטעל, דו שלאָפסט?

— טססס — טררר — חילחילחיל — טססס...

מאַטעל חראָפּעט, חאַרחעלט, פייפט מיט דער נאָז, און איך זעץ מיך אויף אויף מיין בעטעל, נעם־אַרוים מיין קערבעל, גלעט דאָס, בעטראַכט דאָס.

„דאַכט זיך, וואָס? — טראַכט איך מיר. — אַ שטיקעל פּאַפּיער, און וואָס קאָן מען דערפאַר ניט קויפען? צאַצקעס, מעסער־לעך, שטעקעלעך, בייטעלעך, ניס און קאָנפעקטען, און ראָזינקעס, און באָקסערען, און וואָס ניט?"

איך בעהאַלט דאָס קערבעל צוקאָפּענס אונטער'ן קישען און לייען־אָפּ קריאת־שמע, קומט־אריין ברייניע פון קיך מיט אַ פולען

פּאַלומעסיק מיט קערבלעך... ברײנע געהט נים, נאָר זי שוועבט אין דער לופטען, זינגט „הנרות הללו שאָנו מדליקין", און מאָטעל שלינגט קערבלעך, ווי די האַלישקעס. „מאָטעל! — שריי איך מיט אַלע כחות. — גאָט איז מיט דיר, מאָטעל, וואָס טהוסט דו? קערבלעך???"...

איך האַפּ זיך אויף און שפּײ־אויס דריי מאָל: „טפו־טפו־טפו — אַ חלום!"

און ווער אַנשלאָפען.

## ה.

אויף מאָרגען אין דער פריה, אָפּגעדאַווענט און איבערגעביסען, טהוט אונז אָן די מאַמע אין קעצענע טולופּלעך, וויקעלט אונז איין אין גרויסע ווארעמע שאַלען, און מיר לאָזען זיך געהן נאָך חנוכה־געלד, פריהער פון אַלעמען, געוועהנליך, צום פעטער משה־אהרן.

דער פעטער משה־אהרן איז אַ איד נישט קיין געזונדער, האָט צו טהון שטענדיג מיט'ן מאָגען; ווען מע קומט, טרעפט מען איהם נעבען האַנדפאַס ווישען זיך די הענד און זאָגען „אשר יצר".

— אַ גוט מאָרגען, פעטער משה־אהרן! — שיסען מיר אויס ביידע מיט אַ מאָל, איך און מיין ברודער מאָטעל, און עס קומט אַקעגען די מוהמע פּעסיל, אַ אידינע אַ קליינינקשקע, איין אויג אַ שוואַרץ, דאָס אַנדערע אַ ווייס, דאָס הייסט, איין ברעם אַ שוואַר־צע, די אַנדערע אַ ווייסע. די מוהמע פּעסיל טהוט אונז אויס די טולופּלעך, וויקעלט אונז אויס פון די שאַלען און שנייצט אונז אויס די נעזער אין איהר פאַרטוך.

— שנייצט־אויס! — זאָגט די מוהמע פּעסיל. — גוט, גוט שנייצט־אויס! זשאַלעוועט נים! נאָך! נאָך! אָט אַזוי!...

און דער פעטער משה־אהרן, אין איין אַלט קעצען חאַלאַטעל, מיט אַ וואַטאָווער יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ, מיט וואַטען אין די אויהערען און מיט אויסגעקראָכענע וואָנצים, שטעהט ביי'ם האַנד־

פּאַס, ווישט זיך די הענד, קנײטשט מיט׳ן פּנים, פּינטעלט מיט די אויגען און קוועטשט: „נקבים, נק־בים! חלולים, חלו־לים!"

איך און מײַן ברודער מאָטעל זיצען אין געהאַקטע וואונדען. עס פאַלט אויף אונז אָן אַ פּחד, אַ קעלט, אַלע מאָל, ווען מיר קומען אַהער. די מוהמע פּעסיל זעצט זיך אַוועק אַקעגען אונז, לעגט־צענויף די הענד אויפ׳ן האַרצען און נעמט אונז צום עקזאַמען:

— ס׳מאַכט דער טאַטע?

— גאָרניט.

— ס׳מאַכט די מאַמע?

— גאָרניט.

— געקוילעט גענז?

— געקוילעט.

— געפּרעגעלט שמאַלץ?

— געפּרעגעלט.

— געבאַקען לאַטקעס?

— געבאַקען.

— דער פּעטער בעני געווען?

— געווען.

— געשפּיעלט אין דאָמינעס?

— געשפּיעלט.

און אַזוי ווײַטער.

די מוהמע פּעסיל שנײַצט אונז אויס די נעזער נאָך אַ מאָל און רופט זיך אָן צום פּעטער משה־אהרן:

— משה־אהרן, מע באַדאַרף זיי עפּיס געבען חנוכה־געלט.

דער פּעטער משה־אהרן הערט ניט; ער ווישט זיך די הענד און לאָזט־אויס מיט אַ קוועטש: „ומפליא ל־ע־שות!"

די מוהמע פּעסיל פילט זיך ניט דערמאָנען איהם נאָך אַ מאָל:

— משה־אהרן, די קינדער חנוכה־געלט!

— האַ? וואָס? — מאַכט דער פּעטער משה־אהרן און לעגט־איבער די וואַטען פון איין אויהער אינ׳ם אַנדערען.

— די קינדער חנוכה־געלט!! — שרייט־אויס די מוהמע פעסיל איהם גלייך אין אויהער אריין.

— אוי, דער באאוך! דער באאוך! — מאכט דער פעטער משה־אהרן (ער רעדט אביסעל „בראדיש") און חאפט זיך מיט ביידע הענד ביי'ם בויך. — חנוכה־געלט ווילט איהר? וואס דארפען קינדער געלט? וואס וועט איהר טהון מיט'ן געלט? הא? אויסגעבען, צעטרענצלען, הא? וויפיעל האט אייך געגעבען דער טאטע אייערער חנוכה־געלט? הא?

— מיר א קערבעל, — זאג איך — און איהם א האלבס.

— א קערבעל?!! המ... מע באלעוועט קינדער, מע מאכט פון זיי א תל! וואס וועסט דו טהון מיט'ן קערבעל? — הא? צעבייטען? הא? זאלסט דאס ניט צעבייטען! דו הערסט, וואס איך זאג דיר? זאלסט דאס ניט צעבייטען! צי אפשר ווילסט דו דאס צעבייטען, הא?

— ניט צעבייטען, יא צעבייטען — וואס געהט דאס דיך אן? — מישט זיך אריין די מוהמע פעסיל. — געב זיי אפ זייערס און לאזען זיי געהן געזונטערהייד.

דער פעטער משה־אהרן געהט־אוועק צו זיך אין חדר, שארעוועט מיט די שקראבעס, זוכט אין אלע טישקעסטלעך מיט אלע שופלעדלעך, קראצט־אויס פון דארטען עטליכע מטבעות און רעדט צו זיך אליין:

— המ... מע פיהרט־איבער קינדער, מע מאכט פון זיי א תל, א תל־עולם!

און ער רוקט אונז אריין אין האנד אריין עטליכע הארטע מטבעות. די מוהמע פעסיל שנייצט אונז אויס די נעזער נאך א מאל (דאס לעצטע מאל), טהוט אונז אן די טולופלעך, וויקעלט אונז איין אין די גרויסע ווארעמע שאלען, און מיר געהען ווייטער.

מיר לויפען איבער'ן ווייסען, געפרוירענעם סקריפענדיגען שניי און צעהלען די הארטע מטבעות, וואס דער פעטער משה־אהרן האט אונז אריינגערוקט, און מיר קאנען זיי ניט איבערצעהלען. די הענד

זענען אונז געפרווירען, רויט, אַנגעדראָלען; די מטבעות זענען קור־פּערנע, גרויסע שווערע מטבעות, עפּיס זעכסערס פּאַרצייטיגע, דרייערס מאָדנע אָפּגעריבענע, גראָשענס אַלטפּרענקישע, געשוואָלענע, פּערגרינטע — ס'איז שווער, אונמעגליך אויסצורעכענען אין דרויסען אויפ'ן פראָסט וויפיעל דער פעטער משה־אהרן האָט אונז געגעבען חנוכה־געלד!...

**ה.**

אונזער צווייטע סטאַנציע אויף נעמען חנוכה־געלד איז **דער** פעטער איצי מיט דער מוהמע דבורה, די וואָס דער טאַטע מיט דער מאַמע זענען מיט זיי ברוגז שוין פון כמה וכמה יאָהרען. פאַר וואָס זיי זענען ברוגז — דאָס ווייסען מיר ניט. מיר ווייסען נאָר, אַז דער טאַטע און דער פעטער איצי (לייבליכע ברידער) רעדען ניט צווישען זיך קיינמאָל נישט, חאָטש זיי דאַוונען ביידע אין איין שוהל און זיצען ביידע אויף איין באַנק, אַ שטאָדט נעבען אַ שטאָדט, אַ סטענדער מיט אַ סטענדער. און אַז עס קומט יום־טוב צו אויס־נעמעניש (הוצאת התורה) און עס האַלט ביי פערקויפען עליות, דינגען זיי זיך, ווילען דוקא ביידע איין עליה, שמייסען איינס דאָס אַנדערע און שמייסען אַריין אין טאָג אריין. אין שוהל איז דע־מאָלט אַ יריד; אַלע רעדען, ריהרען זיך, שושקען זיך, לאַכען און העלפען־אונטער דינגען זיך; איטליכער איז נייגיעריג צו וויסען, פאַר וועמען וועט בלייבען דער „שישי“, אָדער דער „מפטיר“. אַז עס געהט־אריין אין נצחון, דעמאָלט ווילען אַלע, מע זאָל זיך דינגען ביז'ן ביין אריין. דער שוהל־שמש, מעכטשי פּאַנפּאַטש מיט די רויטע קאָלטענעס, שטעהט אויף דער בימה, העכער האַלב אַריבער־געבויגען, דער טלית איז איהם אראָפּגעפאַלען, די יאַרמעלקע — פון יענער זייט; ער קוקט אין מזרח־זייט, אויפ'ן טאַטען און אויפ'ן פעטער איצי'ן, און זינגט אויף זיין פּאַנפּעוואַטער שטימע:

— אַכטצעהן גילדוין אום שישי! צוואַנציג גיל**דוין** **אום שישי!** צוויי און צוואַנציג גילדוין אום שישי!

דער טאַטע און דער פעטער איצי זיצען, דער אַהער, דער אַהין,ביידע פערטיעפט כלומרשט איטליכער אין זיין חומש; נאָר וויפיעל איינער גיט, גיט דער אַנדערער מעהר. דער עולם קוועלט, העלפט־אונטער: דרייסיג, דרייסיג! פינף און דרייסיג! זיעבען און דרייסיג! פערציג, פערציג!

מעכטשי פאַנפאַטש קוקט פון איינעם אויפ'ן אַנדערען:

— פערציג גילדוין אום שישי! צוויי און פערציג גילדוין אום שישי! פינף און פערציג גילדוין אום שישי!

דער טאַטע און דער פעטער איצי הערען נישט אויף צו שמייסען זיך; מע האָט שוין אַריינגעשמיסען ביז פופציג גילדוין. מעכטשי הויבט־אויף די האַנד און וויל שוין צו־פּאַטשען פאַר'ן טאַטע'ן:

— פופציג גילדוי־־־ן...

איז זיך מיישב דער פעטער איצי און הויבט־אויף אַ פינגער, און דער גאַנצער עולם העלפט־אונטער: איין און פופציג! איין און פופציג! — און מע שמייסט ווייטער. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע שמייסט־אַריין אין עטליכע און זעכציג גילדוין (אַזאַ מעשה איז נאָך ניט געהערט געוואָרען!), און „שישי“ בלייבט פאַר'ן פעטער איצי'ן. קומט צו „מפטיר“, טהוט דער טאַטע אַ קוק אויפ'ן שמש און אַ מאַך מיט דער האַנד, ווי איינער רעדט: „מפטיר — דאָס געהער צו מיר!“... ביי מעכטשי'ן האָט איהר דאָס גע'פּועל'ט; איז אָבער אַ סברה, אַז דער עולם איז ניט מסכים: דינגען זיך — דאָס מוז מען, דערויף איז דאָס יום־טוב, נישטאָ קיין מאָנאָפּאָל, קיין חזקה אויף מפטיר!

— צעהן גילדוין אום מפטיר! פופצעהן גילדוין אום מפטיר! צוואַנציג גילדוין אום מפטיר! פופציג גילדוין אום מפטיר!

אַ גוטער שפּרונג! דער טאַטע דרעהט־אויס דעם קאָפּ: ווער קריכט דאָס אויף זיין מפטיר? און שטעלט אַייך פאָר, אַז דאָס שמייסט ווידער דער פעטער איצי; ער האָט חשק צו קויפען דעם

מפטיר פאַר זיין יונגערען איידעם. נאָר אי „שישי“, אי „מפטיר“— אַזאַ! מיט צוויי בייטשען שמייסט מען ניט!... דער טאַטע הויבט זיך אויף, טהוט אַ וואונק צום שמש.

— הונדערט.

דאָס וואָרט „הונדערט“ לויפט־דורך איבער דער שוהל, ווי אַ בליץ מיט אַ דונער. דער גאַנצער עולם איז איבערראַשט, אויסער זיך. אַזוי ווייט אַריינצושמייסען מפטיר — דאָס האָט מען נאָך ניט געהערט זינט די שוהל איז אַ שוהל.

און מעכטשי פּאַנפּאַטש טהוט זיך זיינס, גלייך ווי געוויינטליך:

— הונדערט גילדוין אום מפטיר! הונדערט גילדוין אום מפטיר! הונדערט גילדוי־־־ן... (ער וויל צופּאַטשען).

דער פעטער איצי הויבט זיך אויף. דער טאַטע טהוט אויף איהם אַ מאָדנעם קוק, ווי איינער רעדט: „משוגע, צי חסר־דעה? ווילסט קוילען? קוילע!“...

דער פעטער איצי זעצט זיך אַנידער, און דער מפטיר בלייבט פאַר אונז...

פון דעסטוועגען, איינס צום אַנדערען געהער זיך ניט אָן. אַז עס קומט אַ שמחה, ביי אונז אָדער ביי׳ם פעטער איצי׳ן, אַ מזל־טוב, אַ בן־זכר, אַ ברית, אַ פדיון־הבן, אַ בר־מצוה, אַ קנס־מאָל, אַ פאָרשפּיעל, אַיין אויפרופענס, אַ חתונה אָדער אַ גט, קומט מען איינס צום אַנדערען, מע בעזעצט זיך אויבען־אָן, מע שענקט „דרשה־געשאַנק“, „מי־שברך־געלד“ און מע טאַנצט מיט אַלע מחותנים אין קאָהן.

— אַ גוט מאָרגען אייך, פעטער איצי! אַ גוט מאָרגען אייך, מוהמע דבורה! — שיסען מיר אוים ביידע מיט אַ מאָל, איך און מיין ברודער מאָטעל, און מע נעמט אונז אויף פאַר זעהר אָנגע־לעגטע געסט.

— איהר מיינט דאָך ניט די הגדה, איהר מיינט די פאַלירטשי־קעס... — מאַכט צו אונז דער פעטער איצי, קנייפּט אונז אין די בעקלעך, עפענט־אויף דאָס בייטעלע און גיט אונז חנוכה־געלד, מיר

א ווייסען זילבערנעם צוואַנציגער און מיין ברודער מאָטל'ען א ווייסען זילבערנעם צוואַנציגער, און מיר געהען־אַוועק פון דאָרטען צום פעטער ביניש.

ו.

אויב איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען דעם גיהנם — אָט דאָס איז דעם פעטער ביניש'עס שטוב. ווען איהר זאָלט ניט קומען אהין, טרעפט איהר אַ ליאַרעם, אַ געשריי, אַ געפּילדער. ס'איז דאָרט אַ פולע שטוב מיט קינדער — האַלב־נאַקעטע, פערשמירטע, פערמורזעטע, נישט קיין געצוואָגענע, תמיד צעשלאָגענע, שטענדיג צעדראַפּעטע, אָפּטמאָל צעבלוטיגטע, מיט סימנים אונטער די אויגען. דער וויינט און דער לאַכט, דער זינגט און דער קוויטשעט, דער הוקעט און דער פייפט, דער האָט אָנגעטהאָן דעם טאַטענ'ס קאַפּאָטע מיט פערקאַטשעטע אַרבעל און דער פאָהרט רייטענדיג אויף אַ בעזעם, דער טרינקט מילך פון אַ קריגעל, דער קנאַקט ניסלעך, דער טראָגט זיך אַרום מיט אַ קעפּעל פון אַ הערינג און דער סמאָצקעט אַ קאָנפעקטעל, און פונ'ם נעזעל רינען ביי איהם צוויי קליינע ריטשקעלעך גלייך אין מויל אַריין. די מוהמע יענטע איז שטאַרקער פון אייזען, אַז זי האַלט־אויס פון דער דאָזיגער „קאָמאַנדע". זי שעלט זיי, זי קנייפּט זיי, רייסט זיי אוים שטיקער פלייש. זי קלויבט נישט איבער: ווער עס חאַפּט זיך אונטער דער האַנד, דער בעקומט אַ זעץ, אַ טראַסק, אַ בוכענצי אין זייט אַריין. אַ פאַטש איז דאָרט אַ וואָכעדיגער גאַנג. „וואַרגען זאָלסט דו זיך! די כפּרה זאָלסט דו זיין! פאַרחאַפּט זאָלסט דו ווערען!" — דאָס איז פון די קליינע קללות; דאָרט קאָנט איהר הערען „קדחת", און „חלירע", און אַ „מיתה־משונה" — און דוקא אין גוטען מוטה, פונקט ווי איהר זאָגט אַ גוט־שבת. שטיל ווערד נאָר, בשעת דער פעטער ביניש קומט צו געהן. נאָר מחמת דער פעטער ביניש איז אַ פערנומענער מענש, זיצט אַ גאַנצען טאָג אין קלייט און קומט אהיים נאָר אויף

אַ מינוט „אָפּעסען", דערפֿאַר איז ביי זיי אין שטוב דער אמת'ער גיהנם.

אַריינגעקומען, האָבען מיר געטראָפען עזריאל'קען (דעם מיטעלסטען) פֿאָהרען רייטענדיג אויף געצי'ן (אויפ'ן עלטערען), און פרויקע מיט מענדל'ען (צוויי נאָך קלענערע) האָבען אונטערגעשמיסען געצי'ן, איינער מיט איין אַרבעל פֿון אַ וואַטאָווען לייבעל און דער אַנדערער מיט אַ טאָוועל פֿון אַ סידור, אַ חומש, אָדער אַ ספר. חיימ'על (אַ מיטעלסטער צווישען פרויקע'ן און מענדל'ען) האָט דערטאַפּט אַ גערגעלע פֿון אַ געקוילעטער גאַנז, האָט דאָס אָנגעבלאָזען מיט אַלע זיינע לעצטע כחות, ער איז אַזש געוואָרען ברוין און בלוי, און ס'איז איהם געראָטען אַרויסבעקומען פֿון דעם אַ מין משונה קול, ווי פֿון, להבדיל, אַ חזיר, בשעת מע שטעכט איהם און ער קוויטשעט... זיינווילע (איך וויים ניט, צי איין עלטערער, צי אַ קלענערער) האָט אָפּגעגעבען קאָנצערט אויף אַ קעמעל, און דוד'על (אַ קליינער פֿון אַ יאָהר פֿיער) האָט אָנגעטהאָן די שטיוועלעך אויף די הענד און האָט צוגעקלאָפּט מיט זיי צום טאַקט. סענדער'על האָט געטראָגען אַ קעצעל אין האַנד, פֿאַר'ן גערגעלע; דאָס קעצעל האָט אַרויסגעשטעלט דאָס צינגעלע, פֿערמאַכט די אויגלעך, אויסגעצויגען די פֿיסלעך, ווי איינער רעדט: „אָט אַזוי, ווי איהר זעהט, ווערד מען דאָ פֿאַרשוואַרצט! מע מוטשעט! מע מוטשעט!"... אסתר'על (דאָס עלטערע מיידעל) האָט געוואָלט אויסקעמען חאַסקי'ן (דאָס קלענערע מיידעל), איהר פֿערפֿלעכטען אַ צעפּעל; נאָר מחמת חאַסקי'ס האָר זענען זעהר געגרייזעלט און שוין לאַנג נישט געקעמט, לאָזט זי זיך ניט, וויינט זי און חאַפּט פּעטש. שטילער פֿון אַלע איז פֿינילע, אַ קליין יונגעלע מיט קרומע אויסגעבויגענע פֿיסעלעך און מיט איין אונטערגעשטעקט העמדעלע. איין חסרון נאָר, וואָס וואו ער שטעלט זיך אַנידער, דאָרט לאָזט ער אַ סימן... דאָס אַלסדינג שטעהרט אָבער ניט דער מוהמע יענטע'ן, זי זאָל זיך זיצען גאַנץ רוהיג ביי'ם טיש מיט צוויי נפשות, איינס ביי דער ברוסט און דאָס אַנדערע אויפ'ן שויס, און טרינקען ציקאָריע.

— מיר זאָל זיין פאַר זיינעביינדעלעך! — זאָגט זי און טור־ליעט־צו מיט גרויס ליעבשאַפט דאָס זויגענדיגע נפש'על צום האַרצען און דערלאַנגט בשעת מעשה טאַקי אַ שטורך דעם עלטערען, וואָס אויפ'ן שוים: — זעה נאָר, ווי דו עסט, עסען זאָלען דיך די ווערים! אסתר'על, רחצי, האַסקי, וואו זענט איהר ערגיץ אין אַלדי שוואַרצע יאָהר? נעם וויש איהם אָפּ דאָס נעזעל גיכער, וואַש מיר אויס אַ שאַל, איך דאַרף טרינקען אָהן אַ שאָל! דערלאַנג איהם אַ סטור־סאַק, ער זאָל זיך דריי מאָל איבערקעהרען! האַרץ מיינס, נשמה מיינע, טרייסט מיינער! דאָס מויל מאַכט זיך זיי גאָר ניט צו! אַ גאַנץ פריהמאָרגען נאָר מע עסט, פאַרהאַפּט זאָלט איהר ווערען!

דערזעהען מיך מיט מיין ברודער מאָטל'ען, האָבען זיך חברה אַ לאָז געטהאָן אַקעגען און מע איז אונז בעפאַלען, ווי די היישע־ריקען. דער אויף די הענד, דער — אויף די פיס, דער — אויפ'ן קאָפּ. חיים'על האָט אָנגעבלאָזען דאָס גערגעלע פון דער געקוילע־טער גאַנז גלייך מיר אין אויהער אריין, און דוד'על האָט מיך אַרומ־געהאַפּט מיט ביידע שטיוועלעך. פּינילע מיט'ן אונטערגעשטעקטען העמדעל האָט זיך אָנגעטשעפּעט מיר אין אַ פּוס, אַרומגערינגעלט איהם, ווי אַ שלענגעל, און אַ מיש־מאַש פון פערשיעדענע קולות האָט אונז געריזנצעלט, פערטורקעט די אויהערען.

— אויף די צייהנדעלעך זאָלט איהר שרייען! — שרייט די מוהמע יענטע פונ'ם אַנדערען חדר. — טויב קאָן מען ווערען, פאַר־לעגען זאָל דאָס אייך! שדים, ניט קיין קינדער, ברענען זאָל די נשמה אייערע!

די מוהמע יענטע שרייט, און די קינדער שרייען — אַלע שרייען. פלוצים קומט־אָן דער פעטער ביניש מיט'ן טלית ותפילין (אַפּנים, פון בית־המדרש). אין איין אויגענבליק ווערד שאַ־שטיל, און די גאַנצע האַליאַסטרע ווערד פערשוואונדען.

— אַ גוט מאָרגען אייך, פעטער ביניש! — שיסען מיר אויס, איך און מיין ברודער מאָטעל.

— וואָס טהוט איהר דאָ, שקצים? אודאי נאָך חנוכה־געלט? — מאַכט דער פעטער בייניש און נעמט־אַרויס און שענקט אונז צו זילבערנע גריוונים.

די חאַליאַסטרע קינדער קוקען־אַרויס פון די ווינקעלעך, ווי די טאַראַקאַנעס, גלאַנצען אויף אונז מיט די אויגעלעך, ווי די מייזלעך, ווינקען עפּים צו אונז, בעווייזען עפּים מיט די פינגערלעך, מאַכען בשעת מעשה משוגענע תנועות, ווילען אונז, אַפּנים, צעלאַכען, — קוים־קוים וואָס מיר האַלטען זיך איין, און מיר אַנטלויפען פונ׳ם דאָזיגען גיהנם.

ז.

מיר געהען ווייטער נאָך חנוכה־געלד, צו אונזער שוועסטער איידעל.

אונזער שוועסטער איידעל און איהר מאַן שלום־זיידעל, עליהם השלום — זיי זענען שוין לאַנג אויף דער אמת׳ער וועלט.

איידעל איז פון קינדרווייז אויף געווען אַ פערוויינטע נשמה; איבער אַ מינדסטע נאַרישקייט פלעגט זי זיך צעוויינען, פערגיסען טרערען אויף אייגענע און אויף פרעמדע צרות. נאָר פון זינט זי איז געוואָרען אַ כלה פאַר שלום־זיידל׳ען, האָט זי ניט אויפגעהערט צו וויינען. אפשר מיינט איהר דערפאַר, ווייל ס׳איז איהר ניט געפעלען דער חתן? חלילה! זי האָט איהם דען געקענט, וואָס ער זאָל איהר ניט געפעלען? גלאַט אַזוי, אַ כלה פאַר דער חתונה בעדאַרף וויינען. אַז די שניידערס האָבען איהר געבראַכט אָנמעסטען די חתונה־מלבושים, האָט זי זיך צעוויינט אויף אַ גאַנצער נאַכט. שפעטער, צום פאָרשפּיעל, אַז איהרע חברת׳עם זענען זיך צענויפגעקומען טאַנצען, איז זי אַלע מאָל אוועקגעלאָפען צו זיך אין אַלקיר אַביסעל אויסוויינען זיך אין די קישענס. דעם טאָג פון דער חופּה שמועסט מען ניט. דעמאָלט איז געווען איהר טאָג. זי האָט גאָר ניט אויפגעהערט צו וויינען. נאָר די רעכטע חתונה איז געווען צום „באַדעקענס“, בשעת מנשה פיעדעלי דער כלי־זמר

האָט זי גענומען „באַזעצען“, און רב ברוך בדחן איז אַרויף אויפ׳ן טיש, צענויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן בויך, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ־ווי בשעת מע בעוויינט אַ טוידטען, און האָט אָנגעהויבען מיט׳ן שענעם טרויעריגען ניגון, וואָס קאָן נעמען אַ שטיין, בזה הלשון:

כלה לעבען! כלה לעבען!
וויין זשע, וויין.
דיינע טרערען האָבען אַצינד
דעם זיעבעטען חן.
וואָרום דו טהוסט דאָך איצט פאַר׳ן בית־דין
של מעלה שטעהן.
אָט באַלד ועסט דו, מיידעל,
צו דער חופּה געהן.
באַדאַרף מען דיר געבען
צו פאַרשטעהן,
אַז דאָס לעבען איז ביטער,
אַזוי ווי חריין;
אַז אַ מענטש איז ניט פון אייזען
און ניט פון שטיין,
אַ בשר ודם
פון הויט און ביין;
אַז מע טהוט די רשעים אין גיהנם שמייסען
זעהר ניט שען,
און זיי טהוען וויינען און יאָמערען און שרייען
אויף די צייהן; —
לכן באַדאַרפסט דו תשובה טהון,
זיך האַלטען זעהר קליין,
אויסגעהן פון טרערען
און פון געוויין...

און אַזוי ווייטער, אָהן איין עק.

אַלע ווייבער, אייגענע און פרעמדע, וואָס זענען געשטאַנען דערביי, געהאָלפען צעפּלעכטען דער כלה איהרע שענע גרויסע צעפּ, האָבען געמאַכט משונה־מאָדנע פּיסקעס, געשנייצט די נעזער, געווישט די אויגען, און איידעל נעבאַך האָט אַזוי געיאָמערט, אַזוי געחליפּעט, אַז זי האָט גע'חלש'ט דריי מאָל; מע האָט זי קוים מיט צרות אָפּגעמינטערט.

נאָר אויף וויפיעל אונזער שוועסטער איידעל איז געווען איין אומעטיגע זאַך, איז אונזער שוואָגער שלום־זיידעל געווען אַ פריי־ליכער יונג, אַ לעבעדיגער, אַ קאַטאָוועס־טרייבער, אַ פערשלעפּטע קרענק און, לאָז ער מיר מוחל זיין, איין איינגעגעסענע בריאה. דהיינו, ער פלעגט ליעב האָבען דעקוטשען, שנאָלען זיך. דערלאַנגען יענעם אַ שנאָל גלייך אין שפּיץ נאָז, אָדער אין עק אויהער — דאָס איז געווען ביי איהם דאָס חיות. נישט איין מאָל פלעגען מיר אַרומגעהן, איך און מיין ברודער מאָטעל, מיט אָנגעשוואָלענע אויהערען. מיר האָבען זיך ממש מחיה געווען, אַז מיר האָבען דערהערט, אַז דאָס פּאָרפאָלק געהט־אַראָפּ פון קעסט. דעם טאָג, וואָס זיי האָבען זיך בעדאַרפט איבערקלייבען פון אונז אויף „אייגענע קעסט", איז ביי אונז אין שטוב געווען חורבן בית־המקדש. איידעל האָט געוויינט, איינגעלעגט די וועלט, און די מאַמע — אויף איהר קוקענדיג. און שלום־זיידעל, וואָס האָט געהאָלפען כלומרשט פּאַקעווען די זאַכען, האָט נאָר אַרומגעטאַנצט הין און צוריק, זיך אונטערגע'גנב'עט אַלע מאָל זעהר קונציג און דערלאַנגט אונז אַ שנאָל אָדער פון פאָרענט אין שפּיץ נאָז, אָדער פון הינטען אין עק אויהער. ער האָט זיך מיט אונז אָפּגעזעגענט איין מאָל פאַר אַלע מאָל און האָט נאָך געהאַט די העזה אָנצוזאָגען אונז, מיר זאָלען זיך ניט לאָזען לאַנג בעטען און זיין ביי איהם אָפטע געסט! מיר האָבען זיך געגעבען דאָס וואָרט, מיר זאָלען זיין פּנים ניט אָנקוקען!

נאָר אַ מענש פערגעסט אַלסדינג, ובפרט אַ שנאָל. ווי אַזוי געהט מען ניט נאָך חנוכה־געלד צו איין א י י ג ע נ ע ם ש ו ו אָ ג ע ר ?...

געקומען צו איידל'ען, געהט אונז שלום־זיידעל אקעגען מיט א גאנץ ברייטען ברוך־הבא.

— סקאצעל קומט! וואס מאכט איהר גוטס? זעהר קלוג האט איהר געטהאן, וואס איהר זענט געקומען. איך האב צוגעגרייט פון אייערטוועגען חנוכה־געלט!

און שלום־זיידעל נעמט־ארויס דאס בייטעלע און צעהלט אונז אויס צו עטליכע נייענקע, גלאנצענדיגע, זילבערנע מטבעות גלייך אין האנד אריין. און איידער מיר האבען צייט ארומקוקען זיך און איבערצעהלען די נייע מטבעות, חאפען מיר שוין צו עט־ליכע שנאל, פריהער איך אין שפיץ נאז און מאטעל אין עק אויהער, און נאכדעם מאטעל אין שפיץ נאז און איך אין עק אויהער.

— אבער לאז שוין זיין גענוג צו מוטשען קינדער! — בעט זיך נעבאך ביי איהם אונזער שוועסטער איידעל מיט טרערען אין די אויגען, און זי רופט אונז אפ אן א זייט, שטופט אונז אן פולע קעשענעס מיט לעקאך, מיט ניסלעך און מיט באקסערען, און שענקט אונז א חוץ חנוכה־געלד.

מיר חאפען די פיס אויף די פלייצעס און לויפען אהיים.

ח.

— אנו, מאטעל, לאמיר זיך קארשט נעמען צו דער ארבייט, אויסרעכענען, וויפיעל האבען מיר אונזער אייגענס חנוכה־געלט? נאר וויסט דו וואס? דו שווייג; פריהער וועל איך איבערצעהלען מיינס, נאכדעם וועסט דו צעהלען דיינס.

און איך צעהל: „א קערבעל מיט דריי צוואנציגער, מיט פיער גילדען, מיט פינף גריוונים, מיט זעכס פיטאקלעך, — וויפיעל מאכט דאס אינאיינעם? אפנים, אזוי גרויס, ווי א קערבעל מיט דריי

צוואַנציגער, מיט פיער גילדען, מיט פינף גריוונים, מיט זעכס פיטאַקלעך..."

מיין ברודער מאָטעל וויל נישט וואַרטען, ביז איך וועל ענדיגען מיין חשבון, און ער נעמט זיך צו זיינע קאַפּיטאַלען; ער לעגט פון איין האַנד אין דער אַנדערער און צעהלט:

— אַ צוואַנציגער און אַ צוואַנציגער איז צוויי צוואַנציגער, און נאָך צוואַנציגער איז דריי צוואַנציגער, און צוויי גילדען איז דריי צוואַנציגער מיט צוויי גילדען, און אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע און נאָך אַ גריוונע — איז איינאייינעם צוויי צוואַנציגער מיט דריי גילדען, מיין איך דריי גילדען מיט צוויי צוואַנציגער. טפו! וואָס רעד איך? מע באַדאַרף אָנהויבען נאָך אַ מאָל פון'ם אָנהויב!

און ער הויבט־אָן נאָך אַ מאָל פון'ם אָנהויב. מיר צעהלען און צעהלען און קאָנען ניט איבערצעהלען; מיר רעכענען און רעכענען און קאָנען ניט אויסרעכענען. און אַז עס קומט צום פעטער משה־אהרנ'ס אַלטע פיטאַקעס, שווערע זעכסערס, אָפּגעריבענע דרייערס און אָנגעשוואָלענע גראָשענס, פערפלאָנטען מיר זיך אַזוי שטאַרק אין חשבון, אַז מיר ווייסען שוין גאָר ניט וואו מיר זענען אין דער וועלט. מיר פּרובען זיך אויסבייטען די דאָזיגע מטבעות ביי דער מאַמען, ביי'ן טאַטען, ביי בריינע די קעכין — עס געהט ניט: קיינער וויל זיי ניט נעמען אין האַנד אריין!

— וואָס איז דאָס פאַר פיטאַקעס? ווער האָט דאָס אייך אריינגערוקט אזא געלט?

מיר שעמען זיך אויסזאָגען און מאַכען אַ שווייג.

— ווייסט דו גאָר וואָס? — זאָגט צו מיר מיין ברודער מאָטעל. — לאָמיר זיי נעמען און אריינוואַרפען אין אויווען אריין, אָדער גאָר אין דרויסען אויפ'ן שנייי, קיינער זאָל ניט זעהען.

— אַ חכם אַ איד! — זאָג איך צו איהם. — שוין גלייכער, דאַכט זיך, אוועקשענקען זיי איין אָרעמאַן.

נאָר, ווי אויף צו־להכעיס, קומט ניט קיין אָרעמאַן! וואו זענען אַהינגעקומען אַלע אָרעמע־לייט, וואָס רייסען ביי די פּאָלעס, דינגען זיך, זידלען זיך און שעלטען? ניין, דאָס וואָס מע בעדאַרף ווערט קיינמאָל ניט קומען! קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט!...

# בײַם קעניג אַחשורוש

---

א.

אז איך בין געװען אַ קלײן ױנגעל — װײסט איהר, װעמען איך האָב מקנא געװען?

אחשורוש׳ען.

ניט יענעם אחשורוש׳ען, װאָס האָט געקעניגט פון הודו ביז כוש, אויף הונדערט זיעבען און צװאַנציג מדינות. איך מײן קאַפּעל דעם שנײדער מיט דער גילדענער קרוין, דאָס הײסט, מיט׳ן פּאַ־פּיערענעם ספּאָדעק און מיט דער לאַנגער גילדענער רוט פונ׳ם בעזעם.

אויך מרדכי׳ן דעם שני־למלך (לוי דעם שוסטער) מיט דער איבערגעקעהרטער קאַפּאָטע אויף דער לינקער זײט און מיט דער קלאָטשקעװאַטער פלאַכסענער באָרד האָב איך שטאַרק מקנא געװען.

איך האָב מקנא געװען ושתי המלכה׳ן (מאָטעל דעם סטאָליר) מיט׳ן קלײדעל אויף דער קאַפּאָטע און מיט דער פּעטשײלע, װאָס ער פלעגט זיך אונטערבינדען דאָס בערדעל, מע זאָל מײנען אויף איהם, אז ער איז אַ נקבה... און װאָס איז אָפּגעגאַנגען, אַשטײגער, אסתר המלכה׳ן (עוזר דעם אונטער־שמש) מיט׳ן גרינעם פאַרטוך? און װאָס איז אָפּגעגאַנגען המנ׳ען (יאָסקע דעם בעהעלפער) מיט׳ן שאַרבען אויפ׳ן קאָפּ?...

נאָר מעהר פון אַלעמען האָב איך מקנא געװען פײװעל דעם יתום, װאָס פלעגט זיך אָנטהון אין אַ רויט העמדעל, זיך פערשטע־

לען פאַר „יוסף הצדיק“, בשעת חברה האָבען געשפּיעלט יענעם שענע שפּיעל, וואָס ווערד אָנגערופען „מכירת־יוסף“. זיינע ברידער פּלע־גען איהם אראָפּרייסען דאָס רויטע העמדעל, אריינוואַרפען איהם אין „לייבען־גרוב“, און יוסף הצדיק (פּייוועל הייסט דאָס) פלעגט זיך אוועקשטעלען אויף די קניהעס, צענויפלעגען די הענד און בע־שווערען די חיות־רעות, זיי זאָלען צו איהם קיין שליטה נישט האָבען, און זינגען בשעת מעשה זעהר אַ טרויעריג ליעד, וואָס די ווערטער זענען זיך צעגאַנגען אין יעדען אבר:

שלאַנגען און עקדישען,
פאַרשליסט אייער מויל!
פאַרשליסט אייער מויל!
צי ווייסט איהר דען,
צי ווייסט איהר דען,
צי ווייסט איהר ווער איך בין?
איך בין יוסף הצדיק,
יצחק'ס איין איניקעל,
יעקב'ס אַ זוהן,
יעקב'ס אַ זוהן!...

און חאָטש יוסף הצדיק איז געוועזען אַ יתום, איין אָרעם בחור'על, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען אין אונטערשטען קלייזעל און גע־לעבט פון אַ „פאָלג־מיך־אַ־גאַנג“, און חאָטש איך בין געוועזען אַ נגיד'ס אַ יונגעל, דעם זיידען רב מאיר'ס איין איניקעל, פון דעסט־וועגען וואָלט איך מיך מיט איהם געביטען נאָר צוליעב דעם איינעם טאָג פּורים אַליין.

אז ס'איז געקומען דער גוטער, דער ליעבער טאָג פּורים, האָב איך פון גאַנץ פריה אָן שוין ארויסגעקוקט אויף דער „חברה“, וואָס געהען פון שטוב צו שטוב און אַ גאַנצע האַליאַסטרע יונגלעך לויפען זיי נאָך פון הינטען מיט באָרפיסע פיס אויפ'ן שניי. פאַר וואָס קאָן

איך ניט זיין אין דער חאַליאַסטרע ? ניין ! איך טאָר נישט, וואָרום איך בין אַ נגיד׳ס אַ יונגעל און דעם זיידען רב מאיר׳ס איין איי־ניקעל, בעדאַרף איך ליגען, ווי אַ הונד, אַ גאַנצען טאָג אין שטוב און געהן מיט אַלע גרויסע צום זיידען ר׳ב מאיר צו דער סעודה.

— וואָס דרעהסט דו זיך, ווי אַ דייטש אויפ׳ן קאַרעק ? — מאַכט צו מיר דער טאַטע בשעת מיר געהען אַלע אינאיינעם צום זיידען רב מאיר צו דער סעודה און איך דערזעה פון דער ווייטען די „חאַליאַסטרע“.

— ביזט שוין, קיין עין־הרע, אַ היבש יונגעלע, קאָנסט געהן אַביסעל גיכער ! — זאָגט די מאַמע. — אם ירצה השם, שבת־הגדול ווערסט דו אַכט יאָהר, ביז הונדערט און צוואַנציג.

— משעפּעט איהר ניט, ער האָט דערזעהן די „קאָמעדיאַנטשי־קעס“ ! — רופט זיך אָן מיין עלטערער ברודער משה׳לע, וואָס איז אַליין אויך אַ בעלן זיך אָפּשטעלען אָנקוקען די „קאָמעדיאַנטשיקעס“.

— געה, געה ! — מאַכט צו מיר דער רבי רב איצי, מיין מלאך־המות, און דערלאַנגט מיר אַ שטורך פון הינטען.

איך לאָז־אַראָפּ די אויגען אין דער בלאָטע און געה גלייך מיט אַלע, פערטיעפט אין אומעטיגע מחשבות, טרויעריגע געדאַנקען : „תמיד מיט אַלע גרויסע ! שטענדיג מיט׳ן רבי׳ן !... אין דער פריה, און ביינאַכט, און שבת, און יום־טוב !... רב איצי׳ס רויטע נאָז מיט טאַבעקע, איינגעזונקען זאָל זי ווערען !“...

ב.

דער זיידע רב מאיר איז דער גרעסטער גביר פון שטאָדט. ער זיצט, ווי אַ מאָנאַרך. אַ גרויסער זאַל מיט אַ גרויסען זילבער־נעם הענגלייכטער, וואָס הענגט־אַראָפּ פון דער מיט סטעליו. טאַמ־בעקענע העסעס אויף די ווענד. אַ גרויסע שווערע זילבערנע מנורה אויפ׳ן טיש מיט אַ סך זילבערנע לייכטער, וואָס די באָבע נחמה

נעמט זיי אַרויס נאָר צוויי מאָל אין יאָהר: פּסח צום סדר און פּורים צו דער סעודה, און עס ווערד ליכטיג אין אַלע ווינקעלעך.

גאַנץ אויבען־אָן, אויף אַ גרויסען שטוהל, מיט גרינם בעצויגען, זיצט דער זיידע רב מאיר אַליין — אַ קליין אידעל, מיט אַ שיטער בערדעל, מיט אַביסעל איין אויסגעבויגענער נאָז, מיט זילבערנע האָר און מיט שוואַרצע יונגע אויגען. אָנגעטהאָן געהט ער אין אַ לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ געפּלאָכטענעם גאַרטעל און מיט אַ שטריימעל אויפ'ן קאָפּ. אַקעגען איהם אויפ'ן טיש זיצט אַ גרויסער, אַ מורא'דיגער, אַ געפּלאָכטענער פּורים־קוילעטש, איין אָנגעהויבענער שוין, מיט זאַפּראַן פערגעלט און מיט ראָזינקעס אַרומגעשטעקט.

פונקט אין מיטען טיש זיצט די באָבע נחמה, אַ הויכע אידינע, נאָך גאָר אַ שענע, אויסגעפּוצט אין אַ גאָלדפאַרביג זיידען קלייד מיט ווייסע עפּעל, מיט אַ שטערנטיכעל פון דימענטען מיט בריליאַנטען, מיט רייכע פּערעל אויפ'ן האַלז, מיט אויהערינגלעך און מיט פינ־גערלעך. נעבען איהר שטעהט אַ גאַנץ גרויסער פּאַלומעסיק מיט הייסע, שמעקענדיגע, געצוקערטע און געפּעפּערטע פיש, פערפּראַ־וועט מיט ציבעלעס, מיט ראָזינקעס און מיט אַלערליי געווירצען. די באָבע טיילט־אַרוים די פיש, די שענע זיידענע פּעטשיילע פער־קאַטשעט הינטער די אויהערען מיט צוויי שפּיצען, די דימענטען מיט די בריליאַנטען בשעת מעשה פינקלען און שעמערירען, און דאָס פּנים שיינט און שמייכעלט.

אַרום און אַרום טיש, פון ביידע זייטען, זיצען די פּעטערס מיט די מוהמעס, אַלע מיט זייערע קינדער, יונגלעך און מיידלעך, וואָס הייסען אַלע נאָך אַלץ איינע זיידעס און באָבעס, פּעטערס און מוה־מעס. פריהער דער פעטער צדוק און די מוהמע צביה מיט דריי יונגלעך: משה'לע, הערשעלע, וועלוועלע, און צוויי מיידלעך: שרה'לע, פויגעלע. נאָכדעם דער פעטער נפתלי און די מוהמע דבורה'ל מיט פיער יונגלעך: משה'לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָ־טעלע, און דריי מיידלעך: שרה'לע, פויגעלע, רחל'ע. נאָכדעם

דער פעטער אברהם און די מוהמע סאָסי מיט פינף יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, און פיער מיידלעך: שרה׳לע, פויגעלע, רחל׳ע, טייבעלע. נאָכדעם דער פעטער בעריש און די מוהמע אסתר׳על מיט זעכס יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, און פינף מיידלעך: שרה׳לע, פויגעלע, רחל׳ע, טייבעלע און חנצי. נאָכדעם דער פעטער בנימין און די מוהמע לאה מיט זיעבען יונגלעך: משה׳לע, הערשעלע, וועלוועלע, נאָטעלע, יענקעלע, פישעלע, שמואליקעל, און זעכס מיידלעך: שרה׳לע, פויגעלע, רחל׳ע, טייבעלע, חנצי און גנענדעל. נאָכדעם דער פעטער קלמן און די מוהמע איטעל מיט אכט יונגלעך...

נאָר אפשר וואָלט געווען געגוג אויסרעכענען די משפחה? עס קאָן, זאָגט מען, שאַדען... דער זיידע האָט איינמאָל געוואָלט אויף אַ ציקאַוועסט איבערצעהלען, וויפיעל פאַרשוין זיצען ביי׳ם טיש, האָט ער גענומען אַ זילבערנעם בעכער אין האַנד און האָט אָנגעהויבען צו צעהלען: „ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי, ניט פיער, ניט פינף, ניט זעכס, ניט זיעבען"... האָט די באָבע ארויסגעריסען ביי איהם דעם בעכער פון האַנד און האָט איהם ניט געלאָזט צעהלען ווייטער: „אויף מיינע שונאים׳ס קעפּ! וואָס צעהלסט דו, וואָס פאַרהאַן, קיין עין־הרע, געגוג טעלער!"...

צענויפגעקליבען זיך אַלע צו דער סעודה, זעצט דער זיידע אַליין אויס דעם גאַנצען טיש. דער זיידע רב מאיר האָט ליעב, ס׳זאָל זיין שען און ריין און ציכטיג און מיט אַ סדר — עס קומט־אויס גוט: אַ פעטער זיצט נעבען אַ פעטער, אַ מוהמע נעבען אַ מוהמע, און אונז, קליינוואַרג, זעצט מען אויס אַזוי, אַז ס׳אָל אויסקומען נישט אַ ברודער מיט אַ ברודער און אַ שוועסטער מיט אַ שוועסטער, מחמת אייגענע קאָנען נישט הויזען צווישען זיך; לכן בעדאַרף זיצען אַ פרעמדער משה׳לע מיט אַ פרעמדען הערשעלע, און אַ פרעמדער הערשעלע מיט אַ פרעמדען וועלוועלע, און אַ וועלוועלע מיט אַ נאָטעלע, אַ נאָטעלע מיט אַ יענקעלע, אַ יענקעלע מיט

א פישעלע, א פישעלע מיט א שמואליקעל. און די מיידלעך אויך אזוי: א שרה'לע מיט א פויגעלע, א פויגעלע מיט א רחל'ע, א רחל'ע מיט א טייבעלע, א טייבעלע מיט א חנצי, און א חנצי מיט א גנענדעל, א גנענדעל מיט א שרה'לע, א שרה'לע מיט א פויגעלע, און אזוי ווייטער. נאָר מיר האָט ניט געסטאַיעט קיין פּאָרעל, האָט מען מיך אנידערגעזעצט מיט מיין מלאך־המות, דעם רבי'ן רב איצי. דער רבי רב איצי איז ביי מיר נישט נאָר א מלמד, א לעהרער אליין, נאָר אויך א מדריך, א וועגווייזער, א מין גובערנאַנטקע, אויף צו לעהרנען מיך דרך־ארץ, ווי אזוי צו זיצען ביי'ם טיש און ווי אזוי צו עסען.

— אַז דו זיצט ביי'ם טיש, — אזוי האָט מיך געלעהרענט מיין גובערנאַנטקע רב איצי — זאָלסט דו זיצען, ווי א מענטש. דו זאָלסט קוקען גלייך, און די הענט זאָלסט דו האַלטען אונטער'ן טיש, און נישט רעדען ביי'ם עסען. און אַז דו עסט לאָקשען מיט יויך, זאָלסט דו אָננעמען מיט דעם לעפעל פּונקט אזוי פיעל לאָקשען ווי־פיעל יויך; א זופּ יויך — און אוועקגעלעגט דעם לעפעל און אָפּגעווישט די ליפּען; און ווידער א זופּ יויך — און, ווידער אוועקגעלעגט דעם לעפעל און אָפּגעווישט די ליפּען. נישט חאַפּען איין לעפעל נאָכ'ן אנדערען, ווי א גוי...

אנידערגעזעצט זיך נעבען מיר און געמאַכט א מוציא, נעמט דער רבי רב איצי אַרויס די רויטע פּעטשיילע פון בוזעם־קעשעני, טרייסעלט־אויס די טאַבעקע גלייך צו מיר אין טעלער אַריין, נאָכ־דעם הויבט ער אָן שנייצען די נאָז מיט א מאָדנעם קוויטש און מיט א קול פון א שופר און לאָזט־אויס מיט א תקיעה גדולה, און בשעת מעשה קוקט ער אויף מיר מיט איין אויג, צי איך זיץ, ווי א מענש...

שושנת יע־ע־ע־קב!

אזוי הויבט־אָן דער זיידע צו זינגען מיט זעהר איין אנגענעה־מענער שטימע, תיכף נאָכ'ן ערשטען גלעזעל וויין, און קנאַקט־צו

בשעת מעשה מיט׳ן פינגער, און דער גאנצער עולם חאפט־אונטער:

צהלה ושמחה!

אויף אלערליי קולות, אלע מאל העכער און העכער. און מיין רבי רב איצי, וואס איז א קליינער מנגן, ער האט א קול פון א שלייען, העלפט אויך זינגען, דאס הייסט, ער האלט אפען דאס מויל, פער־מאכט די אויגען, גיט אכטונג פון דעסטוועגען בשעת מעשה מיט א האלב אויגעל אויף מיר, צי איך זיץ, ווי א מענש, דעם קאפ האלט ער אביסעל אויף א זייט, קלאפט מיט׳ן מיטעלסטען פינגער אין טיש — הקיצור, ער בעווייזט דעם זיידע׳ן, אז ער זינגט אויך אין קאהן... און אז עס קומט צו „ברוך־מרדכי“ און „ארור־המן“, בענשט מען מרדכי׳ן און מע שעלט־אן המנ׳ען — עס זאל זיי אנ־געהן א צעהנט־חלק, רבונו של עולם!...

ג.

— געקומען די פורים־שפיעלער! — רופט זיך אן תנחום דער משרת, א איד מיט א רויטער קאפאטע, וואס זאגט אלעמען „דו“, א חוץ דעם זיידע׳ן מיט דער באבע׳ן.

דערהערט „פורים־שפיעלער“, שפרינגען מיר, קליינווארג, אלע אין איין רגע ארויס פונ׳ם טיש און מיר שטעהען שוין אלע ארום דעם קעניג אחשורוש מיט דער גילדענער קרוין.

— גוט יום־טוב! — שיסען־אויס די חברה אלע מיט א מאל גאנץ פרייליך, און מע שטעלט זיך אויס אין צוויי ציילען. אויף א גילדענעם שטוהל זיצט דער קעניג אחשורוש, און עס טרעט־ארויס אויף איין פוס ממוכן (חיים שמייסער), זינגט א דייטשעם ליעדעל:

בין איך ממוכן פאן די אחשתרנים,<br>
נאך גאר א יונגער הערר — דאס זעהט איהר אין מיין פנים.

אויף איין פוס טהו איך טהון שפּרינגון
און אויף מיין זיסער שטימע — זינגון.
פרעגט איהם דער קעניג אחשורוש:
זאָג, מיין ליעבער קנעכט ממוכן,
וואָס ביזט דו געקומען אהער צו קרוכון?
ענטפערט איהם ממוכן:
לאָז דער קעניג אחשורוש קיקון,
ווי מע וויל פאַר המנ'ען ניט ביקון...
ווערד דער קעניג אחשורוש אָנגעצונדען:
ווער טהוט דאָס ווידערשפעניגען מיינע ווערטער,
וואָס איך האָב באַפוילען אין אַלע ערטער?
ענטפערט איהם ממוכן:
אַ פאַרפלוכטער יודע, ער טהוט שבת האַלטון,
די קאַפּאָטע איז ביי איהם הונטען ניט צושפּאַלטון,
אויפ'ן אכטען טאָג טהוט ער די קינדער צו באַשניידון,
ווי קאָנסט דו אַזעלכס אין דיין קעניגרייך גאָר ליידון?
זאָגט דער קעניג אחשורוש:
אויב אַזוי, לאָז מען דעם יודען אהער בריינגון,
מיר וועלען איהם אויף אַ הויכען בוים אויפהיינגון!
זינגט־אויס ממוכן:
אריין, אריין, אריין,
ברודער מאָנדריש דו מיין!
עס קומט־אריין מאָנדריש מיט דער קלאָטשקעוואַטער באָרד און הויבט זיך אָן פערענטפערען פאַר'ן קעניג אחשורוש, דערצעהלט איהם דעם יחוס, פון וואַנען ער קומט־אַרויס: „אברהם יצחק ויעקב זענען זיינע זיידעס, די תרי"ג מצוות זענען זיינע עדות". און ער לאָזט־אויס מיט אַ געזאַנג:
אַז אָך און אַז וועה איז צו אונזערע הערצער,
אַז המן איז ביי דיר אַ מונדערפערצער!

• • • • • • • • • • • • • • • •

— דו ביזט יוסף הצדיק? — רוף איך מיך אָן צו פייוועל דעם יתום, וואָס שטעהט ביי דער זייט מיט איין אויסגעמיעדט פעריאָמערט פּנים.

— יוסף הצדיק. — מאַכט צו מיר פייוועל.

— דו וועסט אויך שפּיעלען? — פרעג איך איהם.

— אַז מע וועט מיר הייסען שפּיעלען, וועל איך שפּיעלען. — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און בויגט זיך אָן צו מיר אויפ'ן אויהער: — געב מיר אַ שטיקעל קוילעטש פון אייער פורים־קוילעטש.

— מע וועט דערזעהען, וועט מען זיך בייזערען. — מאַך איך צו איהם שטילערהייד.

— שלעפּ־אַוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט זעהען. — זאָגט ער צו מיר, און די אויגעלעך בלישטשען.

— גנבה'נען? — זאָג איך.

— דאָס הייסט דען גע'גנבה'ט? — מאַכט ער.

— וואָס דען — זאָג איך — הייסט דאָס? גע'לקח'ענט?

— איך בין טוידט־הונגעריג, — זאָגט ער צו מיר שטילערהייד און ער עסט דעם קוילעטש מיט די אויגען, — פון גאַנץ פריה אָן נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט...

דער גאַנצער עולם איז פערטיפט אין דעם „שפּיעל“, געה איך צו פּאַוואָלינקע צום טיש, פערלעג די האַנד אַרונטער, שלעפּ־אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס איהם אַריין אין האַנד אַריין. יוסף הצדיק לאָזט־אַראָפּ קונציג דאָס שטיקעל קוילעטש אין קעשענע אַריין און טהוט מיר אַ קוועטש ביי דער האַנד.

— ביזט אַ וואָהל יונגעל. געבען זאָל דיר גאָט אַלדאָס גוטס!

. . . . . . . . . . . . . . . .

ד.

— אפשר ווילט איהר, מיר זאָלען אייך שפּיעלען „מכירת־יוסף“ אויך? — רופט זיך אָן דער קעניג אחשורוש און טהוט־אויס די גילדענע קרוין און טהוט־אָן א פּראָסט היטעל.

— גענוג, גענוג! — מאַכט דער זיידע, און ער גיט דעם קעניג אחשורוש אין האַנד אריין א זילבערנע מטבע, און הייסט תנחום דעם משרת, ער זאָל נעמען א בעזעם און אויסראַמען די בלאָטע, וואָס די „קאָמעדיאַנטשיקעס“ האָבען אָנגעמאַכט... אין שטוב ווערד א שטיקעל בהלה, א רוקעריי מיט די בענקלעך, און בשעת די משפּחה האַלט אין אויסזעצען זיך צוריק אויף די ערטער, חאַפּ איך מיך דער־וויל אַרויס אויף א מינוט בעגלייטען די „חברה“.

— קום! — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און נעמט מיך אָן ביי דער האַנד. — פאָלג מיך, קום מיט מיר. איך האָב דיך ליעב, ביזט א וואָהל יונגעל, זעהר א וואָהלער.

— וואוהין? — זאָג איך און דאָס האַרץ טיאַכקעט מיר.

— צום קעניג אחשורוש. — מאַכט ער צו מיר. — מיר שפּיעלען שוין מעהר היינט נישט. דאָס געהען מיר צום קעניג אחשורוש צו דער סעודה.

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן ביי דער האַנד, און מיר שפּאַנען איבער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן נעהענטער און נעהענטער, די בלאָטע ווערד וואָס ווייטער אַלץ טיעפער. עס דאַכט זיך מיר אויס, אז איך האָב פליגעל, עס טראָגט מיך אין דער לופטען. אָט באַלד הויב איך אָן פליהען... שוועבען...

— איך האָב מורא. — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט איהם צו ביי דער האַנד.

— וואָס האָסט דו מורא, נאַרעלע? — מאַכט ער צו מיר און קייעט בשעת מעשה דאָס שטיקעל קוילעטש, וואָס איך האָב איהם

געגעבען. — דאָרט וועט זיין אַ סעודה, נאַרעלע, דאָרט וועסט דו הערען, ווי מיר זינגען ליעדער... אוי, וואָס פאַר אַ קוילעטש ביי אייך איז! טעם גן־עדן! צעגעהט זיך אין מויל, ווי אַ פּוטער! איך פאַרשטעה ניט, ווי אַזוי זעהט מען פאַר זיך אַזאַ־נ־אַנטיק און מע עסט דאָס ניט?

— אַ טייערע מציאה! — זאָג איך מיט גדלות. — ביי אונז עסט מען אין דער וואָכען אויך קוילעטש.

— אַלע מאָל קוילעטש? — זאָגט יוסף הצדיק און בעלעקט זיך. — און פלייש?

— אַלע טאָג! — זאָג איך.

— אַלע טאָג? — מאַכט ער און טהוט אַ שלונג. — און איך עס פלייש נאָר איין מאָל אין וואָך, שבת; אי דאָס — ניט אַלע שבת, וואָרום ניט אַלע שבת נעמט מיך אַ נגיד. און אַז גאָט העלפט, מע פאַלט־אַריין צו אַ קבצן, עסט מען קדחת.

— וואָס הייסט מע עסט קדחת? — זאָג איך.

— קדחת עסען ווייסט דו ניט? מע עסט מכות הייסט דאָס. — גיט ער מיר צו פערשטעהן. — ניטאָ וואָס צו עסען, עסט מען מכות. איך לעב פון דעם, וואָס מע גיט מיר. עוזר דער שמש, לעבען זאָל ער, האַלט מיך אונטער, אמאָל מיט אַ שטיקעל ברויט, אמאָל מיט אַ קאַרטאָפלי. עוזר איז אַ טייערער איד, אַ דימענטענע נשמה! דו קענסט איהם? דאָס איז דאָך אסתר המלכה...

— וואו איז דיין טאַטע? — פרעג איך איהם.

— איך האָב נישט קיין טאַטען.

— וואו איז דיין מאַמע?

— איך האָב נישט קיין מאַמע.

— דער זיידע? די באָבע?

— איך האָב נישט קיין זיידען, איך האָב נישט קיין באָבע.

— אַ פעטער? אַ מוהמע?

— איך האָב נישט קיין פעטער, איך האָב נישט קיין מוהמע.

— אַ ברודער? אַ שוועסטער?

— איך האָב נישט קיין ברודער, איך האָב נישט קיין שוועס־טער. איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, איך בין אַ יתום בין איך!

איך כאַפּ אַ קוק אויף זיין פּנים און אויף דער לבנה, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער און די לבנה האָבען איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו איהם נאָך נעהענטער, און מיר לויפען נאָך דער „חברה“ מיט אונזערע קליינע פּיסלעך גאַנץ געשמיידיג.

**ה.**

— אָט דאָ זיצט דער קעניג אחשורוש. — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און מיר לאָזען זיך אַראָפּ אַלע אין אַ קליין פינסטער שטי־בעל, מיט ערד געדעקט.

— פריידע־עטעל, ארויס פון בעטעל! — רופט זיך אָן דער קעניג אחשורוש צו זיין ווייב, אַ קראַנקע אידינע, אַ יאַדעשליווע, וואָס בשעת זי הוסט, האַפּט זי זיך מיט איין האַנד ביי'ם קאָפּ און מיט דער אַנדערער ביי'ם האַרצען. „חברה“ האָבען זיך אָנגעזונגען אַ גאַנצען טאָג מיט ליעדער און זענען שוין אַזוי גע־וואָהנט געוואָרען מיט'ן גראַם, אַז אָהן אַ גראַם איז זיי שוין שווער צו רעדען...

— די שענע פיש זאָלט איהר געבען צום טיש! — זאָגט ממוכן. — קוילעטש האָבען מיר אַליין, אויף צו קנאַקען מיט די צייהן, און דרייעקעכיגע המן־טאַשען, וואָס מע פאַרשפּאָרט זיך צו זיי וואַשען, און פלאָדען מיט פלעדלעך, מיט פּורים'דיגע קניידלעך, און בראַנפען אַ פּלעשעל האָט אונז געשענקט רב יהושע־העשעל... מאַנדריש, בינד־אויף דעם זאַק, אָט געב איך דיר אַ קנאַק!

— איידער באַקומען אַ קנאַק אין באַק, איז גלייכער אויפבינדען דעם זאַק, — זאָגט מאַנדריש מיט אַ דרייגאַרענדיגען גראַם און וויל אויפבינדען דאָס זעקעל.

— איהר האָט זיך גענומען צום עסען, און דאָס געלט האָט איהר פארגעסען! — זאָגט ושתי.

— ושתי איז ניט קיין שכור, ער ווייסט, אַז דער גראָשען איז דער עיקר! — רופט זיך אָן המן, און איהם האַלט־אונטער אסתר המלכה, געוויינטליך, אויך מיט אַ גראַם.

נאָר אַז עס קומט צו דער „חלוקה" פונ'ם געלד, הערט מען אויף רעדען צום גראַם. מע רעדט פּראָסט, ווי אַלע מענשען רעדען, בשעת עס האַלט ביי געלד... דעם גרעסטען חלק נעמט־אַראָפּ, גע־וויינטליך, דער קעניג אחשורוש. דאָס איז שוין ביי זיי אַ תקנה פון יאָהר צו יאָהר. נאָר אַז עס קומט צו די איבעריגע חברה־לייט, ווערד אַ שטיקעל מחלוקת: ממוכן פרעגט אַ קשיא, פאַר וואָס קומט ושתי'ן מעהר פון איהם? ער, ממוכן, דאַרף האָרעווען מעהר פון אַלעמען, שפּרינגען אויף איין פוס, לופטערען די שפּראַך, שיטען מיט גראַמען, שפּאַרען די שענע ווערטער, — און אַז עס קומט צום טיילען זיך, ווערד ושתי אַ מיוחס! באשר וואָס איז? ער געהער זיך אָן אַ קנעפּעל מיט'ן קעניג אחשורוש; אַ שניידער מיט אַ סטאָליר שלאָגען תמיד בלאַט...

— לאָז זיין שטיל! — צעשרייט זיך אויף איהם דער קעניג אחשורוש. — דו שמייסער, דו פערדעל־טרייבער, דו וואָגען־שמי־רער, דו לעהמענער דישעל, דו פּאַפּיערענע שלייע, דו גלעזערן פלע־קעל, דו רימענע אַקס! דו האָסט אַ העזה צו רעדען אַקעגען דעם קעניג אחשורוש? אָט וואַרף איך דיר אריין אַ מעסטעל פעטש אין די יאַסלים, וועסט דו געהן ביי מיר אויפ'ן דראַנזשיק!...

ממוכן ווערד אַנשוויגען. פאַר'ן קעניג אחשורוש האָבען אַלע ארטיסטען דרך־ארץ, וואָרום ער איז דער בעל־הבית, דער אַנטרע־פּרעניער הייסט דאָס... מאָנדריש בורטשעט אפילו אונטער שטי־לערהייד, איהם האַלטען־אונטער די אַלע איבעריגע; נאָר איין אסתר המלכה לאָזט־אַראָפּ די עטליכע מטבעות אין קעשענע אריין,

זאָגט דערביי אַ ווערטעל, און „חברה“ ווערד ווידער ליַבעדיג, פרייליך, און מע הויבט־אָן רעדען ווידער צום גראַם.

— נישט מעהר זאָלען די נגידים פאַרמאָגען אויף זייערע לייבער, וויפיעל מיר וועלען ברענגען אַהיים פאַר אונזערע ווייבער! — זאָגט ממוכן.

איך בעטראַכט די זיצונג פונ׳ם קעניג אחשורוש. אין מיטען שטוב אַ גרויסער טיש, צוגעדעקט מיט אַ גראָבען טונקעלען טיש־טוך. ביי איין זייט אַ ווארשטאַק מיט געציינ, ביי דער אַנדערער זייט אַ הילצערן בעטעל מיט אַ סך קישענס כמעט ביז דער סטעלי. אַקעגען אויווען אַ טאַפּטשאַן. אויפ׳ן טאַפּטשאַן זיצט אַ שוואַרצער קאָטער, האַלט די לאַפּקעס אונטער זיך און דרימעלט. פון אויפ׳ן אויווען קוקען־אַראָפּ עטליכע פּאָר שוואַרצע, קאַרע און גרויע אויגעלעך.

— אַראָפּ, ממזרים! — מאַכט צו זיי יוסף הצדיק און ווינקט צו זיי מיט׳ן פינגער. די שוואַרצע, קאַרע, גרויע אויגעלעך לאָזען זיך לאַנג נישט בעטען און גליטשען זיך אַראָפּ איינציגווייז פונ׳ם אויפ׳ן אויווען מיט צעריסענע העמדלעך, וואָס פערשטעלען דאָס לייב נאָר ביז עטוואָס נידעריגער פונ׳ם פּופּיק... יוסף הצדיק, ווייזט אויס, איז דאָרט אַ היימישער מענש, וואָרום די נאַקעטע קינדערלעך געהן־צו צו איהם, ווי די קליינע שעפּעלעך, בויגען־אָן צו איהם די געקרייזעלטע קעפּעלעך, ער זאָל זיי גלעטען.

— איהר זענט הונגעריג? — זאָגט צו זיי יוסף הצדיק. — אָט וועלען מיר באַלד עסען. מיר האָבען אייך געבראַכט אַלע גוטע זאַכען.

און ער רעכענט זיי אויס אַלע „גוטע זאַכען“, וואָס מע האָט היינט געבראַכט, און די קליינע שעפּעלעך קוקען זיך איבער, שלינגען די שליים און בעלעקען זיך. און יוסף הצדיק גלעט זיי די געקרייזעלטע קעפּעלעך, שלינגט די שליים גלייך מיט זיי און בע־

לעקט זיך אזש... זיי קוקען שוין ארויס, מע זאָל געהן צום טיש, זיך נעמען צו דער אכילה... גאָט האָט זיי געהאָלפען, דער קעניג אחשורוש נעמט זיך צום פלעשעל, גיסט־אָן א גלעזעל בראָנפען און טרינקט דעם ערשטען כוס לכבוד דעם „הייליגען" יום־טוב פורים; און נאָך איהם נעמען אלע צו גלעזלעך בראָנפען. און מע זעצט זיך צום טיש, אלע, פון גרויס ביז קליין, א חוץ פריידע־עטעל, וואָס פאַרעט זיך ביי׳ם אויווען; און אפילו דער שווארצער קאָטער חאפט זיך אויף, גלייכט זיך אויס דעם רוקען מיט א געהניץ און געהט צום טיש און שטעלט זיך אוועק אקעגען און וואַרט, טאָמער וועט ער עפּיס נאשען פון דער סעודה... איך און יוסף הצדיק און די נאקעטע שעפּעלעך מיט די געקרייזעלטע קעפּעלעך זעצען זיך אויס אלע אויף א לאנג בענקעל, וואָס הינקט אויף א פוס און עס שאָקעלט זיך; און מיר, קליינוואַרג, צעלאַכען זיך פונ׳ם הינקעדיגען בענקעל, אזוי ווי פון דער שענסטער קאָמעדיע, און ערשט דאָ דערזעהט מיך „חברה" און וואונדערט זיך: עפּיס א נייער, ניט קיין קענטליכער פּאַרשוין!

— ווער איז דער אגרעס? — פרעגט דער קעניג אחשורוש.

יוסף הצדיק דערצעהלט זיי, ווער איך בין און ווי איך קום אהער. דעם עולם איז דאָס, אפּנים, שטארק געפעלען, מחמת איט־ליכער געהט־צו, טהוט מיר א זעץ איבער דער פּלייצע, א קניפּ אין בעקעל, און איטליכער זאָגט איין אנדער ווערטעל, געוויינטליך, צום גראַם, און די סעודה הויבט זיך אָן. פריידע־עטעל טראָגט־צו פונ׳ם אויוועו שטארק־געפעפערטע פיש מיט קארטאָפלים, און חאָטש זיי זענען נישט פערפראוועט מיט אלערליי געווירצען, ווי ביי׳ם זיידען רב מאיר, נאָר זיי ווייזען מיר אויס דוקא זעהר בע׳טעמ׳ט. איין חסרון נאָר, וואָס זיי זענען פול מיט ביינדלעך! דערפאַר עסען אָבער אלע פון איין טעלער, און דאָס איז מיר דוקא שטארק גע־פעלען: איטליכער שטופּט דעם גאָפּעל — ס׳איז פריילין! נאָך די פיש נעמט „חברה" ווידער צו ביסלעך בראָנפען, און מע

טרינקט לחיים, און מע ווערד לעבעדיג גאָר אויף איין אַנדער אופן; מע שטעהט־אויף פונ'ם טיש, מע נעמט זיך פאר די הענד און מע געהט גאָר א טענצעל און מע זינגט אַ ליעדעל:

וואָס מיר זענען
זענען מיר,
אָבער אידען
זענען מיר!
וואָס מיר האָבען
האָבען מיר,
אָבער צרות
האָבען מיר.

— רוסקאַוואַ פעסניאַ! — צעשרייט זיך מאַנדריש אויף אַ קול. — רוסקאַוואַ פעסניא פאַדאַוואַי!...

און „חברה" זינגט אַ רוסיש ליעדעל, טאַנצט און פלעסקעט־צו מיט די הענד:

נאַדראַ זנאַט
קאַק גוליאַט!
פערעד באַגאַם
אַטוועטשאַט!
מי פיאַם, מי גוליאַיעם,
ואתה מלך חי וקיים!
לאָמיר, אידען, טרינקען לחיים!
לשנה הבאה בירושלים!

— איאַ, ס'איז ביי אונז גוט? — זאָגט צו מיר יוסף הצדיק, וואָס האָט איבערגעחאַפּט דעם הונגער און איז געוואָרען גאָר איין אַנדער מענש, און ער נעמט אַביסעל בראַנפען, און ער גיט מיר אויך אַביסעל בראַנפען און שלעפּט מיך טאַנצען. איך וויים ניט, וואָס מיט מיר איז די שמחה אַזוי גרויס, נאָר איך פיהל מיך

עפּיס זעהר אויפגעלעגט. איך פּיהל, אז ס'איז מיר גוט, גוט אָהן איין עק! פּלוצים...

ג.

פּלוצים עפענט זיך די טיר, און איך דערזעה דעם טאַטען מיט'ן רבי'ן רב איצי, און עס ווערד מיר פינסטער אין די אויגען. וואָס דער טאַטע האָט געקלערט, בשעת ער האָט מיך דערזעהן טאַנצען מיט „חברה" אין קאָהן, ווייס איך ניט. איך האָב נאָר געזעהן, אז ער איז געבליבען שטעהן צוגעקאָוועט צום אָרט. גע־קוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפ'ן רבי'ן; דער רבי האָט געקוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפ'ן טאַטען; איך האָב געקוקט אויפ'ן טאַטען, אויף דער „חברה" און אויפ'ן רבי'ן... און „חברה" האָבען געקוקט אויפ'ן טאַטען, אויפ'ן רבי'ן און אויף מיר... קיינער פון אונז האָט ניט געקאָנט אויסרעדען אַ וואָרט. איז אַרויסגעטראָטען ממוכן און האָט זיך אָנגערופען מיט אַ גראַם, ווי זיין שטייגער איז:

— וואָס שטעהט איהר אין איינע יסורים? ס'איז דאָך היינט עפּיס פּורים! לאָמיר מאַכען אַ כוסה, און דוקא אַ גרויסע! פאַר־בייסען מיט פלאָדען, סע האָט זיך געפונען אייער שאָדען!...

און ממוכן טראָגט אונטער דעם טאַטען אַ גלעזעל בראָנפען מיט פערבייסען. דער טאַטע שטופּט איהם אָפּ פון זיך אָהן ווער־טער. ממוכן פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ און רעדט ווייטער:

— הנגיד רב אָשר ברב מאיר! איך געפעל אייך ניט אין שלייער? וועל איך טרינקען אַליין, ונאמר אָמן!...

און ממוכן קעהרט־איבער דאָס גלעזעל בראָנפען און זינגט אַ ליעדעל:

וואָס מעהר קבצן
מעהר הוליאַקע,
וואָס מעהר נגיד
מעהר סאַבאַקע!

וואָס מעהר אביון
מעהר ספיוואקע,
וואָס מעהר עושר
מעהר סוויניאקע!...

— מאַנדריש, וואָס שווייגסט דו? מאַך זיי אַ מי־שברך, די נגידים פון שטאָדט, און טרינק אַ כוס פון זייער כבוד וועגען!

און מאַנדריש גיסט זיך אָן אַ גלעזעל בראָנפען און מאַכט אַ מי־שברך די נגידים פון שטאָדט:

— מי שברך! נעמען זאָל זיי קורח! קורח זאָל זיי נעמען! עסען זאָלען זיי ווערעם! ווערעם זאָלען זיי עסען! אָן גאָט זאָלען זיי פאַרגעסען! פאַרגעסען זאָלען זיי אָן גאָט! שכור זאָלען זיי זיין ווי לוט! ווי לוט זאָלען זיי זיין שכור! אין מויל זאָל זיי זיין ביטער! ביטער זאָל זיי זיין אין מויל! שיסען זאָל זיי אַ קויל! אַ קויל זאָל זיי שיסען!...

— וואָס שווייגט איהר זיי, רב אָשר׳על! ? — רופט זיך אָן דער רבי רב איצי און טהוט אַ רעכטען שמעק טאַבאַק און אַ קנאַק מיט צוויי פינגער אין דער לופטען.

— איהר זעהט דען ניט, אַז ס׳איז שכורים? — זאָגט דער טאַטע אויסער זיך פון כעס און נעמט מיך אָן ביי דער האַנד אַזוי שטאַרק, אַז עס טהוט מיר וועה, און מיר געהען אַרויס אַלע דריי פונ׳ם קעניג אחשורוש אָהן אַ זייט־געזונד. אין דרויסען שטעלט זיך דער טאַטע אָפּ, טהוט אַ קוק אויף מיר און שענקט מיר צוויי רעכטע פעטש.

— דאָס — זאָגט ער — איז ערשט איין אויפגאָב. דיין פּסק וועסט דו ערשט האָבען אין דער היים פונ׳ם רבי׳ן... הערט זשע צו, רב איצי! איך געב אייך איהם איבער אויף אייערע הענט! איהר זאָלט איהם קאַטעווען וויפיעל עס וועט אין איהם אריין!

בלוט זאָל געהן! אזא בחור׳על פון כמעט דאָס נייענטע יאָהר! ער זאָל געדענקען, ווי אזוי נאָכצולויפען פורים־שפּיעלער, קאָמעדיאַנ־טשיקעס, שלעפּערס!... פארשטעהרען אַלעמען דעם יום־טוב!...

איך לאָז נישט קיין טרער, נאָר איך פיהל, אז עס פלאַמט מיר א באַק און דאָס הארץ איז מיר שווער, ווי א שטיין. איך קלער נישט פון דעם פּסק, וואָס איך וועל האָבען אין דער היים פונ׳ם רבי׳ן. מיין קאָפּ איז מיר גאָר ערגיץ אַנדערש. מיינע מחשבות זע־נען גאָר דאָרטען, ביי׳ם קעניג אַחשורוש, ביי יוסף הצדיק, ביי די קליינע נאַקעטע שעפּעלעך מיט די געקרייזעלטע קעפּעלעך, און אין די אויהערען הערט מיר ניט אויף צו קלינגען דאָס זיסע רוסישע ליעדעל:

נאַדראַ זנאַט
קאַק גוליאַט!
פערעד באַגאַם
אַטוועטשאַט!
מי פּיאַם! מי גוליאַיעם!
ואתה מלך חי וקיים!
לשנה הבאה בירושלים!...

# אַ פערשטעהרטער פסח

א.

— רב ישראל! רב ישראל? זייט זשע מוחל! איהר קאָנט זיך אונטערנעמען, ס'זאָל זיין פאַרטיג דעם קינד'ס מלבושים'לעך אויף יום־טוב?

אזוי שרייט די מאַמע צו ישראל דעם שניידער מיט אַלע כחות, מחמת ישראל דער שניידער איז טויב, ווי די וואַנד.

ישראל, אַ הויכער איד מיט אַ לאַנג פּנים און מיט וואַט אין די אויהערען, טהוט אַ האַלבען שמייכעל און אַ מאַך מיט דער האַנד, ווי איינער רעדט: „פאַר וואָס זאָל ניט זיין פאַרטיג?"...

— נעמט זשע איהם, זייט מוחל, אראָפּ אַ מאָס, נאָר מיט אַ תנאַי, אויב עס קאָן זיין פאַרטיג אויף פּסח.

ישראל דער טויבער טהוט אַ קוק אויף דער מאַמע, ווי איינער רעדט: „אַ מאָדנע אידינע! דאַכט זיך, גענוג אַז מע זאָגט איין מאָל?"... און ער שלעפּט ארויס פון בוזעם־קעשענע אַ לאַנגע פּאַפּיערענע מאָס מיט אַ גרויסער ענגלישער שער און שטעלט מיך אַוועק און הויבט מיך אָן אויסצומעסטען אין דער לענג און אין דער ברייט, און די מאַמע שטעהט ביי דער זייט און קאָמאַנדעוועט:

— לענגער, נאָך לענגער!... ברייטער, נאָך ברייטער!... למען־השם, די הויזלעך ניט פאַרשמעלען!... און דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין מיט אַ „פאַלבאָם"!... אויף עטליכע פינגער!... נאָך, נאָך אַ ביסעלע!... אָט אזוי!... אין סטאַן זאָל חס־ושלום ניט זיין קורץ!...

בעל־הבתיש... נאָך, נאָך!... זשאַלעוועט ניט קיין מאַטעריע, וואָרום אַ קינד וואַכסט!...

ישׂראל דער שניידער ווייסט אַליין גאַנץ גוט, אַז „אַ קינד וואַכסט", ענטפערט ער נישט דאָס אַנדערע וואָרט און טהוט זיך זיינס. אויסגעמאָסטען מיר אַלע איברים, טהוט ער מיך אַ שטופּ־אָפּ פון זיך, ווי איינער רעדט: „קאָנסט געהן, ביזט פריי!"... מיר ווילט זיך זעהר, אַז דאָס קאַפּאָטקעלע זאָל זיין פון הינטען מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע, נאָך דער „היינטיגער מאָדע", נאָר איך וויים ניט, צו וועמען זאָל איך מיך ווענדען. ישׂראל דער טויבער דרעהט־צענויף די מאָס אויף צוויי פינגער און רעדט בשעת מעשה צו דער מאַמע האַלבע ווערטער:

— אַ שווערער פאַר־פּסח!... גרויסע בלאָטעס!... פיש — יקרות!... קאַרטאָפלים — מיט גאָלד!... אייער — ניט אַ לעק!... אַרבייט — געשלאָגען!... נייע מלבושים — לאַ!... לאַטעס און לאַ־טעס און לאַטעס!... אַז רב יהושע־העריש קאָן שוין הייסען איבער־ניצעווען איין אַלטען פּאַליטאָ!... רב יהושע־העריש אַליין!... יאָה־רען!... הא?... עק וועלט!...

די מאַמע ווערד דערפון ווינציג־וואָס נתפּעל. זי שלאָגט איהם איבער אין מיטען:

— וויפיעל וועט איהר זיך הייסען, אַשטייגער, אָנמעסטען אַרום און אַרום פאַר דער אַרבייט, רב ישׂראל?

ישׂראל דער טויבער נעמט־אַרויס פון זשילעט־קעשענע אַ ביי־נערן ראָזשיקעל, בויגט־אויס דעם גראָבען פינגער פון דער לינקער האַנד, אַזוי אַז עס ווערד אַ גריבעל; שיט ער אָן אין גריבעל אַריין אַ בערגעלע טאַבעקע, טראָגט דאָס צו פּאַוואָלינקע צו דער נאָז און שלעפּט אַריין דאָס בערגעלע טאַבעקע אַזוי קונציג, אַז עס פעלט נישט קיין סימן אפילו אויף די וואָנצים. נאָכדעם טהוט ער אַ מאַך מיט דער האַנד און אַ זאָג:

— עס, וואָס איז שייך, מיר וועלען זיך ניט קריעגען... איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? רב יהושע־הערש!... איבערניצעוועָן איין אַלטען פאַלימאַ!... גוואַלד געשריגען!...

— געדענקט זשע, רב ישראל, וואָס איך בעט אייך: ניט שמאָל, און ניט קורץ, און אַ „פאַלבאַם", און דער סטאַן — גראַם און „פראַ־סטאַרנע"...

— און אַ שפּאַל...? — וויל איך מיך אריינמישען אין מיטען.

— שטיל, לאָז אויסרעדען אַ וואָרט! — זאָגט די מאַמע און דערלאַנגט מיר מיט'ן עלענבויגען אין זייט אריין. — געדענקט זשע נאָך אַ מאָל: ניט קורץ, און ניט שמאָל, און דאָס סטאָנדעל, און אַ פאַלבאַם... למען־השם, אַ פאַלבאַם!...

— און אַ קעשענע?... — פּרוב איך מיך נאָך אַ מאָל.

— ווערסט ניט אנשטומט ווערען? — זאָגט צו מיר די מאַמע.— האָסט דו געזעהען, אַ קינד זאָל האָבען אַ טבע זיך אריינמישען בשעת עלטערע רעדען!...

ישראל דער טויבער נעמט דאָס פּעקעל סחורה אונטער דער האנד, טהוט אַ שמיר די מזוזה מיט צוויי פינגער און אַ זאָג פון דער טיר:

— ווילט איהר, הייסט דאָס, דוקא ס'זאָל זיין אויף פּסח?... אַ גוטען יום־טוב.

ב.

— אָ, אָט איז רב גדליה! מע זאָל דערמאַנען משיח'ן!... איך האָב נאָר־וואָס אין זינען געהאַט צו שיקען צו אייך נאָך אַ מאָל!

גדליה איז אַ איד אַ שוסטער, איין אויסגעדיענטער סאָלדאַט, פון פאָרענט אָהן צייהן, מיט אַ גרויס קיילעכיג בערדעל, וואָס מע דערקענט, אַז אמאָל, שוין לאַנג, איז דאָס געווען אין מיטען אויסגעגאָלט.

— רב גדליה! — מאַכט צו איהם די מאַמע. — זאָגט נאָר, איהר וועט זיך קאָנען אונטערנעמען אויפנייהען דעם קינד אַ פּאָר שטיוועלעך אויף פּסח?

גדליה דער שוסטער איז אַ פריילעך אידעל, וואָס בשעת ער רעדט האַפּט ער אַ טענצעל.

— איהר ווילט „נעפּרעמעננאַ“ אויף פּסח? — מאַכט ער צו דער מאַמע. — ס'איז דיר אַיין אַנטיק! איטליכער וויל אויף פּסח! חיה'לע רב מאָטעל'ס האָב איך צוגעזאָגט אויף פּסח צוויי פּאָר באָטיקלעך, פאַר איהר און פאַר דער טאָכטער, — מוז מען איהר מאַכען... יוסילע רב שימעלע'ס האָט באַשטעלט ביי מיר פיער פּאָר שטיוועלעך אויף פּסח — מוז מען מאַכען... היינט פוּינעלע רב אברהם'ס האָב איך שוין לאַנג צוגעזאָגט אַ פּאָר באָטיקעס; עס זאָלען פּאַלען שטיינער פונ'ם הימעל — וועט זיך ניט העלפען! און משה דער שניידער האָט מיך געבעטען אַ פּאָר קעפּלעך, קאָן מען איהם אויך ניט אָפּזאָגען! און זיאַמע דעם סמאָליר אַ פּאָר „סאַיווקעס“ באַדאַרף מען אונטערוואַרפען — עס העלפט נישט! היינט אָסנה דער אלמנה'ס מיידעל האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, איך זאָל איהר, למען השם...

— הכלל, — שלאָגט איהם איבער די מאַמע — לאָמיך הערען ווערטער: קאָנט איהר, הייסט דאָס, נ י ש ט אונטערנעמען זיך, ס'זאָל זיין פאַרטיג אויף פּסח? שיק איך נאָך איין אַנדער שוסטער...

— פאַר וואָס זאָל איך ניט קאָנען? — זאָגט גדליה מיט אַ טענצעל. — צוליעב אייך לעג איך אַוועק אַלע אַנדערע ארבייט — און אייערע שטיוועלעך מוזען, אם ירצה השם, זיין אויף פּסח; ס'איז עפּיס אַ תירוץ?

און גדליה דער שוסטער קראַצט־אויס אַ שטיקעל בלוי פּאַפּיער, שטעלט זיך אַוועק אויף איין קניה און נעמט מיר אַ מאָס.

— לאָזט־צו נאָך אַ קאַפּעטשקע, — זאָגט די מאַמע. — נאָך, נאָך... וואָס זשאַלעוועט איהר אַ שטיקעל לעדער?... אָט אַזוי... ס'זאָל איהם חלילה ניט קוועטשען אין די פינגער!...

— קוועטשען אין די פינגער, — זאָגט איהר נאָך גדליה.

— לעדער זאָלט איהר געבען, רב גדליה, פונ'ם בעסטען. איהר הערט? נישט קיין פוילען!

— פוילען, — זאָגט איהר נאָך גדליה.

— פּאָדעשוועס זאָלט איהר לעגען גוטע, זיי זאָלען ניט אָפּ־רייבען זיך.

— אָפּרייבען זיך, — זאָגט־נאָך גדליה.

— און די אַבצאַסען זאָלען חלילה ניט אָפּשפּרינגען.

— אָפּשפּרינגען, — זאָגט־נאָך גדליה.

— איצט קאָנסט דו געהן אין חדר אַריין, — זאָגט מיר די מאַמע. — דו זעהסט האָטש, ווי מע ברענגט זיך אויס פון דיינעטוועגען? זאָלסט האָטש וועלען לערנען, וועסט דו זיין אַ מענטש, אַניט — וואָס וועט פון דיר זיין? אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, אַ הינטשלעגער!...

איך וויים נאָך אַליין ניט, וואָס עס וועט פון מיר זיין: אַ מענש, אַ גאַרנישט מיט אַ נישט, אָדער אַ הינטשלעגער? איך וויים נאָר, אַז בזה הרגע ווילט זיך מיר זעהר־זעהר, אַז די שטיוועלעך זאָלען מיר סקריפּען. אוי, ווילט זיך מיר סקריפּקעס!...

— וואָס ביזט דו געבליבען שטעהן, ווי אַ לעהמענער גולם? — רופט זיך אָן צו מיר די מאַמע. — פאַר וואָס געהסט דו נישט אין חדר אַריין? געה, מע וועט שוין מעהר נישט געבען גאַרנישט!

גדליה דער שוסטער לאָזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צו־ריק.

— ווילט איהר, הייסט דאָס, „נעפּרעמעננאַ“ אויף פּסח? — זאָגט גדליה. — אַ גוטען יום־טוב!...

ג.

געהענדיג פונ׳ם חדר אהיים, חאפּ איך מיך אריין קודם כל צום שניידער מכה דעם שפּאָלט און מכה דער קעשענע.

ביי אַ גרויסען טיש שטעהט ישראל דער טויבער אָהן אַ קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטען טלית־קטן, פערטיעפּט אין דער ארבייט; אויפ׳ן האלז עטליכע לאַנגע פאָדעמס. אין זשילעט עטליכע נאָדלען. ער צייכענט מיט אַ קריידעל, שערט מיט אַ שער, קראַצט זיך מיט׳ן מיטעלסטען אויסגעבויגענעם פינגער פון הינטען און רעדט צו זיך אליין האלבע ווערטער, ווי זיין שטייגער איז:

— „פּאַלבאָמעס" מאַך זיי... גראָם זאָל זיי זיין... „פּראָסטאָרנע"... פון וואָס?... פון אתה ירצת?... מע שניידט זיך די פינגער... קוים, קוים... ווי מיט קרעפּעל־פּלייש...

ארום טיש זיצען עטליכע שניידער־יונגען און נייהען, ווארפען מיט די נאָדלען גיך־גיך און זינגען אלע אינאיינעם אַ ליעדעל. איינער אַ געלער בחור, מיט קלייען אויפ׳ן פּנים, מיט אביסעל איין איינגעפאלענער נאָז, זינגט אויף אַ גלעקעלשטימע און ציהט מיט׳ן פאָדעם צום טאַקט:

אוי, דו פאַהרשט אוועק,
און אוי, דו פאַהרשט אוועקעט, —
און מיך לאָזט דו אי־ווי־ווי־וויבער!...

און די איבעריגע חברה חאפּען־אונטער מיט אַ קוויטש:

אָט שטעך איך זיך!
אָט הענג איך זיך!
אָט טרינק איך זיך!
איך טהו מיר אַ מעשה אַ־ווא־ווא־וואַנטע!...

— וואָס וועסט דו זאָגען, יונגעלע? — מאַכט צו מיר ישראל.

— א שפאלט. — זאג איך.

— הא? — מאכט ישראל און בויגט זיך צו מיר מיט'ן אויהער.

— א שפאלט! — שריי איך צו איהם הויך, ער זאל דער־הערען.

— א שפאלט?

— א שפאלט!

— וואו א שפאלט?

— פון הינטען.

— וואס פון הינטען?

— א שפאלט! מיט א קעשענע!

— וואס פאר שפאלטען? וואס פאר קעשענעס? — מישט זיך אריין בתיה די שניידערין, א קליין ווייבעלע, וואס זיצט און טהוט דריי ארבייט מיט א מאל: מיט א פוס וויעגט זי א קינד, מיט די הענד ארבייט זי א זאק און מיט'ן מויל רעדט זי און בייזערט זיך: — נא דיר גאר שפאלטען! נא דיר גאר קעשענעס! וואו האסט דו אויף קעשענעס? ער וויל קעשענעס? לאז איהם די מא־מע געבען אויף קעשענעס, וועט ער האבען קעשענעס! נא דיר גאר קעשענעס!...

איך האב שוין חרטה אויף דער גאנצער מעשה. עס זאל חאטש ניט אנקומען צו דער מאמען!

— ווילסט דו, הייסט דאס, ס'זאל זיין דוקא מיט א שפאלט?— מאכט צו מיר ישראל דער שניידער און נעמט־ארויס דאס רא־זשיקעל מיט טאבעקע. — גאה, יונגעלע, אהיים, סע וועט זיין א שפאלט.

— און מיט א קעשענע? — זאג איך צו איהם און מאך פאר איהם א רחמנות־פנים.

— גאה, יונגעלע, אהיים, — מאכט צו מיר ישראל, — איך וועל שוין זעהן, ס'זאל זיין אלסדינג...

איך נעם די פיס אויף די פּלייצעס און לויף־אוועק פון דאָרטען מיט אַ שמחה צו גדליה דעם שוסטער מכח סקריפּקעס אין די שטיוועלעך.

גדליה דעם שוסטער טרעף איך ניט אין דער היים. ביי׳ם וואַרשטאַק זיצט זיין אַרבייטער קאַרפּע איבער איין אויסגעגלעטער פּאָדעשווע.

קאַרפּע איז אַ געזונדער, אַ ברייטביינעריגער שייגעץ, מיט אַ געשטופּעלט פּנים, מיט אַ לעדערן רייפעל אויף די שוואַרצע האַרטע האָר.

— וואָס דו, יונגעלע, ווילסט? — מאַכט ער צו מיר אויף אידיש. — מודה אני, פריידי מאַני, טאַטעלע מאַמעלע, אַ געב איהם אַ גענזועלע... זאָג, וואָס דו ווילסט?

— חאַזשאַיען! — ענטפער איך איהם אויף רוסיש. — יאַ אָטשעם חאָטיל אימעט דאָ וואַש חאַזשאַיען גדליה! *

— בעל־הבית געגאַנגען אַ ברית, מאַך אַ קידוש, טרונק אַ בראָנכען. — מאַכט צו מיר קאַרפּע ווידער אויף אידיש, און בכדי איך זאָל פערשטעהן אַקוראַט וואָס ער מיינט, טהוט ער זיך אַ שנאָל מיט׳ן פינגער איבער׳ן האַלז.

איך זעץ מיך אַוועק אַקעגען אויף אַ לעדערן בענקעל און לאָז מיך אַריין מיט קאַרפּע׳ן אין אַ ברייטען שמועס מכח לעדער, „טאָוואַר“, מכח שטיוועל, פּאָדעשוועס, פלעקלעך, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז איך קום־אַרויף אויף סקריפּקעס. ער רעדט אויף אידיש, און איך אויף רוסיש. פערשטעהט ער ניט, וואָס איך רעד, מאַך איך צו איהם מיט די הענד:

— יאַ זשע טאָבי, גויעשער קאָפּ, דבר׳ען פּאָוואַשעמו: קאַזשי מיני שכל שאָ טשאָבעטקעלי מאַכען טררר! טררר! **

---

* איך האָב זעהר נעדאַרפט האָבען צו אייער בעל־הבית גדליה. — ** איך רעד דאָך מיט דיר, גויעשער קאָפּ, אויף דיין שפּראַך! זאָג־זשע מיר דעם שכל, ווי קומט דאָס, וואָס אַ שטיוועלע סקריפּעט?

— דו בעסער רעד אידיש! — מאַכט צו מיר קאַרפּע, טהוט אַ לעק די פּאָדעשווע מיט דער צונג און מאַכט אַ צייכען מיט זיין גראָבען שוואַרצען נאָגעל ביי דער זייט פּאָדעשווע.

— וואָס איז דער שכל — זאָג איך צו איהם שוין אויף אידיש — וואָס איז דער טעם פון סקריפּקעס? וואָס לעגט איהר אזעלכעס אין שטיוועלעך, זיי זאָלען סקריפּען?

— אַ? סקריפּקי? — מאַכט קאַרפּע. — אַ שטיוועלע סקריפּען דאַרף מען אַ צוקער.

— פּשוט, — זאָג איך — צוקער? וואָס איז דער שכל?

— אַ צוקער? — זאָגט קאַרפּע און גיט מיר צו פערשטעהן דעם שכל: — אַ צוקער קלאָפּ־קלאָפּ, סקריפּ־סקריפּ...

— אהאַ? — מאַך איך צו איהם. — דעם צוקער מסתמא צעקלאָפּט מען, טרישטשעט ער. נו, און ווייטער לעגט מען ניט אריין גאָרניט?

— אַ בראָנכען, — מאַכט קאַרפּע — אַ ביסנעם בראָנכען.

— בראָנפּען? — זאָג איך. — וואָדקי הייסט דאָס? זאַטשעם וואָדקי? מילא סאַחער — סקריפּ־סקריפּ; אָבער וואָדקי? נאַשטשאָ טאָבי וואָדקי?

קאַרפּע מוטשעט זיך און גיט מיר צו פערשטעהן, און דוקא אויף אידיש, דעם שכל, אויף וואָס מע בעדאַרף האָבען בראָנפּען. איידער מע לעגט־אריין, זאָגט ער, אין די שטיוועלעך דעם צוקער, מוז מען פריהער די פּאָדעשווע גוט בעשפּריצען מיט בראָנפּען, אניט, נעמט זיך ניט צו גוט דער צוקער.

— אהאַ! — זאָג איך. — יאַ אוזשע דאָברע צעקייט. יאַק נע באודע וואָדקי, טאַק נע באודע סאַחער; יאַק נע באודע סאַחער, טאַק נע באודע סקריפּען.* אם אין קמח אין תורה — בין איך

* אהאַ, איך האָב שוין רעכט צעקייט: אז ס'וועט ניט זיין קיין בראָנפּען, איז אומזיסט דער צוקער, און אז ס'וועט ניט זיין קיין צוקער, וועט ניט סקריפּען.

איהם מסביר די זאך מיט א פסוק, און איך עפען־אויף דאס בייטעלע און געב־אפ קארפע׳ן מיין גאנץ פערמעגען: דאס גאנצע חנוכה־געלד, מיט׳ן שלח־מנות־געלד, און געזעגען זיך אפ מיט איהם גאר פריינדליך, און קארפע רוקט מיר אריין א גרויסע, שווארצע האנד, אויסגעשמירט מיט סמאלע, און זאגט מיר אפ אויף גיך: „מודה אני, פריידי מאני, טאטעלע מאמעלע, א געב איהם א גענזועלע“... איך לויף אהיים איבערבייסען, און פון דארט — צוריק אין חדר אריין זיך בעריהמען פאר אלע יונגלעך, וואס פאר א מין מלבושים׳לעך מע נייהט מיר אויף פסח: א קאפאטקעלע פון הינטען מיט א שפאלט און מיט א קעשענע! און שטיוועלעך מיט סקריפקעס! מיט סקריפקעס! סקריפקעס!...

ד.

— מאמע, איך בין פריי! — קום איך צו לויפען אהיים א פאר טאג פאר פסח און זאג איהר אן א בשורה, אז מע האט אונז צעלאזט פונ׳ם חדר.

— א גדולה אויף דער באבע! זאלסט דערלעבען אנזאגען בעסערע בשורות! — ענטפערט די מאמע, וואס איז פערטארעראמט מיט׳ן פסח. זי האט אונטערגעבונדעןביידע דיענסטען מיט ווייסע פעטשיילעס און געגעבען זיי בערשטלעך, בעזעמס מיט פלעדערווישען אין די הענד אריין, און אליין האט זי זיך אויך אונטערגעבונדען מיט א ווייסער פעטשיילע, און אלע דריי רייניגען און שמירען, וואשען און רייבען, שייערען און כשר׳ען אויף פסח. איך קאן מיר קיין ארט נישט געפינען. וואו איך זיץ און וואו איך שטעה און וואו איך געה — איז שלעכט.

— אוועק מיט די חמצ׳דיגע מלבושים פון דער פסח׳יגער שאפע! — טהוט די מאמע אויף מיר א געשריי מיט אזא אימפעט, גלייך ווי איך וואלט געגאנגען מיט פייער ארום פולווער.

— פאוואלי, אט טרעטסט דו אן אויף א פסח׳יגען זאק!

— אהינצוצו זאָלסט דו גאָר אפילו ניט קוקען — דאָרטען שטעהט דער פסח'יגער באָרשט!...

איך דרעה מיך ארום פון איין אָרט אינ'ם אנדערען, פּלאָנטע מיך אונטער די פיס. איך חאַפּ אַ שטורך, אַ זעץ, אַ שליידער.

— איינגעזונקען זאָל ווערען דער רבי דיינער! קראַנק געווען אייך האַלטען אין חדר נאָך אַ טאָג! ניט זאָלסט זיך דאַרפען ארומ־דרעהען, ווי אַ סאַוואָלע, טאָמער איז ווינציג ארבייט טאָמער! ביי לייטען קינדער זיצען אויף איין אָרט זיצען זיי... קראַנק אזא בחור'על פון כמעט דאָס נייענטע יאָהר נעמען עפּיס טהון, איבער־חזר'ען נאָך אַ מאָל די פיער קשיות?

— מאַמע, — זאָג איך — איך קען זיי שוין אויף אויסווענינ!

— אַ גדולה! — זאָגט די מאַמע. — קאָסט קאַרג געלט קאָסט דו?...

קוים מיט צרות דערלעבט דעם אויפדערנאַכט, וואָס דער טאַטע געהט ארום מיט אַ ליכטעל, מיט אַ הילצערנעם לעפעל און מיט אַ פלעדערוויש און איז בודק חמץ, און איך העלף איהם זוכען די שטיקלעך ברויט, וואָס ער אליין טאַקי האָט זיי צוגעגרייט אויף אלע פענסטער... „סך הכל איין מעת־לעת, — טראַכט איך מיר — נאָך איין נאַכט און איין טאָג — און איך וועל מיך אָנטהון יום־טוב'דיג, ווי אַ פרינץ, אַ נייע קאַפּאָטקעלע מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ קעשענע פון הינטען, און די שטיוועלעך וועלען סקריפּען!... וועט מיך די מאַמע מסתמא פרעגען: „וואָס איז דאָס פאַר אַ סקריפּעריי?“ וועל איך זיך מאַכען כלומרשט ווי איך וויים ניט פון וואָס צו זאָגען... היינט דער סדר, די פיער קשיות, ארבע כוסות, און די פסח'יגע מאכלים: לאַטקעס, און קניידלעך, און קוגעלעך, און חרעמזלעך“... איך דערמאָן מיך אָן די מאכלים, און עס הויבט מיר אָן צו ציהען דאָס האַרץ. איך האָב אַ גאַנצען טאָג כמעט גאָרנישט געגעסען.

— לייען־אָפּ קריאת־שמע — זאָגט צו מיר די מאַמע — און געה לעג זיך שלאָפען. היינט עסט מען נישט קיין וועטשערע: ס'איז ערב פסח...

איך לעג זיך שלאָפֿען, און עס חלומ׳ט זיך מיר, אַז ס׳איז שוין פּסח... איך געה מיט׳ן טאַטען אין שוהל אַריין דאַוונען... מיינע נייע מלבושימ׳לעך קנאַקען... מיינע שטיוועלעך סקריפּען: סקריפּ! סקריפּ! סקריפּ!... „ווער געהט דאָס?“ — פֿרעגען פֿרעמדע מענשען. — „דאָס איז מאָטעל משה־חיים אברהם־הערש ראובן׳ס יונגעל“... פּלוצים — איך ווייס ניט פֿון וואַנען עס נעמט זיך אַ שוואַרצער, אַ קודלאַטער הונד און פּאַלט־אָן אויף מיר „האַוו־האַוו“ און האַפּט מיך פֿאַר׳ן קאַפּאָטקעלע... שטעהט דער טאַטע און האָט מורא צוגעהן, און מאַכט מיט די הענד און שרייט: „פּאַשאָל! פּאַשאָל!“... הערט איהם ניט דער הונד און רייסט מיך פֿון הינטען, סאַמע ביי׳ם שפּאַלט, סאַמע ביי דער קעשענע, און רייסט מיר אָפּ אַ האַלב קאַפּאָטקעלע און וויל אַנטלויפֿען... לויף איך איהם נאָך מיט כחות און פֿערליר אַ שטיוועלע, און בלייב שטעהן אין דער בלאָטע מיט איין שטיוועלע און מיט איין באָרפֿוס... הויב איך אָן וויינען און שרייען: „גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!“... און איך כאַפּ מיך אויף און דערזעה אונזער דיענסט־מיידעל ביילה שטעהט נעבען מיר, רייסט פֿון מיר די קאָלדרע און שלעפּט מיך פֿאַר אַ פֿוס:

— זעה נאָר, ווי מע קאָן איהם נישט דערוועקען! שטעה שוין אויף! די מאַמע האָט געהייסען, מע זאָל דיך אויפֿוועקען. מע באַדאַרף אַרויסטראָגען דעם לעצטען חמץ!...

ה.

דער טאַטע וואַרפֿט־אַריין דעם הילצערנעם לעפֿעל מיט׳ן פֿלעדערוויש אין אויווען אַריין און פֿערברענט דעם חמץ... אין שטוב ווערד פּסח׳יג... אומעטום איז ריין, אומעטום איז כשר... דער טיש איז גרייט... די ארבע כוסות שמייכלען צו מיר פֿון דער ווייטען... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה וועט ווערען פּסח... אָט־אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה, וועל איך מיך אָנטהון יום־טוב׳דיג... נאָר ביז דער שניידער מיט׳ן שוסטער וועלען מיר ברענגען מיין יום־טוב׳־

דיגען אָנטהון מאַכט מיך דערוויילע די מאַמע פסח׳יג: זי צוואָגט מיר אויס דאָס קעפּעל מיט היים זודיג וואַסער און מיט אַ געלעכעל פון איין איי. זי קעמט מיך און רייסט מיר די האָר; קנייטש איך זיך, שענקט זי מיר אַלע מאָל אַ שטורך מיט׳ן עלענבויגען, אָדער אַ פּאַטש:

— דו וועסט ניט אויפהערען דרעהען זיך, ווי אַ וואָרעם?... אַ קינד זאָל ניט קאָנען איינשטעהן! מע טהוט איהם גוטס, איז ער נאָך ניט צופריעדען!...

איבערגעקומען, ברוך השם, דאָס צוואָגען אויך, זיץ איך מיר אין איין העמדעל ביי׳ם טיש און וואַרט אויף מיינע נייע מלבושימ׳־לעך און בעטראַכט דעם טאַטען, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פונ׳ם מרחץ מיט נאַסע פּאות נאָך. ער זיצט איבער אַ גראָבען ספר און לערענט שטילערהייד מיט אַ ניגון פון דער גמרא און שאָקעלט זיך:

— „לצורך מרור נוהגין — צוליעב מרור איז מען זיך נוהג, לקחת תמכא — נעמען חריין, וכיון שהוא חריף — און מחמת ער איז האַרבליך, יכולין לפררו בריבאייזען — קאָן מען איהם אָנרייבען אויף אַ ריב־אייזען“...

איך קוק אויפ׳ן טאַטען, און עס מאָהלט זיך מיר אויס, אַז נאָך אַזאַ איין עהרליכער איד, ווי דער טאַטע, איז ניטאָ אויף דער וועלט, אַז נאָך אַזאַ כשר׳ער פּסח, ווי ביי אונז, איז ניטאָ אין ערגיץ, אַז נאָך אַזעלכע מלבושימ׳לעך, ווי ביי מיר, וועט ניט זיין ביי קיי־נעם! נאָר למאַי ברענגט מען זיי נאָך ניט? וואָס איז די מעשה? טאָמער זענען זיי חלילה ניט פאַרטיג אויף פּסח — דאָס וויל איך גאָר נישט נעמען אויפ׳ן קאָפּ! ווי אַזוי וועל איך געהן אין שוהל אריין? וואָס וועלען זאָגען מיינע חברים? ווי אַזוי וועל איך מיך זעצען צום סדר? די שעה זאָל גאָר ניט זיין, איך וועל דאָס גאָר ניט איבערטראָגען!...

אזוי ווי איך זיץ פערטיפט אין די טרויעריגע מחשבות, עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין ישראל דער שניידער מיט דער ארבייט. פאר גרויס שמחה חאפ איך מיך אויף, טהו א שפרונג און א פאל מיט'ן בענקעל אינאיינעם, שיער ניט געבראָכען האלז־און־נאקען. לויפט־אריין די מאמע פון קיך מיט א פסח'יגען שמאלץ־לעפעל אין האנד.

— וואָס האָט דאָס אזא קלאפ געגעבען וואָס? ווער איז דאָס געפאלען ווער? ס'איז דו, ברענען זאָלסט דו ניט אויפ'ן פייער? א רוח, א שד, ניט קיין קינד! האסט דו זיך חלילה ניט א זעץ געטהאָן ערגיץ, חלילה? א מצוה אויף דיר! לויף ניט, שפרינג ניט! גייה ווי א מענטש!...

און צו ישראל'ען זאָגט זי:

— איהר האלט וואָרט, רב ישראל! און איך האָב שוין געוואָלט שיקען צו אייך!

ישראל טהוט א האלבען שמייכעל און א מאך מיט דער האנד, ווי איינער רעדט: „א שענע מעשה, כלעבען! איך זאָל נאָך ניט האלטען קיין וואָרט?"...

די מאמע לעגט־אוועק דעם שמאלץ־לעפעל און העלפט מיר אריינקריכען אין די נייע הויזלעך אריין, טהוט מיר אָן דאָס ציי־צענע ארבע־כנפות'על, וואָס זי אליין האָט מיר אויפגענייהט אויף פסח, און פון אויבען טהוט זי מיר אָן דאָס קאפאטקעלע, און איז צופריערען, וואָס ס'איז גענוג גראָם און „פראָסטאָרנע"...

איך טהו מיך א טאפ פון הינטען — א צרה, א שלאק: נישטא קיין סימן פון קיין שפאלט און פון קיין קעשענע! פערנייהט, גלאט און גאנץ, ארום און ארום!...

— וואָס איז דאָס פאר א קישקע? — רופט זיך אָן פלוצים די מאמע צו ישראל דעם טויבען און דרעהט מיך אויף אלע זייטען.

ישׂראל דער טויבער נעמט־אַרויס דאָס ראָזשיקעל, בויגט־אויס דעם פינגער, שיט־אָן אַ בערגעלע טאַבעקע און ציהט־אַריין אין נאָז אַריין.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קישקע? — זאָגט די מאַמע נאָך אַ מאָל און טהוט מיך אַ דרעה.

— וואו האָט איהר אַ קישקע? — זאָגט ישׂראל און טהוט מיך אַ דרעה צוריק. — דאָס איז דער „פּאַלבאָם". איהר האָט דאָך גע־בעטען אַ „פּאַלבאָם" זאָל זיין. איהר האָט שוין פאַרגעסען?

— אַ שענער פּאַלבאָם! — זאָגט די מאַמע און טהוט מיך אַ דרעה. — אַ בייזע ווייסטע חלשות! פע, אַ בזיון! כלעבען, אַ בזיון!

ישׂראל פאַלט, חס ושלום, ביי זיך ניט אַראָפּ. ער בעטראַכט מיך פון אויבען ביז אַראָפּ, ווי אַ פּראָפעסאָר, און זאָגט, אַז עס ליגט אויסגעצייכענט גוט, מע בעדאַרף גאָר ניט בעסער! „אַזאַ איין אַרבייט מאַכט מען ניט אפילו אין פּאַריזש! דאָס קאַפּאָטקעלע זינגט, ווי איך בין אַ איד, סע זינגט!"...

— געפעלט דיר דאָס זינגען, וואָס סע זינגט? — זאָגט די מאַמע און פיהרט מיך צו צום טאַטען. — וואָס זאָגסט דו אויף דעם געזאַנג?

דער טאַטע דרעהט מיך אויף אַלע זייטען, בעטראַכט דאָס קאַ־פּאָטקעלע און געפינט, אַז די הויזלעך זענען יאָ אַביסעל צו לאַנג־ליך...

ישׂראל נעמט־אַרויס דאָס ראָזשיקעל און איז מכבד דעם טאַ־טען מיט אַ שמעק טאַבעקע.

— צו לאַנגליך די הויזען, רב ישׂראל!

— האַ?... וואָס?... לאַנגליך, זאָגט איהר? ווייסט איהר ניט וואָס מע טהוט? פאַרקאַטשעט מען זיי.

— זענט איהר אפשר אויך גערעכט. — זאָגט דער טאַטע. — וואָס זשע טהוט מען אָבער, אַז זיי זענען אַביסעל צו ברייט. ווייזען אויס, ווי צוויי זעק?

— א חסרון — די כלה איז צו שען! — מאַכט ישראל און ציהט־אריין א בערגעלע טאַבאַקע אין נאָז אריין. — ברייט, זאָגט איהר? שמאָל איז ערגער, טויזענד מאָל ערגער!...

איך הער נישט אויף צו טאַפּען זיך פון הינטען: איך זוך דעם שפּאַלט מיט דער קעשענע.

— וואָס זוכסטו דאָרטען? — זאָגט צו מיר די מאַמע. — דעם נעכטיגען טאָג?

„אַלטער ליגנער! — טראַכט איך מיר און קוק אויף ישראל'ען, ווי א גזלן. — טויבער לאָך, א רוח אין דיין טאַטען אריין!"...

— פאַרנייץ געזונטו! — זאָגט צו מיר ישראל דער טויבער און צערעכענט זיך פאַר דער ארבייט, און דער טאַטע נעמט זיך צוריק צום שלחן־ערוך און לערענט מיט'ן זעלבען ניגון:

— „ מ י ש ש כ ח — ווער עס האָט פאַרגעסען, ל א כ ז ל א פ י ק ו מ ן — צו עסען דעם אפיקומן"...

— טראָג געזונטו! — זאָגט צו מיר די מאַמע, אז ישראל דער שניידער געהט אַוועק, און זי הערט זיך ניט אויף צו שפּיעגלען אין מיין קאַפּאָטקעלע. — דו זאָלסט זיך נאָר ניט אָנהויבען מיט קיין קונדייסים, ניט שלאָגען זיך מיט קיין שקצים, וועסטו דו דאָס, אם ירצה השם, טראָגען און טראָגען, אבי געזונטו!...

## ו.

— אָט איז רב גדליה אויך! — זאָגט די מאַמע. — מע זאָל דערמאַנען משיח'ן!... פאַרטיג דעם קינד'ס שטיוועלעך?

— נאָך א מין פאַרטיג! — זאָגט גדליה דער שוסטער מיט א טענצעל און טראָגט די אויסגעפּוצטע שטיוועלעך אויף א פינ־גער, ווי מע טראָגט אויף א שטענגעל פרישע יאַפּעלדיגע פיש, נאָר־וואָס געחאַפּט פון'ם טייך. — ס'איז דיר נאָר איין אקציע מיט זיי!... די גאַנצע וועלט וויל אויף פסח זאָל זיין פאַרטיג! איך

האָב געאַרבייט מיט דער גאַל, באַדאַי נישט געשלאָפען אַ נאַכט!... איך, אַז איך געב אַ וואָרט, מעג דונערען און בליצען!...

די מאַמע מעסט מיר אָן די שטיוועלעך, טאַפּט מיך און קוועטש מיך און פרעגט מיך, צי פיהל איך ניט חס וחלילה, אַז עס זאָל מיך ערגיץ קוועטשען?

— קוועטשען? — זאָגט גדליה. — מיר דאַכט, אַז אין די שטיוועלעך קאָנען אַריין נאָך אַ פּאָר פיסלעך, ווי ביי אייער זוהן.

— אַנו, שטעל זיך אַקאָרשט אַנידער אויף דער ערד! — זאָגט די מאַמע.

איך שטעל זיך אַנידער און קוועטש די פּאָדעשוועס, איך וויל הערען, ווי זיי סקריפּען — ווער? וואָס? וועמען? קיין פּיפּס הערט מען פון זיי ניט!...

— וואָס קוועטשט דו אַזוי? — זאָגט צו מיר די מאַמע. — האָב צייט, דאָס יאָהר איז נאָך גענוג גרויס! איך בין דיר ערב, אַז דו וועסט זיי, אם ירצה השם, צערייסען ביז איבער אַ יאָהר פּסח!... אַצינד געה זיך דורך מיט'ן טאַטען צו יחיאל דעם קערזשנער, וועט מען דיר אויסקלויבען אַ קאַשקעטעל אויף יום־טוב; נאָר פּאַוואָלי די שטיוועלעך! קלאַפּ ניט אַזוי מיט די פּאָדעשוועס, זיי זענען ניט פון אייזען!...

יחיאל דער קערזשנער זיצט די אַנדערע שטוב פון אונז. מיר חאַפּען זיך אַריין דורכ'ן הויף צו איהם אין קלייט אַריין.

יחיאל איז אַ איד פון געבאָרען דוקא אַ ווייסער, מיט ווייסע האָר; נאָר אַזוי ווי ער האָט שטענדיג צו טהון מיט שוואַרצע געפאַרבטע היטלען, איז ער שטענדיג ווי אויסגעשמירט אין סאַזשע; די נאָז איז ביי איהם תמיד פוןביידע זייטען פערבלאָווט, און די פינגער זענען ווי איינגעטונקען אין טינט.

— ברוך־הבא, אַ שכן, סקאָצעל קומט! — מאַכט צו אונז יחיאל דער קערזשנער גאָר פריינדליך. — פאַר וועמען ווילט איהר דאָס אַ קאַשקעט אויף יום־טוב? פאַר זיך אַליין טאַקי, צי פאַר אייער יונגעל?

— פאַר מיין ז ו ה ן. — זאָגט דער טאַטע מיט גדלות. — נאָר איהר זאָלט מיר ווייזען עפּיס רעכטס... עפּיס אַזעלכעס... איהר פאַרשטעהט?...

— דהיינו? — פרעגט יחיאל און קוקט אויף די פּאָליצעס.

— דהיינו, — זאָגט דער טאַטע און ווייזט איהם אויף די הענד — ס'זאָל זיין אי פיין, אי שען, אי גוט, אי וואָלוועל, אי אַזוי... איהר פאַרשטעהט?

— האָב איך פון אייערטוועגען פונקט דאָס, וואָס איהר באַ־דאַרפט! — מאַכט יחיאל און טהוט אַ חאַפּ פון דער פּאָליצע עט־ליכע היטעלעך מיט אַ מאָל, און איטליכס היטעלע, בשעת ער טהוט דאָס אַ נעם אויף דער האַנד, טהוט זיך דאָס ביי איהם אַ דרעה אַליין פון זיך, עפּיס טאַקי נאָר ווי דורך אַ כשוף!... אַלע מינוט מעסט ער מיר אָן איין אַנדער היטעלע, טרעט־אָפּ אויף אַ האַלב אַרשין, טהוט מיר אַ קוק אין פּנים אַריין מיט אַ שמייכעלע און אַ זאָג צום טאַטען:

— לאָמיר האָבען אַזאַ יאָהר, ווי סע פּאַסט איהם! האַ? ווי געפעלט אייך אַ היטעלע? שוין איין מאָל אַ היטעלע!

— ניין, רב יחיאל, נישט דאָס מיין איך! — זאָגט דער טאַטע און ווייזט איהם אויף די פינגער. — איך וואָלט וועלען אַ מין קאַש־קעטעל אַזעלכעס, ס'זאָל זיין, איהר פאַרשטעהט, אַ מין אידיש טאַ־קי, נאָר מיט דער מאָדע, אָהן צאַצקעס, בעל־הבתיש, און און און... איהר פאַרשטעהט?

— זאָגט זשע אַזוי! — מאַכט יחיאל און חאַפּט־אַראָפּ מיט אַ לאַנגען שטעקען פון דער אויבערשטער פּאָליצע אַ קאַשקעטעל, אַ האַלב־קיילעכיגס, אַ קאָלירענדיגס, מיט קעסטעלעך, מיט אַ ווייך דאַשעקעל, און טראָגט דאָס צו אויף איין פינגער, און עס דרעהט זיך ביי איהם גיך־גיך, ווי אַ מיהלכעל... פּאַוואָלינקע טהוט ער דאָס מיר אָן אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, קוים וואָס ער ריהרט זיך צו, גלייך ווי מיין קאָפּ וואָלט געווען פון דין גלאָז און ער האָט מורא, ער זאָל זיך ניט צעברעכען, און ער ווינשט זיך אַזאַ יאָהר, אַזאַ מזל, ווי

דאָס קאַשקעטעל פּאַסט מיר! ס'איז מעהר נישטאָ ביי איהם, זאָגט ער, ווי דאָס איינס, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס!... דער טאַטע דינגט זיך מיט איהם לאַנג־לאַנג; יחיאל שווערט זיך, אַז נאָר צוליעב אונז גיט ער דאָס אַוועק אַזוי וואָלוועל, כמעט אונ־טער'ן קרן, ער זאָל אַזוי האָבען אַ כשר'ען פּסח און אַלדאָס גוטס!...

איך זעה, אַז דעם טאַטען איז דאָס קאַשקעטעל שטאַרק גע־פעלען, מחמת ער געהט צו אַלע מאָל, שפּיעגעלט זיך אין דעם, טהוט מיר אַ גלעט די פּאה'לעך...

— ער זאָל חאָטש איבערטראָגען דעם זומער. — זאָגט דער טאַטע.

— צוויי זומערען! — זאָגט יחיאל און שפּרינגט־אונטער צום טאַטען. — דריי זומערען! אַזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַ קאַש־קעטעל דאָס איז! פאַרניץ געזונט!...

ביז איך קום אַריין אין שטוב אַריין איז שוין דאָס קאַשקעטעל ביי מיר אויף די אויהערען. איך פיהל, אַז ס'איז אויף מיר אַביסעל צו גרויס.

— אָהן איין אומגליק. אַבי ס'איז נישט ענג! — זאָגט די מאַמע און רוקט דאָס מיר אָן כמעט ביז דער נאָז. — זאָלסט דאָס נאָר נישט אויסטהון אַלע מינוט און אָנטהון צוריק! זאָלסט ניט טאַפּען מיט די הענט!... טראָג געזונט!...

ז.

געקומען מיט'ן טאַטען פאַר־נאַכט אין שוהל אַריין דאַוונען, טרעף איך שוין דאָרטען אַלע מיינע חברים: איציק און בערעל, און לייבעל, און אייזיק, און צדוק, און וועלוועל, און שמעיה, און קאָפּעל, און מאיר'על, און חיים־שלום, און שכנא, און שעפּסעל, און נאָך און נאָך. אַלע געהען אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג. אַלע מיט נייע קאַפּאָטקעלעך, אַלע מיט נייע שטיוועלעך, נייע קאַשקעטלעך. נאָר קיינער טראָגט ניט אַזאַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ „פּאַלבאָם",

ווי איך, קיינער געהט ניט אין אזעלכע „שטיוואלעס“, ווי איך, און ביי קיינעם זעה איך ניט אזא מין משונה מאָדנע קאַשקעט, ווי ביי מיר... פון שפּאַלטען, פון קעשענעס און פון סקריפּקעס רעד איך שוין ניט; מע האָט מיך רעכט אָפּגענאַרט, אָנגעטהאָן אַ ספּאָ־דעק!...

חברה האָבען מיך בעגעגענט מיט אַ געלעכטער:

— אָט דאָס זענען דיינע נייע בגדים'לעך, וואָס דו האָסט זיך אַזוי בעריהמט? וואו איז דיין שפּאַלט פון הינטען? וואו איז דיין קעשענע, וואָס דו האָסט געזאָגט? פאַר וואָס הערט מען עפּיס ניט דיינע שטיוועלעך זאָלען סקריפּען?...

געננוג ס'איז מיר אַזוי אויך שווער אויפ'ן הארצען, זאָלצען זיי מיר נאָך אויף די וואונדען! איטליכער זאָגט אויף מיר איין אַנדער שטעכווערטעל:

איציק זאָגט: וואָס איז דאָס ביי דיר פאַר אַ קאַפּאָטוכע?
בערעל: אַ חאַלאַט!
לייבעל: אַ חלאַמידע!
אייזיק: אַ חלאַמינדריק!
צדוק: אַ זשיפּעצי!
וועלוועל: אַ קליידעל!
שמעיה: אַ קראַנאַלינע!
קאָפּעל: זעה נאָר אַ פּאָר תחתונים מיט צוויי „טשאַבעטעס“!
מאיר'על: און אַ קאַשקעאוט!
חיים־שלום: אַ קאַטערוכע!
שכנא: אַ לאַקשענטאָפּ!
שעפּסעל: אַ פּאָמעניצע!...

איך בין אַזוי צעקאָכט, אַז איך הער אַפילו נישט הערש־בער דעם חזן, ווי שען ער דאַווענט... איך קום צו זיך נאָר דעמאָלט, ווען דער עולם זאָגט שוין איינער דעם אַנדערען „אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב! אַ גוט יום־טוב!“... מיט אַ שווער געמיטה און מיט אַ פערקלעהמט הארץ געה איך מיט'ן טאַטען אהיים, קוים וואָס איך

שלעפּ די פּיס. עס ברענט אַ פייער אין מיין האַרצען! עס געהט מיר נישט איין די אַרבע כוסות, וואָס מיר וועלען באַלד טרינקען, די פיער קשיות, וואָס איך וועל פרעגען דעם טאַטען, די הגדה, וואָס מיר וועלען זאָגען, די גוטע געפעפערטע פיש, וואָס מיר וועלען עסען מיט אונטערגעווייקטער מצה, די הייסע קניידלעך, די חרעמז־לעך מיט די פּאַלירטשיקעס, מיט די אַלע איבעריגע גוטע זאַכען — אַלץ, אַלץ איז מיר נישט ליעב, נמאס, פערשטעהרט, פער־שטעהרט!...

* * *

ביי'ם סדר זיצט דער טאַטע, דער „מלך", אין אַ ווייסען קי־טעל מיט דעם סאַמעטענעם קאַשקעט אויפ'ן קאָפּ, אויבען־אָן, אויף דעם הסב־בעט. נעבען איהם זיצט די מאַמע, די „מלכה", מיט דעם אַנטיקמאָרענעם קלייד, מיט דער זיידענער פעטשיילע און מיט די שענע פּערעלעך, וואָס געבען איהר צו זעהר פיעל חן. אַקעגען זיי זיץ איך, דער בן־מלך, דער „פּרינץ", אָנגעטהאָן אין גאַלע נייעם פון קאָפּ ביז פּיס. פון איין זייט זיצט ביילה דאָס דיענסט־מיידעל, אָנגעטהאָן מיט אַ נייער ציצענער „פּלאַטי" און מיט אַ ווייסען אָנגע־קראָכמאַלעטען פאַרטוך, וואָס קנאַקט און טרישטשעט, ווי אַ מצה. פון דער אַנדערער זייט זיצט די אידינע די קעכין, ברײינע מיט די וואָנצים, מיט אַ נייער געלער פעטשיילע אויפ'ן קאָפּ; זי האַלט זיך צו דאָס פּנים מיט איין האַנד און שאָקעלט זיך. זי איז אָנ־געברייט צו „האָרכען" די הגדה...

— כ ה א ל ח מ א ע נ י א, — זינגט דער מלך מיט זעהר אַ שענער שטימע, און די מלכה העלפט איהם הויבען די שיסעל, און דאָס פּנים שיינט איהר און לייכט, ווי אַ שטערן. ביילה לאָזט־אַראָפּ די רויטע הענד אויפ'ן ווייסען פאַרטוך, און דער פאַרטוך שעלעשטשעט, ווי אַ בלאַט. ברײינע דערהערט אַ אידיש וואָרט, מאַכט זי אַ פרום פּנים און פערקרימט זיך אויף צו וויינען. אַלע זענען אויפגעלעגט, אַלע זענען יום־טוב'דיג, נאָר דער פּרינץ איז

עפּים נישט מיט אַלעמען. דאָס האַרץ איז איהם פערשטיינערט, די אויגען פערצויגען מיט אַ רויכעל. ס׳זאָל ניט זיין פּסח צום סדר, וואָלט ער זיך צעוויינט. און אז ער וואָלט זיך אויסגעוויינט, וואָלט איהם אפשר געוואָרען אַביסעל גרינגער...

— ה ש ת א ע ב ד י — לאָזט־אויס דער מלך מיט אַ ניגון און מיט גרויס גדלות — היינט זענען מיר קנעכט, ל ש נ ה ה ב א ה פ נ י ־ ח ו ר י ן — איבער אַ יאָהר זענען מיר פרייע מענטשען!...

דער מלך זעצט זיך אַנידער און שפּאַרט זיך אָן אויף דעם הסב־בעט. נאָך איהם זעצען זיך אַנידער אַלע אויף זייערע ערטער און מע וואַרט, ביז דער פּרינץ וועט אויפשטעהן און וועט פרעגען די פיער־קשיות: „מה נשתנה?“ — וועט דער מלך נאָכדעם ענטפערען אַ תירוץ: „עבדים היינו“... דער פּרינץ זיצט אָבער, ווי צוגעקאָוועט צום בענקעל: ער קאָן זיך ניט ריהרען פונ׳ם אָרט.

— נו?... — טהוט אַ מאַך דער מלך מיט דער האַנד.

— שטעה אויף! — זאָגט די מלכה. — פרעג דעם טאַטען די פיער קשיות!

דער פּרינץ ריהרט זיך ניט. ער פיהלט, אַז עמיצער האָט איהם אָנגענומען ווי מיט איין אָפּצווייגנגע ביי׳ם גאָרגעל און וואַרגט איהם. דער קאָפּ בויגט זיך איהם אויף אַ זייט. די אויגען הויבען איהם אָן שפּרינגען — שפּרינגען; עס טיילען זיך אָפּ צוויי קיילעכיגע טרערען, ווי פּערעלעך, קויקלען זיך איבער די בעקלעך און קאַפּען, פאַלען גלייך אויף דער הגדה.

— וואָס איז דיר? וואָס איז דאָס פאַר אַ געוויין פּלוצים, אין מיטען דערינען, ביי׳ם סדר? — צעשרייט זיך די מלכה און ווערד אין כעס. — דאָס דאַנקסט דו אזוי אָפּ פאַר די נייע מלבושימ׳לעך, וואָס מע האָט דיר געמאַכט אויף יום־טוב?

דער פרינץ וויל אויפהערען וויינען, קאָן ער נישט; עס קוועטשט איהם, עס שטיקט איהם. עס האָט זיך איהם מיט אַ מאָל געעפענט אַ קוואַל, אַ גאַנצער ברונען.

— זאָג, וואָס איז דיר? וואָס טהוט דיר וועה? וואָס שווייגסט דו? ענטפער! צי דו ווילסט, דער טאַטע זאָל דיך אַנידערלעגען און אַריינפיצקען לכבוד פסח?...

שטעהט־אויף דער פרינץ און פּלאָנטעט מיט דער צונג:

— קשיא, איך וועל דיך פרעגען פיער טאַטעס... מיין איך — טאַטע, איך וועל דיך פרעגען פיער... קש... קש...

דעם פרינץ ווערען אונטערגעהאַקט די פיס, און ער פאַלט מיט'ן קאָפ אויפ'ן ווייסען טישטוך און וויינט און חליפּעט, ווי אַ פיצע־לע קינד...

אַ פערשטעהרטער, אַ פערשטעהרטער פסח!...

# ל״ג־בעומר

א.

— אנו, קומט נאר אהער, קינדער, איך באדארף אייך עפּים זאגען א נייעס! — אזוי רופט זיך אן צו אונז א טאג פאר ל״ג־בעומר דער רבי רב יודעל מלאך־המות, און מיר שטעלען־אויף מויל און אויהערען, וואס וועט אונז עפּים דער רבי זאגען פאר א „נייעס“?

איך זעה, ווייסע־חברה׳ניקעס, אז איהר ווילט, איך זאל אייך דא אפּמאהלען מיין רבי׳ן, וואס פאר א פּנים ער האט — טהו איך אייך צוליעב; נאר בתנאי, איהר זאלט מיך ניט קוועטשען, פאר וואס מע האט איהם גערופען מיט׳ן נאמען „מלאך־המות“. א קלוג יונגעלע וועט זיך אליין שטויסען פאר וואס: מחמת מיר האבען פאר איהם מורא געהאט, ווי פאר א מלאך־המות. וועט איהר דאך פרעגען: פ א ר ו ו א ס האבען מיר פאר איהם מורא געהאט, ווי פאר א מלאך־המות? מחמת ער פלעגט אונז שמייסען מיט אייזערנע ריטער ביז בלוט זאל געהן. אי, פאר וואס האט ער אונז געשמיסען מיט אייזערנע ריטער ביז בלוט זאל געהן? — מסתמא האבען מיר פערדיענט; מיר האבען נישט געוואלט לערנען... למאי האבען מיר נישט געוואלט לערנען? מסתמא זענען מיר געוועזן גרויסע שקצים... הקיצור, ס׳איז דאך א מעשה אהן א סוף — מע האט איהם גערופען „רב יודעל מלאך־המות“, און זייט זיכער, אז ער האט דעם נאמען פערדיענט כשר, חאטש אויסזעהען האט ער אויסגעזעהען דוקא נישט ווי א מלאך־המות: א קליינס, א נידעריגס,

א טרוקענס, ווי א גרוגרת דרבי צדוק, ווי א פייג הייסט דאָס; דאָס פּנים טונקעל־גרין־געלבליך, ווי א פּאר־א־יאָהריגער לולב, און געקנייטשט, ווי א מצה שמורה; די באַקען איינגעפאַלען; א בער־דעל קוים־קוים וואָס סע שפּראָצט, אי דאָס — נאָר ערטערווייז; א נאָז, זעהט איהר, גראָד א היבשע; הויבט זיך אָן דין און לאָזט זיך אויס גראָב, און אויסגעבויגען, ווי א שופר; און אין גאָרגעל א קנאָפּ, וואָס גליטשט זיך אַראָפּ און אַרויף, גלייך ווי עס וואָלט אַרומגעלאָפען דאָרטען אינווענינ א מייזעל...

— וואָס פאַר א טאָג האָבען מיר מאָרגען? — פרעגט אונז דער רבי מיט א ניגון, בויגט־איין דעם קאָפּ און מאַכט צו איין אויגעל.

— ל"ג־בעומ־־ר! — שרייען מיר אויס אַלע אין איין קול, ווי די ציעגעלעך, אז זיי שרייען: „מעעע!"...

— וואָס איז ל"ג־בעומר? — פרעגט ער אונז ווייטער מיט'ן אייגענעם נוסח.

— דריי און דרייסיג טאָג אין דער ספירה! — ענטפערען מיר איהם.

— וואָס טהוען חדר־יונגלעך ל"ג־בעומר?

— חדר־יונגלעך ל"ג בעומר לעגען זיך צענויף אַלע אינאיינעם און מאַכען א סעודה.

— וואָס נאָך טהוט מען ל"ג־בעומר?

— מע נעמט די „פּיילענבויגענס" מיט די „ראָדביקסלעך" און מע געהט געוואָפענט מיט כלי־זין און מיט געזאַנג ווייט־ווייט הינטער'ן שטאָדט אַרויס.

— אָט אזוי — רופט זיך אָן דער רבי און עפענט־אויף דאָס אויגעל — אָט אזוי האָב איך אייך ליעב! אָט אזוי זענט איהר וואָהלע יונגלעך! און דערפאַר לאָז איך אייך אָפּ פריי כמעט אויף אַנדערהאַלבען מעת־לעת.

דערהערט דאָס וואָרט „פריי" און נאָך „אויף אַנדערהאַלבען מעת־לעת", טהוען מיר א שטעה־אויף אַלע פון די ערטער און ווי־

לען זיך לאָזען לויפען אהיים; נאָר איין קוק פונ׳ם רבינ׳ס קליינע אויגעלעך איז גענוג, אַז מיר זאָלען בלייבען צוגעקאָוועט צו אונ־זערע ערטער.

— אהא! — רופט זיך אָן דער רבי שוין גאָר מיט איין אַנ־דער נוסח. — זעה נאָר, זעה! שוין פארטיג אויפ׳ן פידפאַליק!? איהר האָט נאָר דערהערט דאָס וואָרט „פריי", האָט איהר שוין פאר־געסען דעם עול פונ׳ם חדר און זענט שוין גרייט צו שפּרינגען, ווי די ווילדע צאפּקעלעך — האָץ־האָץ־האָץ! זאָג איך אייך אָן, טאָמער חלילה... איהר ווייסט דאָך שוין וואָס איך מיין? לאָם איך זעהען אויף עמיצען פון אייך אַ רים אויף דער קאפּאָטע, אָדער אַ דראפּ אויפ׳ן פּנים, אָדער אַזוי עפּיס אַ סימן פון שקצ׳ערייַ, — מאַך איך פון אייך...

דער רבי רב יודעל נעמט־ארויס דעם קאַנטשיק פון דער גמרא „מסכת מכות" און מאַכט צו אונז אַזוי:

— ווייסט איהר וואָס, קינדער? וואָס טויג אונז ווערטער? מוסר? שטראָפעריי? — נאַרישקייטען! איהר וועט דאָך מיך ג ע ו ו י ס ניט פאָלגען, וועל איך דאָך אייך נאָכדעם ג ע ו ו י ס דאַרפען שמייסען; אמעהר, לעגט זיך שוין איינציגווייז אַנידער, לאָם איך אייך געבען לעת־עתה צו עטליכע שמיצלעך, איין אַדערויף הייסט דאָס... אַי וואָס? טאָמער וועט דאָס זיין קארגליך? האָט קיין יסורים ניט: אם ירצה השם, נאָך ל"ג־בעומר וועל איך אייך, נישקשה, פארבעסערען... נו, חברה, מאַכט זשע ניט, איך בעט אייך, קיין לאַנגע שהיות, הויבט־אָן שפּיליען הויזלעך, איין עבירה די ציים, דער טאָג שטעהט ניט!...

און דער רבי בעטראַכט די ריטלעך פונ׳ם קאַנטשיק גאַנץ רוהיג, ווי מע בעטראַכט, אשטייגער, ערב שבת די פאָדעם פון די ציצית אינ׳ם טלית־קטן; ער גלייכט זיי אויס, פּרובט זיך פריהער מיט זיי אַביסעל אויף דער לופט; נאָכדעם שטעהט ער אויף, געהט־צו צו דער לאַנגער באַנק, נעמט אַ גוטען שמעק טאַבעקע און

איז אָנגעברייט צו דער אַרבייט... מיר לאָזען זיך לאַנג נישט בע־
טען, ווי יצחק בשעת אַברהם אָבינו האָט איהם געפיהרט צו דער
עקדה. מיר שטעהען־אויף איינציגווייז און געהען־צו צו דער באַנק,
ציהען־אַראָפּ די הויזלעך און לעגען זיך אַנידער שטיל, אָהן ווער־
טער, דאָס העמדעלע אַרויף, מיט'ן פּנים אַראָפּ, ווי איינער רעדט:
„נאַט אייך, רבי־לעבען, דאָס וואָס איהר האָט געוואָלט"...

— אָט אַזוי, יוסילע, האָב איך דיך ליעב! — מאַכט צו מיר
דער רבי און שענקט מיר עטליכע גרינגע שמיצלעך דערפאַר, וואָס
איך האָב מיך געלעגט דער ערשטער. — אָט אַזוי, קעצעלע: איינס...
צוויי... דריי... פיער... פינף... זעהסט דו? אַיאָ, אַז דער רבי
שמייסט־אָפּ, ווערד מען גאָר אַיין אַנדער מענטש?... אַצינד, מאָ־
טעלע, — מאַכט ער צו מיין ברודער מאָטעל — קום נאָר דו
אַהער!... די „יוסילעך" מיט די „מאָטעלעך" האָב איך ליעב דער־
פאַר, וואָס זיי לאָזען זיך נישט לאַנג בעטען. זיי, אַז מע זאָגט „לעג
זיך", לעגען זיי זיך... שמואליקעל, נשמה מיינע, ליג, ליג, נאַרעלע,
עס וועט לאַנג נישט געדויערען, נישט מעהר זאָל דער אידישער
גלות געדויערען!... און דו, לייבעניו, וואָס געדויערט ביי דיר אַזוי
לאַנג דאָס צעשפּיליען זיך? מאַך עס בקיצור!... אַברהמ'עלע, מיין
טייערס, דיר בין איך שולדיג אַ חוב נאָך פון נעכטען. עס וועט
שוין זיין ביי אונז אינאיינעם איין רעכענונג... שימעלע! וואָס
מאַכט עפּים די ציעג, וואָס דו ביזט געפאָהרען אויף איהר ריי־
טענדיג? דו מיינסט, אַז איך האָב שוין פאַרגעסען?... הערשעל
דער קליינער! זאָג הערשעל דעם גרויסען, ער זאָל זיך מטריח זיין
פאַרקאַטשען דאָס העמדעל; נישקשה, דאָ זענען גאָלע מאַנסבילען...
קום נאָר אַהער, טאָפּעלע טוטאַריטו! האָב קיין פאַראיבעל נים,
וואָס איך בין דיך מכבד מיט „אחרון"; דער טאַטע דיינער דער
שמש איז נישט געוואָהנט געוואָרען צו גרעסערע כיבודים...

אָפּגעשמיסען קאָפּל'ען אויך, גלייכט זיך דער רבי אויס די
ביינער, נעמט זיך מיט'ן גראָבען פינגער ביי'ם גאָרגעל, אויפ'ן
חזנ'ישען שטייגער, און זינגט־אויס מיט'ן ניגון, וואָס מע רופט־אויף

א חתן, און ציקעלט זיך בשעת מעשה, פונקט ווי רב הערש־בער דער חזן:

— יע־עמוד החתן יום־טוב־ליפמאן ברב שלום־אייזיק מפטיר!... נישקשה, שעם זיך ניט, רב ליפא, דו ביזט טאקי א בר־מצוה־יונגעל, און א חתן דערצו, מיט א זייגער און מיט א זילבערנער קאפערטע, נאר פון דעסטוועגן, איינס צום אנדערען געהער זיך ניט אן — לכבוד ל"ג־בעומר מעגסט דו זיך מטריח זיין אנידערלעגען אט דא אויפ׳ן בענקעל. איך וועל דיר חלילה קיין שלעכטס ניט טהון, איך וועל דיר נאר אפשמייסען, מעהר גארנישט!... איך בין דיר ערב, אז ביז דער חתונה וועט זיך פארהיילען... ליפא, ליג גלייך, ליפא, מאך ניט קיין אנשטעלען, איך האב קיין כח ניט צו בארען זיך מיט אזא בחור׳עץ, ווי דו! אט אזוי, לאז אייך וואהל באקומען!... אצינד פארשפיליעט זיך גאנץ פיין, קינדערלעך, וואשט די הענט און דאווענט אייך אפ מנחה און — מארש אהיים. נאר שטיל, פיין, שען, אזוי ווי איך האב ליעב... און, אם ירצה השם, איבערמארגען גאנץ פריה זאלט איהר מיר זיין אט דא אלע אויפ׳ן ארט, נאר ווי עס געהער צו זיין, פיינטשיק! איהר הארכט, וואס מע רעדט צו אייך? לאם איך זעהען אויף עמיצען א שפרינקעלע! א האר!... א גוטע נאכט, געהט געזונט, און האט אייך א פרייליכען יום־טוב!

ב.

אויף מארגען האט גאט ארויסגעצויגען די זון פון איהר פוטער־פאס און האט אונז געשענקט א שענעם, א ליכטיגען, א פרייליכען זומערטאג, איינעם פון יענע שענע ליכטיגע זומערטעג, וואס אפילו אין דעם פינסטערען וויסטען כתרילעווקע, וואס ליגט ביי׳ם טייך „שטונקיילא", איז די לופט שמעקענדיג, פריש, מחיה־נפשות. דער הימעל איז לויטער בלוי. די פויגעלעך זינגען. עס גלוסט זיך אין דרויסען ארויס, אויף דער לופט. עס ציהט אהין, ווייט־ווייט פון

דער בלאָטיגער שטאָדט ארויס, דאָרט, וואו עס שפּראָצט אַ גרעזעלע, און די בוימער זענען בעדעקט מיט גרינע בלעטעלעך, דאָרט, וואו גאָט׳ס פויגעלעך טאַנצען און שפּרינגען, פּישטשען און זינגען... אין יענעם פריהמאָרגען האָבען מיר זיך געחאַפּט, איך און מיין ברודער מאָטעל, אויפשטעהן וואָס פריהער, אָפּדאַוונען וואָס גיכער, נעמען דעם אָנבייסען מיט זיך — און מאַרש צו ליפּא שלום־אַייזיק׳ס! וואָס עפּיס צו ליפּא שלום־אַייזיק׳ס? ווייל, ערשטענס, איז ליפּא שלום־אַייזיק׳ס דער עלטערסטער פון די תלמידים, אַ בר־מצוה־יונגעל, און אַ חתן דערצו, מיט אַ זייגער און מיט אַ זילבערנער קאָפּערטע; און, צווייטענס, איז דאָרט פאַרהאַן אַ הויף אַ גרויסער, וואָס דאָרט פלעגען מיר פערברענגען דעם אַנדערען האַלבען טאָג פרייטאָג, שפּרינגען אויף איין פוס, שפּיעלען אין „קוצי־באַבע“, אין „עקאַך און מקח“, אָדער אין „קאַמערקאַמערהויז“, אָדער אין „באַהעלטערלעך“, אָדער אין „טרעפּעניִשען“...

אַז מיר זענען געקומען, איך און מיין ברודער מאָטעל, צו ליפּא שלום־אַייזיק׳ס, האָבען מיר שוין דאָרטען געטראָפען די גאַנצע חברה (אַרום און אַרום זענען מיר געווען פיער און פערציג פאַרשוין, תלמידים פון צוויי חדרים: פון „רב יודעל מלאך־המות“ און פון „רב אפרים תלין“).

— אָט זענען שוין די „יוסילעך“ מיט די „מאָטעלעך“ אויך דאָ! וויזט, וואָס האָט איהר געבראַכט? — רופט זיך אָן ליפּא שלום־אַייזיק׳ס, און ער הויבט־אָן צענויפנעמען די מתנות, וואָס יעדער האָט געבראַכט צו דער סעודה, און אויסרופען אויף אַ קול איטליכען צום גראַם:

— מענדעל, מע מעג עסען פון דיין פענדעל! אַנו, וויז וואָס האָסט דו דאָרטען? צוויי אייערבייגעל, אַ שטיק לעקאַך, איין איי מיט זעכס גראָשען.

— איציק־שפּיציק, נאָדעל־טעשעל! געה אין קלייט, חאַפּ אַ פלעשעל! עפּיס זעה איך ביי דיר, קיין עין־הרע ניט, אַ גאַנצען אוצר: צוויי קיכלעך, דריי אייער, אַ שטיק דאַרע קישקע, עטליכע

צוקערלעקאכלעך מיט מאנדעלבייגעלעך, און האזענע ניסלעך עפּיס גאר א גוזמא — אהא! און נאך צעהן גראשען דערצו! מאַ־לאַדיעץ!...

— יענקעלע־בענקעלע־פלעשעלע — בול־בול־בול! באווייז זיך ארויס מיט דיין גוטס: א בולקע א גאנצע, א פערטעל עוף, א גלע־זעל גענזענשמאלץ — וואס איז דאס? א פלעשעל מעד? הערסט דו, ביזט דאך עפּיס גאר א מזיק, כלעבען!...

— משה'לע־שטויסעלע, קלאפּ אין שוהל! אלטע ווייבער שלאפען! קום נאר אהער, האסט געבראכט בראנפען? — האב איך דיך ליעב, ווארום וואו האט איהר געזעהען א „סעודה" אהן בראנפען?...

— אבי—פאטער, קלמן — טאטער, טאטער — קלמן, שניאור — זלמן, זלמן — שניאור, שלאף אין שלייער! באווייז, שעם זיך ניט! א האלב איי סך־הכל?... א שטיקעל ברויט מיט האניג?... אויך א מטבע! געב אהער, נישקשה, עס מאכט ניט אויס! דער־רויף איז דאס ל"ג־בעומר, א שותפות'דיגע סעודה!...

— טאפּעלע טוטאריטו! וויין וואס האלטסט דו דארטען? א טאפּיטע מיט א שטיטעל בולטע מיט א טעפּעל טנאבעל? וואס האט דיר די מאמע אזוי ווינציט דערעבען?... — ליפּא שלום־אייזיק'ס מאכט איהם נאך, ווי ער רעדט מיט דער „טוף", און חברה קאטשען זיך פאר געלעכטער, און קאפעל אליין לאכט אויך.

— יואליק־בייליק האט דעם גרעסטען חלק! דו ביזט דאך עפּיס א נגיד'ס א יונגעל, ביי דיר קעהר אודאי זיין א גאנצער אוצר פון ביצים און פון שמאלץ, פון וויין און פון בראנפען און פון כל־טוב! איא, איך האב געטראפען? צוויי בולקעס, א גאנצע האלבע געבראטענע קאטשקע, אהא! א צעהנדליג אייער, און טיי און צוקער. היינט ניסלעך, מיט באקסערען, מיט ראזינקעס מיט מאנדלען, און פּאמעראנצען, און א לימענע אויך — ניט געדאכט זאלסט דו ווערען! קום אהער, לאם איך דיר חאטש זאגען א דאנק!

יואליק דעם נגיד'ס געהט־צו, די הענד אין די קעשענעס, מיט גרויס גדלות, און ליפּא שלום־אייזיק'ס דערלאַנגט איהם אַ שנאַל אין נעזעל אריין. צווישען עולם ווערד אַ געלעכטער.

— אַצינד, קינדער, זעצט זיך אויס אַלע אַט אַ דאָ, צווישען די קלעצער, — זאָגט ליפּא שלום־אייזיק'ס, — לאָמיר זיך אקאַרשט נעמען צו דער סעודה! בראָקט און עסט און „לאָז אייך וואָהל באַקומען", ווי דער רבי זאָגט, אַז ער שמייסט אונז אָפּ... ווער האָט אַ גלעזעל? גיב אַהער, לאָמיר טרינקען לחיים! לחיים, מלך! אַז מע טרינקט, איז מען פריילוך! לחיים, נח! פון פּלע־שעל ציהט מען כח! קום אַהער, ניסעל, נעם בראָנפען אביסעל! לחיים, שעפּסעל! מאַך אַ שנעפּסעל! לחיים, אברהם־משה! דו האָסט דאָך ליעב אַ כוסה אַ גרויסע! לחיים, טאָפּעלע! דאָס זאָל דעבען דעזונד מיט דליט מיט אַלדאָס דוטס! טרינקט־אויס דאָס דאַנצע דלעזעל, אַניט דיס איך דיר אריין אין דאָרדעל מיט דוואַלד, וועסט דו ערדער מאַכען!...

אַלע לאַכען, און קאָפּעל אליין לאַכט אויך.

— קינדער! זאָגט, וואוהין געהען מיר היינטיגס יאָהר? — מהוט אַ פרעג ליפּא שלום־אייזיק'ס נאָך דער סעודה.

עס ווערד אַ געשריי, אַ געפּילדער. איטליכער זאָגט זיין מיי־נונג, וואוהין מע זאָל געהן.

— אויף יענער זייט בית־עולם! — זאָגט מלך דער אלמנה'ס.

— אויף דער ליוואַדע! — מאַכט נח דעם שוחט'ס.

— צו דער ציגעלני! — שרייט־אויס אברהם־משה דעם וויי־נער'ס אויף אַ הילכיג קול.

— צו דער ציגעלני! צו דער ציגעלני! — העלפען איהם אונ־טער עטליכע קולות מיט אַ מאָל.

— דאָרט איז פאַרהאַן הינט, איהר האָט שוין פאַרגעסען? — רופט זיך אָן ניסעל, אַ יונגעל אַ בלייכס מיט איין איבערגעשראָקע־נעם קוק.

— ווער האָרכט זיי? ווער האָט מורא פאַר הינט? — זאָגט יואַליק דעם נגיד'ס מיט שטאַרקייט.

— דו אַליין האָסט מורא פאַר אַ הונט אימת־מות! — האַקט איהם איבער דוד'על־צעהאַקטע־ליפּ.

— נישט פאַר אַ הונט, אַפילו פאַר אַ קאַץ!... — חאַפּט־אונטער שעפּסעל, אַ יונגעל מיט איין אָפּגעבריהטער באַק, און צווישען חברה ווערד אַ געלעכטער.

יואַליק דעם נגיד'ס ווערד אָנגעצונדען, למאַי מע לאַכט פון איהם, געהט ער צו צו שעפּסל'ען מיט דער אָפּגעבריהטער באַק און טראָגט איהם אונטער אַ פייג גלייך אונטער דער נאָז; חאַפּט ער אַ זעץ פון דוד'על־צעהאַקטע־ליפּ אין זייט אַריין; ענטפערט ער צוריק; הויבט ער אָן חאַפּען פעטש פון אַלע זייטען... אין איין אַנדער צייט וואָלט זיך קיינער ניט איינגעשטעלט אַרויסטרעטען פראַנק און פריי קעגען אַ נגיד'ס אַ יונגעל, נאָר ל״ג־בעומר מאַכט נישט אויס, ל״ג־בעומר איז מען פריי...

— שאַט! — רופט זיך אָן ליפּא שלום־איזיק'ס. — גענוג אייך קריעגען זיך! ווייסט איהר, וואוהין מיר זאָלען געהן היינטיגען ל״ג־בעומר?

— וואוהין? וואוהין?

— קיין גאַלאַגאַנאָווקע!

— קיין גאַלאַגאַנאָווקע! קיין גאַלאַגאַנאָווקע! — שרייען אַלע אין איין קול, און אַפילו קאָפּעל קוקאַריקו העלפט קווּיטשען אויף זיין דין קול'כעל: „דאַלאַדאַנאָווטע! דאַלאַדאַנאָווטע!"...

און ס'איז געבליבען, אַז מיר געהען קיין גאַלאַגאַנאָווקע.

## ג.

גאַלאַגאַנאָווקע איז אַ דערפעל, ניט ווייט פון כתרילעווקע. אַז איהר פאָהרט צו אונז קיין כתרילעווקע, מוזט איהר פריהער דורכ־פאָהרען דאָס דאָזיגע דערפעל; אַז איהר פאָהרט־דורך דאָס דאָזיגע

דערפעל, מוזט איהר בעגעגענען א גאַנצע טימשקע מיט קליינע שקצים׳לעך מיט גרויסע היטלען, וואָס לויפען אייך נאָך נאָכ׳ן וואָגען, וואַרפען שטיינדלעך, רייצען־אָן די הינד, מאַכען משוגענע העויות און זינגען בשעת מעשה עפּיס א פּאַסקודנע ליעדעל:

זשיד, זשיד, פּאַרחאַוויק!
זאַהוביוו טשערעוויק!
א יא שאָוו,
טאַי נאַשאָוו,
טאַי פּידניאַוו,
טאַי פּישאָוו...! *

און חאָטש די דאָזיגע ווערטער האָבען נישט קיין טעם און קיין ריח, פון דעסטוועגען פערדריסט דאָס אייך גאַנץ גוט; און נישט אזוי די ווערטער, ווי דאָס געלעכטערעל זייערס; און נישט אזוי דאָס געלעכטערעל, ווי די שטיינדלעך, וואָס זיי וואַרפען; און נישט אזוי די שטיינדלעך, ווי די הינד, וואָס זיי רייצען־אָן אויף אייך...

— וואָס וועלען מיר אָבער טהון, — פרעגט איינער פון אונז — טאָמער חלילה פאַלען־אָן אויף אונז די שקצים׳לעך?

— וואָס האָרכען מיר שקצים׳לעך, — זאָגט ליפּא שלום־אַיי־זיק׳ס — אז מיר זענען, קיין עין־הרע, פיער־און־פערציג פּאַרשוין, אָנגעוואָפּענט מיט כלי־זיין, מיט „פיילענבויגענס“, מיט „ראָדביקס־לעך“ און גלאַט מיט שטעקלעך? אדרבה, לאָזען זיי זיך פּרובען אָנפאַלען אויף אונז!

---

* איד, איד, פארד, האסט פערלארען א שוך! ביז איך געגאנגען, און האב איהם געפונען, און האב איהם אויפגעהויבען, און ביז מיר אוועקגעגאנגען.

— מיר וועלן זיי באווייזן ווער מיר זענען! — זאָגט יואליק דעם נגיד'ס, וואָס האָט גאָר פערגעסן, אז מע האָט איהם נאָר־וואָס אויסגעלאַכט און „אָנגעבובעט".

— מיר וועלן זיין די „בני־ישראל", און זיי וועלן זיין די „פלשתים"! — פאַלט מיין ברודער מאָטעל אויף א המצאה, און דאָס געפעלט אַלעמען.

— איהר זאָלט מיך וועלן פאָלגען, — לעגט־פאָר חיים, א גמרא־יונגעל פון רב אפרים תלין'ס חדר — וואָלטען מיר זיך באַדארפט איינטיילען אין צוויי מחנות: איין מחנה וועט הייסען „יהודה" און די אַנדערע — „אפרים". לאָז ליפּא שלום־אייזיק'ס זיין דער פיהרער פון דער „מחנה יהודה", דאָס הייסט, פון „יודעל מלאך־המות'עס" חדר, און מענדעל לאָשעק וועט זיין דער פיהרער פון דער „מחנה אפרים", דאָס הייסט, פון „אפרים תלין'ס" חדר.

— גערעכט, ווי איך בין א איד! — העלפען איהם אונטער עטליכע מיט א מאָל. — יעקב אָבינו, בשעת ער איז געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט עשו'ען, האָט אויך אזוי געטהאָן; ער האָט זיך געטראַכט: טאָמער פאַלט־אָן דער שונא און צעשלאָגט איין מחנה, וועט די אַנדערע מחנה מאַכען א פּליטה...

— קיינער, קיינער וועט נישט מאַכען קיין פּליטה! — זאָגט ליפּא שלום־אייזיק'ס. — מיר וועלען שלאָגען די „פּלשתים" עד חרמה — מאַכען פון זיי א תל! קינדער, נעמט די כלי־זיין און קומט אויף די פּלשתים!

— לאָמיר זינגען עפּיס א ליעדעל, קינדער!

— א ליעדעל! א ליעדעל!

— וואָסער א ליעדעל זאָלען מיר זינגען?

ראַז, דוואַ, טרי, טשעטירע! פּאָידעם, פּאָידעם נאַ קוואַטירע!
אכטער, באַכטער, קאָלישקאַ! וואָסיעם דעגגי ראַבאָשקאַ!

— פע, פע! אַ אידיש ליעד! אַ אידיש!...

און נאָך דעם שוחט׳ס ציהט־אויס מיט אַ ניגון אויף זיין שען קול׳כעל:

אָמר ד׳ ליעקב —
סקאַזאַל פּאַן־באָג דאָ יעקב:
אַל תירא, עבדי יעקב —
ניע פּוגאַיסיאַ, באַרין יעקב!

און מיר אַלע האַפּען־אונטער פריילּיך אויף רוסיש:

ניעט, ניעט, ניטשאַווּאָ,
ניע באָימסאַ ניקאַווּאָ,
טאָלקאָ באָגאַ אָדנאַווּאָ!...

ד.

— וואו נעמט מען איצטער עטליכע פלשתים? — רופט זיך אָן יואַליק דעם נגיד׳ס און ציהט־אָן דעם פּיילענבויגען.

— איך וואָלט זיך אָן זיי נוקם געווען! — מאַכט יענקעל און שטעלט־אָן דאָס ראָדביקסעל.

— געמאַכט פון זיי אַ תל! — רופט זיך אָן חיים און צעלאָזט זיך מיט אַ שטעקעל.

— צעריסען אויף צווייען! — זאָגט אברהם־משה און בעווייזט מיט די הענד, ווי אַזוי ער וואָלט צעריסען אַ פלשתי אויף צווייען.

— שאַט, קינדער! — רופט זיך אָן איינער. — אָן פאַהרט אונז אַקעגען אַ „פלשתי“ מיט אַ פּאָר אָכסען!

דאָס איז זיך געפאָהרען פון דאָרף אין שטאָדט אַריין אַ גוי מיט אַ גרויס שמויסען היטעל, זיך געזעסען גאַנץ רוהיג אין וואָגען, גע־פּיפּקעט אַ ליולקע, געדרעהט מיט דער בייטש און אונטערגעטריבען די אָכסען: „היי, היי, סאָב סאָלאָוויי!“

— קינדער! ציהט־אָן די פּיילענבויגענס! — קאָמאַנדעוועט ליפּאַ שלום־אייזיק'ס צו דער „מחנה יהודה".

— קינדער! ציעלט אייך מיט די ראָדביקסלעך גלייך אויפ'ן „פּלשתי"! — קאָמאַנדעוועט מענדעל־לאָשעק צו דער „מחנה אפרים".

מיר ציהען־אָן אונזערע פּיילענבויגענס און ציעלען זיך מיט די ראָדביקסלעך, און נאָך דעם שוחט'ס ציהט־אויס מיט אַ ניגון:

בחר ד' ביעקב —
איזבראַל פּאַן־באָג ביעקב;
אַל תירא, עבדי יעקב —
ניע פּוגאַיסיאַ, באַרין יעקב!

און מיר האַפּען־אונטער אויף רוסיש:

ניעט, ניעט, ניטשאוואָ,
ניע באָימסאַ ניקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדנאַוואָ!...

דער „פּלשתי" האָט זיך, אַפּנים, שטאַרק איבערגעשראָקען פאַר אונזערע „צוויי מחנות"; ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטעל, האָט זיך איבערגעצלמ'ט דריי מאָל, אויסגעשפּיגען און האָט זיך אָנגע־רופען צו אונז מיט אַ גראָב קול:

— ווי טשאָהאָ, זשידעניאַטאַ, נעבריסטי פּראָקליאַטעיע? * — און האָט אונז געמאַכט אַ רעכטען „מי־שברך" און האָט געוואָלט אַראָפּ פונ'ם וואָגען מיט דער בייטש און זיך שטעלען מיט אונז מלחמה האַלטען.

* וואָס טהוט איהר דאָ, אידעלעך, נישט קיין געטויפטע, פערשאָלטענע?

— ווייסט איהר וואָס? לאָמיר דעם דאָזיגען פּלשתי לאָזען צו־רוה! — זאָגט יואליק דעם נגיד'ס. — וואָס האָט ער אונז גע־טהאָן? מיר געהען דאָך מלחמה האַלטען מיט די קליינע „פּלשתים'לעך"...

— געראַכט, ווי איך בין אַ איד, געראַכט! — שרייען מיר אויס אַלע מיט אַ שמחה, און גורטען־אָן אונזערע לענדען, און לאָזען זיך לויפען, ווי די גבורים, אַלע מיט דעם אייגענעם ניגון:

גאל ד' את יעקב —
ספּאַסאַל פּאָן־באָג את יעקב;
אל תירא, עבדי יעקב —
ניע פּוגאַיסיא, באַרין יעקב!...

און מיר אַלע האַפּען־אונטער אויף רוסיש:

ניעט, ניעט, ניטשאַוואָ,
ניע באָימסיא ניקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדנאַוואָ!...

— אַצינד, קינדער, לאָמיר זיך צוזעצען אַביסעלע אָפּרוהען! — קאָמאַנדעווען אונזערע ביידע קאָמאַנדירען, ליפּאַ שלום־אייזיק'ס און מענדעל־לאָשעק, און מיר פערקאַטשען די קאַפּאָטקעלעך און זעצען זיך אויס אַלע אין פעלד, אויפ'ן גרינעם גראָז, און ציהען זיך אויס אויף דער ערד, און קוקען אַרויף, אין ריינעם בלויען הימעל אַריין, וואו עס שווימען שטיקלעך וואָלקענס, ווייסע ווי זילבער און דינע ווי רויך, וואו אַ לאַנגע שורה פויגעלעך שוועבען שטילערהייד, טוקען זיך אין טיעפען הימעל און ווערען פערשוואונדען.

— וואו זענען, אַשטייגער, אַהינגעקומען די פויגעלעך? — טהוט אַ פרעג איין יונגעל ביי'ם אַנדערען און קוקט אין הימעל אַריין.

— זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן שפּיץ בארג פון די בערג „אררט". — ענטפערט איהם דאָס אנדערע יונגעל, גלייך ווי ער וואָלט דאָס געוואוסט פאר געווים.

— וואָס עפּים אררט? — טהוט איהם יענער א פרעג נייגיעריג.

— ווייל אררט איז דער העכסטער פון אלע בערג! — ענטפערט איהם יענער, ווי א מענש, וואָס ווייסט אלסדינג אויף דער וועלט.

איך ליג און הער זיך צו צו די דאָזיגע רעד פון די צוויי יונגלעך, און איך פערשטעה נים, ווי קומט אהער אררט? אררט איז דאָך אין ארץ־ישראל, און מיר זענען אין חוץ־לארץ! נאָר באלד צוריק פערענטפער איך מיר אליין די קשיא מיט א נייער קשיא: למאַי די פלשתים? די פלשתים זענען דאָך אויך דאָרטען, פון דעסטוועגען געהען מיר דאָך אויף די פלשתים!...

יענע צוויי בערערעוודיגע חברה־לייט הערען נים אויף צו רעדען צווישען זיך. איינער פרעגט, דער אנדערער ענטפערט.

— וואָס וועט זיין נאָכדעם, אשטייגער, אז מיר וועלען, אם ירצה השם, איינגעמען די פלשתים?

— וואָס, האָסט דו געוואָלט, זאָל זיין?

— איך מיין, וואָס וועלען מיר טהון מיט זייער לאַנד?

— וואָס, האָסט דו געוואָלט, זאָלען מיר טהון?

— איך מיין, צי מיר זאָלען דאָס לאַנד „פּארוויסטען", די שטעדט „פּארברענען" און זייערע ווייבער מיט זייערע קליינע קינ־דער „שלאָגען צום שארפען שווערט"?

— למאַי זאָלען מיר ברענגען שטעדט? און וואָס האָסט דו צו די קליינע קינדער געבאָך?

— סמייטש, סע שטעהט דאָך אָבער אזוי געשריבען אין פסוק!

— א משל! יענס איז געווען אמאָל, און דאָס איז היינט! עס וועט זיין גענוג פון זייערטוועגען, אז מיר וועלען אויף זיי ארויפלעגען מס, זיי זאָלען אונז צאָהלען צינז...

דער שמועס פון די צוויי ווייסע־חברה'ניקעס, די ווייכע וואַ־רעמע לופט, דער בלויער הימעל, דאָס גרינע גראָז און דער ריח

פון דער ערד וואַרפען־אַן אויף אונז עפּיס אַ מין זיסקייט, אַ דרימעל, וואָס צעגעהט זיך אין אַלע אברים. מיר וואָלטען אַזוי געלעגען אַ גאַנצען טאָג, עס זאָל זיך ניט געווען אויפהאַפּען איינער מיט אַ געשריי:

— פּלשתים! פּלשתים!...

ה.

אַז מיר האָבען זיך אויפגעחאַפּט אויף די פיס, האָבען מיר דערזעהען פאַר זיך אַ טשערעדע פון שעפּעלעך, און עטליכע יונגע פּאַסטוכער מיט גרויסע בולאַוועס זענען געשטאַנען, אונז בעטראַכט און איבערגעשמועסט זיך איינער מיט'ן אַנדערען א. זייער לשון:

— שאָ צע טאַקע, הריציו?

— מאַבוט, נעטשיסטאַ?

— ני, צע זשידעניאַטאַ איז קאַסריל‍אָווצי.

— נעכריסטי סאָבאַטשי!

— טאַי שטשע סלאָמאַקאַמי, דיווים!

— ראַוואַי, חלאָפּצי, טרעשטשאַטי!

— סאָבאַק נאַצקאָוואַטי!

— דערזשי, חלאָפּצי!

— היי, חלאָפּצי, חלאָפּצי!...*

---

* — וואָס איז דאָס, הריצע?

— אפנים, רוח'לעך?

— נייז, ס'איז כתרילעווקער אידעלעך.

— אידען — כלבים.

— און נאָך מיט שטעקלעך, זעה!

— נעמט, חברה, קלאַפּט זיי!

— די הינט אנרייצען!

— האַלט, חברה!

— עי, חברה! חברה!...

— וואָס שווייגט איהר, קינדער? — רופען זיך אָן צו אונז אונזערע צוויי קאָמאַנדירען, און מיר שטעלען־אָן די פּייל־ענבויגענס מיט די ראָדביקסלעך, און נח זינגט:

דרך כוכב מיעקב —
וזאָשלאַ זוויעזדאַ איז יעקב;
אַל תירא, עבדי יעקב —
ניע פּוגאַיסיאַ, באַרין יעקב!

און מיר חאַפּען־אונטער אויף אַ קול:

ניעט, ניעט, ניטשאַוואָ,
ניע באָימסיאַ ניקאַוואָ,
טאָלקאָ באָגאַ אַדנאַוואָ!

און די מלחמה פון די „בני־ישראל“ מיט די „פּלשתים“ האָט זיך אָנגעהויבען.

* * * * * * * * * * * * * * * *

קוועטשט מיך ניט, אידישע קינדער, איך זאָל אייך דערצעהלען, ווי אַזוי איז געגאַנגען די מלחמה צווישען די „בני־ישראל“ און צווישען די „פּלשתים“! פרעגט מיך ניט, ווער פון זיי האָט גובר געווען? למאַי זאָלט איהר מיר אָנטהון יסורים?... איך קאָן אייך נאָר עדות זאָגען, אַז די „קינדער ישראל“ האָבען זיך געשטאַרקט, ווי די לייבען, געלאָפען, ווי די הירשען, און געשלאָגען זיך מיט מסירות־נפש, ווי די אמת'ע גבורים, אַזוי אַז אפילו „טאָפּעלע טוטאַריטו“ איז געשפּרונגען אין פייער אַריין, ווי אַ מזיק, און האָט געקוויטשעט אויף זיין דין קול'כעל:

— טינדער! טלאָפּט זיי! האַרדעט זיי! זיי זאָלען אונז דערדענקען!...

נאָר, אוי וועה, וואָס האָבען נעבאַך געקאָנט טהון די „בני־ישראל“, אַז עס האָבען זיך אַריינגעמישט די כלבים, די הינד פון די „פּלשתים“, און האָבען אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע מהומה, אַ טור־מעל אין אונזערע צוויי מחנות, און די „בני־ישראל“ האָבען געמוזט אַנטלויפען צוריק מיט בזיונות (פריהער פון אַלע איז געלאָפען יואליק דעם נגיד'ס פּייל אויס'ן בויגען!) נישט אַזוי פאַר די „פּלשתים“, ווי פאַר זייערע הינד, וואָס האָבען אונז נאָכגעיאָגט ביז אין שטאָדט אריין... אוי וועה, פון אונזערע צוויי מחנות איז געוואָרען איין מחנה! מיר האָבען שוין מעהר נישט געזונגען קיין „אַל תירא עבדי יעקב, ניע פּוגאַיסיאַ באַרין יעקב“... ניין! מיר האָבען שוין געזונגען איין אַנדער ליעדעל. מיר האָבען געשריגען:

— גוואַלד, רבונו של עולם! הושענא!!... שמע ישראל!!!...

**ו.**

געקומען אַהיים זענען מיר שוין שפּעטליך, אַרום מנחה־צייט, און האָבען זיך אַריינגע'גנב'עט, איך און מיין ברודער מאָטעל, איינציגווייז, און האָבען זיך בעזעצט אין אַ ווינקעלע שטיל, ווי די טייבעלעך, מע זאָל חלילה ניט דערזעהן אויף אונז קיין סימנים, די צעפּליקטע קאַפּאָטקעלעך. בעדאַרף אָבער דער גוטער יאָהר אָנ־טראָגען אַ גאַסט, אונזערע אַ מוהמע רייזעל פון יאַמפּעלי. אַ גדולה, זי האָט זיך ניט געזעהען מיט אונז שוין באַלד אַנדערהאַלבע, יאָהר!

— יוסיל! מאָטעל! — רופט אונז די מאַמע. — די מוהמע רייזעל איז געקומען!

מיר ריהרען זיך ניט פון די ערטער.

— וואו זענט איהר ערגיץ? — שרייט די מאַמע. — וואָס האָט איהר זיך באַגראָבען דאָרטען?

מיר שווייגען שטיל.

געהט־צו די מאַמע, דערזעהט אונז און טהוט אַ פּלעסק מיט די הענד:

— אַ דונער איז מיר! אַ שלאַק איז מיר! ירחמיאל, וואו ביזט דו? קום נאָר אהער, וועסט דו זעהען אַ שענס!

געהט־צו דער טאַטע, אַ איד אַ קראַנקער, פון זינט איך געדענק איהם הוסט ער, בלייבט שטעהן, בעטראַכט אונז ביידען פון קאָפּ ביז פיס, און עס הויבט זיך אָן אַ חתונה — מיר זאָלען איהם זאָגען: וואו זענען מיר געוועזען? וואָס האָבען מיר געטהאָן? און מיט וועמען האָבען מיר זיך געשלאָגען? מיר שטעהען ביידע, איך און מיין ברודער מאָטעל, און קוקען־אַראָפּ אויף דער ערד און טראַכטען זיך: „הלואי וואָלט זיך איצטער געעפענט אַ קבר, וואָלטען מיר פּטור געוואָרען פון אַלע צרות!"... און דער טאַטע הערט נישט אויף צו פרעגען:

— נו, זאָגט שוין: וואו זענט איהר געוועזען? וואָס האָט איהר געטהאָן? מיט וועמען האָט איהר זיך געשלאָגען?

און די מאַמע שטעהט ביי דער זייט און טאַטשעט איהם:

— אויך מיר אַ טאַטע! ער זאָל דאָס זאָגען אַ קרום וואָרט! ביי לייטען אַ טאַטע לעגט־אַנידער און פּיצקעט־אָן, אַ קינד זאָל וויסען דאָס אַנדערע מאָל! סע זאָל פּיהלען! סע זאָל געדענקען!...

דער טאַטע אָבער שלאָגט אונז נים. ער שלאָגט אונז קיינמאָל נים. ער נעמט אונז נאָר מיט ווערטער. ער הערט אונז נים אויף צו פרעגען: וואָס וועט זיין פון אונז דער תכלית? ער עסט זיך אָפּ דאָס הארץ. ער פערהוסט זיך און זאָגט, אַז מיר זענען איהם מקצר ימים... וויינען מיר שטילערהייד, און זאָגען זאָגען מיר נים, אַ וואָרט נים.

— וואַרט! וואַרט! — זאָגט צו אונז די מאַמע. — לאָמיר נאָר דערלעבען מאָרגען, אם ירצה השם, איך וועל אייך שוין צושטעלען אַ בענקעלע ביי׳ם רבי׳ן!...

* * *

אויף מאָרגען נאָך ל״ג־בעומר, אַז מיר זענען געקומען אין חדר אַריין, האָבען מיר שוין געטראָפען די מאַמע אין חדר מיט נאָך עט־ליכע מאַמעס, וואָס זענען געקומען אונז צושטעלען בענקעלעך צום רבי׳ן. און דער רבי, רב יודעל מלאך־המות, האָט זיך דוקא נישט געלאָזט לאַנג בעטען און האָט אונז מקיים פּסק געווען אַלעמען פון זיין ברייטער האַנד, אַזוי ווי ער האָט אונז צוגעזאָגט, חלילה נישט דורכגעלאָזט קיינעם. און אַז ס׳איז געקומען צו ליפּא שלום־אַיי־זיק׳ס, האָט ער מיט איהם לאַנג־לאַנג געראַנגעלט זיך, געבאָרעט. ליפּא, אַ בר־מצוה־יונגעל און אַ חתן מיט אַ זייגער און מיט אַ זיל־בערנער קאַפּערטע, האָט נישט געוואָלט בשום אופן זיך לעגען פאַר די ווייבער — און ליפּא האָט אויסגעפיהרט זיינס: די ווייבער זענען זיך צעגאַנגען, און ד׳ער רבי האָט איהם אַריינגעצימבעלט אַריבער פופציג.

פון דעמאָלט אָן האָבען מיר זיך געגעבען דאָס וואָרט, און אייך, קינדער, זאָג איך אויך אָן דאָס אייגענע, אַז איהר זאָלט קיינמאָל, קיינמאָל נישט מלחמה האַלטען מיט די „פּלשתים״!...

# גרינס אויף שבועות

## א.

ערב שבועות האָב איך אויסגעבעטען ביי דער מאַמע, עליה השלום, איך זאָל מיר אַליין געהן הינטער דער שטאָדט, אָנרייסען און ברענגען אַהיים גרינס אויף שבועות.

און די מאַמע האָט מיך געלאָזט איינעם אַליין געהן הינטער דער שטאָדט, אָנרייסען און ברענגען אַהיים גרינס אויף שבועות. לאָז זי האָבען דערפאַר אַ ליכטיגען גן־עדן.

אַיין אמת'ע נסיעה קאָן מען אָנרופען נאָר די נסיעה, וואָס אַ מענש מאַכט איינער אַליין, אָהן חברים, אָהן אַ שום איבערשלאָג. איך בין מיר איינער אַליין, אַ פריי פויגעלע, אין דער גרויסער ברייטער וועלט; איבער מיר איז די גאַנצע גרויסע בלויע יאַר־מעלקע, וואָס מע רופט זי „הימעל"; מיר איינעם אַליין לייכט די שענע ליכטיגע טאָג־מלכה, וואָס מע רופט זי „זון"; פון מיינעט־וועגען אַליין האָבען זיך עס צונויפגעקליבען דאָ, אין פרייען פעלד, די אַלע זינגערס, מיט אַלע פייפערס, מיט אַלע שפּרינגערס, און נאָר צוליעב מיר אַליין האָט זיך צענומען די שמעקענדיגע רויז, צע־שפּרייט דער לאַנגער, דער געלער „סאָנישניק", צעצוויקעלט און צעשפּרענקעלט דאָס גאַנצע ברייטע פעלד מיט אַלע אַנטיקלעך פון דער מילדער נאַטור. קיינער קוועטשט מיך נישט, קיינער שטעהרט מיר נישט, קיינער זעהט מיך נישט, אַ חוץ גאָט, און איך קאָן מיר טהון וואָס איך וויל: וויל איך — זינג איך מיר אַ שענעם „כבקרת".

וויל איך — שריי איך משוגענערווייז און רייס זיך אויפ'ן האַלז. וויל איך — לעג איך צעגויף די האַנד, ווי אַ שופר, און בלאָז מיר אַ „תקיעה גדולה“ און שפּיעל מיר אַ „טרובאַטש“. וויל איך — טהו איך מיך גאָר אַ וואַלגער, ווי איך שטעה און געה, אויפ'ן גרינעם גראָז און קאַטשע מיך אויף אַלע זייטען, ווי אַ לאָשעקעל. ווער וועט מיר זאָגען אַ דעה און ווערען הער איך? איך בין פריי! איך בין פריי!

דער טאָג איז געווען אַזוי וואַרעם, די זון אַזוי שען, דער הימעל אַזוי לויטער, דאָס פעלד אַזוי גרין, דאָס גראָז אַזוי פריש, און אויפ'ן הארצען איז מיר געווען אַזוי גרינג, און אויף דער נשמה אַזוי גוט, אַז איך האָב גאָר פערגעסען, אַז איך בין דאָ אַ ווילד-פרעמדער און אַז איך בין ארויסגעקומען אַהער צו אָנרייסען גרינס אויף שבועות, און האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איך בין דאָ אַ מושל, אַ פרינץ, און דאָס גאַנצע פעלד, וואָס מיין אויג חאַפּט-אַרום, מיט אַלסדינג וואָס אין פעלד, און אַפילו מיט דעם גאַנצען בלויען שטיק הימעל — דאָס אַלץ געהערט צו מיר, איך בין דערויף דער איינציגער בעל-הבית, און איך האָב דערויף צו שאַפען — און ווייטער קיינער נישט. און ווי אַ מושל, וואָס איהם אַלץ געהערט און ער אויף אַלץ געוועלטיגט, הויבט זיך מיר אָן ווערען ארויסבעווייזען מיין ממשלה, מיין כח און מיין גבורה — אַלץ וואָס איך קאָן און וואָס איך וויל...

קודם כל געפעלט מיר נישט אָט דער לאַנגער דראָנג מיט דעם געלען היטעל (דער סאָנישניק), וואָס בעקומט מיט אַ מאָל ביי מיר אין די אויגען אַ פנים פון אַ שונא, אַ מין „גלית הפלישתי“. און די אַלע איבעריגע פלאַנצונגען, מיט שטעקלעך און אָהן שטעקלעך (באָב און פאַסאָלים) — דאָס זענען לויטער שונאים, דאָס זענען די „פלשתים“, וואָס האָבען זיך בעזעצט דאָ ביי מיר אויף מיין ערד, — ווער האָט געשיקט נאָך זיי? און יענע נידעריגע, די גראָבע מיט די גרינע קוטשמעס, וואָס זיצען אַזוי געדיכט, האַרט ביי דער ערד (קרויט), — וואָס טהוען זיי דאָ די דאָזיגע קוטשמעס? זיי ווילען זיך נאָך אָנ'שכור'ען און מאַכען מיר איין אומגליק... לאָזען זיי געהן אין דער ערד אַריין — איך דאַרף זיי נישט! און

בייזע מחשבות, ווילדע אינסטינקטען וואכען־אויף אין מיר, און א מאָדנע געפיהל פון נקמה נעמט מיך ארום דורך און דורך, און איך הויב זיך אָן נוקם זיין אין די שונאים — און נאָך ווי אזוי נוקם זיין!...

געהאַט האָב איך מיט זיך, אויף אָנצורייסען גרינס אויף שבועות, מיטגענומען כלי־זיין: אַ מעסערעל מיט צוויי קלינגלעך און אַ שווערד, אפילו אַ הילצערנס, נאָר אַ שאַרפס.

דאָס דאָזיגע שווערד איז ביי מיר פערבליבען פון ל"ג־בעומר. און חאָטש איך בין מיט דעם געגאַנגען ל"ג־בעומר אויף מלחמה מיט מיינע איבעריגע חברים הינטער דער שטאָדט, פון דעסטוועגען קאָן איך אייך שווערען (איהר מעגט מיר גלויבען אָהן אַ שבועה), אַז עס האָט נישט פערגאָסען קיין איין טראָפּען בלוט. דאָס איז געווען אַ כלי פון דעם מין כלי־זיין, וואָס דאָס מיליטער טראָגט בשעת שלום. ס'איז טאַקי, הייסט עס, נישטאָ קיין שום סימן פון מלחמה, שטיל און רוהיג ארום און ארום, נאָר גאָרנישט, גלאַט אזוי, פון „דרך־שלום" וועגען, לאָזען זיך שטעהן צוגעגרייט שווער־דען, ביקסען, האַרמאַטען, קאַנאָנען, פערד, סאָלדאַטען — הלואי זאָל מען זיי נישט בעדאַרפען, ווי מיין מוהמע עטעל פלעגט זאָגען, בשעת זי האָט געפּרעגעלט מאַלינעס...

ב.

דאָס איז ידוע אויף דער גאַנצער וועלט, אַז בשעת מלחמה ציעלט מען זיך טרעפען דעם עלטערען, דעם אָפיציער; דעם גענעראַל אַז מע קאָן טרעפען, איז נאָך בעסער; דעמאָלט פאַלען שוין במילא די סאָלדאַטען, אזוי ווי שטרוי. דערפאַר וועט אייך שוין קיין חידוש נישט זיין, וואָס איך בין צום אַלעם ערשטען אָנגעפאַלען אויף דעם „גלית הפלשתי", איהם דערלאַנגט מיט דעם שווערד אַ געשמאַקען האַק איבער'ן קאָפּ מיט'ן געלען היטעל און היבשע עט־

ליבע זעץ פון הינטען, — און דער רשע האָט זיך אויסגעצויגען, ווי לאַנג ער איז, פאַר מיינע פיס. נאָך איהם האָב איך אַנידערגעלעגט נאָך היבשע עטליכע געזונדע רשעים, די שטעקענס פון זייערע הענד אַרויסגעריסען און פערוואָרפען צו אַלדי שווארצע יאָהר. און די נידעריגע די גראָבע, מיט די גרינגע קוטשמעס, האָב איך גענומען צו דער אַרבייט גאָר אויף איין אַנדער אופן: ווּעמען איך האָב געקאָנט, האָב איך אַראָפּגענומען די גרינגע קוטשמע, און די איבע־ריגע האָב איך געטראָטען מיט די פיס, געמאַכט פון זיי אַ תל־עולם!

בשעת מלחמה, אַז דאָס בלוט צעהיצט זיך און מע געהט־אריין אין התפעלות, שניידט מען אויף וואָס די וועלט שטעהט. אַז מע האַלט ביי פערגיסען בלוט, פערלירט מען זיך און מע ווייסט נישט, וואו מע איז אין דער וועלט. דעמאָלט לעגט מען נישט קיין כבוד אויף קיין עלטערס, מע קוקט נישט אויף קיין שוואַכע פרוי, מע האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין קליינע קינדער, און בלוט, בלוט גיסט זיך, אַזוי ווי וואַסער... איך, בשעת אָנפאַלען אויף דעם שונא, האָב נאָך נישט געפיהלט אין זיך אַזאַ כעס מיט אַזאַ ברען, ווי נאָך די ערשטע עטליכע גוטע קלעפּ, וואָס איך האָב איינגעטיילט דעם שונא; נאָר וואָס ווייטער האָב איך מיר אַלץ מעהר געהיצט, זיך אַליין אונטערגעגעבען אַלע מאָל מעהר חשק, און איך בין אַזוי אריין אין דער אַרבייט, איך בין געווען אין אַזאַ עקסטאַז, אין אַזאַ רציחה, אַז וואָס ס'איז מיר געקומען פאַר די אויגען — דאָס האָב איך גע־בראָקט, געשניטען אויף אַלע זייטען, און מעהר פון אַלעמען האָבען פון מיר געליטען נעבאַך „קליינוואַרג"... די יונגע קיילעכיגע אַר־בוזלעך, קאַבאַקלעך מיט די גראָבע בייכלעך, די קליינע פּיצלעך אוגערקעלעך, וואָס קריכען נאָר־וואָס אַרויס פון דער גרינער „האָ־דענע" מיט די געלע נאָפּעלעך, — זיי האָבען מיך צערייצט נאָר מיט זייער שטילשווייגען און מיט זייער קאַלטקייט; און איך האָב זיי איינגעטיילט אַזוי, אַז זיי וועלען מיך האָבען צו גע־דענקען: איך האָב געהאַקט קעפּלעך, געשניטען בייכלעך, געריסען אויף דער האַלב, געבראָקט אויף שטיקלעך, צעשלאָגען, צע־

הרג'עט, גע'מזיק'ט אויף טוידט, — לאָז מיך אזוי וויסען שלעכטס, ווי איך ווייס, פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אזאַ רציחה! אומשולדיגע קאַרטאָפּלים נעבאַך, וואָס זענען געזעסען טיעף אין דער ערד, האָב איך פון דער ערד אַרויסגעגראָבען און האָב זיי מוסר מודעה געווען, אַז פון מיר בעהאַלט מען זיך נישט!... יונגען קנאָבעל מיט גרינע ציבעלקעלעך האָב איך אַרויסגעריסען מיט'ן וואָרצעל, רעטאַכלעך זענען געפלויגען ביי מיר, ווי די האַלעשקעס — און לאָז מיך גאָט שטראָפען, אויב איך האָב נהנה געווען אפילו אַ שטיקעל רעטאַך, וואָרום איך געדענק גאַנץ גוט פון דער מגילה די ווערטער: „ו ב ב ז ה ל א ש ל ח ו א ת י ד ם" — ראַבע־ווען האָבען אידען נישט געראַבעוועט... און אַלע מינוט, אַז דער יצר־הרע איז געקומען צו מיר און מיך אָנגערעדט, איך זאָל געניסען אַ ציבעלקע, פערזוכען אַ קנאָבעלקע, איז מיר דער פסוק פון דער מגילה געקומען אקעגען מיט די ווערטער, מיט'ן טראָפּ און מיט דער נגינה: ו ב ב ז ה ל א ש ל ח ו א ת י ד ם!... און איך האָב נישט אויפגעהערט צו שלאָגען, האַקען, בראָקען, מזיק'ען, ממית'ען און שניידען אויף שטיקלעך יונג און אַלט, קליין און גרויס, אָרעם און רייך, אָהן אַ שום רחמנות...

אדרבה, איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איך הער זייער שרייען מיט זייער וויינען מיט זייער בעטען זיך ביי מיר — און עס זאָל דאָס מיך אָנהויבען אַהרען! מערקווירדיג! איך, וואָס האָב נישט געקאָנט זעהן, ווי מע קוילעט איין עוף, ווי מע שמייסט אַ קאַץ, ווי מע בעלעדיגט אַ הונד, ווי מע שלאָגט אַ פערד, — זאָל איך זיין אַזאַ מין טיראַן, איין אכזר?!... „נקמה!" — האָב איך אַ פער־שכור'טער נישט אויפגעהערט צו שרייען. — נקמה! איך וועל זיך מיט אייך אָפּרעכענען פאַר אידיש בלוט! איך וועל אייך שוין באַצאָהלען פאַר ירושלים, און פאַר ביתר, און פאַר די אידען אין שפּאַניען מיט פּאָרטוגאַל, און פאַר די אידען וואָס אין מאַראָקאָ, און אויך פאַר אונזערע, וואָס אין אומאַן אמאָל און וואָס אין אַנ־דערע ערטער אויך היינט... און פאַר די אידישע ספר־תורה'ס, וואָס

מע האָט צעריסען, און פאַר די... אַי! אַי! אַי! גוואַלד! ראַטעוועט! ווער האַלט דאָס מיך פאַר'ן אויהער?"...

צוויי רעכטע סטוסאַקעס פון הינטען און אַ פּאָר כפול־שמונה'דיגע פּעטש פון פאָרענט האָבען מיך אין איין כהרף־עין אויסגעניכטערט, און איך האָב דערזעהען פאַר זיך אַ בעקאַנטען פּאַרשוין, וואָס איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז ס'איז אָחרים דעם באַשטאַנשטשיק.

## ג.

אָחרים דער באַשטאַנשטשיק האָט פון קדמונים געהאַלטען אַ „באַשטאַן", אַ גאָרטען, אָדער אַ „באַקטשי", ביי אונז הינטער׳ דער שטאָדט. דאָס הייסט, ער האָט אָפּגעדונגען אַ דעסיאַטינע ערד און דאָרטען פערפיהרט אַ גאָרטען, געזעצט קאַוועגעס און דיניעס, אוגערקעס און קאַרטאָפּלים, ציבעלעס און קנאָבעל און רעטאַכלעך און שאר ירקות, און געהאַט דערפון שען פּרנסה. פון וואַנען האָב איך געקענט אָחרים'ען? ווייל ער האָט מיט אונז געהאַנדעלט, דאָס הייסט, ער פלעגט לייהען ביי מיין מאַמען געלד אַלע ערב פּסח, און אַרום סוכות־צייט פלעגט ער אָנהויבען ביסלעכווייז פונ'ם פּדיון אַיינצאָהלען, און דאָס געלד פלעגט פערשריבען ווערען ביי דער מאַמען אין גראָבען סידור אויף דעם לינקען טאָוועל (דאָרט איז געווען איהר גאַנצע בוכהאַלטעריע), אין אַ זייט, אָפּגעטרעטען פון אָחרים'ס וועגען אַ בעזונדער פּלאַץ, אַ בעזונדערע קאָנטע, און אָנגעצייכענט פון אויבען מיט גרויסע אותיות: ח ש ב ו ן ע ר ל אָ ח ר י ם. און נאָכדעם איז שוין געגאַנגען די חשבונות: „פון אָחרים אַ קערבעל. פון אָחרים נאָך אַ קערבעל. פון אָחרים צוויי קערבלעך. פון אָחרים אַ האַלב קערבעל. פון אָחרים אַ זעקעל קאַרטאָפּלים". און אַזוי ווייטער... און חאָטש די מאַמע איז געווען אַ אידינע נישט קיין גביר'טע, איין אַלמנה מיט קינדער, און האָט געלעבט פון „פּראָצענט", נאָר ביי אָחרים'ען קיין פּראָצענט האָט

זי נישט גענומען קיינמאָל: ער פלעגט אונז צאָהלען מיט גאָרטענ־וואַרג, אַמאָל מעהר, אַמאָל ווינציגער — מיר האָבען זיך מיט איהם קיינמאָל נישט געקריעגט.

איז געוועז אַ גערעט, פלעגט ער אַליין אָנשיטען אונז אַ פולען קעלער מיט קאַרטאָפלים און מיט אוגערקעס אויפ'ן גאַנצען ווינ־טער; און אַז נישט — פלעגט ער זיך אָפּבעטען ביי דער מאַמע:

— ניע וויבאַטשאַי, אַווראַומיכאַ, באָ נע וואַראָדילאָ! — דאָס הייסט: האָב קיין פאַראיבעל נישט, אברהמ'ס ווייב, ס'איז נישט געראָטען! און די מאַמע פלעגט איהם מוחל זיין דאָס מאָל און אָנזאָגען, אַז, אם ירצה השם, אויפ'ן אַנדערען יאָהר זאָל ער נישט זיין קיין דבר־אחר. און טאַקי אַזוי פלעגט זי איהם זאָגען, כהאי לישנא ממש:

— ליאַדיזש, אָחרימאו סערדצע, יאַק באָה דאַסט נאַ טאָי האָר שאָב טי נע בואוו סוויניאָ!...

— דאָברע, אַווראַומיכאַ, דאָברע! — פלעגט איהר אָחרים אָפּ־ענטפערען און האַלטען וואָרט: די ערשטע גרינע ציבעלעס מיט'ן ערשטען יונגען קנאָבעל האָט ער תמיד געבראַכט צו אונז; די ערשטע יונגעטשקע קאַרטאָפּעלעך מיט די ערשטע גרינע אוגערקעס זענען תמיד געוועז ביי אונז, גיכער ווי ביי די נגידים. און איך האָב נישט איין מאָל געהערט פון אונזערע שכנים און שכנה'טעס, אַז דער אַלמנה איז גאָר נישט אַזוי שלעכט, ווי זי מאַכט דעם אָנשטעל. „זעהט נאָר, מע טראָגט איהר אַריין אין שטוב פון כל טוב"... סע פערשטעהט זיך, אַז איך האָב דאָס באַלד אָפּגע־טראָגען דער מאַמען אין אויהער אַריין. האָט זיי די מאַמע גוט אויסגעשאָלטען:

— זאָלץ זיי אין די אויגען, שטיינער זיי אין האַרצען! ווער סע פאַרגינט מיר נישט, דער זאָל אַליין נישט האָבען! איך ווינש זיי איבער־אַ־יאָהר אויף מיין שטייגער!

סע פערשטעהט זיך, אַז איך האָב באַלד איבערגעגעבען אונ־זערע שכנה'טעס, וואָס די מאַמע האָט זיי געווינשעוועט... סע פער־

שטעהט זיך, אַז פּאַר אַזעלכע ווערטער זענען זיי געווען אויף דער מאַמע להרוג ולאבד און אָנגערופען זי מיט אַזאַ נאָמען, וואָס מיר איז געווען אַ חרפּה צו הערען... סע פערשטעהט זיך, אַז מיך האָט דאָס פערדראָסען און איך האָב דאָס באַלד אָפּגעטראָגען דער מאַמען. האָט מיך די מאַמע מכבד געווען מיט צוויי פּעטש און אָנגעזאָגט, איך זאָל אויפהערען אַרומטראָגען „שלח־מנות" פון איינעם צום אַנדערען... פון די פּעטש האָב איך געוויינט, און דאָס וואָרט „שלח־מנות" האָט מיר געפּיקט אין מוח: איך האָב נישט פערשטאַנען פּאַר וואָס רופט זי דאָס עפּים „שלח־מנות"?

אַ יום־טוב פלעגט זיין ביי מיר, אַז איך פלעג דערזעהן פון דער־ווייטען אַחרים'ען מיט די גרויסע שטיוואַלעס און מיט דער גראָבער ווייסער, וואַרעמער, וואָלענער סוויטע, וואָס ער האָט זי געטראָגען זומער און ווינטער. דערזעהן אַחרים'ען געהן, האָב איך געוואוסט, אַז דאָס טראָגט ער אונז אַ פּולע פּעלענע מיט גאָרטען־וואַרג, און איך פלעג לויפען אין קיך אָנזאָגען דער מאַמע די בשורה, אַז אַחרים איז געקומען.

ד.

בכלל דאַרף איך מודה זיין, אַז צווישען מיר מיט אַחרים'ען איז געווען אַ מין ליעבע אַ פערבאָרגענע, אַ מין סימפּאַטיע, וואָס מע קאָן זי נישט אַרויסגעבען אין ווערטער. גערעדט האָבען מיר צווישען זיך כמעט קיינמאָל נישט; ערשטענס, דערפאַר, וואָס איך האָב נישט פערשטאַנען זיין לשון און ער האָט נישט פערשטאַנען מיין לשון (דאָס הייסט, איך איהם האָב פערשטאַנען, נאָר ער מיך — מכות!). און, צווייטענס, האָב איך מיך געשעמט: אַזאַ גרויסער אַחרים — ווי אַזוי רעדט מען מיט איהם? פלעג איך דאַרפען אָנ־קומען צו דער מאַמען, זי זאָל זיין צווישען אונז דער טאָלמאַטש.

— מאַמע, פרעג איהם, פּאַר וואָס ברענגט ער מיר נישט קיין ווינשעל?

— וואו זאָל ער דיר נעמען וויינשעל? אין אַ באַשטאַן איז נישטאָ קיין וויינשעל.

— למאי איז נישטאָ אין אַ באַשטאַן קיין וויינשעל?

— וואָרום אין אַ באַשטאַן וואַכסען נישט קיין וויינשעל־בוימער.

— למאי וואַכסען נישט אין אַ באַשטאַן קיין וויינשעל־בוימער?

— למאי, למאי, למאי — דו ביזט אַ געשלייערטע שיקסע! — מאַכט צו מיר די מאַמע און וואַרפט מיר אויף אַ פאַטש.

— אַווראומיכאַ, נע בעיי דעטינאַ! — מאַכט צו איהר אַחרים און שטעלט זיך איין פאַר מיר.

אָט אַזאַ מין ערל איז געווען אַחרים, און ביי איהם בין איך דאָס געלעגען אַצינד אין די הענד.

מיט'ן שכל בעדאַרף מען פערשטעהן, אַז ס'איז מן הסתם אַזוי געווען די מעשה: אַחרים, אַז ער איז אָנגעקומען און דערזעהן ביי זיך אויפ'ן באַשטאַן אַזאַ חורבן, האָט ער תחילת בעדאַרפט נישט פערשטעהן, וואָס טהוט זיך דאָ. דערזעהן אַזאַ נפש, ווי איך, אַרבייט מיט דעם שווערד אויף אַלע זייטען, האָט אַחרים בעדאַרפט איבערקלערען אויף מיר מי יודע וואָס: אַ נישט־גוטער, אַ שרע־טעלע, איין אָנשיקעניש, — און האָט געווים זיך איבערגע'צלמ'ט עטליכע מאָל. נאָר נאָכדעם, אַז ער איז צוגעגאַנגען נעהענטער און דערזעהן, אַז דאָס אַרבייט אַזוי געטריי דוקא אַ אידיש יונגעל, און דוקא מיט אַ הילצערנעם שווערד, האָט ער מיך אָנגענומען ביי'ם אויהער, נאָר אַזוי געשמאַק, אַז עס האָט מיך צוגעצויגען צו דער ערד, און איך האָב אָנגעהויבען שרייען נישט מיט מיין קול:

— אַי! אַי!! אַי!!! ווער ציהט דאָס מיך פאַר'ן אויהער?

ערשט העט־שפעטער, נאָך די רעכטע סטוסאַקעס און נאָך די אמת'ע פעטש, וואָס אַחרים האָט מיר איינגעטיילט, האָבען מיר זיך בעגעגענט מיט די אויגען און האָבען זיך ביידע דערקענט איינס דאָס אַנדערע, און מיר זענען ביידע געווען איבערראַשט, געבליבען אָהן לשון.

— אווראומיכינע דעטינא! ? — האָט אַחרים אויסגעשריען און האָט זיך איבערגע׳צלמ׳ט, און האָט גענומען בעטראַכטען די היזקות, וואָס איך האָב איהם דאָ אָנגעאַרבייט, בעקוקט יעדע גראָדקע מיט איטליכם שטיקעל ערד, און עס האָט איהם אַזוי אָנגענומען ביי׳ם הארצען, אַז עס האָבען זיך איהם געשטעלט טרערען אין די אויגען. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אַקעגען מיר, צענויפגעלעגט ביידע הענד ביי זיך אויפ׳ן בויך און אַ פרעג געטהאָן מיך נאָר איין וואָרט:

— זאַ שטשאָ? — פאַר וואָס קומט דאָס מיר, הייסט דאָס...

ערשט דאָ האָב איך צעקייט, וואָס פאַר אַ חתונה איך האָב אָנגעאַרבייט און וועמען איך האָב אַזוי שטאַרק גורם היזק געווען. און איך האָב זיך אַליין געפרעגט: „פאַר וואָס? פאַר וואָס?“...

— האָדים! — מאַכט צו מיר אַחרים און נעמט מיך אָן פאַר אַ האַנד, און איך בויג זיך צו צו דער ערד פאַר שרעק; איך מיין, אָט־אָט מאַכט ער פון מיר אַ פּרעזשעניצע. נאָר אַחרים טשעפּעט מיך נישט; ער האַלט מיך נאָר שטאַרק פאַר דער האַנד, נאָר אַזוי שטאַרק, אַז עס שפּרינגען מיר די אויגען פונ׳ם קאָפּ, און פיהרט מיך אַפּ אַהיים צו דער מאַמע, און דערצעהלט איהר אויס אַלסדינג, און גיט מיך איבער אויף איהרע הענד...

### ה.

זאָל איך אייך דערצעהלען, וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמע? זאָל איך אייך אויסמאָהלען איהר שרעק מיט איהר כעס מיט איהר ברעכען די הענד, בשעת אַחרים האָט איהר איבערגע־געבען מיט אַלע פּישטשעווקעס דעם גאַנצען חורבן, וואָס איך האָב איהם אָנגעמאַכט אין באַשטאַן? אַחרים האָט זיך נישט געפּוילט, גענומען דעם שטעקען און בעוויזען מיט איהם דער מאַמען, ווי אַזוי איך האָב געאַרבייט אַהער און אַהין, אויף אַלע זייטען, ווי אַזוי איך האָב געהאַקט און געבראָקט און געשטאָכען און געטרעטען

מיט די פיס, און די קאַרטאָפליס פון דער ערד אַרויסגעגראָבען, און די האָרענע פון די אונערקעלעך, נאָר־וואָס אויפגעגאַנגענע אוגערקעלעך... און פאַר וואָס? פאַר ווען?

— זאַ שטשאָ, אַווראומיכאַ, זאַ שטשאָ?...

מעהר האָט אַחרים נישט געקאָנט רעדען: עס האָבען זיך איהם, אַפּנים, געשטעלט די טרערען אין האַלז.

דעם רעכטען אמת מוז איך אייך זאָגען, קינדער: איך וואָלט בעסער געוואָלט זיין געפּאַטשט פון אַחרים'ס הענד, איידער האָבען דאָס, וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמען פאַר שבועות און פונ'ם רבי'ן נאָך שבועות... היינט די בזיונות, וואָס איך האָב נאָכדעם געהאַט אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר פון מיינע חברים אין חדר, וואָס האָבען מיר צוגעזעצט זעהר אַ לייטישען נאָמען: „באַשטאַנשטשיק", יוסיל באַשטאַנשטשיק"!... דער דאָזיגער שענער נאָמען איז מיר פערבליבען העט־העט כמעט ביז דער חתונה...

אָט ווי אַזוי איך בין געגאַנגען רייסען גרינס אויף שבועות.

# שוין איין מאָל אַ סוכה!

א.

פאַרהאַן מענשען, וואָס האָבען קיין זאַך נישט געלערענט און קענען אַלסדינג, אין ערגיץ נישט געוועזען און ווייסען אַלסדינג, אויף קיין זאַך נישט פערטראַכט זיך און פערשטעהען אַלסדינג.

„געבענשטע הענד!“ — אַזוי רופט מען זיי, די דאָזיגע גליק־ליכע מענשען, און די וועלט איז זיי מקנא, חידוש'ט זיך און האָט אַפּשיי.

אַט אַזאַ מענש איז געווען ביי אונז אין כתרילעווקע, און גע־רופען האָט מען איהם: שוין איין מאָל משה.

דערפאַר האָט מען איהם גערופען שוין איין מאָל משה, ווייל אויף יעדער זאַך, וואָס ער האָט געזעהן, געהערט אָדער גע־מאַכט, האָט ער ליעב געהאַט צו זאָגען: „שוין איין מאָל אַזוי“.

— ביי אונז אַ חזן אין שוהל — שוין איין מאָל אַ חזן!

— מע האָט געטראָגען איין אינדיק אויף פּסח — שוין איין מאָל איין אינדיק!

— מאָרגען וועט דאָס זיין אַ פראָסט אין דרויסען — שוין איין מאָל אַ פראָסט!

— איז דאָס געפלויגען פעטש צו די הקפות — שוין איין מאָל פעטש!

— אוי, אידען, בין איך איין אָרעמאַן — שוין איין מאָל איין אָרעמאַן!

און אַזוי אויף אַלסדינג.

און געווען איז משה... איך קאָן אייך נישט זאָגן : וואָס ער איז געווען. ער איז געווען אַ איד; נאָר פון וואָס ער האָט געלעבט — איז שווער צו וויסען. ער האָט געלעבט, ווי עס לעבען אַ סך טויזענדער, צעהנער טויזענדער אידען לעבען אין כתרילעווקע. געדרעהט זיך אַרום אַ פּריץ, דאָס הייסט, נישט אַרום פּריץ אַליין, נאָר אַרום די פּריצים, וואָס ביי'ם פּריץ, און נישט אַרום די פּריצים גופא, נאָר אַרום די אידען, וואָס דרעהען זיך אַרום די פּריצים, וואָס ביי'ם פּריץ. און צי האָט ער געהאַט פּרנסה — דאָס איז שוין ווידער אַ בעזונדערע מעשה, וואָרום שוין איין מאָל משה איז געווען אַ מענש, וואָס האָט פיינט געהאַט זיך בע־ריהמען מיט זיין גוטסקייט און בעקלאָגען זיך אויף זיין שלעכטס־קייט. תמיד איז ער געווען פריילִיך, תמיד זענען איהם די בעקלעך געווען רויט, איין וואַנסע אביסעל לענגער פון דער אנדערער, דאָס היטעל אויף אַ זייט, און די אויגען תמיד גוטע, שמייכלענדיגע, שטענדיג קיין צייט נישט געהאַט און אַלע מאָל, צו יעדער צייט, געווען גרייט פון יענעמ'ס וועגען געהן צעהן מייל צו־פוס.

אָט אַזא מין פאַרשוין איז געווען אונזער „שוין איין מאָל משה".

ב.

נישט געווען איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס „שוין איין מאָל משה" זאָל דאָס נישט קאָנען מאַכען : אַ שטוב איז אַ שטוב, אַ זייגער איז אַ זייגער, אַ מאַשינע איז אַ מאַשינע, אַ לעמפּעל, אַ דריידעל, אַ קראַהן, אַ שפּיעגעל, איין עמער, אַ שטייג — און וואָס נישט?

אמת, קיינער האָט נישט געקאָנט אָנווייזען אויף די הייזער מיט די זייגערס מיט די מאַשינעס, וואָס זענען אַרויס פון זיינע הענד.

נאָר אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז משה קאָן; אַלע האָבען געזאָגט, אַז ווען ער האָט געצייג, קעהרט ער איבער וועלטען. דער גאַנצער אומגליק איז געווען, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין גע־צייג. מיין איך פערקעהרט: דאָס איז טאַקי געווען דאָס גליק, וואָס איבער דעם איז די וועלט נישט איבערגעקעהרט געוואָרען, און די וועלט, הייסט דאָס, איז געבליבען אַ וועלט.

אַז מע האָט משה'ן ניט צעריסען אויף שטיקלעך, איז ער געווען איינער אַ גליקליכער! האָט זיך איבערגעדרעהט אַ שלאָס — צו וועמען איז מען געגאַנגען? צו משה'ן. האָט זיך געשטעלט דער זייגער — צו משה'ן. פערשטאָפּט געוואָרען דער קראַהן פונ'ם סאַ־מאָוואר און עס קאָן זיך נישט צאַפּען — צו משה'ן. טאַראַקאַנעס, פּרוסאַקעס און אַנדערע מיאוסקייטען האָבען זיך פערפיהרט אין שטוב — וועמען פרעגט מען? משה'ן. אַ טחויר האָט זיך אריינ־געחאַפּט און שטיקט אַלע נאַכט די עופות — מיט וועמען האַלט מען זיך איין עצה? מיט משה'ן. ווידער אַ מאָל „שוין איין מאָל משה", און טאַקי אָבער אַ מאָל „שוין איין מאָל משה"!

אמת, דעם איבערגעדרעהטען שלאָס האָט מען טאַקי נאָכדעם פערוואָרפען איין איבערגעדרעהטען ערגיץ אויף אַ שאַפּע, דעם זייגער האָט מען געמוזט אָפּגעבען צום זייגערמאַכער, און דעם סאַ־מאָוואר — צום קעסלער, די טאַראַקאַנעס מיט די פּרוסאַקעס מיט די אַנדערע מיאוסקייטען האָבען זיך, אַפּנים, פאַר משה'ן ווינציג־וואָס איבערגעשראָקען, און דער טחויר האָט זיך געטהאָן דאָס, וואָס אַ טחויר דאַרף טהון... נאָר „שוין איין מאָל משה" איז געבליבען דער אייגענער „שוין איין מאָל משה", וואָס פריהער. פאַרט „גע־בענשטע הענד"! און מסתמא איז דאָך אין איהם עפּיס געווען אַזעלכעס — אַ וועלט איז דאָך נישט משוגע! אַ סימן האָט איהר: פאַר וואָס געהט מען נישט צו מיר, אָדער צו אייך, מיט קיין איבער־געדרעהטע שלעסער, מיט קיין זייגערס, סאַמאָווארען, טחוירען, טאַ־

ראקאנעס, פּרוסאַקעס און אַנדערע מיאוסקייטען? נישט אַלע מענ־שען זענען גלייך, און טאַלאַנטען אויף דער וועלט זענען, אַפּנים, פאַרהאַן געצעהלטע.

## ג.

מיט דעם דאָזיגען „שוין איין מאָל משה" זענען מיר געוואָרען גאַנץ נאָהענטע שכנים אין איין דירה, אונטער איין דאַך. איך זאָג „געוואָרען", ווייל ביז אַהער זענען מיר געזעסען אין אונזער אייגענער דירה. נאָר עס האָט זיך ביי אונז פּלוצים געגעבען אַ דרעה דאָס רעדעל, די צייט איז אונז געוואָרען שלעכט, קיין „אָנזעצערס" האָבען מיר נישט געוואָלט זיין, — האָבען מיר די דירה פערקויפט, אַרומגעצאָהלט זיך מיט די חובות און אַריבערגעצויגען זיך (ערב ראש־השנה איז דאָס געווען) צו הערשקע מאַמצים, אין איין אַלטער חורבה, אָהן אַ גאָרטען, אָהן אַ הויף, אָהן אַ גאַניק, אָהן לייב און אָהן לעבען.

— נו, אַ „חאַטע"! — זאָגט די מאַמע כלומרשט מיט אַ געלעכטער, און איך זעה ביי איהר טרערען אויף די אויגען.

— זינדיג נישט! — זאָגט צו איהר דער טאַטע, שוואַרץ ווי די ערד. — דאַנקען גאָט דערפאַר.

פאַר וואָס „דערפאַר" — ווייס איך נישט. אפשר דערפאַר, וואָס מיר זיצען נישט אין דרויסען? איך וואָלט ליעבערשט געזעסען אין דרויסען, איידער דאָ, ביי הערשקע מאַמצים אין שכנות, מיט פרעמדע יונגלעך און מיט פרעמדע מיידלעך, וואָס איך ווייס זיי נישט און קען זיי נישט, און וויל זיי נישט וויסען און וויל זיי נישט קענען מיט זייערע געלע הערעלעך, מיט זייערע נאַסע נעזעלעך, מיט זייערע דינע פיסעלעך און גראָבע בייכעלעך, וואָס אַז זיי געהען קאַטשען זיי זיך, ווי די קאַטשקעלעך, אַליין האַלטען זיי אין איין עסען, און אַז יענער עסט, קוקען זיי אין מויל אַריין... איך האָב דאָס געהאַלטען פאַר אַ גרויסע עולה פון גאָט, וואָס ער האָט

ביי אונז צוגענומען די דירה. מיר האָט נאָך נישט אַזוי באַנג געטהאָן די דירה, ווי די סוכה, וואָס מיר האָבען דאָרטען געהאַט, אַ שטענדיגע, פון יאָהר צו יאָהר, מיט אַ פליגעל, וואָס הויבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ, און מיט אַ שענער געמאָהלטער סטעלי פון גרינע און געלע שטעקעלעך, אויסגעלעגט אין קעסטעלעך מיט מגן־דוד'ען. אמת, גוטע פריינד האָבען אונז אויסגערעדט דאָס האַרץ, אַז מיר וועלען זי נאָך אַמאָל אָפּקויפען צוריק, אָדער גאָט וועט העלפען, מיר וועלען זיך אויסבויען איין אַנדערע דירה, אַ סך אַ בעסערע און אַ גרעסערע און אַ שענערע פון יענער דירה... דאָס איז אָבער געווען אַלץ נישט מעהר ווי טרייסטווערטער, קאַלטע רפואות, פונקט אַזעלכע טרייסטווערטער, ווי בשעת איך האָב צעבראָכען (אומגעהרען, געוויינטליך) דאָס בלעכענע זייגערעל מיינס אויף שטיק־שטיקלעך, האָט מיך די מאַמע מכבד געווען מיט פעטש, און דער טאַטע האָט מיר אויסגעווישט די אויגען, מיר צוגעזאָגט קויפען איין אַנדער זייגערעל, אַ סך אַ בעסערס און אַ גרעסערס און אַ שענערס פון יענעם זייגערעל... וואָס מעהר דער טאַטע האָט מיר געלויבט דאָס נייע זייגערעל, וואָס מע וועט מיר אַמאָל קויפען, אַזוי מעהר האָב איך געוויינט נאָך יענעם, נאָכ'ן אַלטען זייגערעל... שטילערהייד, אַז דער טאַטע זאָל נישט זעהן, האָט די מאַמע געוויינט נאָך דער דירה. און דער טאַטע האָט געזיפצט און געקרעכצט, און אַ שוואַרצער וואָלקען האָט צוגעדעקט זיין פנים, און ברייטע קנייטשען האָבען זיך געלעגט אויף זיין גרויסען ווייסען שטערן.

איך האָב דאָס געהאַלטען פאַר אַ גרויסער עולה פונ'ם רבונו־של־עולם, וואָס ער האָט צוגענומען ביי אונז אונזער אייגענע דירה...

---

— איך בעט דיך, זאָלסט מיר געזונט זיין, וואָס וועלען מיר טהון מיט אַ סוכה?

אזוי רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטען אין איינעם פון די עשרת־ימי־תשובה.

— דו קעהרסט אודאי וועלען זאָגען: וואָס וועלען מיר טהון אָהן אַ סוכה?

אזוי ענטפערט איהר דער טאַטע, כלומרשט מיט אַ שפּאַס, און איך זעה, אַז עס קאָסט איהם געזונד; איך זעה, אַז ער קעהרט זיך אָפּ אויף אַ זייט, מע זאָל נישט זעהן זיין פּנים, וואָס איז בעדעקט מיט אַ פינסטערער שוואַרצער חמאַרע, און די מאַמע שנייצט די נאָז אין פאַרטוך, שלינגט די טרערען, און איך — אויף זיי קוקענדיג. פּלוצים קעהרט זיך אוים דער טאַטע מיט'ן פּנים צו אונז עפּים זעהר לעבעדיג.

— שאַ! מיר האָבען דאָך דאָ עפּים אַ שכן משה.

— „שוין איין מאָל משה"? — העלפט איהם אונטער די מאַמע, און איך וויים נישט, צי זי לאַכט, צי זי מיינט דאָס ערנסט? אַפּנים, אַז ערנסט, וואָרום אין אַ האַלבער שעה אַרום דרעהען זיך אַרום ביי דער שטוב אַלע דריי, דאָס הייסט: דער טאַטע און משה און הערשקע מאַמצים, אונזער בעל־הבית, און מע זוכט איין אָרט, וואו צו שטעלען די סוכה.

ד.

הערשקע מאַמצים'עס דירה איז אפילו אזוי אַ גאַנץ פיינע דירה, נאָר איין חסרון: זי שטעהט אין דרויסען און האָט נישט קיין פּיצעל הויף. זי זעהט־אוים, ווי מע האָט זי פערלאָרען אין מיטען גאַס: עמיצער איז געגאַנגען און האָט פערלאָרען אַ דירה. אָהן אַ הויף, אָהן אַ הויז, אָהן אַ דאָך, די טיר פון יענער זייט געסעל, ווי אַ קאַפּאָטע מיט'ן סטאַן פון פאָרענט און מיט די קנעפּלעך פון הינטען — און רעדט מיט הערשקע'ן, וועט ער אייך פערקלאָפּען דעם קאָפּ מיט זיין דירה: ווי אזוי ער האָט זיך געלאָדען פאַר דער דירה, ווי אזוי ער האָט אויסגעלאָדען די דירה, ווי אזוי מע האָט געוואָלט צונעמען

ביי איהם די דירה, ווי אַזוי ער האָט זיך געשלאָגען פאַר דער דירה, און ווי אַזוי די דירה איז געבליבען זיין דירה...

— וואו רעכענט איהר, רב משה, צו שטעלען די סוכה? — פרעגט דער טאַטע ביי „שוין איין מאָל משה'ן", און „שוין איין מאָל משה", פעררייסען דאָס היטעל און פערטראַכט, ווי אַ גרויסער ארכיטעקטאָר, וואָס בעקלערט זעהר אַ גרויסען פּלאַן, ווייזט מיט ביידע הענד פון דאַנען אַהער און פון דאָרטען אַהין, און וויל געבען צו פערשטעהן, אַז ווען די דירה שטעהט נישט אין דרויסען און האָט אַ הויף, פערשפּאָרט מען דעמאָלט צוויי ווענד, און די סוכה ווערד ביי איהם פאַרטיג אין איין טאָג — וואָס זאָג איך אין איין טאָג? אין איין שעה! נאָר אַזוי ווי די דירה האָט נישט קיין הויף און מע דאַרף האָבען פיער ווענד, וועט דאָס ביי איהם אַביסעל געדויערען, נאָר דערפאַר וועט דאָס זיין אַ סוכה — שוין איין מאָל אַ סוכה! דער עיקר, ס'זאָל נאָר זיין מאַטריאַל.

— מאַטריאַל וועט זיין, האָט איהר זשע אינסטרומענטען? — פרעגט איהם הערשקע.

— אינסטרומענטען וועלען זיך געפינען, האָט איהר זשע געהילף? — פרעגט איהם משה.

— געהילף איז פאַרהאַן, האָט איהר זשע צוויעכעס? — פרעגט איהם הערשקע.

— צוויעכעס קאָן מען קריגען, האָט איהר זשע סכך? — פרעגט איהם משה.

— עפּיס זענט איהר מיר היינט צו „דאָסיג"! — מאַכט הערשקע.

— צו וואָסיג? — פרעגט איהם משה און קוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין, און ביידע צעלאַכען זיי זיך.

ה.

נאָר אַז הערשקע מאַמצים האָט געבראַכט צו שלעפּען די ערשטע עטליכע ברעטלעך מיט די ערשטע פּאָר קלעצלעך,

האָט „שוין איין מאָל משה" געזאָגט, אַז עס וועט, אם ירצה השם, זיין „שוין איין מאָל אַ סוכה". און איך בין געווען זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווי אַזוי וועט ער דאָס מאַכען פון די דאָזיגע עטליכע ברעטלעך מיט די פּאָר קלעצלעך אַ סוכה? איך האָב מיך אויסגעבעטען ביי דער מאַמע, זי זאָל מיך לאָזען זיין דערביי, בשעת משה וועט מאַכען די סוכה, און ביי משה'ן אַליין האָב איך דאָס באַלד גע'פּועל'ט; נישט נאָר ער האָט מיר ערלויבט צו זיין דערביי, אדרבה — ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל איהם זיין אַ „פּאָמעטש", דאָס הייסט, איך זאָל איהם העלפען דערלאַנגען און צוהאַלטען וואָס ער וועט מיר הייסען.

סע פערשטעהט זיך, אַז איך בין פון אַזאַ מעשה געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל. אַ קלייניגקייט — איך וועל העלפען בויען אַ סוכה! און געהאָלפען האָב איך זעהר אַ סך: געהאָלפען מאַכען מיט די ליפּען, בשעת משה האָט געקלאַפּט מיט'ן האַמער, געהאָלפען געהן אין שטוב אריין גלייך מיט איהם עסען, געהאָלפען שרייען אויף די איבעריגע קינדער, זיי זאָלען אונז ניט שטעהרען די אַרבייט, און געהאָלפען אונטערטראָגען איהם אַלע מאָל דעם האַמער, בשעת ער האָט בעדאַרפט דעם זאַסטופּ, און דערלאַנגען איהם די אָפּצווייגונגע, בשעת ער האָט בעדאַרפט האָבען אַ צוויאַק. איין אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט פאַר אַזאַ מין „העלפען" מיט אַזאַ מין „אונטערטראָגען" געוואָרפען אין קאָפּ אריין דעם האַמער אָדער די אָפּצווייגונגע; נאָר „שוין איין מאָל משה" איז געווען אַ מענש אָהן אַ גאַל; איהם האָט נאָך קיינער נישט געהאַט די זכיה צו זעהן, ער זאָל זיין אין כעס.

— כעס, האָט ער געזאָגט, איז עבודה־זרה; אַזוי ווי די עבודה־זרה העלפט, אַזוי העלפט כעס...

און מחמת איך בין געווען זעהר פערטיעפט אין דער אַרבייט, האָב איך גאָרנישט בעמערקט, ווי אַזוי און פון וואָסערע נסים ס'איז ביי אונז פאַרטיג געוואָרען די סוכה.

— קום, וועסט דו זעהן די סוכה, וואָס מיר האָבען אויסגעבויעט! — אַזוי זאָג איך דעם טאַטען און שלעפּ איהם אַרויס פאַר דער פּאָלע אין דרויסען אַרויס, און דער טאַטע קוועלט־אָן פון אונזער אַרבייט, קוקט אויף משה'ן מיט אַ שמייכעלע און זאָגט צו איהם, בעווייזענדיג אויף מיר:

— האָט איהר חאָטש געהאַט פון איהם, רב משה, אַ שטיקעל „פּאַמעטש“?

— שוין איין מאָל אַ „פּאַמעטש“! — זאָגט משה און קוקט־אַרויף אויפ'ן דאַך פון דער סוכה מיט יסורים. — אונזער הערשקע זאָל שוין ברענגען צו טראָגען דעם סכך, וואָלט שוין געוועזן שוין איין מאָל אַ סוכה!

ו.

הערשקע מאַמצים האָט אונז געפיהרט מיט'ן סכך, אָפּגעלעגט פון טאָג אויף טאָג, ביז גאָט האָט געהאָלפען דעם טאָג פון ערב סוכות, האָט ער געבראַכט צו פיהרען אַ וואָגען מיט דינע, דינע שטעקעלעך, אַ מין קאַמיש, וואָס וואַכסט ביי אונז אויף יענער זייט טייך אין געמייזעכטס, און מיר האָבען זיך גענומען דעקען די סוכה; דאָס הייסט, דעקען האָט געדעקט משה אַליין, און איך האָב געהאָלפען צעטרייבען די ציעגען, וואָס האָבען זיך צוגעחאַפּט צום דאַזיגען סכך, ווי צו עפּיס רעכטס. איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ טעם זהאָבען זיי געפונען אין די דאָזיגע ביטערע, גרינע שטעקעלעך.

מחמת הערשקע מאַמצים'עס שטוב שטעהט אין דרויסען, דאָס הייסט, אין אַ רשות־הרבים, איז פון די ציעגען געוועזן נישט אָפּצוטרייבען זיך. אָט האָט איהר אָוועקגעטריבען איינע, איז געקומען די אַנדערע, נאָך נישט אָוועקגעטריבען די אַנדערע — אהאַ, אָט איז שוין די ערשטע נאָך אַ מאָל אויסגעוואַכסען!

איך האָב זיי געטריבען מיט שטעקענס:

— אַ קאָזאַ, וואָן פון דאַנען! ווייטער ביזט דו דאָ, דו נאַרישע ציעג? אַ קאָזאַ!

דער רוח ווייסט זיי, פון וואַנען זענען זיי געוואָהר געוואָרען, אַז ס'איז ביי אונז פאַרהאַן גרינער סכך! אפנים, זיי האָבען גע־געבען צו וויסען איינס דאָס אַנדערע — נישט אַנדערש; וואָרום עס האָבען זיך צענויפגעקליבען אַרום אונז אַלע ציעגען פון דער גאַנצער שטאָדט, און איך, איינער אַליין, האָב געמוזט מיט זיי אַלע מלחמה האַלטען!

אַז גאָט האָט געהאָלפען, דער גאַנצער סכך איז שוין געלעגען אויף דער סוכה, זענען די ציעגען געבליבען שטעהן, ווי די נאַראָנים, געקוקט אַרויף מיט נאַרישע אויגען און נאַריש געמעלה־גרה'ט. איך האָב דערלעבט אָן זיי אַ נקמה און האָב זיך אָנגערופען צו זיי:

— פאַר וואָס שלעפּט איהר איצטער נישט קיין סכך, נאַרישע ציעגען?

עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבען מיך פערשטאַנען: זיי האָבען זיך איינציגווייז אָנגעהויבען צעגעהן זוכען זיך איין אַנדער עובדא, און מיר האָבען זיך גענומען אויספוצען די סוכה פון אינווענינג. קודם כל האָבען מיר אויסגעשאָטען די ערד מיט געלען זאַמד; נאָכ־דעם האָבען מיר אַרומגעהאָנגען די ווענד מיט אַלערליי קאָלדרעס פון אַלע דריי שכנים, און דאָרט, וואו עס האָט נישט געהאַפּט קיין קאָלדרעס, איז געהאַנגען אַ שאַל, און אַז עס האָט נישט געהאַפּט קיין שאַלען, איז געהאַנגען אַ טישטוך אָדער אַ ליילעך; און ערשט נאָכדעם האָבען מיר אַרויסגעטראָגען די טישען מיט די בענקלעך, די לייכטער מיט די בענשליכט, דאָס געפעס מיט די מעסערס מיט די נאָפּלען מיט די לעפעל, און אַלע דריי בעל־הבית'טעס זענען גע־גאַנגען בענשען ליכט און מאַכען אַ ברכה „לישב בסוכה".

ז.

מיין מאַמע, עליה השלום, איז געווען אַ אידינע, וואָס האָט ליעב געהאַט ווייִנען. ימים נוראים — דאָס זענען געווען אַ י ה ר ע ימים טובים, און פון זינט מיר האָבען פערשפּיעלט אונזער אייגענע

דירה, האָבען זיך איהר די אויגען נישט אויסגעטריקענט אויף קיין מינוט. דער טאַטע, וואָס איז אַליין אויך אַרומגעגאַנגען אָהן אַ קאָפּ, האָט דאָס נישט געוואָלט ליידען, איהר געזאָגט, זי זאָל מורא האָבען פאַר גאָט, זי זאָל נישט זינדיגען, וואָרום ס'איז פאַרהאַן נאָך ערגערס, דאַנקען גאָט דערפאַר... נאָר דאָ אין סוכה, בשעת ליכט־בענשען, האָט זי פערשטעלט די אויגען מיטביידע הענד און האָט געקאָנט וויינען און וויינען שטילערהייד, קיינער זאָל נישט וויסען, אַז זי וויינט. נאָר נישט מיך נאַרט מען: איך האָב גאַנץ גוט געזעהען, ווי די פּלייצעס טרייסלען זיך איהר און טרערען רינען דורך די ווייסע, דינע פינגער, און זיי פאַלען אויפ'ן ווייסען טישטוך. און איך ווייס אַפילו װ ו אָ ס זי וויינט!... איהר גליק, וואָס דער טאַטע גרייט זיך אין שוהל אַריין, טהוט־אָן די שבת'דיגע, שוין אפילו צעהאַקטע, נאָר פּאָרט זיידענע קאַפּאָטע, נעמט זיך אַרום מיט'ן געפלאָכטענעם זיידענעם גאַרטעל, שטעקט־אַריין ביידע הענד אין גאַרטעל אַריין און מיט אַ טיעפען יום־טוב'דיגען אַפּץ זאָגט ער צו מיר:

— קום, לאָמיר געהן. שוין צייט געהן אין שוהל אַריין דאַווענען.

איך נעם די סידורים מיט די מחזורים, און מיר לאָזען זיך מיט'ן טאַטען אין שוהל אַריין, און די מאַמע בלייבט דאַווענען אין דער היים, און איך ווייס פריהער וואָס זי וועט טהון: ז י װ ו ע ט װ ו י י נ ע ן. זי וועט זיך קאָנען גוט אָנוויינען! והראיה, אַז מיר זענען געקומען צוריק און אַריין אין סוכה אַריין מיט'ן שענעם ברייטען „גוט־יום־טוב", און דער טאַטע האָט זיך געשטעלט מאַכען קידוש, דעם שענעם יום־טוב'דיגען קידוש מיט'ן שענעם יום־טוב'דיגען ניגון, האָב איך זיך צוגעקוקט צו איהרע אויגען — זענען זיי געווען רויטליך און אונטערגעשוואָלען די קישעלעך פון אונטען. אויך די נאָז האָט שטאַרק געגלאַנצט, געבלישטשעט — און דאָך האָט זי מיר אויסגעוויזען שען, ווי די מוטער רחל, אָדער ווי אַביגיל, אָדער ווי די מלכה שבא, אָדער ווי אסתר המלכה. און קוקענדיג אויף איהר, דערמאַן איך מיך אָן אַלע אונזערע שענע אידישע מעב־

טער, די יפת־תואר׳ס, וואָס איך בין מיט זיי פאַרפריה בעקענט געוואָרען אין חדר. און קוק איך אויף מיין שענער מאַמען מיט איהר שען קלאָר־ווייס פנים, וואָס שיינט־אַרויס פון דער שענער זיידענער יום־טוב׳דיגער פעטשיילע, מיט איהרע שענע גרויסע פערזאָרגטע אויגען, פערקלעהמט מיך ביי׳ם האַרצען, וואָס אַזעלכע שענע אויגען דאַרפען שטענדיג וויינען, וואָס אַזעלכע שענע וויסע הענד דאַרפען נעבאַך אַליין קאָכען און באַקען, און עס פערדריסט מיך אויפ׳ן רבונו־של־עולם, פאַר וואָס ער גיט אונז נישט קיין געלד אַ סך, און איך בעט ביי גאָט, ער זאָל מיך בעגליקען, איך זאָל גע־פינען עפּיס איין אוצר פון אַ סך גאָלד און דימענטען מיט ברי־ליאַנטען, אָדער לאָז קומען משיח, וועלען מיר אַלע געהן קיין ארץ־ישראל, און דאָרטען וועט דאָך שוין אונז אַלעמען זיין גוט!...

אַזוי טראַכט איך מיר, און מיינע געדאַנקען הויבען מיך אויף און פערטראָגען מיך וייט־ווייט, אַהין, צו מיינע גילדענע חלומות, וואָס איך וועל זיי נישט פערבייטען אויף כל הון דעלמא. און דער שענער יום־טוב׳דיגער ניגון פונ׳ם טאַטענ׳ס שענעם יום־טוב׳דיגען קידוש גיסט זיך מיר אַריין אין די אויהערען אַריין:

כי בנו בחרת,
ואותנו קדשת
מכל העמים!...

און איך פערשטעה די טייטש פון די דאָזיגע שענע, גוטע ווערטער:

דען אונז האָסט דו אויסדערוועהלט,
און אונז האָסט דו אויסגעקליבען
פון אַלע פעלקער!...

אַ קליינינקייט, אַ פאָלק אַ מיוחס ביי גאָט? אַ פאָלק אַ בן־יחיד? און עס ווערד מיר גוט אויפ׳ן האַרצען: פונ׳ם דאָזי־גען גליקליכען אויסדערוועהלטען פאָלק! און עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך בין אַ פרינץ... יאָ, אַ פרינץ, און די סוכה — דאָס איז אַ פּאַלאַץ, און דאָ רוהט די שכינה, און

דאָ זיצט מיין מאַמע די יפת־תואר, די מלכּה שבא, און דאָ וועלען מיר מאַכען מ׳אָרגען, אם ירצה השם, דעם שענעם „שהחיינו" איבער דעם שענסטען פון אַלע פירות, איבער׳ן אתרוג — אַך, ווער קאָן זיך צו מיר גלייכען? ווער קאָן זיך צו מיר גלייכען?!

ח.

נאָכ׳ן טאַטען מאַכט קידוש „שוין איין מאָל משה" — נישט דער קידוש, וואָס ביי׳ם טאַטען, אָבער גאָר לא! און נאָך איהם — דער בעל־הבית אַליין, הערשקע מאַמצים, — אַ פּראָסטער איד, אַ פּראָסטער קידוש. און מיר געהען זיך וואַשען און מאַכען המוציא. און אַלע דריי בעל־הבית׳טעס ברענגען צו טראָגען די גוטע, וואַרעמע, פרישע, געפעפערטע, מחיה־שמעקעדיגע פיש — און איטליכער זיצט זיך מיט זיין געזינדעל ביי זיין טיש. אַ סך קוילעטשען. אַ סך הענד טונקען־איין ווייכען קוילעטש אין הייסער פיש־יויך. אַ סך מיילער עסען. און אַ ווינטעל בלאָזט־אריין אין סוכה דורך די דינע שוואַכע ווענטלעך און דורכ׳ן שיטערען סכך, און די ליכטלעך שמעלצען זיך, און אַלע עסען, עסען געשמאַק די יום־טוב׳דיגע סעודה — און עס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז ס׳איז נישט קיין סוכה, נאָר אַ פּאַלאַץ, אַ גרויסער, אַ ליכטיגער פּאַלאַץ, און מיר, אידען, מיוחסים, פּרינצען, בני־יחידים, זיצען דאָ און עסען און טהוען זיך אָן וואוילטאָג. „אשריכם, ישראל! וואויל איז צו אייך, אידעלעך!" — טראַכט איך מיר. — קיינעם איז נישט אַזוי גוט, ווי אייך! מכּות האָט נאָך עמיצער אַ זכיה צו זיצען אין אַזאַ שענער סוכה, געדעקט מיט גרינעם סכך און אויסגעשאָטען מיט געלען זאַמד און בעהאָנגען מיט די שענסטע קאָלדרעס פון דער וועלט, און אויף׳ן טיש יום־טוב׳דיגע קוילעטשען מיט אמת גוטע יום־טוב׳דיגע פיש, וואָס דאָס אַליין איז אַ מאכל־מלכים; היינט ווער שמועסט, אַז מע וועט נאָך..." פּלוצים — טררראַך! דער גאַנצער דאַך מיט׳ן סכך — אויף אונזערע קעפּ; און נאָכ׳ן דאַך — איין וואַנד און די אַנדערע

וואַנד בויגען זיך, פֿאַלען כורעים, און עפּיס אַ ציעג פֿליהט פֿון אויבען אַראָפּ גלייך אויף אונז, און מיט אַ מאָל ווערד פֿינסטער־חושך, אַלע ליכט אויסגעלאָשען, אַלע טישען איבערגעקעהרט, און מיר אַלע, מיט די קוילעטשען, מיט'ן געפֿעס, מיט דער ציעג, ליגען אין זאַמד. און די לבנה שיינט, און די שטערען קוקען, און די ציעג חאַפּט זיך אויף מיט שרעק אויף די דינע פֿיסלעך, בלייבט שטעהן אַ ווײַלע און קוקט זיך אַרום מיט נאַרישע אויגען, ווי אַ זינדיגער מענש, און באַלד חאַפּט זי די פֿיס אויף די פּלייצעס און מאַרש, ווי איין עזות־פּנים, איבער טישען און איבער בענק און איבער קעפּ מיט אַ געשריי: „מע־ע־ע־ע!" די ליכט אַלע אויסגעלאָשען, דאָס געפֿעס צעבראָכען, די קוילעטשען אין זאַמד, מיר אַלע איבער־געשראָקען אויף טוידט. די ווייבער קוויטשען, די קליינע קינדער וויינען — אַ חורבן! איין אמת'ער חורבן!

* * *

— אַ שענע סוכה האָט איהר אַנידערגעשטעלט, — זאָגט צו אונז נאָכדעם דער בעל־הבית, הערשקע מאַמצים, מיט אַזאַ טאָן, גלייך ווי מיר וואָלטען ביי איהם גענומען פֿאַר דער סוכה מי יודע וויפֿיעל, — אַז איין ציעג האָט זי געקאָנט אַנידערלעגען. אַ שענע סוכה!

— שוין איין מאָל אַ סוכה! — זאָגט „שוין איין מאָל משה", שטעהט ווי איין אויסגעפּאַטשטער און בעטראַכט מיט קאָפּ, פֿון וואַנען, אייגענטליך, האָט זיך גענומען דער דאָזיגער חורבן. — שוין איין מאָל אַ סוכה!

— יאָ, שוין איין מאָל אַ סוכה! — קרימט איהם איבער דער בעל־הבית מיט סם־המות, און אַלע העלפֿען איהם אונטער אין איין קול:

— שוין איין מאָל אַ סוכה!...

# די ערשטע קאַמונע

---

## קאַפּיטעל א.

### אַ מענש ווערד מיט אַלסדינג געוואָהנט.

הערט איהר? ס'איז גאָר נישטאָ די צרה אויף דער וועלט, וואָס אַ מענש זאָל מיט איהר ניט קאָנען געוואָהנט ווערען. דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זיין ערגער פון צייהנוועהטיג? פון דעסטוועגען קאָן איך אייך ברענגען אַ ראיה פון מיין רבי'ן רב מאָניש. מיין רבי רב מאָניש האָט געזאָגט, אַז ווען ער זאָל חלילה ליידען אויף צייהנוועהטיג, וואָלט ער זיך אַ מעשה אָנגעטהאָן. כך הוה. אַז ס'איז געקומען די צייט, וואָס ער האָט אָנגעהויבען רייסען זיך אויף די צייהן, האָט ער תחילת געשריגען ניט מיט זיין קול, געקראָכען אויף די גלייכע ווענד, אַרומגעטאַנצט איבער דער שטוב און צעטריבען דעם גאַנצען חדר אַהיים. אויף מאָרגען, אַז מיר זענען געקומען אין חדר אַריין, האָבען מיר איהם געטראָפען מיט איין אונטערגעבונדענער באַק און מיט איין אויפגעטראָגענער ליפּ, און ער האָט שוין געקרעכצט שטילערהייד. אויף איבערמאָרגען זענען שוין געוועזן ביי איהם אַרומגעלעגטביידע באַקען מיט קישעלעך, דאָס פּנים האָט געגלאַנצט, ווי בעשמירט מיט פּוטער, און געזעסען איז ער שטיל, ווי אַ קעצעלע, ניט אַרויסגעלאָזט אפילו קיין פּיפּס.

— וואָס הערט זיך, רבי, מיט אייער צאָהן?

— וואָסער צאָהן? — מאַכט צו אונז דער רבי מיט אַ ביטער שמייכעלע: — עס רייסען מיך שוין, ברוך השם, אַלע צייהן.

איך האָב דאָס אייך געבראַכט אהער, בכדי עס זאָל אייך קיין חידוש ניט זיין, וואָס מיר זענען זיך געוואָהנט געוואָרען מיט הערש־קע מאַמצים׳עס דירה, כמעט פערגעסען שוין, אַז מיר האָבען גע־האַט אמאָל איין אייגענע דירה, אַ גרויסע דירה, אַ שענע דירה, מיט אַ הויף, און מיט אַ גאָרטען, און מיט אַ סוכה, און מיט אַ שפּיזאַרני, און מיט וואָס ניט? אמת, די מאַמע האָט נאָך אַלץ גאַנץ אָפט אונטערגעזי־פצט און געגעבען אָנצוהערעניש דעם טאַ־טען, אַז ס׳איז נישטאָ וואו עפּיס אַוועקצולעגען פון דאַנען אַהין. דערויף האָט איהר דער טאַטע, געוויינטליך, אָדער גאָר ניט גע־ענטפערט, אָדער געענטפערט מיט אַ זיפץ. און אַז זי האָט איהם גוט דערגאַנגען מיט ווערטער, אויסגעוויזען מיט ראיות, אַז אין בעל־הבתישקייט מוז מען האָבען אַ שטיקעל קעמערעל, חאָטש אַ ווינקעלע אַ בעזונדערס, האָט איהר דער טאַטע אַ זאָג געטהאָן: „זינדיג ניט, דאַנקען גאָט דערפאַר". און דאָס איז שוין געווען אַ תירוץ אויף אַלסדינג: אויף דעם, וואָס זיי דאַרפען, דריי בעל־הבית׳טעס, שטעהן ביי איין אויוועז; אויף דעם, וואָס אַלע דריי שכנים בעדאַרפען שעפּען וואַסער פון איין דייזשקע און גיסען אין איין פּאָמעגיצע; אויף דעם, וואָס פאַר אַלע עופות איז פאַרהאַן סך הכל איין שטייג, און אויף דעם, וואָס אַז עמיצענ׳ס ציגען טהוען־אָן שאָדען — ווייסט מען אפילו ניט ווענ׳ס.

— צביה־לאה, אייער ציגע טהוט מיר צום טוידט: זי האָט מיר היינט גע׳פּטר׳ט דאָס מילכיגע טעפּעל! — קלאָגט זיך די מאַמע פאַר דער בעל־הבית׳טע.

— און אַז אייער ציגע האָט מיר נעכטען אויסגעזעצט אַ טאַפּ־ליע? — ענטפערט איהר אָפּ צביה־לאה, אַ אידינע אַ גראָבע מיט אַ קול פון אַ מאַנסביל.

— פון וואַנעט ווייסט איהר, אַז מ י י ן ציגע האָט אייך אויסגעזעצט אַ טאַפּליע? — זאָגט די מאַמע.

— פון וואַנעט ווייסט איהר, אַז **מ י י ן** ציעג האָט אייך צעבראָכען דאָס טעפּעל? — זאָגט צביה־לאה.

— מיינע געוויס ניט! — מישט זיך אַריין די דריטע שכנה, אַ קליין ווייבעל מיט שוואַרצע אויגעלעך, וואָס הייסען הייסט זי פּערעלע, און רופען רופט מען זי „שוועבעלע", דערפאַר, וואָס זי צינדט זיך גיך אָן און ווערד באַלד פּערלאָשען — פּונקט דער היפּך פון איהר מאַן, אונזער אַלטען בעקאַנטען משה, דער וואָס מע רופט איהם „שוין איין מאָל משה". איהר דאַרפט איהם געדענקען פונ'ם פערגאַנגענעם סוכות, אויב איהר האָט געלייענט מיין מעשה „שוין איין מאָל אַ סוכה".

קאַפּיטעל ב.

## אַ ים שכנות — וואָלוועל שלייערס.

די וואָס מיינען, אַז די דריי שכנות, וואָס זענען געשטאַנען ביי איין אויוועז, געגומען וואַסער פון איין דייזשקע, געגאָסען אין איין פּאָמעניצע און אַזוי ווייטער, האָבען חלילה שטענדיג געהאַט צווישען זיך אַ שלעכט לעבען, — האָבען זיי אַ גרויסען טעות. אמת, מע קאָן ניט זאָגען, אַז ס'איז ביי זיי געווען אַ לעבען ווי אונטער'ן אויוועז; מע זאָל זיך, הייסט דאָס, שטאַרק ליעב האָבען, חלש'ען איינס נאָך דאָס אַנדערע — דאָס אויך ניט. אַ מענש איז אומעדום, קודם כל, נישט מעהר ווי אַ מענש, און מענשען בכלל האָבען זיך ליעב נאָר פון דערווייטען. די אַלע שענע בילדער, וואָס מענשען מאָהלען־אָפּ, ווי אַזוי מע וועט לעבען אַמאָל אַלע אינ־איינעם גאַנץ ברידערליך, אַלע אויף איין קעשענע, מע וועט צע־שטויסען די שווערטען אויף גראָבאייזענס און די ביקסען אויף שניידמעסערס, און מע וועט זיך מעהר נישט קריגען, נישט זידלען, נישט טהון אויף צו־להכעיס, לעבען ווי גאָט אין אָדעם — דאָס אַלסדינג וועט זיין, אַז משיח וועט קומען. און ביז דעמאָלט וועלען

דריי שכנות, וואָס שטעהען ביי איין אויוועז, מוזען אמאָל צעקריע־גען זיך, צעאַמפּערען זיך, רעכט אויסזידלען זיך און אפשר נאָך עפּיס ערגער אויך...

מילאָ, פון צביה־לאה'ן, הערשקע מאַמצים'עס ווייב, שמועסט מען ניט. זי איז דאָך די בעל־הבית'טע פון דער שטוב, האָט איין אייגענע „נחלה", מיינט זי גלאַט, אַז אַלע בעדאַרפען האָבען פאַר איהר דרך־ארץ, און אָהן אַ „זייט־זשע מוחל" טאָר מען גאָר מיט איהר ניט רעדען. ביי מיין מאַמען האָט זי דאָס דוקא גע'פּועל'ט; מיין מאַמע רעדט גאָר אַנדערש נישט מיט איהר:

— זייט־זשע מוחל, צביה־לאה, די פאָמעניצע איז שוין פול, ווי איין אויג.

אָדער:

— זייט זשע מוחל, צביה־לאה, אייער יויך־טעפּעל האָט זיך געשטעלט אין אויוועז פאַפּעריק, און איהר האָט שוין אַ גוט אויג, ניט קיין יויך.

אָדער:

— זייט־זשע מוחל, צביה־לאה, אייער קליינינקער האָט שוין דאָרטען מחילה אָנגעאַרבייט אַ שענע חתונה!...

דערפאַר טאַקי האַלט צביה־לאה פון מיין מאַמע איין עולם ומלואו, און זי זאָגט דאָס איהר אַלע מאָל אין די אויגען, בשעת זי צעקריעגט זיך מיט דער דריטער שכנה, מיט פּערעלע'ן.

— איהר ווייסט, בתיה־לעבען, — זאָגט זי צו איהר מיט אַ זיס שמייכעל: — איהר ווייסט, פאַר וואָס איך האַלט מיט אייך אַזוי? נאָר דערפאַר, וואָס איהר זענט ניט קיין שוועבעלע.

פּערעלע פערשטעהט דעם שטאָך, רופט זי זיך אָן הויך צו מיין מאַמע, און אויך זיס, ווי קאַנדעלצוקער:

— ווייסט איהר, בתיה־לעבען, פאַר וואָס איך האָב אייך אַזוי ליעב? נאָר דערפאַר, וואָס איהר האָט ניט קיין אייגענע „חאַטע", וואָס סע רינט פון די ווענד און סע קאַפּעט פון דער סטעלי, און

וואָס איהר מיינט ניט, אַז סע שפּיעלט זיך מיט אייך דער מלאך־המות.

און אַזוי טענה'ען זיך אויסביידע ווייבער מיט מיין מאַמע, געבען איהר צו פערשטעהן, פאַר וואָס מע האָט זי ליעב, און רע־כענען איהר אויס אַזעלכע מעלות, וואָס האָבען ניט קיין שיעור.

די גרעסטע פון אַלע מעלות אָבער, וואָס מיין מאַמע האָט באמת, איז די מעלה, וואָס זי האָט ליעב שלום. זי צענעמט די צדדים, פעררעדט זיי די צייהן.

— וואָס טויג אייך, זייט־זשע מוחל, מיר דערצעהלען, פאַר וואָס איהר האָט מיך ליעב? איהר דערצעהלט מיר בעסער, זייט־זשע מוחל, צביה־לאה־לעבען, ווי אַזוי איז אייך געגאַנגען מיט'ן לעצטען טרָאַגען

אָדער:

— איהר דערצעהלט אונז בעסער, זייט־זשע מוחל, פערעל־קרוין, נאָך אַ מאָל, פאַר וואָס איהר זיך צעקריעגט איבער־אַ־נייעס מיט אייער שוועגערין רחל'ע די גרינע? איהר האָט דאָך ניט לאַנג איבערגעבעטען זיך מיט איהר!

יאָ, ווען ניט מיין מאַמע, וואָלט געווען, ווי מע זאָגט, דריי שלייערס אַ גראָשען. ס'איז אַזוי אויך געווען, מאָהלט אייך, גענוג בזיונות, אַ מיין מאַמע, וואָס האָט, זאָגט זי, קיינמאָל ניט געהערט קיין גראָבהייט, בעדאַרף אויסהערען אַ ז ע ל כ ע ווערטער מיט אַ ז ע ל כ ע קללות, און מיט איהרע אייגענע הענד צענעמען די דאָזיגע צוויי ווייבער, וואָס אַז זיי ווערען אין כעס, זענען זיי ערגער, זאָגט זי, פון די חיות רעות; זיי זענען גרייט איינס דאָס אַנ־דערע אָדער אָפּבייסען די נעז, אָדער אַרויסרייסען די אויגען! ווי־פיעל געזונד דאָס קאָסט דער מאַמע — דאָס ווייס א י ך. איך האָב ניט איין מאָל געטראָפען די מאַמע זיצען און וויינען (אויף אַלסדינג ווינט זי) און בעקלאָגען זיך אויף וואָס פאַר אַ לעבען זי איז איבערגעקומען! און קומט דער טאַטע, ווישט זי אויס די אויגען, גלייך ווי גאָרניט געווען.

— וואָס איז? — פרעגט זי דער טאַטע דערשראָקען.
— וואָס „וואָס איז"? — מאַכט די מאַמע תמ'עוואַטע.
— וואָס ביזט דו פאַרוויינט?
— איך? — זאָגט די מאַמע כלומרשט פריילין, און טרערען קייקלען זיך פון איהרע שענע אויגען איבער איהרע ווייסע שענע באַקען. ווען איך שעם זיך ניט פאַר'ן טאַטען, פאַל איך איהר אויפ'ן האַלז און קוש איהר אויס יעדעס גליעד, מיין טייערער־טייערער מאַמען!

## קאַפּיטעל ג.

### מע רעדט פון קליינוואַרג און פון ווייבער.

און מיר, קליינוואַרג, קינדער פון די דריי שכנים אין איין שטוב, ווערען דאָך אודאי וואָס ווייטער אַלץ נעהענטער, און מיט דער צייט — די לעצטע גוטע ברידער, ווי עס געהער צו זיין חברים! און איבערהויפּט — די יונגלעך. אַרום און אַרום זענען מיר זיעבען יונגלעך. איך מוז אייך זיי אויסרעכענען ביי די נעמען: הערשקע מאַמצים'עס פיער בנים, צוויי רויטע און צוויי שוואַרצע — אייזיק, איציק, היליק און ישראליק; „שוין־איין־מאָל־משה'ס" צוויי יונג־לעך — יואַליקעל און שואַליקעל; און איך — אברהמעל, דער מחבר פון דער דאָזיגער געשיכטע. אחוץ די זיעבען יונגלעך, זענען פאַר־האַן זעכס מיידלעך: צוויי צביה־לאה'ס טעכטערלעך אוןביידע מיט געלע הערעלעך: איטקע און ביילקע; און פיער פּערעלע'ס מייד־לעך: רייזעלע און פויגעלע און חנה'לע און יענטעלע.

די יונגלעך מיט די מיידלעך זענען צווישען זיך פייער מיט וואַסער. מע האָט זיך אַזוי פיינט, אַז ממש מע קאָן זיך איינס דאָס אַנדערע ניט אָנקוקען. טאָמער טרעפט זיך עפּיס אין שטוב אַ שאָדען, לעגט מען אַרויף די באַד איינס אויף דאָס אַנדערע, די

יונגלעך אויף די מיידלעך און די מיידלעך אויף די יונגלעך, ביז מע הויבט זיך אָן געבען קלעפּ. מיר, יונגלעך, פּלאָנטען זיך איין אין די רויטע הערעלעך פון די מיידלעך, און זיי, די מיידלעך, מאַ־כען אַזאַ קוויטשעריי, ביז עס קומט צו לויפען הערשקע מאַמצים, אַ בייזער איד, וואָס האָט פיינט „ספּראַוועס"; ער גיט פּעטש פון דער פולער האַנד אויף אַלע זייטען: „פּיטש־פּאַטש — זאָגט ער — אי ניקאַקיך!" אַ גליק, וואָס סע מישט זיך אַריין „שוין־איין־מאָל־משה", רייסט־אַרויס די יונגלעך פון הערשקע'ס הענד:

— לאָז שוין זיין איין מאָל איין עק!

אַ מאָדנער מענש דער „שוין־איין־מאָל־משה" — אַ קינדערשע נשמה ביי איהם. טאָג ווי נאַכט וואָלט ער זיך מיט אונז אָפּגע־געבען. פון העלפען אונז מאַכען, בויען, צענויפשטעלען, צענויפּ־לעגען וכדומה — פון דעם שמועסט מען ניט; דערויף איז דאָך עפּיס „שוין־איין־מאָל־משה" אַ בעל־מלאכה, וואָס האָט אַ שם אויף דער וועלט. ווי קאָן ער שטעהן און קוקען בשעת יענער שניצט, שניידט, טהוט עפּיס? „געב אַהער, דו שייגעץ איינער, וועל איך דיר ווייַ־זען, ווי אַזוי מע שניצט מיט אַ מעסער!" — נאָר דאָס איז בלאָטע. איך דאַרף אייך זאָגען בסוד, אַז „שוין־איין־מאָל־משה" האָט זיך ניט געפּוילט פערקאַטשען די פּאָלעס און חאַפּען מיט אונז איינאייַ־נעם אַ שפּיעל אין „קאַמער־קאַמער־הויז", עקאַך־און־מקח", „אוּם־צי־גראָד" וכדומה. און מיט איהם שפּיעלען איז געווען, זאָג איך אייך, אַ פערגעניגען! פריילינכער, ווי שמחת־תורה! וואָס־זשע טהוט גאָט? בעדאַרף ער איהם געבען אַ ווייב פּערעלע, וואָס מע רופט זי „שוועבעלע", לאָזט זי איהם נישט מישען זיך צווישען קינדער. אָט איין אומגליק! איך וועל זאָגען מיט'ן לשון פון מיין רבי'ן רב מאָניש. מיין רבי רב מאָניש, אַז די רביצין האָט איהם דעקוטשעט מיט געלד, פלעגט ער זיך חאַפּען ביי דער לינקער פּאה און שרייען: „גוואַלד! ווער האָט אויסגעטראַכט דאָס מין ווייב אויף דער וועלט?"... אין יענער צייט, ווען איך בין, למשל, קיסר און מע קומט צו מיר און מע פרעגט מיך: וואָס טהוט מען מיט

ווייבער? — וואָלט איך געווים געזאָגט: מע זאָל זיי אַלע אויס־קוילען, ווי די גענז, נאָר איינע זאָל מען איבערלאָזען — די מאַמע מיינע.

אַצינד, אַז מיר האָבען זיך אַביסעל בעקענט מיט אַלע שכנים און שכנות, וואָס זיצען ביי הערשקע מאַמצים, און מיט זייערע געזינדלעך, — געהען מיר אריבער צום ענין המעשה, דאָס הייסט, צו דער „קאָמונע" גופא, פון וואַנען זי האָט זיך גענומען, ווי אַזוי זי איז געוואָרען, און וואָס מיט איהר איז געוועזן דער סוף.

## קאַפּיטעל ד.

### דער ערשטער געדאַנק פון „קאָמונע".

ס'איז שוין לאַנג ידוע פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אַלע גרעס־טע אידעען קומען אומגעריכט, דורך אַ קלייניגקייט. אויך די אידעע פון „קאָמונע" ביי אונזערע דריי שכנות איז געבוירען געוואָרען אומגעריכט, דורך אַ נאַרישקייט. ס'איז אַזוי געוועזן די מעשה: באַלד נאָך פורים, אַז דער עולם האָט אָנגעהויבען שמועסען מכח מצה אויף פסח און אויסרעכענען וויפיעל יעדער בעדאַרף האָבען מעהל, האָט זיך געטראָפען אַ מאָדנער נס: עס האָט זיך אַרויס־בעוויזען, אַז מיר אַלע בעדאַרפען האָבען גלייך, ניט מעהר און ניט ווינציגער. אָט האָט איהר אייך דעם חשבון פון אויבען־אויף: דער טאַטע, די מאַמע און איך — זענען דריי איהרע; היינט וואַרטען מיר, עס דאַרפען קומען צו אונז געסט: מיין עלטערע שוועסטער אסנה מיט איהר מאַן דניאל מיט דריי קינדערלעך פון אַ קליין שטעדטעל פון בעסאַראַביע (עס איז זיי היינט נעבאַך נישט גוט די צייט און זיי קלויבען זיך קיין אַמעריקאַ) — האָט איהר אַ קיימאַ־לן פון אַכט איהרע. היינט הערשקע מאַמצים מיט'ן ווייב, מיט זייערע פיער בנים און מיט צוויי טעכטערלעך — האָט איהר אייך פונקט אַכט.

איצט נעמט „שוין־איין־מאָל־משה׳ן" מיט׳ן ווייב, מיט צוויי יונג־לעך און פיער מיידלעך, — ווידער אַ מאָל אכט.

— פלאי־פלאים! טאקי נאָר מן השמים! — האָבען אַ זאָג געטהאָן די מאַנסבילען אויף צו־בלומרשט.

— אַ באַשערטע זאַך! — האָבען אונטערגעהאַפּט די ווייבער שוין אביסעל ערנסטער.

— הערט נאָר אויס, אידישע קינדער, טאָמער וואָלט געווען אַ סברא, אז מע זאָל מאַכען אויף די אכט טאָג אַ מין יד־אחת?

אזוי האָט זיך אַ זאָג געטהאָן איינער פון די מאַנסבילען, דאכט זיך, „שוין־איין־מאָל־משה", און הערשקע מאַמצים האָט איהם אונ־טערגעהאַפּט:

— אַ מין שותפות, בחברותא הייסט דאָס, וואָס גאָט גיט, אבי אינאייינעם, אי ניקאָקיך!

— אויף זייער לשון ווערד דאָס אָנגערופען „קאָמונע". — שטעלט־אריין דער טאַטע, און „שוין־איין־מאָל־משה" מאַכט דער־רויף אַ פירוש, צעלעגט די זאַך אויף טעלערלעך:

— „קאָמונע" הייסט: מיינס־דיינס, שלי־שלך, שלך־שלי, איין שיסעל, איין קעשענע, איין דעה.

— ובפרט פסח, — זאָגען שוין אַלע מאַנסבילען מיט איין מאָל, — וואָס אַלע אידען עסען איין ברויט, די אָרעמע מצה, אַלע אידען טרינקען איין משקה, צימוקים־וויין, און אַלע — צו פיער כוסות, און אַלע עסען איין מאכל, מרור, און אַלע זאָגען פון איין הגדה. פסח איז דער בעסטער יום־טוב. פסח וואָלטען אַלע אידען געמעגט מאַכען „קאָמונע".

אָפּגעזאָגט, האָבען די מאַנסבילען געהאַפּט אַ קוק אויף די ווייבער: וואָס וועלען זיי עפּיס זאָגען דערויף? די ווייבער האָבען אָבער גאַנץ קלוג אונטערגעשוויגען. זיי האָבען זיך, אַפּנים, גע־טראַכט: „וואָס דאַרפען מיר, ווייבער, נעמען אויף זיך דעם האַר־מידער? איהר ווילט „קאָמונע" — לאָז זיין „קאָמונע"! אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער מאַכט זיך נאָכדעם, עס לאָזט זיך אויס אַ

בוידעם, — זאָלט איהר אויף אונז ניט אַרויפלעגען די באָד"... בקיצור, די ווייבער האָבען דאָס אָפּגעאַרבייט גאַנץ דיפּלאָמאַטיש, ווי געוויינטליך ווייבער, און דער פּלאַן פון „קאָמונע" איז אָנגענומען געוואָרען, נאָר ניט מיט אַ מאָל, ביסלעכווייז.

קודם כל האָבען אַלע דריי שכנות געקויפט בשותפות אַ זעקעל מעהל, און מען איז אַוועק אין איין קלאַפּ באַקען מצות. און די מצות זענען דאָס יאָהר דוקא געראָטען. און מע האָט געבראַכט צו פיהרען די מצות, און מע האָט זיך געווינשעוועט איינס דאָס אַנדערע, מע זאָל דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט די מאַנען און מיט די קינדערלעך געזונדערהייד און מע זאָל ווידער אַלע אינאיינעם באַקען מצות. ס'איז געווען אַ חיות אָנצוקוקען די גוטפריינדשאַפט מיט דער ליעבשאַפט פון די ווייבער, גלייך ווי מע האָט זיך קיינמאָל נישט געקריעגט, נישט געזידעלט, נישט פערביטען מיט קיין וואָרט אַפילו. און נישט נאָר די ווייבער — די מאַנסבילען, און אויך מיר, קליינוואַרג, האָבען זיך יענעם טאָג געפיהלט אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל ניט, זינט מיר זיצען אַלע אונטער איין דאַך. און מערקווירדיג! אַפילו הערשקע מאַמצים, וואָס איז תמיד בייז און אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט (דערפאַר, וואָס זיינע צוויי שוואָגעריקעס האָבען אַמאָל געוואָלט אויסלאָדען ביי איהם די דירה), איז דעם טאָג געווען עפּיס מאָדנע אויפגעלעגט, נישט געגעבען פּעטש, „פּיטש־פּאַטש אי ניקאַקיך", ווי זיין שטייגער איז, און האָט גאָר אונטערגעזונגען ליעדלעך שטילערהייד! און צביה־לאה'ס מאַנסבילשע שטימע איז יענעם טאָג געווען עפּיס דינער און ווייבער. מיט איינעם וואָרט, אַ גוטער מלאך איז דורכגעפלויגען איבער הערשקע מאַמצים'עס דירה. די שכינה האָט גערוהט אויף איהר.

גע'פּטר'ט די מצות, האָבען די ווייבער אַוועקגעשטעלט אַלע אינאיינעם אַ דייזשקעלע באָרשט (דאָס דייזשקעלע האָט פערזאָרגט, געוויינטליך, „שוין־איין־מאָל־משה"), און מע האָט ווידער אַ מאָל געוואונשען זיך, מע זאָל דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט די מאַנען און מיט די קינדערלעך געזונדערהייד און מע זאָל ווידער

שטעלען אַלע אינאייִנעם פּסח׳יגען באָרשט, און אין שטוב איז וויעדער געווען ששון ושמחה, גוט אויפ׳ן הארצען. נאָכדעם האָט מען אָנגעקויפט אַלע אינאיינעם עטליכע פּאָר עופות מיט אַ פּאָר אינדיקעס, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ כשר׳ע מציאה (אַ משוגענער גוי האָט זיך מעהר ניט געהייסען בעצאָהלען ווי צעהן גילדען פאַר צוויי אינדיקעס, ווי די קעלבלעך די גרויס), און מע האָט אַלע עופות פערוואָרפען אין איין שטייג (די שטייג האָט צורעכט געמאַכט, געוויינטליך, „שוין־איין־מאָל־משה"), און די אינדיקעס האָט מען געלאָזט שפּאַציערען איבער דער שטוב, און פאַר אונז, קליינוואַרג, איז דאָס געווען אַ שטיקעל געשעפט: מיר האָבען זיך מיט זיי גערייצט, מיר האָבען צו זיי געפּייפט, און זיי האָבען געשריגען: „האָלדיה־האָלדיר!" — און קיינער האָט אונז ניט געזאָגט קיין וואָרט. און די ווייבער האָבען זיך געווינשעוועט, מע זאָל דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט די מאַנען און מיט די קינדערלעך געזונדערהייד און מע זאָל וויעדער קויפען בשותפות אַלע אינאיינעם אַזעלכע עופות און אַזעלכע אינדיקעס. נאָכדעם האָט מען געקויפט אַלע אינאיינעם צוויי זעקלעך קאַרטאָפליס אין גלייכען געלד, און אייער עפּיס גאָר אַ מציאה פון אַ גנב — דריי גילדען אַ שאָק! גאָט האָט זיי צוגעשיקט אַ גויע מיט אייער, אויף קיין שלעכט אָרט זאָל זי ניט שטעהן! — און די ווייבער האָבען געלאַכט פון דער גויע, אַ נאַרישע גויע, אַ געשלייערטע האַנזי! און מע האָט זיך וויעדער געווינשעוועט, מע זאָל דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט די מאַנען און מיט די קינדערלעך געזונדערהייד און מע זאָל וויעדער איינקויפען אַלע אינאיינעם בחברותא אַזעלכע גראָטענע קאַרטאָפליס און אַזעלכע פרישע אייער! וואָס דאַרפט איהר מעהר? פּסח׳יגע קויהלען צום סאַמאָוואַר האָט מען געקויפט אַלע אינאיינעם אַ זעקעל כמעט אומזיסט, ס׳איז גאָר אַ חרפּה אויסצוזאָגען פאַר וויפיעל; היינט חריין און פאַסטערנאַק און שאָר ירקות — אַלסדינג בזיל הזול! „איין ערב פּסח פון גאָלע מציאות!" — האָבען געזאָגט די ווייבער און האָבען געלאַכט, און מיר, קליינוואַרג,

האָבען געפּייפט צו די אינדיקעס, און די אינדיקעס האָבען געשריגען: „האָלדיר־האָלדיר!“, און מע האָט זיך געווינשעוועט, מע זאָל דערלעבען איבער אַ יאָהר מיט די מאַנען און מיט די קינדערלעך געזונדערהייד און מע זאָל ווידער מאַכען אינאיינעם אַלע איין פּסח. מע האָט אַרויסגעזעהען בעשיינפּערליך, אַז עס קאָן גאָר ניט זיין קיין גרעסערע חכמה אויף דער וועלט, ווי אַז מע מאַכט יד־אחת.

— קאָמונע! איהר שפּיעלט זיך מיט קאָמונע? — האָבען אַ זאָג געטהאָן די מאַנסבילען אויף אַ ליצנות. און די ווייבער האָבען אונטערגעחאַפּט דאָס וואָרט „קאָמונע“, נאָר גערופען האָבען זיי דאָס „קאָמונעס“, און האָבען אַרויסגעזאָגט בפירוש, אַז זיי וואָלטען זיך ניט אָפּגעזאָגט, ס'זאָל אַ גאַנץ יאָהר זיין ביי זיי „קאָמונעס“. און די ווייבער זענען געוועזן אויפגעלעגט, און די מאַנסבילען — אוודאי, און מיר, קליינוואַרג, — אוודאי און אוודאי!

געבליבען איז אויף'ן לעצטען טאָג נאָר פיש און פלייש און ווייִן אויף ארבע כוסות. מילא, פיש — דאָס האָט גענומען אויף זיך, געוויינטליך, „שוין־איין־מאָל־משה“, וואָרום וואו האָט איהר אויף דער וועלט נאָך אַזאַ בריה אויף קויפען פיש, ווי ער? ער וועט ברענגען צו טראָגען פיש, וועט זיין שוין איין מאָל פיש! מיט ווייִן און מיט'ן חרוסת האָט מען זיך פערלאָזט אינגאַנצען אויף מיין טאַטען, מחמת דער מבין אויף ווייִן איז ער. און טובל'ען דאָס געפעס האָט מען געשיקט אונז, יונגלעך (פאַר די מיידלעך האָט מען געפונען איין אַנדער אַרבייט: העלפען די מאַמעס כשר'ען און רייבען שייערען און פוצען), און מיר האָבען פערקאַטשעט די הויזלעך און זענען אַוועק צום טייך לעבעדיג, פרייליך. בקיצור, ס'איז געוועזן „ליהודים“, אַלע זענען געוועזן פערנומען, אַלע הענד האָבען געאַרבייט, קיינער איז ניט געזעסען לעדיג אַ מינוט אפילו, ביז'ן לעצטען טאָג ערב פּסח, ביז מע האָט פערברענט דעם חמץ, געגאַנגען אַלע אין מרחץ אַריין, געקומען אַהיים, איבערגעטהאָן זיך אַלע יום־טוב'דיג און מע האָט גענומען גרייטען זיך צום סדר.

## קאַפּיטעל ה.

## די זיילען פון דער „קאַמונע“ שאָקלען זיך.

עס פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז צענויפשטעלען די טישען מיט די בענקלעך, אויסשטעלען די כוסות מיט די קערות און אויסבעטען די הסב־בעטען האָט גענומען אויף זיך „שוין־איין־מאָל־משה“. ווער עס האָט איהם נישט געזעהען אַרומטאַנצען דעם דאָזיגען פאַרנאַכט, דער האָט גאָר קיין שענם ניט געזעהען! די בעקלעך האָבען איהם געפלאַמט, דאָס היטעל איז איהם אַראָפּגעפאָהרען אויף אַ זייט, איין וואָנסע, די לאַנגע, האָט זיך ביי איהם אויסגעצויגען נאָך לענגער. ער האָט אויסגעזעהען, ווי אַ קאָמאַנדיר פון אַ שיף, אָדער ווי אַ פעלדמאַרשאַל אויף דער מלחמה, אָדער ווי אַ גבאי צו הקפות. ער האָט נישט געלאָזט קיינעם זיך צוריהרען צו קיין זאַך: אַליין האָט ער צענויפגעטראָגען בענקלעך, אַליין צענויפגעשטעלט די כוסות, אויסגעשטעלט דאָס זאַלצוואַסער מיט'ן חרוסת מיט די שאָר ירקות, און אַליין אויסגעבעט אַלע פיער הסב־בעטען (מיין שוואָגער דניאל איז אויך געווען פעררעכענט אין קאָהן). און אַז ס'איז געקומען צו די הסב־בעטען, האָט ער געקאָמאַנדעוועט, מע זאָל איהם צענויפטראָגען וואָס מעהר קישענס.

— נאָך אַ קישען!

— נאַט אייך נאָך אַ קישען.

— נאָך אַ קישען!

— נאַט אייך נאָך אַ קישען.

— נאָך אַ קישען!

— וואָס טויג אייך אַזוי פיעל קישענס?

— נאָך אַ קישען!

און ס'איז אויסגעוואַכסען פיער הויכע הסב־בעטען... וואָס זאָג איך הסב־בעטען? פיער הויכע מויערען, וואָס אַז מע איז געקומען

פון שוהל, האָבען די פיער בעלי־בתים בעדאַרפט זיך מיט אַנגסטען אַרויפדראַפּען אַרויף. און אז זיי האָבען זיך אַרויפגעדראַפּעט אַרויף און בעזעצט זיך, האָבען זיי מורא געהאַט, זיי זאָלען חלילה ניט אַראָפּפּאַלען.

דער ערשטער האָט זיך אַרויפגעחאַפּט דער בעל־הבית, הערשקע מאַמצים. ער האָט ניט געזאָגט חס ושלום קיין שום חסרון אויף די הסב־בעטען; ער האָט נאָר אַ קנייטש געטהאָן מיט די פּלייצעס. אַ מאַך געטהאָן מיט כעם:

— נ־נ־אַ, אַ עסעבעט!

— הא? שוין איין מאָל אַ עסעבעט? — האָט זיך אָנגערופען צו איהם „שון־איין־מאָל־משה“ מיט אַ שמייכעלע פון אַ גרויסען קינצלער, וואָס איז אַליין צופריעדען מיט זיין אַרבייט.

— ס'זאָל ניט זיין דאָס אייגענע, וואָס מיט דער סוכה. — רופט זיך אָן דער בעל־הבית, הערשקע מאַמצים, מיט אַ שטאָך.

— איך האָב שוין אויך געקלערט דאָס אייגענע. — זאָגט דער טאַטע מיינער און מאַסטעט זיך אויף דעם הסב־בעט, האַלט זיך מיט ביידע הענד אָן גאַרטעל און טרעט־איין די קישענס, ווי מע טרעט־איין אַ וואָגען היי.

— מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער שאַרען. — רופט זיך אָפּ די בעל־הבית'טע צביה־לאה מיט גאַל, און „שוועבעלע“ שטעלט זיך איין פאַר איהר משה'ן און טהוט אַ זאָג צום מאַן מיט כעס:

— אומעדום באַדאַרפסט דו אַרויסבאַווייזען, אז דו קאָנסט! עסעבעטען וואָלט איך זיי געבעט! לאָזען זיי זיך בעטען!

עס פערשטעהט זיך, אז צביה־לאה קאָן דאָס ניט איבערטראָגען און טהוט אַ זאָג צום מיין מאַמען כלומרשט אין גוטען מוטה:

— איהר זעהט, בתיה־לעבען? דאָס שוועבעלע האָט זיך שוין אָנגעצונדען...

און „שוועבעלע“ בויגט זיך אָן צו מיין מאַמען און רוימט איהר איין אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד:

— איהר הערט, בתיה־לעבען? דער סאַמאָוואַר, ברוך השם, זידט שוין...

און אַלע דערפיהלען, אַז אַ חמאַרע רוקט זיך אָן אויף הערשקע מאַמצים'עס שטוב, און די פרייליכקייט מיט דער לעבעדיגקייט, וואָס ס'איז געווען ערב פסח, איז ניטאָ — אַוועק, אַוועק מיט'ן ווינד און מיט'ן רויך.

— זאָלט איהר מיר זיין געזונט און שטאַרק, צביה־לאה־לעבען און פערעל קרוין, פאַרגעסט ניט, אַז ס'איז יום־טוב און מיר זיצען ביי איין טיש! — זאָגט צו זיי די מאַמע שטילערהייד, און אויף איהר פנים ליגט אַזוי פיעל טרויער, אַזוי פיעל אַנגסט, אַז עס פער־נעמט מיך ביי'ם הארצען.

איך פערשטעה איהר טרויער, איך פיהל איהר אַנגסט. איך האָב בעמערקט נאָך בשעת ליכט־בענשען, אַז זי וויינט, וויינט אויף דער דירה, וואָס מיר האָבען פערלאָרען, און וואָס מיר בעדאַרפען זיצען אין שכנות מיט אַזעלכע גראָבע מענשען, זיצען מיט זיי ביי איין טיש, ביי איין סדר! ערשט פאַר־אַ־יאָהרען אין דער צייט איז געווען ביי אונז אַביסעל אַ שענערער טיש, אַביסעל אַ רייכע־רער סדר. פאַר־אַ־יאָהרען איז דער טאַטע געווען איין מלך, די מאַמע איז געווען איין מלכה, און איך בין געווען איין פרינץ. היינט זיצען דאָ צענויפגעקוועטשט עטליכע מלכים, עטליכע מלכות, און אַ סך־אַ סך פרינצען, און אַלע פרינצען געהען אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, אַזוי שען, ווי איך, און אפשר נאָך אַביסעל שענער... ניין, זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, ס'איז ניט דער פאַראַיאָהריגער פסח! ס'איז ניט דער פאַראַיאָהריגער סדר!

מאַמע, איך פערשטעה דיין טרויער! איך פיהל דיין אַנגסט!

## קאפיטעל ו.

## דער פּרינץ נעמט זיך איבער.

און האָטש עס זיצען דאָ אַ סך פּרינצען, און אַלע געהען אָנ־געטהאָן יום־טוב׳דיג, אַזוי שען, ווי איך, און אפשר נאָך שענער — דאָך פיהל איך, אז איך בין ניט דאָס, וואָס אַלע. און האָטש עס זיצען דאָ עטליכע מלכים מיט עטליכע מלכות, דאָך פיהל איך, אַז מיין טאַטע איז ניט דאָס, וואָס אַלע טאַטעס, און מיין מאַמע איז ניט דאָס, וואָס אַלע מאַמעס. אויב יענע זענען מלכים, איז ער אַ מלך איבער די מלכים, וואָרום ער איז דאָ דער שענסטער און דער איידעלסטער פון אַלע; און אויך די מאַמע איז דאָ די שענסטע און די איידעלסטע פון אַלע. ער קוקט־אַריין אין סידור אַריין, פיהרט דאָס רעדעל, ווי איין עלטערער, ווי אַ פעלדמאַרשאַל, און אויף איהם קוקענדיג וואָס ער טהוט, טהוען איהם נאָך אַלע. אויך די מאַמע איז אַ וועג־ווייזער פאַר די איבעריגע ווייבער, האַלט פאַר זיך אַ גרויסען גראָבען קרבן־מנחה, מישט־מישט די בלעטלעך מיט איהרע שענע ווייסע פינגער, און דאָס ווייסע ליכטיגע פנים בשעת מעשה שיינט איהר, ווי די זון, און די איבעריגע ווייבער זעהען־אויס קעגען איהר עפּיס מאָדנע שוואַרץ, ווי די ציגיינערינס. מאָהלט אייך, מיין שוועסטער אסנה איז, קאָן מען זאָגען, אויך נישט קיין מיאוס ווייבעל, נאָר ווי קומט זי צו דער מאַמע! אנו, פאָהרט־אויס די גאַנצע וועלט און געפינט מיר נאָך אַזאַ יפת־תואר, ווי מיין מאַמע! איין עבירה, וואָס פון׳ם אָפּט וויינען, וואָס זי וויינט, וואַכסען איהר קישעלעך אונטער די אויגען. איין עבירה, וואָס פון׳ם קאָכען, וואָס זי קאָכט אַליין, ווערען איהר די שענע ווייסע הענד בעצויגען ווי מיט אַ קאָרע פון אויבען. איין עבירה, וואָס צוליעב מיין שוועסטער אסנה האָט זי נעבאָך געמוזט ניט־לאַנג פערקויפען די פּערעל איהרע מיט די אויהערינגלעך מיט די פינגערלעך, און זי קאָן זיך איצט ניט

בעווייזען מיט איהר גאַנצער שענקייט און מיט איהר גאַנצען גלאַנץ פון אמאָל. די מוטער רחל, אסתר המלכה, שולמית פון שיר־השירים, די מלכה־שבא — די זענען נאָר אַ דמיון ! גיט איהר אָפּ צוריק די פּערעל מיט די אויהערינגלעך מיט די פינגערלעך, וועט איהר זעהען, וואָס הייסט אַ יפת־תואר !... נאָר פערפאַלען ! ניטאָ קיין פּערעל ! ניטאָ קיין אויהערינגלעך ! ניטאָ קיין פינגערלעך ! אויסגעטהאָן ! אוועקגעגעבען ! גוואַלד, וואָס האָט צו אונז דער רבונו־של־עולם ? פאַר וואָס שטראָפט ער אונז אַזוי ? !...

. . . . . . . . . . . . . . . .

— ק־ד־ש ! — זינגט־אויס דער מלך פון די מלכים, דאָס הייסט, דער טאַטע מיינער, קוים־קוים וואָס ער קריכט־אַרויס פון דעם הסב־בעט, נעמט דעם כוס אין איין האַנד, שפּאַרט זיך אָן מיט דער אַנדערער האַנד אָן טיש, פערדרייסט דעם קאָפּ אַרויף, מאַכט־צו די אויגען און הויבט־אָן דעם שענעם פּסח'יגען קידוש מיט'ן שענעם פּסח'יגען נוסח, נאָר מיט עפּיס אַ מאָדנעם טרויער־ריגען ניגון, — ניין, ס'איז נישט דער ניגון, וואָס פאַר־אַ־יאָהרען ! און עס מאָהלט זיך מיר אויס, אַז אינ'ם טאַטענ'ס קידוש הערט זיך אַ קלאַג צום בית־דין־של־מעלה, אַ קלאַג פאַר דער דירה, פאַר דעם אין־שכנות־זיצען, פאַר דער מאַמע'ס פּערעל מיט די אויהע־רינגלעך מיט די פינגערלעך און פאַר די איבעריגע צרות, יסורים און הארצוועהטיג, וואָס גאָט האָט אונז מיט זיי בעוויליגט היינטיגס יאָהר פון זיין ברייטער האַנד.

איהר ווייסט ניט, וואָס האָט צו אונז דער רבונו־של־עולם ? פאַר וואָס שטראָפט ער אונז אַזוי ? !...

## קאַפּיטעל ז.

## די זיילען פון דער „קאַמונע“ הויבען־אָן פאַלען.

ווי אַלע גרויסע אידעען, אַזוי אויך אַלע גרעסטע אומ־גליקען, וואָס טרעפען זיך אויף דער וועלט, נעמען זיך אָפטמאָל פון אַ קלייניגקייט, פון אַ נאַרישקייט. אויך די „קאָמונע“, וואָס ווערד בעשריבען ביי אונז אָט דאָ, איז פּלוצים אַנידערגעפאַלען אין סאַמע אָנהויב, און איבער אַ קלייניגקייט, איבער אַ נאַרישקייט. ומעשה שהיה כך היה:

ווי באַלד דער טאַטע האָט אָפּגעמאַכט דעם קידוש און האָט צוריק אַריינגעזעצט זיך אין דעם הסב־בעט, האָבען זיך אויפגע־חאַפּט ביידע מיט אַ מאָל, מיין שוואָגער דניאל און אונזער בעל־הבית הערשקע מאַמצים, און האָבען זיך אָבער באַלד ביידע צוריק אַנידערגעזעצט, געוואָרען רויט, ווי פייער, זיך פערשעמט, אַפּנים.

מאַכט דער טאַטע צו הערשקע מאַמצים אויף שטום־לשון (מחמת נאָך קידוש טאָר מען שוין נישט מפסיק זיין): „נו־אַ!“ — דאָס הייסט, ער איז איהם מכבד, ער זאָל מאַכען פריהער קידוש. ענט־פערט איהם הערשקע מאַמצים אויף דער זעלביגער שפּראַך: „אי־אַ!“ — און בעווייזט מיט דער האַנד אויף מיין שוואָגער דניאל (אַ גראָבער יונג! ער מיינט, אַז ער טאָר שוין אויך ניט מפסיק זיין!). רופט זיך אָן מיין שוואָגער דניאל און מאַכט מיט'ן קאָפּ: „אי־אי!“ — דאָס הייסט: איך ניט, לאָז איין אַנדערער מאַכען פריהער קידוש! מישט זיך אריין „שוין־איין־מאָל־משה“ (ער האָט תמיד ליעב אריינמישען זיך!) און טהוט אַ מאַך מיט די הענד: „מי־אָ־נו?“ — דער פּשט איז: „ממה־נפשך, אָדער דער, אָדער יענער!“ ענטפערט איהם דערויף דער טאַטע אַלץ אויפ'ן וואונק:

„מע־אַ־אי!" — דאָס הייסט: „אַז ניט דער און ניט יענער — טאָ מאַכט שוין איהר פריהער קידוש!"

איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ פרייליכקייט עס ליגט פערבאָרגען אין דער דאָזיגער מימיקע, נאָר אויף אונז, קליינוואָרג, פאַלט־אָן דערפון פלוצים אַ געלעכטער, און נאָך וואָס פאַר אַ געלעכטער! מיר שטיקען זיך שטילערהייד אין די קולאַקעס, האָבען מורא אַ קוק טהון איינס אויף דאָס אַנדערע, מע זאָל חלילה ניט אויסשיסען. נאָר וויפיעל קאָן זיך אַ מענש איינהאַלטען? אַ מענש איז דאָך ניט קיין אייזען, ובפרט, אַז סע זיצען ביי'ם טיש, קיין עין־הרע, אַזוי פיעל קלאָפּערס, ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס קאָנען לאַכען, — איז געוואָרען א היינע, אַז עמיצער פון אונז זאָל געבען אַ חליפ, אַ הוסט, אָדער אַ שלוקערץ, זאָל זיך דער איבעריגער חברה אויסווייזען, אַז דאָס האָט שוין איינער געוויס אויסגעשאָסען. אין אַזעלכע מאָמענטען, הערט איהר, איז געפעהרליך, מע שפּיעלט זיך מיט פייער, וואָרום וואָס מעהר מע האָט מורא — מעהר לאַכט מען. איהר קאָנט דאָס פּרובען אויף אייערע קינדער. לאָזט־אַרויס אַ בעפויל, אַז מע טאָר ביי'ם טיש ניט לאַכען, וועט איהר זעהען וואָס ס'וועט זיך טהון: תחילת וועט מען זיך שטיקען ווי ווייט מע וועט קאָנען, נאָכדעם וועט ווערען אַזאַ שיסעריי, אַז איהר וועט סוף־כל־סוף אַליין אויך אויסשיסען אַ געלעכטער. דעם שכל דערפון ווייסען מיר ניט; לאָזען די חכמים, וואָס געבען זיך אָפּ מיט אַלערליי חכמות, אויפקלערען די דאָזיגע חכמה אויך, און מיר ווילען זיך אומקעהרען צוריק צו אונזער קידוש.

אַז גאָט האָט געהאָלפען, די מלכים האָבען שוין מיט גאָט'ס הילף אַלע אָפּגעמאַכט קידוש, און ס'איז געקומען צו אונז, קליינוואָרג, איז אויפגעשטאַנען הערשקע מאַמצים'עס בן, דער עלטערער (אייזיק), און האָט אָנגעהויבען זאָגען דעם „סברי מרנן ורבנן ורבותי" אויף אַ מאָדנעם קול, גלייך ווי עמיצער וואָרגט איהם. האָט דער יונגערער ברודער זיינער (איציק) אַרויסגעלאָזט אַ מין „קכי". האָט זיך דער דריטער (היליק) צעלאַכט, און דער קליינער (ישראליק) — נאָך איהם, און נאָך זיי שוין מיר אַלע, און אייזיק

אליין אויך בתוכם. און אזוי איז ער זאסטרעמפעט געוואָרען אין מיטען, ניט אהין, ניט אהער, אזש געוואָרען ברוין און בלוי, ס'איז געווען א רחמנות צו קוקען אויף איהם! איז אויפגעשטאַנען הערשקע מאמצים און האָט איהם אראָפּגעלאָזט א פאטש פון אויבען אראָפּ און ארויסגעוואָרפען איהם פונ'ם טיש און א זאָג געטהאָן דערביי, ווי זיין שטייגער איז: „פּיטש־פּאטש אי ניקאקיך!" און א מאַך געטהאָן צום אנדערען (צו איציק'ען), ער זאָל אויפשטעהן מאַכען קידוש.

האָט זיך איציק אויפגעהאַפּט, ווי א מזיק, און א זאָג געטהאָן דעם אייגענעם „סברי מרנן ורבנן ורבותי" שוין אביסעל צו הויך, צו גייציג, אזוי, אז ער האָט זיך, אפּנים, אליין איבערגעשראָקען פאר זיין קול און האָט זיך געוואָלט אראָפּלאָזען נידעריגער מיט א טאָן. האָט איינער פון דער חבריא א מאַך געטהאָן: „עהיט!" — האָט שוין איציק דערפאר נישט געקאָנט זאָגען א וואָרט, אזוי שטארק האָט דאָס איהם געשטיקט. האָט ער נעבאך געחאפּט פון זיין טאטען, הערשקע מאמצים, דעם זעלבען פּסק, וואָס אייזיק, דאָס הייסט: „פּיטש־פּאטש אי ניקאקיך!" און אויף איציק'ס אָרט איז שוין געשטאַנען דער דריטער (הילּיק).

דער דאָזיגער הילּיק האָט נאָר אָפּגעזאָגט א האלבען „סברי מרנן" — דעם „רבנן ורבותי" האָט ער שוין נישט געקאָנט ארויסזאָגען. איהם איז געפעלען געוואָרען גראָד אצינד א קוק טהון אויף מיין שוואָגער דניאל'ס קינדערלעך און דערזעהן, ווי די דריי האלטען זיך ביי די נעזלעך, אָנגעבלאָזען די בעקלעך, ווי די פּאחירלעך, אָט־אָט ווערען זיי צעזעצט.

און אָט אזוי האָט איטליכער בעזונדער בעקומען פון הערשקע מאמצים זיין פּסק: „פּיטש־פּאטש אי ניקאקיך!", געמוזט אָפּטרעטען דעם אָרט איינער דעם אנדערען, ביז ס'איז געקומען צו „שוין־איין־מאָל־משה'ס" קינדער (צו יואליקל'ען מיט שואליקל'ען). און אז יואליקעל האָט זיך אוועקגעשטעלט מאַכען קידוש, האָט ער שוין נישט געקאָנט ארויסלאָזען אפילו דאָס ערשטע וואָרט „סברי"

און האָט זיך באַלד אויפ'ן אָרט פערגאַנגען אויף טוידט. דעמאָלט איז אָנגעפאַלען אַ געלעכטער שוין אויף אַלעמען. עס האָבען גע־לאַכט גרויס און קליין: דער טאַטע און די מאַמע און „שוין־איין־מאָל־משה" און אַלע ווייבער. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אין דער מינוט, אַז עס לאַכען די כוסות, די טעלער מיט די לעפעל, מיט דעם לאָמפּ, מיט די ווענד — אַלע און אַלץ האָט געלאַכט.

ניט געלאַכט האָט נאָר איין הערשקע מאַמצים מיט די בייזע אויגען. ער האָט געלאָזט יואַליקל'ען אַביסעל זיך אויסלאַכען; נאָכדעם איז ער אויפגעשטאַנען, פאַר כעס, אַפּנים, פערגעסען, אַז יואַליקעל האָט אַליין אַ טאַטען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַ טאַטען, וואָס האָט אַליין אויך הענד און קאָן זיך אַליין אָפּרע־כענען מיט זיין קינד, און ער האָט איהם אַראָפּגעלאָזט דעם איי־גענעם „פּיטש־פּאַטש אי ניקאַקיך!", וואָס זיינע אייגענע פיער בנים, און דער גאַנצער עולם איז געוואָרען איבערראַשט. געוויינט־ליך, האָט די דאָזיגע מעשה בעדאַרפט פערדריסען יואַליקעל'ס מאַ־מע, און „שוועבעלע" האָט אַ בלישטשע געטהאָן מיט די אויגעלעך און אַ זאָג געטהאָן צו צביה־לאה'ן:

— טאָמער וואָלט איהר געזאָגט אייער מאַן, סע זאָל איהם אָפּ־דאַרען די הענטעלעך?

האָט צביה־לאה לאַנג נישט געקלערט און באַלד אויפ'ן אָרט אַ זאָג געטהאָן צו „שוין־איין־מאָל־משה'ן" אויף איהר מאַנסבילשער שטימע:

— טאָמער וואָלט איהר געזאָגט אייער ווייב, ס'זאָל זיך איהר שטעלען דאָס שוואַרצע פּיסקעלע אויף אַ זייט?

וואָס ווייטער איז געוועזן — קאָן איך אייך ניט בעשרייבען. דאָס הייסט, קאָנען קאָן איך, נאָר איך וויל ניט. עס פּאַסט ניט. ס'איז ניט שען פאַר קיין מלכה'ס. וואָס זיצען אויבען־אָן ביי דער רעכטער האַנד פון זייערע מלכים, ס'איז ניט שען ניט פאַר זיי און ניט פאַר אונז און ניט פאַר אייך, ס'איז אַ חרפּה, אַ בזיון פאַר לייטען... לאָמיר בעסער מאַכען אַ שווייג.

## עפּילאָג פון דער קאָמונע.

אויף מאָרגען, צום צווייטען סדר, איז שוין יעדער געזעסען בּיי זיך, בּיי זיין טיש, און אָפּגעריכט דעם סדר, ווי גאָט האָט געבּאָטען, — געזעסען טאַקי אַלע אין איין חדר, בּיי הערשקע מאַמצים אין זאַל, נאָר איינס צום אַנדערען מיט'ן הינטען, שטאַרק אָנגעדרודעלט... און מע האָט קוים דערלעבט דעם ערשטען טאָג חול־המועד, מע זאָל זיך קאָנען צעטיילען צוריק מיט די מצות, מיט דער שמאַלץ און מיט די אייער און מיט די קאַרטאָפלים און מיט די שאָר ירקות, אפילו דאָס דייזשקעלע בּאָרשט האָט מען געמוזט צעגיסען אין בּעזונדערע טעפּ, און בּשעת מעשה האָבען די ווייבּער, געוויינטליך, נישט געלעגט קיין כבוד איינע אויף דער אַנדערער, זיך דורכגעוואָרפען מיט שטעכווערטלעך און אָנצוהערענישען אויף די מאַנסבּילען.

— „קאָמונעס" האָט זיך זיי פאַרגלוסט! משוגעים האָבען דאָס אויסגעטראַכט און נאַראָנים טאַנצען נאָך! נאָט אייך גאָר „קאָמונעס"! זיעבּעצעהן „קאָמונעס" די שונאים אין קאָפּ און אין האַרצען און אין די קישקעס!

נאָך פּסח איז דער טאַטע געגאַנגען איבּער דער שטאָדט זוכען איין אַנדער דירה אויף צו דינגען, און אויף איהם קוקענדיג — אויך „שוין־איין־מאָל־משה". צביה־לאה איז אפילו געוואָרען ווייך ווי טייג, און הערשקע מאַמצים האָט אַ זאָג געטהאָן, כלומרשט פאַרבּייגעהענדיג, אַז תיכף נאָך שבועות, אם ירצה השם, שטעלט ער זיך איבּערדעקען דעם דאַך; עס האָט זיי אָבּער געהאָלפען, ווי אַ טוידטען בּאַנקעס. מיין מאַמע האָט געזאָגט שטילערהייד דעם טאַטען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אומזיסט וויל זי דאָ אויך ניט זיצען! אין דרויסען חלילה, אבי ניט בּיי הערשקע מאַמצים!

**אָט אזוי האָט זיך פון דער ערשטער „קאָמונע" בּיי אונז אין כתריל׳עווקע אויסגעלאָזט אַ טייך.**

# דאָס דריידעל

---

### א.

מעהר פון אַלע מיינע חברים אין חדר און מעהר פון אַלע יונגלעך פון דער גאַנצער שטאָדט און מעהר פון אַלע מענשען אויף דער וועלט — האָב איך ליעב געהאַט מיין חבר בעני מאיר פאָל־קאָוואַי׳ס. דאָס איז געווען אַ מין ליעבשאַפט מיט אַ מאָדנער צו־געבונדענקייט מיט אַ מורא־האָבען אינאיינעם. ליעב האָב איך איהם געהאַט דערפאַר, וואָס ער איז געווען שענער און קליגער און בריה׳־שער פון אַלע יונגלעך, און צו מיר איז ער געווען צוגעלאָזט, געטריי, זיך איינגעשטעלט פאַר מיר, געגעבען פעטש, געמאַכט אַ „פּזר“ מיט אַ „שלשלת“, דאָס הייסט, געריסען פאַר די אויהערען אַלע יונגלעך, וואָס האָבען מיך געוואָלט זאַטשעפּען.

און מורא האָב איך געהאַט פאַר איהם דערפאַר, וואָס ער איז אַ גרויסער און שלאָגט זיך. און שלאָגען האָט ער געקאָנט *וועמען* ער האָט געוואָלט און *ווען* ער האָט געוואָלט, מחמת בעני איז געווען דער עלטערער, דער גרעסטער און דער רייכסטער פון אַלע יונגלעך אין חדר. דער פאָטער זיינער, מאיר פאָלקאָוואַי, חאָטש ער איז געווען נישט מעהר ווי אַ פאָלקאָוואַי שניידער, איז ער אָבער געווען דערפאַר אַ איד אַ נגיד און האָט געשפּיעלט אין שטאָדט אַ ראָלע פון אַ שענעם בעל־הבית: געהאַט אַ שענע שטוב און אַ שטאָדט אין מזרח־וואַנד (די דריטע פונ׳ם אָרון־קודש), פסח — די

בעסטע מצה־שמורה, סוכות — דעם שענסטען אתרוג, שבת גענומען צו זיך איין אורח, א נדבה געגעבען די שענסטע, א גמילות־חסד געטראָגען אַקעגען, די קינדער אָפּגעגעבען צו די בעסטע מלמדים — בקיצור, מאיר פּאָלקאָוואָי האָט זיך „געמענטשעלט“, געוואָלט ווערען א בעל־הבית צווישען אלע בעלי־בתים, זיך איינשרייבען צווישען חברה — נאָר בלאָטע! נישט אזוי גיך קויפט מען זיך איין ביי אונז אין כתרילעווקע אין חברה אריין, נישט אזוי גיך פערגעסט מען ביי אונז אין כתרילעווקע יענעמ'ס יחוס, פון וואַנען ער שטאַמט־ארויס. א שניידער מעג זיך „מענטשלען“ צוואַנציג יאָהר כסדר, אויספיינען זיך אויפ'ן שענסטען אופן, וועט ער ביי אונז אין כתרילעווקע בלייבען שניידער. נישטאָ גאָר, מיין איך, אזא זייף אויף דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען אָפּוואַשען ביי אונז דעם דאָזיגען פלעק. אך! וויפיעל, מיינט איהר, וואָלט, אשטייגער, מאיר פּאָל־קאָוואָי געלאָזט זיך קאָסטען, מע זאָל איהם אויסמעקען דעם נאָמען „פּאָלקאָוואָי“? דאָס אומגליק זיינס איז געווען, וואָס א פאַמיליע האָט ער געטראָגען נאָך טויזענד מאָל ערגער, ווי דער נאָמען. שטעלט אייך פאָר, אז אין פּאַס איז ער געשטאַנען פערשריבען: „קאַניעווסקי מעשטשאַנין מאיר מאָווראָ־וויטש טעלעצי“.

א מערקווירדיגע זאך! מאיר'ס עלטער־עלטער־זיידע, זאָל האָ־בען דאָרטען א ליכטיגען גן־עדן, וואָס איז מסתמא געווען אויך א שניידער, אז ס'איז געקומען צום אויסטראַכטען זיך א פאַמיליע, האָט ער גאָר נישט געקאָנט געפינען קיין לייטישערען נאָמען; נע־חיי־בי וואָלט ער געהייסען, מע זאָל איהם פערשרייבען: „פינגער־הוט“, „אונטערשלאַק“, „קניפּנאָדעל“, „גרויסלאַטע“, „לאַנגער־סטאָן“ — אפילו אויך נישט אזעלכע שענע נעמען, נאָר גאָרנישט, זיי האָבען חאָטש א שייכות מיט שניידעריי. אָבער טעלעצי! וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען א טעלעצי? וועט איהר זאָגען: למאי ביק? ס'איז דען נישטאָ קיין מענשען, וואָס טראָגען דעם נאָמען ביק? זאָגט אייך אָבער וואָס איהר ווילט — ביק און טעלעצי

זענען טאַקי פון איין יחוס, ס׳איז אָבער פּאָרט נישט דאָס; ביק איז פּאָרט נישט טעלעצי... נאָר מיר קעהרען זיך אום צו מיין חבר בעני.

ב.

געווען איז בעני אַ פיין בחור׳על, אַ פּעמפּיקעוואַטער, אַ ראַבע־טיניער, מיט געלע שטעכעדיגע האָר, מיט ווייסע פּעכקע בעקלעך, מיט שיטערע צייהנדלעך און מיט מאָדנע רויטע בולבעוואַטע אוי־געלעך, ווי ביי אַ פיש. די דאָזיגע בולבעוואַטע אויגעלעך האָבען תמיד געשמייכעלט און געקוקט ממזר׳יש, און דערצו האָט ער גע־האַט אַ פערריסען נעזעל, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע פּנים׳על האָט אויס־געזעהן ביי איהם, ווי ביי אַ גרויסען עזות־פּנים — און דאָך איז מיר דאָס דאָזיגע פּנים׳על דוקא געפעלען, און מיר זענען געוואָרען מיט בעני׳ן חבר פון דער ערשטער שעה אָן, וואָס מיר האָבען זיך דערקענט.

די ערשטע קענטשאַפט אונזערע איז געשלאָסען געוואָרען אונ־טער׳ן טיש, זיצענדיג מיט׳ן רבי׳ן ביי׳ם חומש. אַז די מאַמע האָט מיך געבראַכט צו פיהרען אין חדר, האָב איך געטראָפען דעם רבי׳ן, אַ איד מיט געדיכטע ברעמען און מיט אַ שפּיצעכיגער יאַרמעלקע, זיצען מיט אַלע תלמידים ביי׳ם חומש איבער דער סדרה בראשית. נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, — אָפּגעבען עקזאַמען האָט מען נישט בעדאַרפט, צושטעלען מעטריקעס אויך נישט, — האָט מיר דער רבי אַ זאָג געטהאָן:

— קריך אַהינצוצו, אויף יענער באַנק, צווישען יענע צוויי יונגלעך.

און איך בין אַרויפגעקראָכען אויף דער באַנק, זיך אַריינגעהאַפּט צווישען צוויי יונגלעך און האָב שוין געהייסען אַ „צוגענומענער“. קיין בעזונדערע שמועסען צווישען מיין מאַמען מיט׳ן רבי׳ן האָט אויך נישט בעדאַרפט זיין. ס׳איז ביי זיי געווען איין אָפּגערעדטע זאַך נאָך פון יום־טוב.

— גערענק זשע, זאָלסט זיך לערנען, ווי סע געהער צו זיין! — זאָגט צו מיר די מאַמע, שוין שטעהענדיג ביי דער טיר, און דרעהט־אויס נאָך אַ מאָל דעם קאָפּ צו מיר און קוקט, קוקט אויף מיר מיט געפיהל, אויסגעמישט מיט פרייד, ליעבשאַפט און רחמנות. דער מאַמע׳ס קוק פערשטעה איך זעהר גוט: זי האָט הנאה, וואָס איך זיץ צווישען בעל־הבתישע קינדער און לערען, און סע טהוט איהר וועה דאָס האַרץ, וואָס זי דאַרף זיך מיט מיר שיידען.

איך בין זיך מודה, אַז מיר איז געווען אויפ׳ן האַרצען אַ סך פרייליכער, ווי מיין מאַמען; איך זיץ צווישען אַזוי פיעל נייע חברים, קיין עין־הרע, וואָס בעטראַכטען מיך און איך בעטראַכט זיי — מיר בעטראַכטען זיך איינס דאָס אַנדערע. נאָר דער רבי לאָזט אונז לאַנג נישט זיצען אָהן אַרבייט. ער צעשאָקעלט זיך און שרייט־אויס אויף אַ קול, מיט אַ ניגון, און מיר אַלע — נאָך איהם, איינער איבער׳ן אַנדערען, אויף קולי־קולות:

— ו ה נ ח ש — און דער שלאַנג! ה י ה — איז געווען! ע ר ו ם — קליגער! מ כ ל — פון אַלע! ח י ת — חיות! ה ש ד ה — פונ׳ם פעלד! א ש ר — וואָס! ע ש ה — ער האָט געטהאָן!

יונגלעך, וואָס זיצען אַזוי נאָהענט איינס מיט׳ן אַנדערען, האָטש זיי שאָקלען זיך און שרייען, ווי איז דאָס מעגליך, זיי זאָלען נישט ווערען בעקאַנט, זיך דורכוואַרפען מיט אַ פּאָר ווערטער האָטש? און ס׳איז טאַקי אַזוי געווען.

בעני מאיר פאָלקאָוואַי׳ס, וואָס איז געזעסען מיט מיר אײַנ־איינעם שטאַרק צענויפגעקוועטשט, פּרובט מיך פריהער מיט אַ קנייפּ פאַר דעם פוס און קוקט זיך איבער מיט מיר מיט די אויגען, און נאָכדעם צעשאָקעלט ער זיך שטאַרק און זינגט גלייך מיט׳ן רבי׳ן און מיט אונז אַלע אויף אַ קול דעם חומש און וואַרפט־אריין זיינע אייגענע ווערטער, בזה הלשון:

— ו ה א ד ם — און דער מענטש! י ד ע — האָט באַוואוסט! נאַ דיר אַוועקעט די דאָזיגע קנעפּלעך! א ת ח ו ה — חוה׳ן!

אשתו — זיין ווייב! געב מיר אַ באָקסער, וועל איך דיר געבען אַ ציה פון מיין פּאַפּיראָס!

און איך פיהל עמיצענס ווארעם הענטעל אין מיין האַנד, און איך טאַפּ־אָן עטליכע קליינע, גלאַטע, גליטשיגע הויזען־קנעפּלעך. איך בין זיך מודה, אַז נישט איך דאַרף קנעפּלעך, נישט איך האָב באָקסערען, נישט איך רויכער פּאַפּיראָסען. נאָר מיר איז געפעלען דער דאָזיגער איינפאַל, און איך ענטפער איהם מיט'ן זעלבען ניגון, וואָס ער, און שאָקעל זיך גלייך מיט אַלע:

— ותהר — און זי איז טראָגעדיג געוואָרען! ווער האָט דיר געזאָגט! ותלד — און זי האָט געוואונען! אַז איך האָב ביי זיך באָקסערען?...

און אַזוי האָבען מיר זיך איבערגעשמועסט די גאַנצע צייט, ביז דער רבי האָט, אפנים, אָנגעשמעקט, אַז האָטש איך שאָקעל זיך גאַנץ געשמאַק, נאָר דער קאָפּ איז מיר נישט ביי'ם חומש; האָט ער מיך פּלוצים געגעבען אַ האַפּ אויף דער וועגטקע, צום עקזאַמען הייסט דאָס:

— זאָג נאָר, דו! הער נאָר, ווי אַזוי הייסט דו דאָרטען? דו מוזט אודאי וויסען, וועמענ'ס זוהן איז געוועזן קין און ווי אַזוי האָט געהייסען קין'ס ברודער?

די דאָזיגע קלאָץ־קשיא האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי ווילד, גלייך ווי מע וואָלט מיך, אשטייגער, פּלוצים אַ פרעג געטהאָן: ווען איז אויפ'ן הימעל אַ יריד? אָדער ווי אַזוי מאַכט מען פון שניי גאָמעלקעס און זיי זאָלען נישט צעגעהן? — אַז בסך־הכל איז מיר גאָר דער קאָפּ געווען ערגיץ ווייס איך וואו — אונטען, ביי די קנעפּלעך.

— וואָס קוקסט דו אויף מיר אַזוי? — פרעגט מיך דער רבי. — דו הערסט נישט, וואָס מע רעדט צו דיר? איך פרעג ביי דיר, זאָלסט מיר זאָגען אויף אַ ווײַלע, ווי אַזוי האָט געהייסען אדם הראשון קין'ס פאָטער, און וואָס האָט זיך אָנגעקעהרט מיט קין'ען זיין ברודער הבל, וואָס חוה האָט זיי געהאַט?

איך זעה, אלע יונגלעך שמייכלען, שטיקען זיך פאר געלעכטער, און פערשטעהע נישט, וואס לאכט מען דא?

— זאג, נארעלע, אז דו ווייסט נישט, ווארום מיר האבען דאס נאך נישט געלערענט. — שעפטשעט מיר בעני אויפ'ן אויהער און שטורכעט מיך מיט'ן עלענבויגען. און איך פאלג איהם און זאג איהם נאך ווארט ביי ווארט, ווי א פאפוגאי, און אין חדר ווערד א געלעכטער ביז'ן הימעל.

„וואס לאכען זיי?" — טראכט איך מיר און קוק אויף די קינדער און אויפ'ן רבי'ן, ווי זיי קאטשען זיך פאר געלעכטער, און בשעת מעשה לעג איך איבער אונטען די קנעפלעך פון איין האנד אין דער אנדערער: דארט איז פונקט א האלב טוץ.

— אנו, וויז נאר, בחור'על, אקארשט די הענטעלעך דיינע! וואס טהוסט דו דארטען מיט זיי? — מאכט צו מיר דער רבי און בויגט זיך אן צו מיר אונטער'ן טיש...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איהר זענט דאך קלוגע קינדער, פערשטעהט איהר דאך שוין מסתמא אליין, וואס פאר א מין פסק איך האב געחאפט פון מיין רבי'ן אויפ'ן ערשטען ארויספאהר מיט די קנעפלעך!

ג.

שמיץ פערהיילען זיך, בזיונות פערגעסען זיך. איך מיט בעני'ן זענען מיר גיך געווארען גוטע ברידער, אבער וואס גוטע ברידער הייסט — נפש אחת, גאר ווי אנדערע צוויי. אט ווי אזוי די מעשה האט זיך געטראפען:

געקומען אויפ'ן אנדערען טאג אין חדר אריין, מיט'ן חומש אין איין האנד און מיט'ן אנבייסען אין דער אנדערער האנד, האב איך געטראפען חברה שטארק האפערדיג, פריילאך, דאס, וואס ווערט

אָנגערופען בגילופין. וואָס איז די מעשה? א גדולה — דער רבי איז נישטאָ! וואו איז ער? אוועקגעגאנגען ערגיץ אויף א ברית, אינאיינעם מיט דער רביצין. דאָס הייסט, חלילה נישט אינאיינעם; א רבי געהט קיינמאָל נישט אינאיינעם מיט א רביצין. פריהער געהט דער רבי, און נאָכדעם, הינטען, געהט נאָך די רביצין.

— א לאָמיר זיך וועטען! — רופט זיך אָן איין יונגעל מיט א בלויער נאָז, יהושע־העשעל הייסט ער.

— צו וויפיעל געוועט? — זאָגט דער אנדערער, קאָפּעל־בונעם, א יונגעל מיט א צעריסענעם ארבעל און סע זעהט זיך ארויס דער שפּיץ פונ'ם שווארצען עלענבויגען.

— צו פערטעל פונט באָקסערען.

— לאָז זיין צו פערטעל פונט באָקסערען. איז וואָס, זאָגסט דו, לאָמיר האָרכען?

— איך זאָג, אז מעהר ווי פינף־און־צוואנציג וועט ער נישט אויסהאלטען.

— און איך זאָג — זעכס־און־דרייסיג!

— זעכס־און־דרייסיג? אָט וועלען מיר באלד זעהן! חברה, נעמט איהם!

אָט אזוי האָט אויסגעקאָמאנדעוועט יהושע־העשעל מיט דער בלויער נאָז, און עטליכע יונגלעך מיט א מאָל האָבען מיך א נעם געטהאָן, ווי דער רוח דעם מלמד, מיך אנידערגעלעגט אויף דער באנק, און דוקא מיט'ן פּנים ארויף. צוויי האָבען זיך געזעצט מיר אויף די פיס, צוויי — אויף די הענד, איינער האָט מיר צוגעהאלטען דעם קאָפּ, איך זאָל זיך נישט דרעהען, און נאָך איינער האָט אָנגע־שטעלט אקוראט אקעגען מיין נאָז צוויי פינגער פון דער לינקער האנד (אפנים, ער איז געווען א ליוואק, א געלינקטער!); די צוויי פינגער האָט ער צענויפגעלעגט, ווי א בייגעלע, איין אויגעל אביסעל צוגעמאכט, דאָס מויל האלב געעפענט, און גענומען מיר שנעלען אין נאָז אריין — אָבער ווי אזוי, מיינט איהר, שנעלען? יעדער שנעל האָט מיר געגעבען צו זעהן זיך מיט'ן טאטען פון יענער

וועלט. רוצחים! קוילערס! וואָס האָבען זיי געהאַט צו מיין נאָז? וואָס האָט זי זיי געטהאָן? וועמען האָט זי געשטעהרט? וואָס האָבען זיי אויף איהר דערזעהן? אַ נאָז ווי אַלע נעזער!

— חברה, צעהלט! — קאָמאַנדעוועט יהושע-העשעל. — אחת ואחת! אַחת ושתים! אַחת ושלוש!

נאָר פּלוצים...

כמעט אַלע מאָל, זינט די וועלט שטעהט, טרעפען זיך אַלע נסים פּלוצים. למשל: סע טרעפט זיך חלילה איין אומגליק מיט אַ מענשען, גזלנים פאַלען-אָן אויף איהם אין מיטען פעלד, בינדען איהם די הענד אַרונטער, שאַרפען-אָן דאָס מעסער און הייסען איהם זאָגען ודוי; און סאַמע דעמאָלט, ווען מע וויל שוין מאַכען חיק, טראָגט עס אָן פּלוצים אַ סטאַנאָוואָי מיט אַ גלאָק — די גזלנים צעלויפען זיך, און יענער ווערד ניצול, הויבט אויף די הענד צו גאָט און בענשט נאָכדעם גומל.

מיט מיר און מיט מיין נאָז איז אויך אַזוי געוועזן. איך געדענק נישט אַקוראַט, צי ביי'ם פינפטען, צי ביי'ם זעכסטען שנעל האָט זיך געעפענט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען בעני מאיר פּאַלקאָוואָי'ס, און חברה האָבען מיך באַלד אָפּגעלאָזט פריי, געבליבען שטעהן, ווי די סטאַטקעס, און בעני האָט זיי גענומען איינציגווייז צו דער אַרבייט: ער האָט זיי אָנגענומען איטליכען בעזונדער ביי די אויהערען, גוט אָנגעדרעהט, געמאַכט דערביי מיט אַ ניגון: „פּ ז - - - ר!“ אָדער „שלשל - - - - - ת ! ! !“ און בשעת מעשה געזאָגט אַלעמען מיט'ן אייגענעם נוסח:

— נו? היינט וועסט דו שוין וויסען, וואָס הייסט זאטשעפּען איין אַלמנה'ס אַ יונגעל?

פון דעמאָלט-אָן האָבען שוין חברה מעהר נישט צוגעריהרט זיך, נישט צו מיר, נישט צו מיין נאָז; זיי האָבען מורא געהאַט זיך אָנהויבען מיט איין אַלמנה'ס אַ יונגעל, וואָס בעני מאיר פּאַלקאָוואָי'ס איז זיין חבר, זיין אויסלייזער, זיין בעשיצער.

### ד.

„דער אלמנה'ס יונגעל" — קיין אנדער נאָמען האָב איך נישט געהאַט אין חדר. וואָס עפּיס „דער אַלמנה'ס יונגעל"? מחמת מיין מאַמע איז געווען אַ אידינע איין אַלמנה, זיך דורכגעשלאָגען אַליין מיט איהר אייגענער האָרעוואַניע, געהאַלטען אַ באַקאַליינע קלייט, וואָס מעהר פון אַלסדינג איז דאָרטען געווען, ווערליג איך געדענק, קרייד און באָקסערען — די צוויי מינים, וואָס האָבען אַ שאַרפען אָפּגאַנג ביי אונז אין כתרילעווקע: קרייד בעדאַרף מען האָבען אויף שמירען די שטיבער, און באָקסערען איז אַ נאַשעריי, וואָס איז אי זיס, אי עס געהט אַ סך אויף דער וואָג, אי עס קאָסט וואָלוועל. הדר־יונגלעך ברענגען־אויס דערויף דאָס גאַנצע געלד פון די אָנ־ביסענס מיט די מיטאָגס, און די קרעמער ביי אונז ציהען דערפון שען פּרנסה. בשום אופן האָב איך נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַר וואָס די מאַמע קלאָגט זיך שטענדיג, זאָגט, אַז עס טראָגט איהר קוים־קוים אויף קלייט־געלד און אויף שכר־למוד. און וואָס עפּיס גראָד שכר־למוד? וואו זענען די איבעריגע זאַכען, וואָס אַ מענש בעדאַרף האָבען, למשל, עסען, אַ קלייד, אַ שוך, וכדומה? דער גאַנצער קאָפּ איהרער איז געלעגען אינ'ם שכר־למוד: „אַז גאָט האָט מיך געשטראָפט, זאָגט זי, און האָט צוגענומען ביי מיר מיין מאַן, אַזאַ מאַן, און מיך געלאָזט איין אַלמנה, אַ יונגענד, איינע אַליין, וויל איך חאָטש, אַז מיין זוהן זאָל קאָנען גוט לערנען". וואָס זאָגט איהר אויף דעם משל? איהר מיינט אפשר, אַז זי איז נישט געגאַנגען אַלע מאָל אין חדר אַריין געוואָהר ווערען, ווי אַזוי איך לערען? פון דאַוונען שמועסט מען נישט, אַז זי האָט אכטונג געגעבען אויף מיר, איך זאָל דאַוונען אַלע טאָג. זי האָט מיך נאָר געוואָלט איינרעדען, איך זאָל זיין חאָטש האַלב, ווי מיין טאַטע, עליו השלום, איז געווען. און אַלע מאָל, ווען זי האָט זיך גוט צוגעקוקט צו מיר, פלעגט זי זאָגען, אַז איך בין אינגאַנצען „ער", מיר

צו לאַנגע יאָהר. און בשעת מעשה זענען ביי איהר די אויגען גע־וועז ווי בענעצט, און מאָדנע פערזאָרגט איז געוועז דאָס פּנים איהרס, בעצויגען מיט אַ שוואַרצען טרויער.

לאָז ער מיר מוחל זיין, דער טאַטע מיינער, אויף יענער וועלט. איך האָב איהם נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס איז ער געוועז פאַר אַ מענש, וואָס, ווערליג די מאַמע דערצעהלט זיך אָן פון איהם, פלעגט ער כסדר אָדער לערנען אָדער דאַוונען? שוין זשע האָט איהם קיינמאָל נישט געצויגען, ווי מיך, אין דרויסען אַרויס זומער אין דער פריה, בשעת די זון ברענט נאָך נישט אַזוי שטאַרק, הויבט ערשט אָן אַרויסטרעטען אויפ׳ן גרויסען הימעל, שפּאַציערט מיט אַ גרויס איילעניש, ווי אַ פייעריגער מלאך אין אַ פייעריגער קאַרעטע מיט פייעריגע פערד, וואָס ס׳איז אונמעגליך צו קוקען זיי אין זייערע שטאַרק לויטערע, ברענענדיגע, גיין־גאָלדענע פּנימ׳ער? וואָס פאַר אַ טעם, פרעג איך אייך, האָט אין אַזאַ געטליכען פריהמאָרגען דאָס וואָכעדיגע דאַוונען? וואָס פאַר אַ טעם האָט נאָכדעם דאָס זיצען און לערנען אינ׳ם ענגען וויסטען חדר, בשעת די גיין־גאָלדענע זון האַלט אין רעכטען סמאַליען, אָנ־גליהענדיג די ערד, ווי איין אייזערנע סקאָווראָדע? דעמאָלט ציהט דאָס אייך גאָר אַהין, אַראָפּ־באַרג, צום טייך, צו יענעם שענעם טייך, וואָס איז בעדעקט פון אויבען מיט גרינעם, און אַ מאָדנער ריח, אַ ריח פון שוויץ־באָד, לאָזט זיך הערען פון דער ווייטען; דעמאָלט גלוסט זיך אייך אויסטהון זיך אויף דער גיך און אַריינ־שפּרינגען העכער האַלב אין דעם אָנגעוואַרעמטען וואַסער, וואָס אונ־טען, ביי׳ם דנאָ, איז דאָס קיהלבליך און מאָדנע גליטשיג און ווייך־בלאָטיג, און פערשיעדענע בעשעפענישען, וואָס ווידמענען זיך אין די אָפּגרונטען פונ׳ם טייך, האַלב פישלעך, האַלב זשאַבקעלעך, שווע־בען, שוועבען אַהן אַ שיעור פאַר די אויגען, און מאָדנע פליעגען, קאָמאַרעס מיט די לאַנגע פיס, גליטשען זיך, שליטלען זיך איבער׳ן וואַסער פון אויבען; דעמאָלט גלוסט זיך אייך אַריבערשווימען אויף יענער זייט, אַהין, וואו די ברייטע, קיילעכיגע, גרינע בלעטער

וואַכסען, און סע שעמערירען פון זיי אַרויס ווייסע און געלע צוויק־לעך, און סע קוקט אויף אייך אַ גרינע פרישע ווערבע מיט ווייכע פרישע צווייגען, און איהר טהוט זיך אַ לאָז און פאַלט־אַריין מיט די הענד אין בלאָטע, און פּאַליאָסקעט־פּאַליאָסקעט מיט די פיס פון יענער זייט, מע זאָל מיינען, אַז איהר שווימט. וואָס פאַר אַ טעם, פרעג איך אייך נאָך אַ מאָל, האָט דאָס זיצען אין שטוב אָדער אין חדר זומער פאַר־נאַכט, בשעת דער גרויסער רויטער הימעל־קוגעל לאָזט זיך אַראָפּ פון יענער זייט שטאָדט אויף דער ערד, צינדט־אָן דעם שפּיץ קלויסטער און בעלייכט אויך דעם רויטען שינ־דעל־דאַך פון באָד און, להבדיל, די גרויסע אַלטע פענסטער פון דער גרויסער קאַלטער שוהל, און פון דאָרטען, פון הינטער דער שטאָדט, געהט די טשערעדע, ציעגען לויפען, שעפּעלעך מעקען, דער שטויב וואַכסט, געהט ביז׳ן הימעל, און זשאַבעס קוואַקען, זשאַבעס גראַ־גערען, סע רעש׳ט, סע גרילצט — אַ טאַרעראַם, אַ יריד, אַ האַרמי־דער! ווער האָט אין זינען איצטער דאַוונען? ווּעמען קריכט אין קאָפּ אַריין איצטער לערנען? געהט־זשע רעדט אָבער מיט מיין מאַ־מען, — וועט זי אייך זאָגען, אַז ער, עליו השלום, האָט נישט אַזוי געטהאָן; ער, עליו השלום, איז געווען גאַר איין אַנדער מענש. וואָס פאַר אַ מענש איז ער געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, — ווייס איך נישט; איך ווייס נאָר, אַז מיר דעקוטשעט די מאַמע זעהר שטאַרק, דערמאַנט מיר אַלע מאָל, אַז איך האָב געהאַט אַ טאַטען, און וואַרפט מיר אויס צעהן מאָל אַ טאָג דאָס שכר־למוד, וואָס זי צאָהלט פאַר מיר, און פערלאַנגט פון מיר נאָר צוויי זאַכען, זאָגט זי: ג ו ט לערנען און ו ו ע ל ע ן דאַוונען.

ה.

מע קאָן נישט זאָגען, אַז „דער אַלמנה׳ס יונגעל“ האָט זיך שלעכט געלערענט. ער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון זיינע איבעריגע חברים אויף קיין האָר. נאָר וועלען דאַוונען — דאָס בין איך אייך

נישט ערב. אַלע קינדער האָבען איין נשמה, און אַ קונדס איז ער געווען גלייך מיט אַלעמען; גלייך מיט אַלעמען ליעב געהאַט אַ שקאָצעריי, גלייך מיט אַלעמען ליעב געהאַט אַ שטיעף־טהון: אָנ־מהון דעם קהל'שען צאַפּ אויף די הערנער אַ שטריימעל פון דער רביצינ'ס וויכעט, וואָס זי שמירט מיט איהם די ערד, און לאָזען איהם איבער דער שטאָדט; אָנהענגען דער קאַץ אַ פּאַפּיערענע שלאַנג אויפ'ן ווידעל, זי זאָל לויפען משוגענערווייז און ברעכען טעפּ אויף וואָס די וועלט שטעהט; אויפהענגען אַ שלאָס אויף דער ווייבערשער שוהל פרייטאָג־צו־נאַכטס פון דרויסען, מע זאָל נאָכ־דעם די ווייבער דארפען ראַטעווען פון חלשות; צושלאָגען דעם רבינ'ס פּאַנטאָפעל צו דער ערד מיט צוויעכעס, אָדער צו'חתמ'ענען איהם מיט טריפוואַכס די באָרד צום טיש בשעת ער שלאָפט, און לאָז ער פּרובען אויפשטעהן, וכדומה. וויפיעל שמיץ דאָס קאָסט אונז נאָכדעם, אַז מע דערגעהט זיך, ווער דאָס האָט געטהאָן — פרעגט שוין ניט! סע פערשטעהט זיך פון זיך זעלבער, אַז יעדע זאַך מוז האָבען אויף זיך איין עלטערען, איין אויבערהאַר, וואָס ער איז דער קאָפּ, דער פיהרער, דער וועגווייזער.

אונזער קאָפּ, אונזער פיהרער, אונזער וועגווייזער איז געווען בעני מאיר פּאָלקאָוואָי'ס. פון איהם האָבען זיך אַלע זאַכען אָנגע־הויבען און צו אונזערע קעפּ האָט זיך דאָס תמיד אויסגעלאָזט. בעני, דער פּעמפּיקעוואַטער רויטער בעני מיט די בולבעוואַטע רוי־טע אויגען, איז תמיד פון אַלע אומגליקען ארויס טרוקען, ווי פּעפּער, ריין, ווי אַ טרער, און גאָט די נשמה שולדיג, ווי אַ טייבעלע. וואו ערגיץ אַ שענע תנועה, אַ מין העויה'לע, אַ שפּיצעל, איין אָפּשניצעל, האָבען מיר דאָס גענאַשט פון בעני'ן. ווער האָט אונז אויסגע־לעהרענט בגנבה רויכערען אַ פּאַפּיראָס, ארויסלאָזען דעם רויך פוןביידע נאָזלעכער? בעני. ווער האָט אונז ארויפגעפיהרט זיך גלי־טשען ווינטער מיט אַלע גויישע שקצימ'לעך אויפ'ן אייז? בעני. ווער האָט אונז אויסגעלעהרענט שפּיעלען אין קנעפּלעך, אין קניפּ־לעך, אין מ"ם־שי"ן־ה"א, אין „אום־ציי־גראַד", און פערשפּיעלען די

אָנבייסענס מיט די מיטאָגס? בעני. אויף שפּיעלען איז בעני געווען איין מזיק, דאָס הייסט: ער האָט אונז אַלעמען גע'מזיק'ט, אָפּגעוואונען ביי אונז וואו מיר האָבען געהאַט אַ גראָשען, און געקומען צו עפּיס — אָפּגעווישט די ליפּען, שאַ, נישטאָ בעני! דאָס שפּיעלען איז ביי אונז געווען איינע פון די בעסטע זאַכען אין דער וועלט, און פאַר'ן שפּיעלען האָבען מיר אַלע מאָל געחאַפּט פונ'ם רבי'ן דעם גרעסטען פּסק; ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז דאָס אויסקאָרעניען, אַרויסרייסען ביי אונז מיט'ן וואָרצעל.

— שפּיעלען וועט איהר ביי מיר? מיט'ן מלאך־המות וועט איהר זיך ביי מיר שפּיעלען! — אַזוי פלעגט זאָגען דער רבי און אויסטרייסלען אונז די קעשענעס, צונעמען וואָס ער האָט געפונען און איינטיילען אונז שמיץ פון דער ברייטער האַנד.

נאָר איין וואָך אין יאָהר איז געווען ביי אונז אַזעלכע, וואָס מע האָט געמעגט שפּיעלען. וואָס זאָג איך, מע האָט געמעגט? ס'איז געווען אַ מצוה צו שפּיעלען, אַ מצוה!

די וואָך איז געווען — די וואָך פון חנוכה, און געשפּיעלט האָבען מיר אין „דריידעל".

## ו.

אמת, אין די היינטיגע שפּיעלען, וואָס מע שפּיעלט אין קאָרטען, למשל: אָקע, סטוקעלקע, טערטעל־מערטעל, סטאָס וכדומה, שטעקט אודאי מעהר שכל, ווי אין אונזער אַמאָליגען דריידעל; נאָר דאָרט, וואו מע שפּיעלט אויף געלד, איז קיין חילוק נישט. איך אַליין האָב געזעהן מיט מיינע אויגען, ווי צוויי שקצים זענען געזעסען און האָבען זיך געשלאָגען קאָפּ אין וואַנד. און אַז איך האָב זיי געפרעגט: וואָס טהוט איהר דאָס? איהר זענט משוגע, צי חסר־דעה? האָבען זיי מיר געזאָגט, איך זאָל נעמען דעם וועג, וואָרום זיי שפּיעלען אויף געלד — ווער פון זיי וועט זיך גיכער איינמיעדען... היינט געהט טענה'ט! דאָס שפּיעל פונ'ם דריידעל

איז אַ חיוּת, אַ מורא'דיג אַזאַרטעס שפּיעל. עס קאָן אַריינטרייבען אייך אין אלף השׁשׁי אַריין, איהר זאָלט פערשפּיעלען די נשמה. און נישט אַזוי דאָס געלד, ווי דער פערדראָס: למאַי געווינט יענער? למאַי פאַלט ביי יענעם דאָס דריידעל אויף דער גימל, און ביי אייך אויף דער נון, אויף דער הא אָדער אויף דער שין? און דאָס ווייסט איהר דאָך מסתמא, וואָס בעדייטען די פיער אותיות פונ'ם דריידעל: נ מאַכט נ י י ן, ה מאַכט ה אַ ל ב, ש מאַכט ש ל ע כ ט און ג מאַכט ג ו ט. דאָס דריידעל איז אַ מין לאָטעריי: וועמען די הצלחה שפּיעלט, דער געווינט. אָט נעמט, למשל, בעני מאיר פאָלקאָוואָי'ס: וויפיעל מאָל ער זאָל נישט לאָזען דאָס דריידעל, מוז דאָס פאַלען ביי איהם אויף דער גימל.

— ס'איז דיר איין אַנטיק מיט דעם בעני'ן! — זאָגען אַלע יונגלעך און שטעלען אַלע מאָל פריש געלד, און בעני „ענטפּערט" אַלעמען, וואָרום וואָס הערט ער דאָס? „אַ נגיד'ס אַ יונגעל"!

— גימל! ווידער גימל! איין אַנטיק מיט איהם! — שרייען-אויס אַלע מיט אַ מאָל און מע נעמט זיך צו די בייטעלעך און מע שטעלט פריש געלד, און בעני „ענטפּערט" אַלעמען, לאָזט דאָס דריידעל „קאַזאַרעם", מיט'ן קעפּעלע אַרויף. דאָס דריידעל דרעהט זיך, קאַטשעט זיך אַהין און אַהער, ווי אַ שכור, און פאַלט-אַנידער.

— גימל! — זאָגט בעני.

— גימל? גימל? ווייטער גימל? חידושים מיט איהם! — שרייען-אויס חברה און קראַצען זיך און נעמען זיך ווידער צו די בייטעלעך.

דאָס שפּיעל ווערד וואָס ווייטער פייעריגער. די שפּיעלערס היצען זיך, שטעלען געלד, שטופּען זיך אַלע צום טיש, קריגען זיך, דערלאַנגען איינער דעם אַנדערען אין זייט אַריין, זענען זיך מכבד מיט מאָדנע ווערטער: „דו סמאַרק איינער! דו פאָנפּאַטש! שוואַר-צער קאָטער! צעקנייטשטע יאַרמעלקע! צעשפּאַלטענע קאַפּאָטקע!" וכדומה אַזעלכע קאָמפּלימענטען, בעמערקען גאָר נישט, אַז ביי דער זייט שטעהט דער רבי, אָנגעטהאָן אינ'ם וואַרעמען טיזליק

מיט'ן וואַטענעם מיצעל אויף דער יאַרמעלקע און מיט'ן טלית ותפילין אונטער דער האַנד; דאָס קלויבט ער זיך געהן אין קליי־זעל אַריין דאַוונען, נאָר דערזעהן די קינדער היצען זיך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, אַ קוק טהון פון דער ווייטען, ווי מיר שפּיעלען אין דריידעל. הײַנט מישט זיך נישט דער רבי; ס'איז חנוכה, זענען מיר פרייַ אַכט טאָג כסדר און קאָנען שפּיעלען אין דריידעל וויפיעל מיר ווילען, אַבי נישט שלאָגען זיך, נישט רייסען זיך ביי די נעזער. גאָר ניט אַזאַ שלעכטער מענש דער רבי. כלעבען. אויך די רביצין האָט געחאַפּט דאָס קליינע, קראַנקע ראובלי אויף די הענד, איהם פערשטופּט דאָס מוילכעל מיט דער ברוסט, ס'זאָל נישט שרייען, האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער'ן רבינ'ס פּלייצעס און קוקט־קוקט, ווי די יונגלעך שטעלען געלד. און בעני „ענטפערט" אַלעמען, בעני ברענט, בעני פּלאַמט, בעני פּלאַטערט, בעני לאָזט דאָס דריידעל, און דאָס דריידעל דרעהט זיך, קאַטשעט זיך און פאַלט־אַנידער.

— ווידער אַמאָל גימל? אַ טרעיאַטער מיט דעם בעני'ן!

און בעני האָט אונז אַזוי לאַנג בעוויזען זיין בריה'שאַפט מיט זיינע גרויסע קונצען, ביז ער האָט אונז מחילה אויסגערייניגט אַלע־מען די בייטעלעך, צוגענומען וואו ס'איז געווען ערגיץ אַ פּרוטה, אַריינגעלעגט די הענד אין די קעשענעס, ווי איינער רעדט: „נו, ווער וויל נאָך?"... און מיר זענען זיך צעגאַנגען אַהיים, אַוועקגע־טראָגען מיט זיך אַ וועהטיג אין האַרצען און אַ בזיון פאַר זיך אַליין, און נאָך געמוזט אין דער היים אויסטראַכטען „ליגינים" — דער אַזאַ ליגען און דער אַזאַ ליגען. איינער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט דאָס גאַנצע חנוכה־געלד פערנאַשט, אויסגעגעבען אויף באָקסערען! דער אַנדערער האָט אויסגעטראַכט אַ פּזמון, אַז מע־האָט דאָס ביי איהם אַרויסגע'גנבה'ט פון קעשענע נאָך ביי־נאַכט. און דער דריטער איז געקומען אַהיים מיט אַ געוויין. „וואָס איז? וואָס וויינסט דו?" — סטייטש, ער האָט זיך געקויפט פאַר'ן חנוכה־

געלד אַ מעסערל! — „וואָס זשע איז דער געוויין?“ — סטייטש, ער האָט דאָס געהענדיג פערלוירען!

אויך איך האָב אויסגעטאַקט אַ גרויסען ליגען, דערצעהלט דער מאַמען אַ גאַנצע מעשה פון טויזענד־איין־נאַכט און אויסגעבעטען ביי איהר נאָך אַ מאָל חנוכה־געלד — אַ הארטען זעכסער מיט צוויי צווייערס, אַוועקגעטראָגען זיי צו בעני׳ן און אָפּגעטרייסעלט זיך אין פינף מינוט, און אויסגעטראַכט דער מאַמען אַ נייעם ליגען. בקיצור, קעפּ האָבען געטראַכט, מוחות האָבען געאַרבייט און ליגענס, ליגענס זענען געפלויגען, אַזוי ווי האָלץ, און דאָס גאַנצע חנוכה־געלד אונזערס איז אַוועק מיט׳ן דריידעל, אַוועק צו בעני׳ן אין קעשענע אריין, און פערפאַלען לעולם ועד!

נאָר איינער פון אונז האָט זיך אַזוי אריינגעלאָזט אינ׳ם דריידעל, אַז ער האָט זיך נישט בענוגענט מיט׳ן חנוכה־געלד אַליין און האָט נישט אויפגעהערט צו שפּיעלען און שפּיעלען מיט בעני׳ן אין דריידעל כמעט אַלע טאָג, ביז׳ן לעצטען טאָג פון חנוכה.

און דער דאָזיגער איינער בין געוועזן טאַקי, מחילה, איך אַליין, „דער אַלמנה׳ס יונגעל“.

ז.

וואו האָט גענומען „דער אַלמנה׳ס יונגעל“ געלד אויף צו שפּיעלען — דאָס זאָלט איהר גאָר נישט פרעגען. די גרויסע שפּיעלערס פון דער וועלט, די, וואָס האָבען געפּרובט געווינען און פערשפּיעלען גאַנצע פערמעגענס און מאַיאָנטקעס, — די ווייסען, די פערשטעהען!... אוי־וועה, די שעה זאָל גאָר נישט זיין, אַז דער יצר־הרע פון שפּיעלען קומט אָן, איז גאָר נישטאָ קיין שווערע זאַך אויף דער וועלט! ער ברעכט־דורך מויערען, אייזערנע ווענד, ער טהוט מעשים אשר לא יעשו — אַ ווערטעלע אויסצורעדען: דער יצר־הרע פון שפּיעלען!

ראשית חכמה, האָב איך זיך גענומען מאַכען געלד פון שוה־כסף, דאָס הייסט, עס זאָל אייך צו קיין חרפה נישט זיין, פערקויפען אַלסדינג, וואָס איך האָב, איין חפץ נאָכ'ן אַנדערען, פריהער דאָס מעסערעל, נאָכדעם דאָס בייטעלע, נאָכדעם די קנעפּלעך אַלע. און אַ קעסטעלע האָב איך געהאַט, וואָס פלעגט זיך עפענען און פערמאַכען, און עטליכע רעדעלעך פון איין אַלטען זייגער, גוטע, מעשענע, אַז מע רייבט זיי אויס, גלאַנצען זיי מיט סכנת־נפשות, כמעט אַזוי ווי גאָלד, — אַלסדינג אַוועקגעגעבען בחצי־חנם, געשניטען אויף וואָס די וועלט שטעהט, און געלאָפען אַלע מאָל מיט פריש געלד צו בעני'ן אַהיים און פערשפּיעלט איהם ביז'ן לעצטען גראָשען, אַוועקגעגאַנגען אַלע מאָל פון איהם אָבל וחפוי־ראש, מיט אַ האַרץ פול וואונדען, מיט אַ שרעקליכען פערדראָס, שטאַרק אויפגעטראָגען — נישט אויף בעני'ן! חלילה! וואָס האָב איך צו בעני'ן? וואָס איז בעני שולדיג, אַז סע געהט איהם אינ'ם שפּיעל? ס'זאָל ביי מ י ר, זאָגט ער, פאַלען דאָס דריידעל אויף דער גימל, וואָלט א י ך געוואונען; עס פאַלט ביי א י ה ם, זאָגט ער, אַלע מאָל אויף דער גימל, געווינט ע ר. אַזוי זאָגט בעני און איז נעבאַך זעהר גערעכט... נייןן, מיך פערדריסט אויף זיך, אויף מיר אַליין, למאַי איך האָב צעטרענצעלט אַזוי פיעל געלד, דער מאַמע'ס פערהאָרעוועט געלד, און צעפּלאָכטען אַלע מיינע זאַכען, געבליבען, ווי מע זאָגט, נאַקעט, ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט! אפילו דאָס סידור'על אויך פערקויפט. אוי, דאָס סידור'על! דאָס סידור'על!... דערמאָן איך מיך אָנ'ם קליינעם סידור'על, פערקלעהמט מיך ביי'ם האַרצען און דאָס פּנים ברענט מיר פאַר בזיון! דאָס איז געווען אַ צאַצקע, נישט קיין סידור'על! ביי פּתחיה דעם פאַקענטרעגער האָט דאָס מיר די מאַמע געקויפט, אַקוראַט צום טאַטענ'ס יאָהר־צייט. און אַ סידור'על איז דאָס געוועזען, — צווישען סידורים'לעך אַ סידור'על! אַ „כל־בו'ניקעל“, איין אמת'דיג כל־בו'ניקעל! אַ גראָבס, אַ געפּאַקטס. פון כל טוב האָט זיך דאָרטען געפונען, פון פויגעל־מילך, פון וואָס אַ מויל קאָן רעדען:

שיר־השירים און פּרק, און ברכי־נפשי, און די הגדה, און אַלע תפלות, און אַלע דינים ומנהגים פון אַ גאַנץ יאָהר, און אַ תהלים'על צום סוף. היינט די טעוועלעך מיט די גאָלדענע אותיות! דער שניט! דאָס רוקענדעל! אַ יצר־הרע, זאָג איך אייך, אַ שטן, נישט קיין סידור'על! אַלע מאָל, ווען פּתחיה מיט די בעלמעס און מיט די שטאַרק־אונטערגעשאַרענע וואָנסעס, וואָס דאָס מאַכט דאָס פערזאַרגטע פּנים זיינס שמייכלענדיג, אַלע מאָל, ווען דער פּתחיה האָט זיך צעלעגט מיט זיין קראָם אין בית־המדרש ביי דער טיר, האָב איך קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פון דעם כל־בו'ניקעל.

— וואָס ווערסט דו זאָגען, יונגעלע? — פרעגט מיך כלומרשט פּתחיה, גלייך ווי ער ווייסט נישט, אַז איך האָב געוואָרפען איין אויג אויפ'ן כל־בו'ניקעל, שוין אַ מאָל זיעבעצעהן איבערגעטאַפּט מיט די הענד און איבערגעפּרעגט וואָס סע קאָסט.

— גאָר נישט, — זאָג איך, — גלאָט אַזוי... — און געה־אַוועק פון איהם, איך זאָל נישט זעהן פאַר זיך דעם יצר־הרע.

— אוי, מאַמע! זאָלסט זעהן, איז ביי פּתחיה'ן פאַרהאַן אַ כל־בו'ניקעל!

— וואָס פאַר אַ כל־בו'ניקעל? — פרעגט מיך די מאַמע.

— אַ סידור'על אַזעלכעס! ווען איך האָב אַזאַ סידור'על, וואָלט איך — איך ווייס אַליין נישט וואָס!

— האָסט דען נישט קיין סידור? און וואו איז דעם טאַטענ'ס סידור?

— וואָס גלייכסט דו, מאַמע? יענס איז אַ סידור, און דאָס איז אַ כל־בו'ניקעל!

— אַ כל־בו'ניקעל! — זאָגט די מאַמע. — אין אַ כל־בו'ניקעל איז דען פאַרהאַן מעהר צו דאַוונען, צי סע דאַווענט זיך געשמאַ־קער?

געהט גיט צו פערשטעהן אַ מאַמען, וואָס הייסט אַ כל־בו־ניקעל, איין אמת'דיג כל־בו'ניקעל, מיט רויטע טאַוועלעך, מיט אַ בלויען שניט און מיט אַ גרינעם רוקען!

— קום — זאָגט צו מיר די מאַמע איינמאָל אין א פארנאַכט און נעמט מיך אָן פאַר א האַנד — קום מיט מיר אין בית־המדרש. מאָרגען, אם ירצה השם, האָסטו יאָהר־צייט נאָכ׳ן טאַטען, וועלען מיר שטעלען ליכט און זיך זעהן אין איין וועג מיט פּתחיה׳ן, וואָס איז ביי איהם פאַר א כל־בו׳ניקעל אַזעלכעס?

איך ווייס פריהער, אַז צום טאַטענ׳ס יאָהר־צייט וועל איך ביי מיין מאַמען פועל׳ען, ווי מע זאָגט, דאָס טעלערעל פונ׳ם הימעל, און עס קלאַפּט מיר שוין דאָס האַרץ פאַר פרייד.

געקומען אין בית־המדרש, טרעפען מיר פּתחיה׳ן מיט׳ן זאַק, נאָך נישט אויסגעפּאַקט די סחורה. פּתחיה איז, פערשטעהט איהר מיך, א איד נישט קיין האַפּענדיגער. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער איז איינער אויפ׳ן יריד. זיינס וועט פון איהם נישט אַוועק. איי־דער ער בינדט־אויף דעם זאַק און צעלעגט די קראָם, געדויערט א יאָהר. איך ציטער, איך פלאַטער, קוים וואָס איך האַלט מיך אויף די פיס, און ער — גאָר נישט, גלייך ווי נישט צו איהם רעדט מען!

— ווייזט שוין דאַרטען, — זאָגט צו איהם די מאַמע — וואָס איז דאָרט ביי אייך פאַר א כל־בו׳ניקעל?

פּתחיה האָט צייט. דער טייך ברענט נישט. פּאַוואָלינקע, נישט געהאַפּט, בינדט ער אויף דעם זאַק און לעגט־אויס די גאַנצע קראָם זיינע: חומשים און קליינע חומש׳לעך, מאַנסבילשע סידורים און ווייבערשע קרבן־מנחהס, תהלימס און תהלימלעך, חק־לישראלס און תקונימלעך, מחזורים, סליחות און תחינות ובקשות אָהן א שיעור! און ספורי־מעשיות, שבחי בעל־שם־טוב און ווידער א מאָל תחינות! עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז עס וועט זיך קיינמאָל ביי איהם נישט אויסנעמען — א קוואַל, א ברונען! קוים אַמאָל דערלעבט צו זעהן דאָס קליינוואַרג, און בתוכם האָט א שיין גע־טהאָן דאָס כל־בו׳ניקעל.

— אָט דאָס איז גאָר? — רופט זיך אָן די מאַמע. — אַזא קלייניטשקע?

— דאָס קליינינטשקע — זאָגט פּתחיה — קאָסט טייערער פון אַ גרויסעטשקע.

— וואָס קאָסט ביי אייך, גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רעד, דאָס דאָזיגע קליינע ווערעריקעל?

— אויף אַ סידור זאָגט איהר ווערעריקעל? — מאַכט צו איהר פּתחיה און נעמט ביי איהר פּאַוואָלינקע דאָס כל־בו׳ניקעל פון די הענד, און מיר רייסט זיך אָפּ אין האַרצען.

— נו, זאָגט שוין, זאָגט, וואָס קאָסט דאָס? — בעט ביי איהם די מאַמע. נאָר פּתחיה האָט זיך צייט און ענטפערט מיט אַ ניגון:

— דאָס סידור׳על וואָס קאָסט? אוי, סע קאָסט, סע קאָסט! איך האָב מורא, ס׳איז נישט פאַר אייער בייטעל.

די מאַמע בענשט די שונאים מיט בייזע, וויסטע חלומות, און הייסט זיך זאָגען אַ מקח.

פּתחיה זאָגט אַ מקח, און די מאַמע ענטפערט איהם נישט; זי דרעהט זיך אוים מיט׳ן פּנים צו דער טיר, נעמט מיך פאַר אַ האַנד און זאָגט צו מיר:

— קום, לאָמיר געהן, מיר האָבען דאָ נישט וואָס צו טהון. דו ווייסט דען נישט, אַז רב פּתחיה זענען אַ איד אַ יקרן?

מיט אַ ביטער האַרץ געה איך נאָך דער מאַמע ביז דער טיר, מיט אַ שטיקעל האָפנונג, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען און פּתחיה וועט אונז אומקעהרען צוריק. נאָר פּתחיה איז נישט אַזאַ איד. ער ווייסט, אַז מיר וועלען זיך אַליין אומקעהרען. והראיה, מיר האָבען זיך טאַקי אומגעקעהרט, און די מאַמע בעט איהם, ער זאָל זאָגען „ווי אַ מענטש“. פּתחיה ריהרט זיך נישט, קוקט אויף דער סטעלי, און די ווייסע בעלמע פונ׳ם לינקען אויג גלאַנצט, און מיר געהען־אַוועק און קעהרען זיך אום נאָך אַ מאָל צוריק.

— אַ פּאַהאַנער איד אָט דער פּתחיה! — זאָגט צו מיר נאָכדעם די מאַמע. — מכות מיינע שונאים וואָלט איך ביי איהם געקויפט אַ סידור׳על! היינט קאָסט דאָס טאַקי אַ יקרות! איין עבירה, בלעבען, דאָס געלד וואָלט צונויץ געקומען אויף שכר־למוד! נאָר

גאָר נישט, צוליעב דעם, וואָס דו האָסט מאָרגען, אם ירצה השם, יאָהר־צייט נאָכ'ן טאַטען, עליו השלום, און דו זאָגסט נאָך איהם קדיש, האָב איך דיר צוליעב געטהאָן. טהו זשע מיר צוליעב, מיין זוהן, דו אויך, און זאָג מיר צו, אז דו וועסט האָטש דאַוונען געטריי אַלע טאָג.

צי איך האָב טאַקי אַזוי געטריי געדאַוונט, ווי איך האָב צו־געזאָגט, צי ניין — פון דעם לאָמיר ניט רעדען. נאָר דאָס כל־בו'־ניקעל האָב איך ליעב געהאַט דאָס חיות! איהר קאָנט פערשטעהן, אז איך בין מיט דעם געשלאָפען, האָטש — איהר ווייסט? — מע טאָר דאָס נישט. דער גאַנצער חדר האָט מיר מקנא געווען אויף דעם סידור'על, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון'ם אויג האָב איך דאָס אָפּגעהיט, — און איצט, דעם דאָזיגען חנוכה, האָב איך דאָס — וועה געשריגען! — אַליין מיט מיינע אייגענע הענד אַוועקגעטראָ־גען צו משה דעם סטאָליר'ס יונגעל, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָר־פען דערויף איין אויג, און נאָך געדאַרפט בעטען איהם, אויסשלאָ־גען אַ קניע ערד, ביז ער זאָל דאָס ביי מיר קויפען. כמעט אומ־זיסט אַוועקגעגעבען דאָס קליינע סידור'על! אוי, דאָס סידור'על, דאָס סידור'על! און דערמאָן איך מיך אָן דעם קליינעם סידור'על, פערקלעהמט מיך ביי'ם הארצען און דאָס פּנים פלאַמט מיר פאַר בזיון! פערקויפט, פערהאַנדעלט, און צוליעב וואָס? צוליעב וועמען? צוליעב בעני'ן. בעני זאָל האָבען אויף צו געווינען ביי מיר נאָך עטליכע קאָפּיקעס. נאָר וואָס איז שולדיג בעני, אז סע געהט איהם אַזוי אין דריידעל?

— דערויף איז דאָס אַ דריידעל. — רעדט מיר אויס בעני דאָס הארץ און לעגט־אריין צו זיך אין בייטעלע מיינע לעצטע עטליכע גראָשענס. — ס'זאָל ד י ר אַזוי געהן, ווי סע געהט מיר, וואָלסט ד ו געוואונען! עס געהט אָבער מ י ר, געווין א י ך.

און בעני'ס בעקלעך פלאַמען, און אין שטוב איז ביי זיי ליכ־טיג און וואַרעם. און אַ זילבערן חנוכה־לעמפּעל שטעהט ביי זיי גרייט מיט'ן גוטען בוימעל, מיט'ן שענעם שמש און מיט אַלדאָס

גוטס, און פון קיך ביי זיי לאָזט זיך הערען אַ ריח פון פרישע, נאָר־וואָס אויסגעפּרעגעלטע שמאַלץ.

— מע באַקט היינט ביי אונז לאַטקעס. — זאָגט מיר בעני אָן אַ בשורה אויף דער טיר שוין, און מיר קלעהמט דאָס הארץ פאַר הונגער. און איך לויף מיט'ן צעריסען טולופּעל אַהיים און טרעף די מאַמע געקומען שוין פון קלייט, רויט די נאָז, רויט די הענד, און אָנגעדראָלען, איבערגעפרוירען דורך און דורך, שטעהט און וואַרעמט זיך ביי'ם אויווען. מיך דערזעהן, הויבט איהר דאָס פּנים אָן צו שיינען.

— פון שוהל? — פרעגט מיך די מאַמע.

— פון שוהל. — זאָג איך איהר אַ ליגען.

— געדאַווענט מעריב?

— געדאַווענט מעריב. — זאָג איך איהר אַ נייעם ליגען.

— וואַרעם זיך אָן, מיין זוהן, וועסט דו מיר בענטשען חנוכה־ליכטלעך. ס'איז היינט, דאַנקען גאָט, דאָס לעצטע ליכטעל.

## ח.

אוראי, אַ מענש זאָל טראָגען אויף זיך נאָר צרות אַליין און נישט האָבען קיין פּיצעל פערגעניגען, קיין ברעקעל נחת, וואָלט ער דאָס געוויס נישט איבערגעטראָגען און וואָלט זיך געוויס גע־נומען דאָס לעבען. איך זאָג עס אָקעגען מיין מאַמען דער אַלמנה נעבאַך, וואָס האָט טאָג ווי נאַכט געהאָרעוועט, געפרוירען, געהונ־גערט, נישט דערעסען, נישט דערשלאָפען, און נאָר צוליעב מיר, נאָר פון מיינעטוועגען. פאַר וואָס זשע קומט דאָס איהר, אַז זי זאָל נישט האָבען טאַקי אַמאָל קיין שטיקעל פערגעניגען אויך? איטליכער מענש פערשטעהט דאָס וואָרט „פערגעניגען“ נאָך זיין השגה נאָך. ביי מיין מאַמען איז נישט געווען גאָר קיין גרעסער פערגעניגען אויף דער וועלט, ווי בשעת איך האָב א י ה ר שבת און יום־טוב געמאַכט קידוש, פּסח א י ה ר אָפּגערעכט דעם סדר,

און חנוכה א י ה ר געבענשט חנוכה־ליכטלעך. וואָס פאַר אַ קידוש — צי איבער וויין, צי איבער ביער? וואָס פאַר אַ סדר — צי מיט חרעמזלעך, צי מיט צוגעפרישטע מצה מיט וואַסער? וואָס פאַר חנוכה־ליכטלעך — צי אין אַ זילבערען לעמפעל, צי פון געשניטענע קאַרטאָפליס? — גלויבט מיר, נישט אינ׳ם וויין, נישט אין די חרעמזלעך, נישט אין דעם זילבער שטעקט דער גאַנצער יחוס; דער עיקר איז גאָר עפּיס אַנדערש: דער עיקר איז דאָס מ אַ כ ע ן פונ׳ם קידוש, דאָס אָ פּ ר ע כ ט ע ן פונ׳ם סדר און דאָס ב ע נ ש ע ן פון די חנוכה־ליכטלעך. אָנקוקען, בשעת איך מאַך די ברכה, מיין מאַמע׳ס פּנים, ווי סע שיינט און סע לייכט און סע שמייכעלט, בעדאַרף מען קיין סך ווערטער נישט רעדען און קיין גרויסע פּירושים נישט מאַכען! מע זעהט, אַז דאָ איז דאָס רעכטע פערגעניגען, דאָס אמת׳ע גליק! איך בויג מיך אָן איבער די צעשניטענע קאַרטאָפליס און מאַך די ברכה מיט אַ ניגון. איך זאָג, און זי זאָגט מיר נאָך שטילערהייד, וואָרט ביי וואָרט, מיט׳ן זעלבען ניגון, וואָס איך. איך זאָג, און זי קוקט מיר אין די אויגען אריין און מאַכט מיט די ליפּען. און איך וויים, וואָס זי טראַכט זיך בשעת מעשה אין האַרצען. זי טראַכט: „אינגאַנצען ע ר! ע ר מיט די ביינער, איהם צו לענגערע יאָהר!“... און איך פיהל, אַז איך בין ווערטה, מע זאָל מיך נעמען און צעשניידען אויף שטיקלעך, אַזוי ווי די צעשניטענע קאַרטאָפליס: סטייטש, אָפּגענאַרט די מאַמע, און אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט! פערקויפט דאָס קליינע סידור׳על און דאָס געלד פערשפּיעלט אין דריידעל! פערקויפט, פערקויפט פון קאָפּ ביז פיס!

די קנויטלעך אין די קאַרטאָפליס, מיינע חנוכה־ליכטלעך, טשאַדען, טשאַדען אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערען פערלאָשען. און די מאַמע זאָגט צו מיר:

— געה וואַש זיך, וועלען מיר עסען קאַרטאָפליס מיט שמאַלץ! לכבוד חנוכה האָב איך געקויפט אַ גלעזעלע גענזען־שמאַלץ, פרישע, מחיה׳דיגע שמאַלץ!

מיט פערגעניגען געה איך מיך וואשען, און מיר זעצען זיך צום טיש.

— ביי לייטען איז א מנהג, צום לעצטען טאג חנוכה באקט מען לאטקעס. — זאגט די מאמע מיט א זיפץ, און עס קומט מיר ארויף אויף דער מחשבה בעני׳ס לאטקעס מיט בעני״ס דריידעל, וואס קאסט מיך אזא פערמעגען, און עס טהוט מיר א שטאך אין הארצען, ווי מיט א נאדעל, און מעהר פון אלסדינג טהוט מיר וועה דאס הארץ און איך האב חרטה אויפ׳ן סידור׳על.

אויך ביי׳ם שלאפען לאזען מיך די געדאנקען נישט רוהען. איך הער אלץ דער מאמע׳ס קרעכצען מיט איהר קנאקען פון די פינגער. איך הער דאס בעטעל, ווי סע סקריפעט, און עס דאכט זיך מיר, אז דאס בעטעל איהרס נישט סע סקריפעט, נאר סע קרעכצט. און אין דרויסען בלאזט דער ווינד, קלאפט אין פענסטער, רייסט דעם דאך, פייפט אין קוימען, לאזט אויס מיט א לאנגען־לאנגען וויו־ו־ו־ו! און א גריל האט זיך צו אונז פערנאדעט פון א צייט און טשערעריקעט פון דער וואנד ארויס: טשירערי־טשירערי! און די מאמע הערט נישט אויף צו זיפצען און צו קרעכצען און צו קנאקען מיט די פינגער, און יעדער זיפץ און יעדער קרעכץ רופט זיך אפ ביי מיר אין הארצען. קוים־קוים וואס איך האלט מיך איין; אט־אט נעם איך, דאכט זיך, און שפרינג־אראפ פון מיין געלעגער און געהצו צו מיין מאמען און פאל איהר צו די פיס און קוש איהר די הענד און בין זיך מודה ומתודה אויף אלע מיינע גרויסע זינד. נאר איך טהו דאס נישט; איך דעק מיך איין מיט אלע קליידלעך שטארקער־שטארקער, איך זאל נישט הערען, ווי דער מאמעס בעטעל סקריפעט און ווי די מאמע זיפצט און קרעכצט. און די אויגען שליסען זיך ביי מיר, און דער ווינד פייפט און סווישטשעט וויו־ו־ו־ו! און די גריל מאכט: טשירערי־טשירערי! טשירערי־טשירערי! און סע דרעהט זיך עפיס פאר מיינע אויגען, ווי א דריידעל, א מענש אזעלכער, א קענטיגער פארשוין. איך וואלט געמעגט שווערען, אז ס׳איז דער רבי מיט דער שפיצעכיגער יאר־

מעלקע. אויף איין פוס שטעהט פאַר מיר דער רבי מיט'ן חומש און דרעהט זיך, דרעהט זיך, דרעהט זיך, ווי אַ דריידעל, און די שפּיצעכיגע יאַרמעלקע אויפ'ן קאָפּ שעמערירט אין די אויגען, און די פאות פליהען אין דער לופטען. ניין, ס'איז נישט קיין רבי, ס'איז גאָר אַ דריידעל! אַ מאָדנע דריידעל, אַ לעבעדיגס, מיט אַ שפּיצעכיגער יאַרמעלקע און מיט פאות. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הערט־אויף דאָס רבי'דיגע דריידעל אָדער דער דריידעלדיגער רבי זיך צו דרעהען, און אויף זיין אָרט וואַכסט־אויס פּרעה דער קעניג פון מצרים פון דער סדרה „מקץ“, וואָס מיר האָבען געלערענט די וואָך וואָס פאַר חנוכה; נאַקעט שטעהט פּרעה דער מלך פון מצרים פאַר מיינע אויגען, נאַקעט, נאָר־וואָס פון טייך ארויס, און האַלט אין האַנד מיין סידור'על, מיין קליין כל־בו'ניקעל, און איך פערשטעה נישט, ווי קומט דאָס צו איהם, צו דעם דאָזיגען רשע, וואָס האָט זיך געבאָדען אין אידיש בלוט?... און איך זעה זיעבען קיה, מאָגערע, דאַרע, אויסגעדיווערטע הויט און ביינער, מיט גרויסע הערנער און מיט לאַנגע אויהערען, לאָזען זיך צו מיר אַלע מיט אַ מאָל, איינע נאָך דער אַנדערער, עפּענען די מיילער און ווילען מיך איינשלינגען. פּלוצים וואַכסט־אויס בעני, מיין חבר בעני, חאַפּט זיי פאַר די לאַנגע אויהערען און דרעהט זיי אַ לאַנגען „פּזר“ מיט אַ „שלשלת“, און עמיצער ווינט שטילערהייד, זיפצט און חליפעט, קרעכצט און פייפט און סווישטשעט און טשירעריקעט, און אַ מענש שטעהט נעבען מיר און מאַכט צו מיר שטילערהייד:

— זאָג נאָר, זוהנו, ווען האָסט דו נאָך מיר יאָהר־צייט? ווען זאָגסט דו נאָך מיר קדיש?

און איך שטוים מיך, אַז דאָס איז דער טאַטע מיינער, פון יענער וועלט, מיין טאַטע, וואָס די מאַמע דערצעהלט זיך אָן פון איהם אַזוי פיעל גוטע זאַכען. איך וויל איהם זאָגען, ווען איך האָב נאָך איהם יאָהר־צייט, ווען איך זאָג נאָך איהם קדיש, — האָב איך אָבער פערגעסען. גראָד אַצינד האָב איך פערגעסען! איך מוטשע מיך, איך רייב דעם שטערן, וויל מיך דערמאָנען, נאָר איך קאָן

נישט! האָט איהר געהערט אַ מעשה? איך האָב פערגעסען, ווען איך האָב יאָהר־צייט נאָך מיין טאַטען! גוואַלד, אידישע קינדער! צי ווייסט איהר נישט, צי ווייסט איהר נישט, ווען איך האָב יאָהר־צייט נאָך מיין טאַטען? וואָס שווייגט איהר? גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

— גאָט איז מיט דיר! וואָס שרייסט דו? וואָס גוואַלדעוועסט דו? וואָס טהוט דיר, חלילה, וועה?

איהר פערשטעהט דאָך, אַז דאָס זאָגט צו מיר די מאַמע. זי שטעהט איבער מיר, האַלט מיך ביי'ם קאָפּ, און איך פיהל, ווי זי ציטערט און ווי זי פלאַטערט. דאָס האַלב־פערדרעהטע לעמפּעל נישט סע לייכט, נאָר סע טשאַדעט. און איך זעה דער מאַמע'ס שאָטען טאַנצט משונה אויף דער וואַנד, און ווי צוויי הערנער זעהען אוים די שפּיצען פון איהר נאַכט־פאַטשיילע, און די אויגען איהרע גלאַנצען שרעקליך אין דער פינסטער.

— ווען האָב איך יאָהר־צייט? מאַמע, זאָג! ווען האָב איך יאָהר־צייט?

— גאָט איז מיט דיר! ערשט נישט לאַנג געווען דער יאָהר־צייט! דיר האָט זיך עפּים גע'חלומ'ט? שפּיי אוים דריי מאָל: טפו־טפו־טפו! לאָז זיין צו גוטען! אָמן, אָמן, אָמן!...

* * *

קינדער! איך בין אויסגעוואַכסען, געוואָרען אַ גרויסער. אויך בעני איז אויסגעוואַכסען, געוואָרען אַ גרויסער, אַ יונגער־מאַן מיט אַ בערדעל אַ געלס. און אַ בייכעל האָט ער זיך פערלאָזט, און אַ קייט אַ גילדענע אויפ'ן בייכעל טראָגט ער. ווייזט אוים, אַ נגיד בעני. געווען אַמאָל אַ נגיד'ס אַ יונגעל, היינט איז ער אַליין אַ נגיד.

מיר האָבען זיך בעגעגענט, פאָהרענדיג אין באַהן. איך האָב איהם דערקענט נאָך די בולבעוואַטע אויגען, ווי ביי אַ פּיש, און

נאָך די שיטערע צייהן. אַיאַ צייט נישט געזעהן זיך, האָבען מיר זיך ארומגעחאַפּט קושען און צערעדט זיך פון אמאָליגע גוטע, ליעבע, זיסע קינדער־יאָהרען, און דערמאָנט זיך אָן אַלע נאַרישקייטען פון אמאָל.

— געדענקסט, בעני, יענעם חנוכה, ווי ס'איז דיר געגאַנגען אין שפּיעל, אינ'ם דריידעל ? אַלע מאָל איז ביי דיר געפאַלען גימל !

איך טהו אַ קוק אויף מיין בעני'ן — ער איז ברוין און בלוי פאַר געלעכטער. ער האַלט זיך ביי די זייטען, ער קאַטשעט זיך, ממש ער עקט זיך.

— גאָט איז מיט דיר, בעני ! וואָס איז אויף דיר אזא געלעכטער פּלוצים אָנגעפאַלען, בעני ?

— אוי ! — מאַכט ער צו מיר מיט ביידע הענד. — געה שוין אוועק מיט דיין דריידעל ! דאָס איז געווען דאָס גוטע דריידעל ! שוין איין מאָל אַ דריידעל ! דאָס איז געווען אַ קוגעל פון גאָלע שמאַלץ, אַ צימעס פון גאָלע ראָזינקעס ! מיט אזא דריידעל איז שווער צו פאַרשפּיעלען. ווי אזוי ס'זאָל ניט פאַלען, מוז עס פאַלען אויפ'ן, חאַ־חאַ־חאַ, אויפ'ן גימל !

— וואָס זשע איז דאָס געווען פאַר אַ מין דריידעל, בעני ?

— **דאָס איז געווען, חאַ־חאַ־חאַ, אַ דריידעל פון גאָלע, חאַ־חאַ־חאַ, פון סאַמע גימל, חאַ־חאַ־חאַ !...**

# אֶסְתֵּר

---

נישט קיין מעשה פונ'ם חדר, נישט פונ'ם רבי'ן און נישט פון דער רביצין וויל איך אייך דערצעהלען אַט דאָ. איך האָב אייך שוין פון דעם גענוג מאָל דערצעהלט. אפשר וועט מיר זיין ערלויבט איצטיגס מאָל, לכבוד פורים, צו דערצעהלען אייך א מעשה פון דעם רבינ'ס טאָכטער אסתר?

## א.

אויב אסתר פון דער מגילה איז געוועזן אַזאַ יפת־תואר, ווי די אסתר, וואָס איך דערצעהל אייך דאָ, איז קיין חידוש נישט, וואָס זי האָט אַזוי אויסגענומען ביי'ם קעניג אחשורוש. די אסתר, וואָס איך דערצעהל אייך דאָ, האָט אויסגענומען ביי אַלעמען. אַלע האָבען זי ליעב געהאַט. אַלע, אַלע. אפילו איך, און אפילו מיין עלטערער ברודער מאָטעל אויך, חאָטש ער איז שוין לאַנג בר־מצוה, און מע רעדט איהם שוין לאַנג שידוכים, און ער טראָגט שוין לאַנג אַ זייגער מיט אַ קייטעל. (אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט זיך איהם שוין דעמאָלט געשיט אַ בערדעל אויך). און אַז מיין עלטערער ברודער מאָטעל האָט זי ליעב געהאַט — פרעגט מיך. איך וועל אייך זאָגען אַקוראַט. ער מיינט, איך וויים נישט, אַז דאָס, וואָס ער געהט אַלע שבת ביי־טאָג אין חדר אריין כלומרשט לערנען פרק מיט'ן רבי'ן, איז אַ נעכטיגער טאָג. דער רבי חראָפּעט אויף וואָס די

וועלט שטעהט. די רביצין שמועסט מיט די ווייבער אין דרויסען אויף דער פריזבע. און מיר, חדר־יונגלעך, שפּיעלען אין „מם־שין־הא“. און מאָטעל מיט אסתר'ען קוקען מיט אויגען. ער אויף איהר און זי אויף איהם. און אַ מאָל מאַכט זיך, אַז מיר חדר־יונגלעך שפּיעלען גאָר אין „קוציבאַבע“. ווייסט איהר, וואָס דאָס הייסט „קוציבאַבע“? אָט וועל איך אייך זאָגען וואָס דאָס איז. מע נעמט אייך און מע פערבינדט אייך די אויגען מיט אַ פּעטשיילע, מע שטעלט אייך אַוועק אין מיטען שטוב, און אַלע דרעהען זיך אַרום אייך, און מע זאָגט אייך: „גער־גער־גער, חאַפּ מיך!“

מאָטעל און אסתר שפּיעלען אויך מיט אונז. „קוציבאַבע“, זאָגען זיי, געפעלט זיי. איך ווייס פאַר וואָס סע געפעלט זיי. וואָרום אַז זיי שפּיעלען מיט אונז אין „קוציבאַבע“, האַלטען זיי אין איין יאָגען זיך, אין איין חאַפּען זיך. ער זי, און זי איהם.

און נאָך אַ סך סמנים האָב איך, וואָס איך וואָלט אייך געקאָנט דערצעהלען און דערצעהלען. נאָר איך בין נישט אַזעלכער...

איינמאָל האָב איך זיי געחאַפּט, ווי זיי האָבען זיך געהאַלטען ביי די הענד. ער זי, און זי איהם. דוקא נישט שבת. דוקא אין אַ וואָכעדיגען טאָג. פאַרנאַכטליך איז דאָס געווען. בין מנחה למעריב. ער איז כלומרשט געגאַנגען אין שוהל אריין. פערבלאָנדזעט צו אונז אין חדר. „וואו איז דער רבי?“ — „דער רבי איז נישטאָ“. און ער געהט און גיט איהר די האַנד. אסתר'ען הייסט עס. שטעה איך און קוק. נעמט זי צו איהר האַנד. גיט ער מיר אַ גראָשען, איך זאָל קיינעם נישט דערצעהלען. זאָג איך — צוויי. גיט ער מיר צוויי. זאָג איך — דריי. גיט ער מיר דריי. איהר מיינט וואָס? ווען איך זאָל זאָגען פיער, וואָלט ער מיר געגעבען פיער. און פינף, און זעכס? נאָר איך בין נישט אַזעלכער...

נאָך איין מאָל האָט זיך געטראָפען אַ מעשה... נאָר גענוג מעשות. לאָם איך אייך בעסער דערצעהלען די רעכטע מעשה, וואָס כ'האָב אייך צוגעזאָגט.

## ב.

מיין ברודער מאָטעל, ווי כ׳האָב אייך געזאָגט, איז שוין אַ גרויסער. אין חדר אריין לערנען געהט ער שוין מעהר נישט. אין דער היים לערנען וויל ער אויך נישט. רופט איהם דעריבער דער טאַטע „פּרא־אָדם“. קיין אַנדער נאָמען האָט ער נישט פאַר איהם, נאָר „פּרא־אָדם“. וויל דאָס די מאַמע נישט ליידען. „וואָס פאַר אַ תנועה, אַ בחור צו לייטען, שוין באַלד אַ חתן, רופען „פּרא־אָדם?“ זאָגט דער טאַטע: „אַז ער איז פאָרט אַ פּרא־אָדם!“ קריעגען זיי זיך. איך וויים נישט, ווי אַזוי אַנדערע טאַטע־מאַמעס. מיינע טאַטע־מאַמע האַלטען אין איין קריעגען זיך; טאָג ווי נאַכט, טאָג ווי נאַכט נאָר מע קריעגט זיך.

איך זאָל אייך דערצעהלען פון מיין טאַטע־מאַמע, ווי זיי קריעגען זיך, וואָלט איהר זיך געהאַלטען ביי די זייטען. נאָר איך בין נישט אַזעלכער...

הכלל, לערענט שוין מיין ברודער מאָטעל מעהר נישט אין חדר. פון דעסטוועגען פערגעסט ער נישט דעם רבי׳ן שיקען אַלע פורים שלח־מנות. פאָרט אמאָל געווען אַ תלמיד. שיקט ער איהם אַ שענעם שיר, אויף לשון־קודש געשריבען, מיט אַ מגן־דוד אויסגעמאָהלט, מיט צוויי פּאַפּיערענע קערבלעך אַ מתנה. מיט וועמען שיקט מען אַ רבי׳ן אַזאַ מין שלח־מנות? פערשטעהט זיך, מיט מיר. זאָגט צו מיר מיין ברודער מאָטעל: „נאַ דיר, טראָג אָפּ דעם רבי׳ן שלח־מנות, און אַז דו וועסט קומען צוריק, וועל איך דיר געבען צעהן גראָשען“. צעהן גראָשען איז טאַקי אַ מטבע, מע קאָן נישט זאָגען. נאָר וואָס דען? „איך וויל, זאָג איך, די מטבע באַלד“. זאָגט מיר מיין ברודער, אַז איך בין אַ שייגעץ. זאָג איך: „סע קאָן זיין, זאָג איך, אַז איך בין אַ שייגעץ, איך וועל זיך מיט דיר נישט קריעגען; נאָר איך וויל זיך זעהן, זאָג איך, מיט געלט“. ווי מיינט איהר, ווער האָט אויסגעפיהרט?

בעצאָהלט מיר די צוגעזאָגטע צעהן גראָשען, גיט ער מיר דעם רבינ'ס שלח־מנות, אַ פּער'חתמ'עט בריוועל, און אַז איך האַלט שוין ביי'ם אַוועקגאַנג, רוקט ער מיר אַריין אין האַנד נאָך אַ בריוועל און זאָגט צו מיר שטיל און גיך: „און דאָס וועסט דו אָפּגעבען אסתר'ען"... „אסתר'ען?" „אסתר'ען"... אַיין אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט זיך שוין הייסען בעצאָהלען פאַר אַזאַ זאַך צוויי מאָל אַזוי פיעל, נאָר איך בין נישט אַזעלכער...

## ג.

„רבונו של עולם! — טראַכט איך מיר, געהענדיג מיט'ן שלח־מנות. — וואָס קאָן מיין ברודער אַזעלכעס שרייבען צו מיין רבינ'ס טאָכטער? מע דאַרף אומיסטנע אַ קוק טהון. מעהר נישט גאָר אַ קוק טהון. איך וועל דאָך זיי דערמיט נישט אָפּבייסען"... און איך עפּען־אויף דאָס בריוועל וואָס צו אסתר'ען און איך לייען איבער אַ גאַנצע מגילה. וועט איהר הערען. איך געב זי אייך איבער וואָרט אין וואָרט:

### פון מרדכי'ן צו אסתר'ען.

„איש — אַ מענש, יהודי — אַ בחור, היה — איז געווען, בשושן הבירה — ביי אונז אין שטעדטעל, ושמו מרדכי — זיין נאָמען איז מאָטעל. ויהי אומן — ער האָט ליעב געהאַט, את הדסה — דאָס הדס'על, היא אסתר — דאָס איז אסתר. והנערה — און דאָס מיידעל, יפת — איז אַ שענע, תואר — אַ קראַסאַוויצע. ותיטב הנערה — און דאָס מיידעל איז איהם געפעלען. לא הגידה אסתר — אסתר זאָגט נישט אויס קיינעם, כי מרדכי — וואָרום מאָטעל, צוה עליה — האָט איהר אָנגעזאָגט, אשר לא תגיד — זי זאָל נישט אויסזאָגען. ובכל יום ויום — אַלע טאָג, מרדכי מתהלך — געהט מאָטעל פערביי, לדעת שלום אסתר — חאַפּען אַ קוק אויף אסתר'ען. ובהגיע תור אסתר — און אַז ס'וועט קומען די צייט פון אסתר'ען, בת

אביחיל — זי וועט דארפען חתונה האבען, ותלקח אסתר — וועט ער נעמען אסתר'ען, וימליכה — און ער וועט מיט איהר געהן, תחת ושתי — אונטער דער חופה".

וואס זאגט איהר אויף מיין ברודער, ווי ער האט דאס אויסגע־טייטשט די מגילה? איך וואלט א בעלן געוועזן הארכען, וואס וואלט זאגען, למשל, דער רבי אויף אזא פירוש? נאר ווי קומט די קאץ איבער'ן וואסער? שא! ס'איז דא איין עצה, ווי איך בין א איד! איך וועל איבערדרעהען די יוצרות: דעם רבינ'ס שיר וועל איך אוועקגעבען אסתר'ען, און אסתר'ס מגילה וועל איך אוועק־געבען דעם רבי'ן, — לאז ער זיך קוויקען. אי, ס'וועט נאכדעם ווע־רען א חתונה? וואס בין איך שולדיג? טרעפט זיך דען נישט, א מענש האט אמאל א טעות? למאי דער בריעפטרעגער פון דער פאסט — מאכט זיך דען נישט, אז ער גיט נישט אפ קיין בריעף? ביי מיר וועט זיך אזעלכע זאכען קיינמאל נישט טרעפען. איך בין נישט אזעלכער...

ד.

— א גוט יום־טוב, רבי! — פאל איך אריין אין חדר מיט איין אימפעט, אז דער רבי טהוט זיך אזש א ווארף. — מיין ברודער האט אייך געשיקט שלח־מנות און געווינשעוועט אייך, איהר זאלט דער־לעבען איבער א יאהר.

און איך געה און געב־אוועק דעם רבי'ן די מגילה. מיין רבי עפענט־אויף די מגילה, קוקט און טראכט און זוכט און דרעהט די מגילה אויף אלע זייטען. אפנים, ער זוכט עפּיס נאך. „זוך, זוך, — טראכט איך מיר, — דו וועסט דארט עפּיס געפינען"...

און מיין רבי טהוט־אן די זילבערנע בריל, לייענט־דורך די מגילה און — איהר זאלט זאגען, ער זאל זיך דאס אפילו פערקריי־מען. נאר א זיפץ געטהאן, נישט מעהר. נאכדעם מאכט ער צו מיר: „ווארט־אויס, אט וועל איך דיר אנשרייבען א פאר ווער־

טער". איך טהו מיך דערוואַל אַ דרעה־אַרום איבער'ן חדר, נעם ביי דער רביצין אַ לעקאַכעל און אַ פלאָדעל, און בינו־לבינו, אַז קיי־נער זעהט נישט, טהוט איך אַ געב־איבער אסתר'ען אין האַנד אַריין דעם רבינ'ס שיר מיט'ן שלח־מנות. ווערד זי רויטליך, בעהאַלט זיך אין אַ ווינקעלע, עפענט־אויף פּאַוואָלינקע דאָס בריוועל און ווערד אָנגעצונדען, ווי אַ ליכט, און די אויגען ברענען — סכנת־נפשות! „אַפּנים, נישט צופריעדען מיט'ן שלח־מנות". — טראַכט איך מיר און געה־צו צום רבי'ן. גיט ער מיר די „פאַר ווערטער", וואָס ער האָט אָנגעשריבען.

— אַ גוטען יום טוב אייך, רבי! — זאָג איך מיט'ן אייגענעם אימפּעט, וואָס ביי'ם אַריינקומען. — דערלעבט איבער אַ יאָהר! — און איך לאָז מיך אַהיים.

שוין אַז איך בין געווען אויף יענער זייט טיר, לויפט מיר נאָך אסתר מיט רויטע פערוויינטע אויגען: „נאַ, — זאָגט זי צו מיר מיט כעס — אָט דאָס וועסט דו אָפּגעבען דיין ברודער!"

אויפ'ן וועג עפען איך אויף פריהער דעם רבינ'ס בריוועל — דער רבי איז בילכער. שטעהט דאָרט אַזוי: „מיין ליעבער און גע־טרייער תלמיד מרדכי נ"י! איך דאַנק דיר פיעל מאָל פאַר'ן שלח־מנות, וואָס דו האָסט מיר אַריינגעשיקט. פאַר־אַ־יאָהרען און פאַר צוויי יאָהרען האָסט דו מיר אַריינגעשיקט שלח־מנות טאַקי, שלח־מנות ממש... היינטיגס יאָהר האָסט דו מיר אַריינגעשיקט אַ נייעם פירוש אויף דער מגילה. דאַנק איך דיר פאַר דער מגילה. איך דאַרף דיר אָבער זאָגען, מאָטעל, אַז דער פירוש דיינער הויבט מיר נישט אָן צו געפעלען. ראשית, איז „שושן הבירה" די „הויפּט־שטאָדט", נישט, ווי דו זאָגסט, „אונזער שטעדטעל". והשנית, וואָלט איך וועלען וויסען, וואו שטעהט דאָס, אַז מרדכי איז געווען אַ בחור? און וואָס רופסט דו איהם עפּיס מאָטעל? וואָס פאַר אַ מאָטעל? און פון וואַנען האָסט דו דאָס גענומען, אַז „אומן" איז די טייטש „ליעב געהאַט"? אומן איז די טייטש „דערצויגען", פונ'ם וואָרט „אָמן פּדגוג". און וואָס דו טייטשט: „וימליכה תחת ושתי" —

אַז ער וועט מיט איהר געהן אונטער דער חופּה, — קומט דאָס שוין אויס גלאַט ווילד, אָהן אַ שום טעם. ערשטענס, געהט דער „וימליכה“ אויף אחשורוש'ען, נישט אויף מרדכי'ן. און צווייטענס, איז אין ערגיץ נישט דערמאַנט אין דער מגילה, אַז אחשורוש איז געגאַנגען מיט אסתר'ען צו דער חופּה. אַ קונץ נעמען אַ פּסוק און פערדרעהען איהם משוגענערווייז? יעדער פּירוש דאַרף זיין מיט אַ גאַנג. פאַר־אַ־יאָהרען און פאַר צוויי יאָהרען האָסט דו מיר אַריינגעשיקט עפּיס אַנדערש. היינטיגס יאָהר איז דיר געפעלען שיקען דעם רבין אַ פּירוש אויף דער מגילה, און נאָך אַ פערדרעהטען פּירוש דערצו. נו, מהיכא־תיתי, מסתמא דאַרף אַזוי צו זיין. לכן שיק איך דיר דיין מגילה אָפּ צוריק, און לאָז דיר גאָט געבען אַ גוט יאָהר, ווי עס ווינשט דיר דיין רבי“...

אָט דאָס הייסט געריבען אַ מאָרדע! אַ מצוה אויף מיין ברודער! ער וועט שוין מעהר אַזעלכע מגילות נישט שרייבען, מיין איך.

אָפּגעפאַרטיגט זיך מיט'ן רבינ'ס בריעף, דאַרף מען שוין אין איינוועגס אַ קוק טהון, וואָס שרייבט זי, דעם רבינ'ס טאָכטער הייסט עס? איך עפען־אויף איהר בריעף — פאַלען נישט אַרויס די צוויי קערבלעך? וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק? איך לייען־איבער — אינגאַנצען צוויי שורות:

„מאָטעל, איך דאַנק דיר פאַר די צוויי קערבלעך. קאָנסט זיי נעמען צוריק. אַזאַ שלח־מנות פון דיר האָב איך נישט ערוואַרט. קיין מתנות פון דיר פערלאַנג איך נישט, און קיין נדבה אַוודאַי נישט“...

חאַ־חאַ, וואָס זאָגט איהר דערויף? קיין נדבה פערלאַנגט זי נישט! אַ שענע געשיכטע, ווי איך בין אַ אידיש קינד! הכלל, וואָס טהוט מען ווייטער? איין אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט מסתמא ביידע בריעף צעריסען און דאָס געלד אַריינגעלעגט אין קעשענע. צוויי פייגען וואָלט ער געבראַכט אַהיים, נישט קיין צוויי קערבלעך. נאָר איך בין נישט אַזעלכער... איך האָב בעסער אָפּ־

געטהאָן אַ שענערע זאַך. וועט איהר הערען. איך האָב מיך מיישב געוועזן אַזוי: שכר־טרחה פאַר'ן וועג האָב איך דאָך פון מיין ברודער מאָטעל שוין בעקומען — היינט וואָס זשע דאַרף איך איהם? און איך געה און געב־אָפּ ביידע בריעף גאָר דעם טאַטען. איך וועל הערכען, וואָס וועט דער טאַטע זאָגען? ער וועט בעסער פערשטעהן די מגילה, ווי מיין רבי, חאָטש דער טאַטע איז אַ טאַטע און דער רבי איז אַ רבי'...

ה.

וואָס איז געוועזן, אַז דער טאַטע האָט איבערגעלייענט ביידע בריעף מיט דער מגילה און האָט אַ נעם געטהאָן מיין ברודער מאָטעל אויפ'ן צימבעל, ער זאָל געבען צו פערשטעהן, וואָס דאָ טהוט זיך? — פרעגט שוין גאָר נישט. איך זאָל ווע̇לען נאָכטהון מיין ברודער מאָטעל, וואָלט איך בעדאַרפט זאָגען מיט'ן לשון און מיט'ן ניגון פון דער מגילה:

„והעיר שושן נ־בו־כה"...

נאָר נישט דאָס איז דער עיקר. איהר ווילט דאָך אַודאַי וויסען דעם סוף: וואָס איז געוועזן דער סוף מיט'ן רבינ'ס טאָכטער אסתר'ען און מיט מיין ברודער מאָטעל? וואָס זאָל זיין? גאָרנישט. אסתר האָט חתונה געהאַט. איין אַלמן האָט זי גענומען. אַך, האָט זי געוויינט! איך בין געוועזן אויף איהר חתונה. וואָס, אייגענטליך, האָט זי אַזוי געוויינט — וויים איך נישט. אַפּנים, דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אַז זי וועט זיך מיט איהר זיווג לאַנג נישט עלטערען. און כך הוה. זי האָט אָפּגעלעבט מיט איהם אינגאַנצען אַ האַלב יאָהר און איז אַוועקגעשטאָרבען. פון וואָס — קאָן איך אײַך נישט זאָגען. איך וויים נישט. קיינער ווייסט נישט. דער רבי און די רביצין וויסען אויך נישט. געזאָגט האָט מען, אַז זי האָט זיך גע'סמ'ט, פּשוט, גענומען און אַליין אַוועקגע'סמ'ט זיך. נאָר ס'אַ ליגען. „דאָס האָבען שונאים אויסגעטראַכט". אַזוי האָב איך געהערט פון דער רביצין אַליין...

און מיין ברודער מאָטעל? אָהאָ! ער האָט נאָך פריהער חתונה געהאַט, נאָך איידער אסתר איז אַ כלה געוואָרען, און איז אַוועק־געפאָהרען אַהין, צום שוועהר. ער איז אָבער גיך געקומען צוריק. און דוקא אַליין. וואָס איז די מעשה? ער וויל זי גט'ען. זאָגט איהם דער טאַטע: „ביזט אַ פּרא־אָדם!" וויל די מאַמע נישט ליידען. קריעגט מען זיך. ס'איז פריילידך! פון דעסטוועגען האָט זיך נישט געהאָלפען. ער האָט זיך מיט איהר גע'גט און חתונה געהאַט פאַר איין אַנדערע. ער האָט שוין צוויי קינדערלעך אפילו. אַ יונגעלע מיט אַ מיידעלע. הייסט דאָס יונגעלע הערצל, נאָכ'ן דאָקטאָר הערצל. און דאָס מיידעלע הייסט אסתר'על. דער טאַטע האָט אַפילו געזאָגט, זי זאָל הייסען גיטעל, נאָך זיין מאַמע, דער באַבע גיטעל. און די מאַמע האָט געוואָלט, גע'חלש'ט, זי זאָל הייסען לאה'צי, נאָך איהר מאַמע, דער באַבע לאה. איז אַרויס צווישען טאַטע־מאַמע אַ מחלוקת. אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי זיך געקריעגט. איז געבליבען, דאָס קינד זאָל הייסען לאה־גיטעל, נאָךביידע מאַמעס. איין עק. האָט זיך דער טאַטע אַרומגעקוקט, ער וויל נישט לאה־גיטעל. „וואָס איז דער שכל?" „אַזוי. פאַר וואָס קומט איהר, אַז איהר מאַמע'ס נאָמען זאָל געהן פריהער?" קומט צו געהן מיין ברודער מאָטעל פון שוהל און זאָגט, אַז ער האָט איהר גאָר געגעבען אַ נאָמען אסתר. זאָגט איהם דער טאַטע: „פּרא־אָדם! פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַ נאָמען אסתר?" ענטפערט איהם מאָטעל: „האָסט פאַרגעסען, אַז מיר האָבען באַלד פּורים?"... נו, וואָס וועט איהר איהם, אַשטייגער, איצטער זאָגען? איין עק. מע הערט שוין מעהר נישט קיין „פּרא־אָדם" פונ'ם טאַטען. נאָר ביידע, אי דער טאַטע, אי די מאַמע, קוקען עפּיס מאָדנע איינס אויף דאָס אַנדערע און מע האַפּט אַ שוויג.

וואָס האָבען געהייסען דער דאָזיגער קוק מיט דעם דאָזיגען שוויג — ווייס איך נישט. אפשר ווייסט א י ה ר?...

# די ערב־פּסח׳יגע עמיגראַציע

## א.

### אַרויס פון גן־עדן.

— דאַנקען השם יתברך, גע׳פּטר׳ט דעם פּורים געזונטערהייד און מע קאָן שוין אָנהויבען אין זינען האָבען אריינברענגען דעם פּסח אין אַ גוטער שעה!

אַזוי האָט זיך אָנגערופען די מאַמע צו זיך אַליין אויף מאָרגען נאָך שושן־פּורים און אויסגעקוקט מיט די אויגען אַלע ווינקעלעך אין זאַל, ארומגעגאַנגען און געזוכט אַיין אָרט, ווי אַ הוהן בשעת זי דערפיהלט, אַז זי בעדאַרף זיך לעגען. אין עטליכע טעג אַרום איז בעשאַפען געוואָרען אַביסעל היי מיט צוויי קלעצלעך, און אויף די קלעצלעך — אַ שפּאָגעל־נייע דייזשקעלע, איבערגעדעקט מיט אַ גראָבען נאָר אַ ווייסען ציכטיגען ליינוואַנט, און מיך האָט מען צוגערופען אינאיינעם מיט׳ן טאַטען און אָנגעזאָגט אַ מאָל דרייסיג, איך זאָל זיך גאָרניט דערוועגען ניט צוגעהן פון דער נאָהענט, ניט אַ קוק טהון פון דערווייטען, ניט אַ שמעק טהון אַפילו „אין יענעם ווינקעל אריין“. און טאַקי באַלד נאָכדעם איז צוגעמאַכט געוואָרען די טיר פון זאַל, און אונז ביידען, מיך מיט׳ן טאַטען, האָט מען געבעטען מחילה, מיר זאָלען זיך אָפּטראָגען פון דאַנען אין אַ גוטער שעה אין אַ מזל׳דיגער און מעהר נישט אריינטרעטען אין זאַל אריין ביז פּסח.

פון דער מינוט אָן האָט די זאַל בעקומען ביי מיר אין די אויגען דוקא גאָר אַ בעזונדער חן, און עס האָט מיך אַהינצו געצויגען, ווי אַ מאַגניט, און איך האָב בעקומען אַ שטאַרקען חשק אַ קוק טהון אַהינצו, אין „יענעם ווינקעל אריין“, האָטש פון דערווייטען. אַוועקגעשטעלט זיך פון יענער זייט טיר, בשעת מעשה געקייעט דעם אָנבייסען, ברויט מיט שמאַלץ, האָב איך אַריינגעקוקט און געשפּיגעלט זיך אין אונזער שענער ליכטיגער זאַל מיט דער רויטער קאַנאַפּע פון פיערעל־האָלץ, מיט'ן האַלב־קיילעכיגען טיש אויף דריי לאַפּעס, מיט'ן האַלב־קיילעכיגען שען־געשניצטען שפּיגעל און מיט'ן גרויסאַרטיגען מזרח, וואָס דער טאַטע אַליין האָט איהם אויסגעמאָהלט בשעת ער איז נאָך, זאָגט ער, געוועזן אַ חתן. וועה־וועה, וואָס איז ניט געוועזן אויפ'ן דאָזיגען מזרח! בערען, און לייבען, און ווילדע קעץ, און אָדלערס, און פויגלען, און שופרות, און מנורות, און אתרוגים, און שיסעלעך מיט מגן־דוד'לעך, און בלעטלעך, און קנעפּלעך, און רעדלעך, און פּאַסיקלעך, און פּינטעלעך אָהן איין עק, אָהן אַ שיעור! ס'איז געוועזן נישט צו גלויבען, אַז אַ מענשליכע האַנד זאָל דאָס אַלסדינג קאָנען אויס־מאָהלען, קוים־קוים וואָס דאָס אויג קאָן חאַפּען! „אַ מושלם דער טאַטע מיינער! — טראַכט איך מיר. — אַ בריה! אַ מזיק!“

— פאַרחאַפּט זאָלסט דו ניט ווערען! מיט'ן גאַנצען חמץ ביי דער טהיר, ברענען זאָלסט דו ניט אויפ'ן פייער?!

אַזוי זאָגט די מאַמע, נעמט מיך אָן מיט צוויי דינע שאַרפע פינגערלעך פון איהר רעכטער האַנד ביי מיין לינקען אויהער און פיהרט מיך צום טאַטען:

— נאַ, זעה, קוק האָטש אָן דעם קדיש דיינעם! מיט'ן ברויט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט קוקען אַהין, וואו דער פּסח'יגער באָרשטש!

דער טאַטע מאַכט כלומרשט איין ערנסט פּנים, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, שטעלט־אויף די ליפּען און קנאַקט מיט דער צונג:

— טץ־טץ־טץ! אַוועק, דו ימח־שמו'ניק איינער!

און אַז די מאַמע קעהרט זיך אָפּ אין אַ זייט, דערזעה איך אויפ'ן טאַטענ'ס ליפּען אַ גרינג בעהאַלטען שמייכעלע; און קעהרט זיך אום צוריק די מאַמע, מאַכט ער ווידער איין ערנסט פּנים. ער נעמט מיך פאַר אַ האַנד, זעצט מיך אַנידער נעבען זיך אויף אַ בענקעל און זאָגט מיר אָן, איך זאָל אַהינצו ניט קוקען — מע טאָר ניט!

— פון דער ווייטען אויך ניט?

נאָר דער טאַטע הערט מיך שוין ניט. ער זיצט פערטיעפט אין אַ ספר און לערענט שטילערהייד, און איך פער'גנב'ע מיך פאַוואַ־לינקע צו דער טהיר און קוק־אַריין דורך אַ שפּעלטעל אַהין, אין זאַל אַריין, און זעה דאָרטען פון כל־טוב אַ גן־עדן: נייע טעפּ אַ סך מיט מאַקערטעס אויף דער ערד, און אַ האַקמעסער, אַ זאַלצברעטעל, ציבעלעס צוויי קרענצלעך הענגען אויף דער וואַנד און בעשענען די זאַל, — שוין פּסח'יג די זאַל, פּסח'יג, פּסח'יג!...

ב.

פון האַנד צו האַנד.

— טאָמער וואָלט איהר זיך מטריח געווען פון דאַנען מיט די ספרים אַהין, אין גרויסען אַלקער אַריין?

אַזוי רופט זיך אָן צו אונז די מאַמע, אָנגעטהאָן אין ווייסען, מיט אַ ווייס סערוועטעל אויפ'ן קאָפּ און מיט אַ לאַנגען שטעקען אין איין האַנד און מיט אַ נייעם פלעדערוויש אין דער אַנדערער האַנד, פערדרייסט דעם קאָפּ אַרויף און קוקט אויף דער סטעלי.

— סאָסיל! וואו ביזט דו ערגיץ מיט דער באַרשט? נו, ריהר זיך שוין, מויד! באַווייז זיך!

און סאָסיל די מויד, אויך אַ פאַרבונדענע מיט אַ ווייסער שמאַטע, בעווייזט זיך מיט אַ נאַסער באַרשט און מיט אַ שעפעל וויים לעהם, און ביידע זעהען־אויס, ווי לעבעדיגע מתים אין ווייסע

תכריכים. און סאָסיל מיט'ן נאָסען בערשטעל פליאַסקעט איבער דער סטעלי הין און צוריק: פליאַק — פליאַק! אוןביידע זענען זיי אין כעס, בייז, ווי די ביענען.

לאַנג אָבער שטעהן און קוקען אויף דער דאָזיגער זעלטענער קאָמעדיע לאָזט מען מיך ניט. פריהער הויבט מען מיר אָן געבען אָנצוהערעניש, אַז אַ יונגעלע בעדאַרף ניט שטעהן בשעת מע שמירט די שטוב אויף פסח. נאָכדעם הויבען זיי ביידע שוין אָן אַביסעל האַרבער:

— הער נאַר, טאַמער וואָלסט דו געגאַנגען אַהין, אין אַלקער אַריין?

און בשעת מעשה נעמט מיך אָן די מאַמע פאַר אַ האַנד און בעווייזט מיר, וואוהין איך זאָל געהן. איך בין אָבער קיין בעלן ניט אַוועקגעהן, טרעט איך אָפּ אַביסעל אויף אַ זייט און בעגעגען זיך מיט סאָסלען; טהוט מיך סאָסיל אַ שטויס־אָפּ פון זיך: „אומעדום אָבער פּלאָנטעט ער זיך אונטער די פיס!“

— געה שון געה צו אַלדי גוטע יאָהר אַהין, צום טאַטען! — זאָגט מיר די מאַמע און טהוט מיך אַ וואָרף צו סאָסלען, און סאָסיל חאַפּט מיך אונטער און טהוט מיך אַ שליידער צוריק צו דער מאַמען: „אויף מיין לעבען האָב איך אַזאַ מין איינגעגעסען יונגעל ניט געזעהען!“

— סע נעמט איהם גאָר קיין קויל ניט! — זאָגט די מאַמע און דערלאַנגט מיר אַ סטוסאַק פון הינטען, און סאָסיל חאַפּט מיך אונטער און פערליאַפּעט מיך מיט ווייסען לעהם, און איך פאַל־אַריין, ווי אַ קיטשקע, צום טאַטען אין אַלקער אַריין און פערגעה זיך פון געוויין.

דער טאַטע רייסט זיך אָפּ פון די ספרים, נעמט מיך איין מיט וואָס ער קאָן, זעצט מיך אַנידער אויף די קניהעס און פערטיעפט זיך צוריק אין די ספרים.

ג.

## פון די אַלקערס אין דער שפּיזאַרניע.

— זייט־זשע מוחל, בעל־הבית! די בעל־הביתטע האָט געזאָגט, איהר זאָלט מוחל זיין אַריבערטראָגען זיך פון דאַנען אין׳ם קליינעם אַלקערעל אַריין.

אַזוי זאָגט צום טאַטען סאָסיל די מויד און קומט־אַריין מיט׳ן גאַנצען קלאַפּערגעצייג, אויסגעשמירט, ווי אַ רוח, און מיר טראָגען זיך מחילה אַריבער מיט די ספרים פונ׳ם גרויסען אַלקער אינ׳ם קליינעם אַלקערעל אַריין. דאָס קליינע אַלקערעל איז גרויס, ווי אַ פייג; דאַרטען שטעהט מעהר ניט ווי איין בעטעל, שלאָף איך און, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, סאָסיל די מויד. סאָסיל איז, פערשטעהט איהר, טאַקי אונזערע איין אייגענע און ביי אונז איז זי שוין כמה וכמה יאָהרען; איך בין נאָך דעמאָלט, זאָגט זי, אויף דער וועלט ניט געוועז. איך בין ביי איהר, זאָגט זי, אויף די הענד אויסגעוואַכסען. ווען ניט זי, וואָלט איך שוין לאַנג, זאָגט זי, אָנגעשפּאַרט מי יודע וואו. וואָרום וואו ערגיץ איין אָנשיקעניש, אַ משולחת, אַ שלאַק־פּורעניות, איז דאָס ביי מיר, זאָגט זי, געוועזן, און פון אַלע צרות האָט זי מיך, זאָגט זי, אַרויסגעשלעפּט; און היינט דאַנקט ער מיך, זאָגט זי, אָפּ מיט שטיינער, — נו? איז ער ניט ווערטה קיין פּעטש?

אַזוי לאָזט אויס סאָסיל און שענקט מיר אַ פּאָר סטוסאַקעס מיט אַ רייס ביי די האָר פאַר אַ צוגאָב. און — מערקווירדיג! — קיינער זאָגט איהר ניט קיין וואָרט. ניט די מאַמע, ניט דער טאַטע נעמען זיך אָן פאַר מיר. וואָס סאָסיל וויל, דאָס טהוט זי מיט מיר, גלייך ווי איך בין סאָסיל׳ס, ניט זייערע.

אין קליינעם אַלקערעל פערקלויב איך מיך אין אַ ווינקעלע, בעזעץ מיך אויף דער ערד און קוק אויפ׳ן טאַטען, ווי ער רייבט דעם שטערן, קייעט די באָרד און שאָקעלט זיך און ציהט־אויס יענעם

שענעם לאַנגען „און יאַ — — — — —". נאָר אָט קומט אַריין סאָסיל מיט'ן קלאַפּערגעצייג און לאָזט אונז בעטען, מיר זאָלען זיך אַרויס־פּעקלען פון דאַנען ווייטער אַביסעלע.

— וואוהין נאָך? — פרעגט זי דער טאַטע, איין איבערגע־שראָקענער.

— איך וויים וואוהין? — זאָגט סאָסיל און שטעלט זיך אוועק מיט'ן בערשטעל אין מיטען אַלקערעל.

— אין קעמערעל אַריין! אין דער שפּיזאַרניע אַריין! — זאָגט די מאַמע און קומט־אַריין מיט'ן לאַנגען שטעקען און מיט דעם נייעם פלעדערוויש, זעהט־אויס ווי איין אַנגעוואָפּענטער שונא, וואָס פאַלט־אָן אויפ'ן לאַנד מיט געוועהר אין די הענד.

— אין שפּיזאַרניע איז איצטער קאַלט, ווי אין אַ פּוסטקע. — פּרובט זיך דער טאַטע אָפּבעטען מיט גוטע ווערטער.

— אַ ווילדע קעלט אויף איהם! — זאָגט די מאַמע.

— מע געפינט געפּרווירענע אין דרויסען! — כאַפּט־אונטער סאָסיל און הויבט־אָן פּליאַסקען מיט דער נאַסער באַרשט איבער די טרוקענע ווענד. און מיר מוזען זיך, במחילת כבודנו, אַריבערפּעקלען פון'ם קליינעם אַלקערעל אין קליינעם קעמערעל אַריין, און ביידע האַפּען מיר דאָרט אַ רעכטען ציטער. מע קאָן ניט זאָגען, אַז פאַר'ן טאַטען זאָל דאָ זיין גוט צו זיצען און אַריינקוקען אין אַ ספר: די שפּיזאַרניע איז אַ קליין ענג קעמערעל און אַ פינסטערס, קוים וואָס צוויי מענשען קאָנען זיך דאָרט אויסדרעהען. דערפאַר אָבער איז דאָס פאַר מיר אַ גאַנצער גן־עדן. סטיימש, עס איז דאָ פּאָלעצעס, און מע קאָן אויף זיי קלעטערען. אמת, דער טאַטע לאָזט מיך ניט קלעטערען. ער זאָגט, איך קאָן חלילה זיך הרג'ענען. נאָר ווער הערט איהם? ער האָט זיך נאָר פערטיעפט אין זיינע ספרים, בין איך שוין — אהאַ! — געוועזען אויף דער ערשטער פּאָלעצע, פון דער ערשטער — אויף דער צווייטער, און פון דער צווייטער — אויף דער דריטער.

— קוקאריקו! — האָב איך אויסגעשריגען אויף אַ קול, געוואָלט בעווייזען דעם טאַטען מיין גרויס בריה׳שאַפט. און האָב אויפגעהויבען דעם קאָפּ און זיך דערלאַנגט אַ זעץ אין דער סטעלי, אַז די צייהן זענען מיר שיער ניט אַרויסגעפאַלען פון׳ם מויל. האָט זיך דער טאַטע איבערגעשראָקען און געמאַכט אַ גוואַלד. איז געקומען צו לויפען פריהער סאָסיל און נאָכדעם די מאַמע, אוןביידע האָבען זיי מיר אריינגעלעגט וויפיעל ס׳איז אין מיר אריין.

— אַ קינד זאָל האָבען אין זיך אַזעלכע קינדערשע תנועות! — טענה׳ט די מאַמע.

— אַ קינד איז דאָס? אַ שד, ניט קיין קינד! — העלפט איהר אונטער סאָסיל, און איז מודיע, אַז מע וועט אונז באַלד לאָזען בעטען, מיר זאָלען זיך אריבערטראָגען פון דאַנען, מחילה, אין קיך אריין, ווארום אין שטוב איז שוין כמעט העכער האַלב פּסח׳יג.

ד.

## פון דער שפּיזאַרניע אין קיך.

דאָרטען טרעף איך משה־בער׳ען מיט די גרויסע ברעמען זיצען פּיט׳ן טאַטען אויף דער מילכיגער באַנק. איצט לערנען זיי ניט; זיי רעדען זיך אויס איינס פאַר דאָס אַנדערע זייערע ביטערע הערצער. דער טאַטע קלאָגט זיך פאַר איהם אויפ׳ן גלות פון׳ם ערב־פּסח, וואָס מע טרייבט איהם אַרום שוין פון עטליכע טעג. „אַ מין נע־ונד, אַ גלות, אַ מין עמיגראַציע פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערען!“ און משה־בער זאָגט, אַז דאָס איז נאָך בלאָטע; איהם איז, זאָגט ער, נאָך אַ סך ערגער.

— מיך — זאָגט ער — האָט מיינע גאַר דורכגעטריבען פון שטוב.

איך קוק אויף משה־בער׳ען מיט ד גרויסע ברעמען און קאָן מיך בשום אופן ניט פאָרשטעלען, וואָס הייסט, מע האָט איהם,

משה־בער׳ען, אזא גרויסען אידען מיט אזעלכע גרויסע ברעמען, גענומען און דורכגעטריבען? ביסלעכווייז געהען זיי אריבער אויף זייערע שטענדיגע ענינים, מאָדנע דבורים: „רמב״ם", „כוזרי", „פילוסופיא", „שפינאָזא" וכדומה, וואָס קריכען מיר ניט אין דער לינקער פּאָה.

א סך מעהר אינטערעסאנט איז די גרויע קאַץ, וואָס זיצט אופ׳ן פריפּעטשיק און וואַשט זיך. סאָסיל זאָגט, אז א קאַץ וואַשט זיך, איז א סימן אויף געסט. פערשטעה איך ניט, פון וואַנען ווייסט די קאַץ, אז ס׳וועט זיין א גאַסט? איך געה־צו צו דער קאַץ און הויב זיך אָן מיט איהר אונטערשפּיעלען. פריהער פּרוב איך איהר אָנטרעטען מיט׳ן פינגער אויף דער לאַפּקע — וויל זי ניט. נאָכדעם לעהרען איך זי, זי זאָל „דיענען", שטעהן אויף די צוויי הינטערשטע פיסלעך — וויל זי אויך ניט. „סטאָי! סלוזש!" — זאָג איך צו איהר און שענק איהר אַלע מאָל א שנעל אין נעזעל אריין. פערמאַכט זי די אויגען און דרעהט־אויס דאָס קעפּעל, שטעלט־אַרויס דאָס צינגעל און מאַכט אַ מאָדנע פּנים׳על, ווי איינער רעדט: „וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר דאָס דאָזיגע בחור׳על? וואָס וויל ער האָבען פון מיין לעבען?" מיך פערדריסט די מעשה: „א קאַץ זאָל זיין אזא מין עקשנ׳טע!" און איך מוטשע זיך מיט איהר אזוי לאַנג, ביז זי דערלאַנגט מיר א קרעל מיט איהרע שאַרפע נעגעל איבער דער האַנד, און איך לאָז־אַרויס א מורא׳דיגען קוויטש: „אוי, מאַ־אַ־מע!" קומט צו לויפען די מאַמע מיט סאָסלען מיט א געפּילדער, און איך בעקום א רעכטען פּסק פון זיי ביידע, איך זאָל דאָס אַנדערע מאָל וויסען, ווי אזוי צו שפּיעלען זיך מיט קעץ! (סך־הכל איין קאַץ — הייסט ביי זיי „קעץ"!)

— געה נאָר וואַש זיך, — רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטען — וועלען מיר אַראָפּגעהן אין קעלער אריין „אָפּעסען"...

סאָסיל חאַפּט די קאָטשערע און נעמט זיך צום אויוועץ מיט די טעפּלעך, לעגט נישט קיין כבוד ניט אויף מיר, ניט אויפ׳ן טאַטען און ניט אויף משה־בער׳ען. אדרבה, משה־בער׳ען גיט זי אָנצוהערע־

ניש, אַז זי פֿערשטעהט ניט, וואָס ער דרעהט זיך דאָ אַרום ערב־פּסח? דאַכט זיך, ס'איז גלייכער, זאָגט זי, זיצען ביי זיך אין דער היים, און ניט אַרומדרעהען זיך אין אַזאַ צייט אין פרעמדע הייזער! משה־בער שטויסט זיך, ווען זי מיינט, נעזעגענט ער זיך אָפּ, און מיר לאָזען זיך אַראָפּ אין קעלער אַריין „אָפּעסען"...

ה.

## פון קיך אַראָפּ אין קעלער.

איך פערשטעה ניט, וואָס קרימט זיך אַזוי דער טאַטע און וואָס קנייטשט ער מיט די פּלייצעס און בורטשעט אונטער דער נאָז: „נאַ דיר איין עמיגראַציע!"... אַשטייגער, וואָס פאַר איין אומגליק איז דאָס, אַז מען עסט איין מאָל אין קעלער? וואָס קאָן שאַדען דער ריח פון געזויערטע אוגערקעס, פערשטונקענע קרויט, מילכיגע קריגלעך? וואָס איז אַזוי ביטער, אַז מע נעמט צוויי איבערגע־קעהרטע פעסלעך און מע לעגט־איבער אַ לאָקשענברעט, און אַליין זעצט מען זיך אויך אויף איבערגעקעהרטע פעסלעך און מען עסט? אדרבה, מיר דאַכט, אַז אַזוי איז נאָך פיעל בעסער און אַ סך פרייליכער. מע קאָן זיך בשעת מעשה קאַטשען מיט'ן פעסעל איבער'ן גאַנצען קעלער. אַי, מע פאַלט? שטעהט מען אויף און מע קאַטשעט זיך נאָך אַ מאָל. דער גאַנצער חסרון איז, וואָס סאָסיל גיט אַכטונג, מע זאָל זיך ניט קאַטשען.

— ער האָט זיך שוין געפונען — זאָגט זי — אַ נייַ שפּיעלעכען; ער וויל זיך אַ האַנט אָדער אַ פוס אויסברעכען...

מיינע שונאים זאָלען אַזוי לעבען, ווי איך וויל זיך אויסברעכען אַ האַנד אָדער אַ פוס! איך ווייס ניט, וואָס די סאָסיל וויל האָבען פון מיינע יאָהרען און טעג? שטענדיג רודפ'ט זי מיך, און אַלסדינג לעגט זי אויס צום ערגסטען. לויף איך — זאָגט זי, אַז איך וועל בלייבען אָהן אַ קאָפּ. ריהר איך זיך צו צו עפּיס אַ זאַך — זאָגט זי,

אַז איך וויל דאָס צעברעכען. האַלט איך אַ קנעפּעל אין מויל — מאַכט זי אַ גוואַלד: „דער שלים־מזל וויל זיך ווארגען!“ דערפאַר רעכען איך זיך מיט איהר אָפּ דעמאָלט, ווען איך בין שלאָף. ווער איך עפּיס נישט מיט אַלעמען, אַזוי לעגט זי איין די וועלט, מאַכט אַ געפּילדער.

— אַצינד נעם דאָס קינד און געה מיט איהם אַרויף. מע דאַרף אויסרייניגען דעם לעצטען חמץ פונ׳ם קעלער אויך.

אַזוי זאָגט די מאַמע נאָכ׳ן בענשען, און איידער דער טאַטע פרעגט זי, וואוהין מיר זאָלען געהן, פערהאַפּט זי אַליין און טהוט אַ זאָג:

— אויף אַ פּאָר שעה אויפ׳ן בוידעם.

— וואָרום אין שטוב האָט מען נאָר־וואָס אָפּגעוואַשען די בריקען. — האַפּט־אונטער סאָסיל. — נאָר זעהט, דער שלים־מזל זאָל דאָרט ניט אַראָפּקאַטשען זיך פונ׳ם בוידעם און ניט ברעכען זיך ריק און לענד.

— בייס זיך אָפּ די צונג! — זאָגט איהר די מאַמע, און סאָסיל שטופּט מיך אונטער, איך זאָל געהן אַביסעל גיכער.

— נו, קריך שוין, קריך, שלים־מזל!

דער טאַטע געהט הינטער מיר, און איך הער, ווי ער בורטשעט אונטער דער נאָז: „אויפ׳ן בוידעם גאָר! אַזאַ מין עמיגראַציע! נ־נ־אַ!“

אַ מאָדנער מענש דער טאַטע מיינער! מע זאָגט איהם: אויפ׳ן בוידעם — איז ער אויך ניט צופריעדען! איך וויים? מיר דאַכט, איך וואָלט אַ בעלן געווען, ס׳זאָל זיין אַלע וואָך ערב־פּסח און מע זאָל אַלע וואָך דאַרפען קריכען אויפ׳ן בוידעם. ערשטענס, איז דאָס קריכען אַליין עפּיס אויך אַ שטיקעל עסק. אַשטייגער, אין מיטען וואָך איך זאָל זיך אויסציהען, וועט מען מיך דען לאָזען קריכען אויפ׳ן בוידעם? און איצט שפּאַן איך אויף די טרעפּ, ווי אַ מזיק. הינטען שפּאַנט מיר נאָך דער טאַטע און זאָגט מיר: „פּאַוואָלינקע!

פאַמעליכען!" וואָס מיר פּאַוואָלינקע? ווער מיר פאַמעליכען? איך פיהל, אַז ביי מיר זענען אויסגעוואַכסען פליגלען, איך פליה, איך פליה!

ו.

## פון קעלער אויפ׳ן בוידעם — און א סוף.

וואָס ווייסט איהר, וואָס ביי אונז אויפ׳ן בוידעם טהוט זיך? — אוצרות! גאַנצע אוצרות!

צעבראָכענע גלעזלעך פון לאָמפּען, שאַרבענס פון טעפּ, אַלטע מלבושים, וואָס ס׳איז שווער צו דערקענען, צי איז דאָס ווייבערשע, צי מאַנסבילשע תחתונים. און פוטער א שטיקעל וואַלגערט זיך, וואָס אַז מע ריהרט זיך צו צו דעם, ווערד דאָס צעקראָכען, אַזוי ווי שניי, און בלעטער פון ספרים, צעריסענע שמות, און א דורכ־געברענטער קוימען פון א סאַמאָוואַר, און פעדערען, און א צעריסענע זיפּ, און איין אַלטער לולב ליגט אויסגעצויגען, ווי א בעל־הבית. היינט די לעזשנים! היינט די קראָקוועס! היינט דער דאַך! דער דאַך איז פון גאָלע שינדלען, און איך קאָן איהם דערלאַנגען מיט די הענד! א קלייניגקייט — האַלטען דעם דאַך מיט די הענד!

דער טאַטע זעצט זיך אוועק אויף א באַלקע, נעמט־צענויף די שמות־בלעטלעך, לעגט־צענויף א בלעטעל מיט א בלעטעל, קוקט אַריין אין זיי און פערטיעפט זיך דערווייל אין די שמות־בלעטלעך. און איך שטעל מיך אַוועק ביי׳ם קליינעם פענסטערעל וואָס אין דאַך און דערזעה פאַר זיך די גאַנצע שטאָדט, גאַנץ כתרילעווקע, ווי אויף א טעלער! אַלע הייזער מיט אַלע דעכער — שוואַרצע, גרויע, רויטע און גרינע דעכער. און די מענשען, וואָס געהען, זעהען אויס קליינע מענשעלעך, און מיר דאַכט זיך אויס, אַז קיין שענערס און קיין בעסערס פון אונזער שטאָדט קאָן שוין, דאַכט זיך, גאָר ניט זיין אויף דער וועלט. אויך צו אונז אין הויף אַריין האַפּ איך א קוק, און דערזעה, ווי ביי אונז און ביי אַלע איבעריגע שכנים וואַשט מען

און מע רייבט און מע שאָבט און מע רייניגט און מע כשר'ט טיש און בענק, און מע טראָגט גרויסע טעפּ מיט הייס זודיג וואַסער, מיט ברענענדיגע פּרעסלעך, מיט גליהענדיגע שטיינער, און אַ פּאַרע זעצט אַרויף, אַ ווייסע פּאַרע; די פּאַרע קייקעלט זיך, קייקעלט זיך, און ווערד צעגאַנגען, אַזוי ווי רויך. און אין דרויסען שמעקט מיט וועס־נע. ריטשקעס לויפען, ציעגען מעקען, און עפּיס אַ אידעל מיט גרויסע אונטערגעבונדענע שטיוועל און מיט אַ ווייס פערדעל שלעפּט זיך אין דער בלאָטע. דאָס איז נעבאַך עזריאל דער בעל־עגלה. עזריאל שמייסט דאָס ווייסע פערדעל, דאָס פערדעל קוים וואָס עס שלעפּט די פיס פון דער בלאָטע. דאָס פיהרט מען עמיצען אַ וועגעלע מיט מצות. און איך דערמאָן מיך, אַז מיר האָבען שוין לאַנג מצות, שוין לאַנג פערשלאָסען אין שאַפע און פערהאַנגען מיט אַ ווייסען ליילעך. און אייער אין שאַפע איז אָנגעגרייט אַ פולע מאַקערטע, און שמאַלץ פּסח'יגע אַ גאַנצער סלאָי, און ציבעלעס צוויי קרענץ הענגען אויף דער וואַנד, און נאָך אַ סך גוטע זאַכען פונ'ם ליעבען זיסען יום־טוב. און איך דערמאָן מיך אָן די נייע מלבושים'לעך, וואָס מע האָט מיר צוגעזאָגט ברענגען אויף יום־טוב, און דאָס האַרץ וואַכסט מיר, וואַכסט, ווי אויף הייוועז.

— בעל־הבית! — לאָזט זיך הערען איין אויסגעצויגען קול פון אונטען. — זייט זיך מטריח אַראָפּ אין הויף אַריין איבער־לופּטערען די ספ־רים!

דער טאַטע שטעהט־אויף, שפּייט־אויס מיט כעס: „טפו זאָל דאָס ווערען! נאַ דיר איין עמיגראַציע!“

איך הויב ניט אָן צו פערשטעהן דעם טאַטען, פאַר וואָס ער איז ניט צופריעדען? וואָס קאָן דען זיין נאָך בעסער און ליעבער, ווי שטעהן אין דרויסען און לופּטערען ספרים? און איך רייס מיך אָפּ פון פענסטערעל און טהו מיך אַ לאָז צו דער טהיר פונ'ם בוידעם און... טראַך־טאַרעראַך מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, איבער אַלע טרעפּ!

* * *

וואָס ווייטער איז געווען — געדענק איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז פון׳ם פאַל האָב איך צוגעקרענקט נאָכדעם אַ היבש שטיקעל צייט. איך בין, זאָגט מען, געווען גאָר פאַרביי. און, ווי איהר זעהט, בין איך געבליבען געזונד און שטאַרק, הלואי ווייטער ניט ערגער, בלתי־נאָר דער איינער שראַם, וואָס ביי מיר אויפ׳ן פנים, און וואָס דער אָטהעם איז מיר געוואָרען פון דעמאָלט אָן קורצליך, און וואָס אַז איך רעד, פינטעל איך מיט די אויגען עד היום הזה.